# אַ שטוב
# מיט זיבן
# פענצטער

פון

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג מתנות
ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# A SHTUB MIT ZIBN FENSTER

## A HOUSE WITH SEVEN WINDOWS

by

**KADIA MOLODOWSKY**



Published by
FARLAG MATONES
22 East 17th Street
New York 3, N. Y.

Printed in the U.S.A. by
Futuro Press, N. Y.


200

# אינהאַלט:

זייט

זײַט

# פאָרוואָרט

די דערציילונגען וואָס גייען אַריין אין דעם בוך האָב איך געשריבן אין די לעצטע פופצן יאָר. פון אַ וועלט וואָס איז אימהדיק פאַרשוואונדן און לעבט אין אונדזער זיכרון, דערוועקן זיך געשטאַלטן מיט זייער פרומקייט, מיט זייער צניעות, מיט זייער יידישער מאָראַל. מען איז געשטאַנען מיט די פיס אויף אַן אָרעמער ערד און מיט דער נשמה איז מען געווען אין אַ העכערער וועלט פון מעשים טובים און מצוות. אָט די געשטאַלטן לעבן אין מיר און זיי קומען אויף אין אַ גרויסער טייל פון די דערציילונגען אין דעם בוך.

אַ יידן האָט קיינמאָל ניט געאַרט ווי עס זעען אויס די ווענט פון זיין שטוב. ער האָט זיכער ניט גערופן קיין „אינטיריאָר דעקאָרעי־טאָר" ווען ער האָט געדאַרפט ערב פסח קאַלכן די ווענט. ער האָט בלויז אויפגעהאַנגען אויף דער וואַנט דאָס בילד פון ווילנער גאון און די שטוב איז געווען געענוג באַשיינט. אים האָט ניט געאַרט וואָס פאַר אַ ביכער־שאַפע ער האָט ביי זיך אין שטוב, דער עיקר, עס זאָל דאָרט שטיין דער ש״ס. עס איז אים ניט אָנגעגאַנגען וואָס די פענצטער פון זיין שטוב זיינען ניט געמאַכט לויט דער מאָדע, ער האָט סיי־ווי געוואוסט וואו עס איז די מזרח וואַנט. אַז ער האָט געגעבן אַ נדבה האָט ער בלי ספק ניט געזוכט אין די צייטונגען צי זיין נאָמען איז אַריינגעשריבן און צי די אותיות זיינען גענוג גרויס.

אין אונדזער צייט זיינען יידן אריבערגעגאַנגען פון אַן אינערלע־כער נשמהדיקער וועלט צו אַ לעבן פון אויסערלעכקייטן, צו זאַכן וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן, וואָס האָבן מער גלאַנץ ווי וואַרעמקייט, מער ווערטער ווי מחשבה; מער אויסבליק ווי אַריינבליק.

האָט דער ייד איבערגעשטיגן פון דער אינערלעכער סטאַנציע צו

דער אויסערלעכער. און ווי געוויינלעך,ביים איבערשטייגן, פאַרלירט מען פעקלעך, און מען גייט צוריק זיי זוכן און זיי געפינען. איז מען טראַגיש און אויך קאָמיש אין די פאַרלוסטן און אין די געווינסן.

אַט דער אומגעהייערער דערשיינונג אין אונדזער לעבן איז גע־ווידמעט אַ היפשע צאָל דערציילונגען פון דעם בוך.

עס קען זיין אַז דעריבער האָט זיך מיר געוואָלט אַ נאָמען געבן דאָס בוך „אַ שטוב מיט זיבן פענצטער", און אין יעדן פענצטער קומט אַריין זיין ליכט און זיין שאָטן.

איך וויל זאָגן מיין אויפריכטיקן דאַנק דעם פאַרלאַג „מתנות" פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך, און דעם פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג, מיין גוטן פריינד ליפּע לעהרער, פאַר דורכזען מיט מיר דעם מאַנוסקריפּט און פאַר זיינע גוטע עצות.

ק. מ.

# אַ שטוב מיט זיבן פענצטער

באַשקע איז געווען דאָס איינציקע מיידל אין גראָדנער גובערניע, וואָס איז געריטן אויף אַ פערד נישט ערגער ווי אַ פּריץ. איר פאָטער איז געווען אַ רייכער ישובניק און האָט געהאַלטן אין אַרענדע ביי די פּריצים פעלדער, לאָנקעס און אַ פּאַקט פון הונדערט קי.

אַז זי פלעגט אַרויספאָרן אין דער נאָענטער שטאָט, בריסק, איז ניט אַנדערש ווי אין אַ בריטשקע געשפּאַנט מיט אַ פּאָר פערד, און איר פורמאַן, יאַנקל, האָט געהאַלטן אַ בייטש מיט אַ רויט באָמבעלקעלע, און איז געזעסן אויסגעצויגן, שטאָלץ אויף דער געבעטער קעלניע פון דער בריטשקע, פּונקט ווי ער זאָל פירן דעם קייסערס טאָכטער.

אַ האַלבע שעה נאָכאַנאַנד האָט זיך יאַנקל געפּוצט די שטיוול, איידער ער איז אַרויסגעפאָרן מיט באַשקען אין שטאָט אַריין.

באַשקעס בלויע אויגן און דאָס קליינע אַרויף פאַרריסענע נאָזבעלע האָבן געהאַט אַן עקשנותדיקע שיינקייט, ווי זי זאָל זיך אַ גאַנצן טאָג רייצן מיט דער וועלט; נו, ווער וועט מיך אַריבערשטייגן?

אַז דער פּריץ האָט, פאַרנדיק מיטן וואָלד, באַגעגנט באַשקעס בריטשקע, האָט ער שטענדיק אָפּגעשטעלט זיין קאַרעטע, און האָט שטענדיק געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן מיט באַשקען: וואוהין פאָרסטו, באַשקע? און פאַר־וואָס ביסטו אַזוי שיין, באַשקע? און איין מאָל האָט ער איר געזאָגט:

— דיר וואָלט געפּאַסט צו זיין אַ פּריצטע, באַשקע.

באַשקעס אויגן האָבן באַלויכטן אַ שטיק וואַלד, די עקשנותדיקע נאָמ־בעלע האָט זיך ווי געררייצט מיטן פּריץ, און זי האָט געענטפערט:

— מיר פּאַסט צו זיין מענדל שאַפּיראָס טאָכטער אויך, פּריץ.

די צוויי פורמאַנעס, וואַסיל און יאַנקל, זיינען געזעסן שטייף אויף די קעלניעס, ניט אויסגערעדט איינער צום אַנדערן קיין וואָרט. יאַנקלס ברייטע פּלייצע האָט דייטלעך געפּיקעט וואַסילן:

— דו פירסט טאַקע דעם פּריץ, אָבער איך פאָר מיט באַשקען.

אין דער גובערניע האָט מען גערעדט און געוואָלט טרעפן: מיט וועמען וועט חתונה האָבן אַזאַ באַשקע?

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגן וואַלד־סוחר, אַ למדן, און זי האָט אים ליב געהאַט. אין בריסק, וואוהין זי איז אַריבערגעפאָרן מיט איר מאַן, האָט באַשקע געפירט איר הויז מיט אַ ברייטן פאַרנעם. יאַנקלען מיט דער בריטשקע האָט זי מיטגענומען מיט זיך, און אין שטאָט איז זי נישט גע־גאַנגען צופוס, נאָר זי איז אַרומגעפאָרן, חוץ שבת. שבת האָט מען באַשקען געזען גיין צופוס אין בית מדרש, און צו גאַסט צו דעם מאַנס משפּחה.

אַז זי איז געגאַנגען מיט איר מאַן, ר׳ איסר פּאַפּערנאָ, איז דאָס געווען עשירות און גדולה: זי איז געווען באַשקע שאַפּיראָ, און ער — פון דער גאָלדענער פּאָן אין בריסק און האָט זיך אַליין געשניטן אויף אַ גרויסן גביר.

ביי באַשקען זיינען שטענדיק געווען אורחים צום טיש: סוחרים, וואָס

האָבן געהאַנדלט מיט איר מאַן; משולחים, וואָס האָבן געזאַמלט געלט פֿאַר אַ ישיבה; אַ רב, וואָס איז געקומען אין שטאָט; מגידים און סתם יידן דורכגייער און אָרעמעלייט. באַשקע האָט יעדן אורח באַהאַנדלט מיט דרך־ארץ. איר הויז האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט, און יידן האָבן געזאָגט — ס'איז ירושלים.

איינמאָל איז געקומען צו איסר פֿאַפּערנאָ אַ סוחר פֿון וואַרשע. פּריי־טיק צו נאַכט, נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעזונגען זמירות, האָט דער סוחר דערציילט, אַז אין וואַרשע האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ חברה יידן, וואָס קויפֿן ערד אין ארץ־ישראל און זיי פֿאָרן אַהין בויען אַ שטאָט. ביי באַשקען זיינען בלויז געוואָרן די אויגן, ווי ליכט זאָלן זיך אין זיי אָנצינדן. זי האָט געפֿרעגט ביי דעם סוחר.

— וואָס פֿאַר אַ יידן זיינען דאָס?

— יידן, ווי אַלע יידן, — האָט ער איר געענטפֿערט, — מיין שוואָגער איז איינער פֿון זיי. ער פֿאָרט אַהין אַוועק מיט דער פֿרוי און מיט די קינדער.

— ווי אַלט איז ער? — האָט באַשקע געפֿרעגט.

— ער איז אַלט אַכט און צוואַנציק יאָר און ער האָט פֿיר קינדער.

באַשקע האָט דערלאַנגט טיי מיט קאַרשן־סאָק און קיכלעך, און ווען דער סוחר האָט זיך געקליבן אַוועקגיין, האָט זי צו אים געזאָגט:

— אַ גוטע בשורה האָט איר אונדז געבראַכט, זאָל אייך זיין צו מצווה.

דער מאַן אירער, ר' איסר פֿאַפּערנאָ, האָט אויף איר פֿאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן, נאָר פֿון דרך־ארץ וועגן האָט ער צוגעגעבן:

— הלוואי זאָלן מיר הערן גוטע בשורות פֿון יידן.

דער געשעפֿט, וואָס ער האָט געמאַכט מיטן סוחר פֿון וואַרשע, איז געוועזן זייער אַ גוטער, איסר פֿאַפּערנאָ איז אין איין יאָר טאָפּל רייך געוואָרן, נאָר קיין הנאה האָט ער דערפֿון ניט געהאַט. באַשקע איז געוואָרן אַן איבערגעביטענע. זי האָט אָפֿט דערמאָנט די חברה, וואָס קויפֿט לאַנד אין ארץ־ישראל.

איינמאָל, שבת אויף דער נאַכט, אויף דער פֿולער וואָך, האָט באַשקע אָנגעצונדן דעם בליץ־לאָמפּ, ווי עס זאָל זיין יום־טוב, און זי האָט זיך אַוועק־געזעצט שרייבן אַ בריוו צו דער חברה, וואָס קויפֿט לאַנד אין ארץ־ישראל.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי איז זי געפֿאָרן אין איר בריטשקע, צו יעקב ראַבינאָוויטשן, דעם פּאָטשטער, ער זאָל באַלד באַזאָרגן דעם בריוו קיין וואַרשע.

יעקב דער פּאָטשטער האָט געוווּסט אַלע סודות פֿון שטאָט. אַז ער איז ניי־געריק געוואָרן צו וויסן, וואָס עס שטייט אין אַ בריוו, האָט ער אים געעפֿנט, איבערגעלייענט, פֿאַרקלעפּט און אָפּגעשיקט, און זיין נייגעריקייט האָט קיינמאָל, חלילה, קיינעם ניט געשאַדט. ער האָט באַשקעס בריוו אויך איבערגעלייענט. אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס יידן קויפֿן לאַנד

אין ארץ ישראל, ער האָט זיך אַזש געריבן די הענט איינע אָן דער אַנ־דערער און האָט זיך געקוויקט:

— הער, הער, אַ טשיקאַווע זאַך! זיי גייען דעריאָגן משיחן גאָר אָן קאַטאָווער!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אין בריסק, אַז די פּאַפּערנאָס קויפן לאַנד אין ארץ־ישראל. „גבירים! וואָס גייט זיי אָפּ?" — האָט מען גערעדט. דערנאָך האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די פּאַפּער־נאָס פאָרן קיין ארץ־ישראל, קיינער האָט זיך ניט איינגעשטעלט פרעגן וועגן דעם ביי איסרן אָדער ביי באַשקען, אָבער יאַנקלען איז מען באַפאַלן ווי פליגן: זיי קויפן טאַקע? זיי פאָרן טאַקע?

יאַנקל האָט ניט געוואוסט, אָדער ער האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע און האָט געענטפערט:

— מייך דאגה! אַז דער באַלעבאָס וועט פאָרן, וועל איך טרייבן די פערד.

עס איז אַריבער אַ יאָר צייט. די שטאָט האָט זיך געקאָכט, ווי אַ צימעס: ר' איסר וויל נישט פאָרן, נאָר באַשקע — שטאָל און אייזן! מען איז געווען נייגעריק, ווער וועט אויספירן, ר' איסער צי באַשקע?

אין שטאָט זיינען געווען אַ סך משפחות, וואָס האָבן געצויגן חיונה פון ר' איסר פּאַפּערנאָס וואַלד־געשעפטן. די באַמנס, די בוכהאַלטערס, די בראַקערס, די באַלעגאָלעס, די וועכטער. זיי זיינען געווען דער שטאַרקער צד אין שטאָט, אַז ביי באַשקען איז דאָס אַן איינריידעניש, און עס וועט אם ירצה השם איבערגיין, ווי ביי אַלע גבירטעס גייען איבער זייערע איינ־ריידענישן.

דער צווייטער צד, די שכנים, די קרובים, זיי האָבן געזאָגט, אַז באַשקען איז אַריין אין דער מחשבה בויען אַ שטאָט אין ארץ־ישראל, וועט זי בויען אַ שטאָט. באַשקע איז באַשקע. און אין איינעם אַ לויטערן טאָג ערב פסח איז באַשקע אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. זי איז ניט געפאָרן מיטן דילי־זשאַנס, ווי די סוחרים פאָרן, נאָר זי האָט אַוועקגעפּאַטשט מיט דער באַן, ווי עס פּאַרט איר מאַן, ר' איסר פּאַפּערנאָ. די באַלעגאָלעס פון שטאָט, כאָטש באַשקע איז געקומען צו דער באַן מיט איר אייגענער בריטשקע, מיט איר אייגענעם פורמאַן יאַנקלען, זיינען זיי צוגעקומען זען, צי באַשקע שטייגט טאַקע אַריין אין דער באַן. אַפילו די וואָס האָבן גאָרניט געהאַט קיין פאַרשוינען, האָבן אויך אַ שמיץ געטאָן די פערד און זיך צוגעכאַפּט צו דער באַן־סטאַנציע.

ווען באַשקע איז צוריקגעקומען פון וואַרשע, איז שוין געווען אויס סוד. זי האָט געקויפט לאַנד אין ארץ־ישראל. ר' איסר פּאַפּערנאָ בלייבט אין בריסק, און באַשקע „איז עולה". איר פאָרן האָט מען אָנגעהויבן רופן „זי איז עולה".

נאָך פסח זיינען ר' איסר פּאַפּערנאָ און באַשקע אַוועק צום רב. זיי זיינען דאָרט אָפּגעזעסן פון נאָך מעריב ביז שפּעט אין אָוונט אַריין. זיי האָבן

געהאַט אַ בוררות וועגן די קינדער. ר׳ איסר איז גרייט געווען אָפּשענקען דאָס געקויפטע לאַנד פאַר אַ ישיבה און געבן אַ נדר, שיקן אַהין לערנען זיין עלטסטן זון, ווען ער וועט ווערן בר־מצווה. באַשקע האָט געטענהט — עס פאָרן יידן בויען אַ שטאָט, וויל זי און אירע קינדער זאָלן זיין צווישן יענע יידן. אין רבס חדר איז אַריינגעפאַלן ר׳ איסרס מוטער, די גבירטע, איידל פאַפערנאַ, אָנגעטאָן אין אַ פאַטשיילע, און האָט זיך צעיאָמערט:

— רבי, מען נעמט ביי מיר צו מיינע קינדער!

— איך פיר זיי ניט, חלילה, צו עבודה זרה — האָט איר באַשקע געענטפערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר שטול און האָט געזאָגט:

— זיצט, שוויגער.

באַשקע איז געבליבן שטיין. אירע בלויע אויגן האָבן אַ לויכט געטאָן און זי האָט געזאָגט שטיל:

— ווער קען מיר זאָגן, אַז איך פיר, חלילה, אין שלעכטע וועגן מיינע קינדער?

קיינער האָט איר ניט געענטפערט.

ביי די פאַפערנאַס אין שטוב און אין גרויסן הויף איז געווען אַן אָנגעוואורף, ווי ערב אַ חתונה. קאַסטנס זיינען געשטאַנען אַרומגעשלאָגענע מיט אייזערנע רייפן. אויפן הויף איז געלעגן אַ הורבע היי, און יאַנקל האָט געטראָגן אָנגעשטאָפּטע זעק מיט היי אין שטוב אַריין. מען האָט געפּאַקעוועט געפעסן, פליישיקע און מילכיקע און פאַרעווע, חמצדיקע און פסחדיקע, טעפּ, פאַנען, וועש און בעטגעוואַנט.

ר׳ איסר פאַפערנאַ האָט געאַרבעט אין זיינע געשעפטן, ווי אין שטוב ביי אים זאָל גאָרניט פאַרקומען. עס זיינען געקומען זיינע מענטשן, האָט ער געמאַכט מיט זיי חשבונות, געגעבן זיי בריוו און איבערגעגעבן אָנזאָגונגען.

די שכנות האָבן מער מיט די אויגן, ווי מיט רייד, איבערגעשמועסט זיך:

— גאָט זאָל איר העלפן, און אים זאָל אַוודאי גאָט העלפן, בלייבט נעבעך אַליין! אַ צדיק, ער לאָזט איר מיטנעמען די קינדער.

די קאַסטנס זיינען שוין געווען אַרויפגעלאָדן אויף איין וואָגן, און דאָס בעטגעוואַנט און עסנס — געטריקנט ברויט, און קיכלעך, און קעזן, און געררויכערטע פליישן, און שנאַפּס — אויף אַ צווייטן וואָגן. דאָרט זיינען געזעסן די קינדער, דער עלטסטער זון, אַ צען־יאָריקער און דאָס ייִנגסטע מיידעלע, אַ פיר־יאָריקס.

ר׳ איסר איז געשטאַנען לעבן וואָגן, וואו עס זיינען געזעסן די קינדער. זיינע אויגן זיינען געווען ברייט אָפן, נאָר ער האָט אויסגעזען ווי אַ בלינדער, וואָס זעט ניט די שיין. לעבן אים, כמעט אַקסל צו אַקסל, איז געשטאַנען יאַנקל אַ צעטומלטער, מיט אַ צעפלאַמט פּנים, ווי איינער, וואָס איז אַרויס פון אַ געשלעג.

— מיר פאָרן, — האָט באַשקע אַרויסגערעדט שטיל, ווי זי זאָל זיך ביי עמעצן בעטן.

יאַנקל האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— יאַנקל! — האָט באַשקע אַ רוף געטאָן — יאַנקל! — און ווען יאַנקל האָט זיך ניט אָפּגערופן, ווי די חושים זאָלן אים אויפהערן דינען, האָט באַשקע זיך אַרומגעקוקט, צוזאַמענגעדריקט די ליפּן און געזאָגט, ווי פאַר זיך:

— די פערד וועלן מיך אויך פאָלגן.

זי איז אַרויף אויפן וואָגן, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער קעלניע און אַ טרייב געטאָן די פערד. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון דער קעלניע און האָט געזאָגט:

— איסר, מיר זאָלן האָבן נחת פון אונדזערע קינדער, איסר! — און זי איז אַרויסגעפאָרן פון הויף.

דורך די פענצטער האָבן די שכנים געזען, ווי באַשקע טרייבט אַליין דעם וואָגן און פירט די קינדער. זיי האָבן זיך געקניפּט די באַקן און צו־געדעקט דאָס פּנים מיט די הענט:

— גאָט זאָל זי אויסהיטן, מיט אַזאַ גבורה!

אייניקע זיינען אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און איר נאָכגעשריען: „זאָל אייך זיין מיט הצלחה! איר זאָלט קומען געזונט!"

ווען דער וואָגן איז אָפּגעפאָרן אַ שטיקל גאַס, איז יאַנקל געקומען צו זיך. עס איז געוועזן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער האָט ניט געפאָלגט באַשקען. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, איז ווי אַ באַנו־מענער געלאָפן נאָכן וואָגן און גערופן:

— באַלעבאָסטע! באַשקע!

* * *

אין ראש פּינה שטייט באַשקע פאַפערנאָס הויז מיט זיבן פענצטער, דער הויף איז אַרומגעצאַמט מיט הויכע אַקאַליפּטוס־ביימער. מ׳רופט עס — באַש־קעס הויף. אירע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, מיט בלויע אויגן און אַרויף־פאַרריסענע גאָמבעלעך ווילן דאָס הויז ניט פאַרקויפן און ניט איי־בערבויען. אַז עס בייגט זיך איין אַ וואַנט, פאַרריכט מען זי אַז דאָס הויז זאָל אויסזען אָט אַזוי ווי באַשקע האָט עס געבויט.

# אין אַ טאָג פון רו

עס איז שבת אינדערפרי. גאָט האָט באַשאַפן דעם טאָג אויף רו, און ביי שרה מעיוכעס פאַרשווינדט די שרייענדיקע היזעריקייט פון איר שטים פון אַ גאַנץ וואָך.

— זיי אַזוי גוט, מאַריסל, פאַרשפּיליע מיר דאָס קנעפּל פון קעלנערל — מיט די ווערטער הייבט זיך אָן אַלע שבת דער פרימאָרגן ביי שרה מעיוכעס. זי טוט אָן די זיידענע בלוזקע, טאַקע די זעלבע וואָס דאָס קנעפּל פון קעלנערל פאַרשפּיליעט זיך שווער, און דער גאַנצער חן פון שבת הייבט אָן צו רוען אויף איר. די שיך זיינען גלאַנציקער, די זאָקן אָנגעצויגענער, די האָר געקרייזלט.

מיט אַ יום־טובדיקן נחת לייגט זי אַריין אין טאַש די צוויי קליינע, ברוינע באַנק־ביכלעך, אירס און דעם מאַנס, קוקט פריער אַריין אין זיי, זען די לעצטע ציפערן פון די אָפּשפּאָרונגען, און ביידע, מאַן און ווייב, גייען אַרויס פון שטוב.

שבת איז דער איינציקער טאָג וואָס שרה מעיוכעס רופט דעם מאַן „מאַריסל" און ווענדט זיך צו אים „זיי אַזוי גוט". שבת איז אויף אַלץ דאָ צייט.

זיי גייען ביידע גאַנץ פּאַמעלעך איבער דער גאַס. שרה מעיוכעס איז אויפגעלייגט. עס איז איר באַליבטסטער שפּאַציר. זי רעדט אַ פּאָר ווערטער צו די שכנים, וואָס זי באַגעגנט, לויבט זייערע קינדער, באַמערקט, אַז דער טאָג איז אַ שיינער, אָדער אַ ווינטיקער. טאָמער עמעצער פילט זיך ניט גוט — גיט זי אַ מעדיצינישע עצה, און אַזוי שפּאַצירנדיק קומען שרה מעיוכעס מיטן מאַן צו דער גרויסער געביידע פון דער באַנק. אַ געביידע מיט הויכע פענצטער און אַ מעשענער טיר.

אינעווייניק שטעלט זיך שרה מעיוכעס אין אַ ריי. זי פילט זיך צווישן אייגענע. אַלע שטייען דאָ מיט די ברוינע ביכלעך אין די הענט, און שרה מעיוכעס איז באַהאַפטן צו אַ כלל. זי פילט זיך מונטער. זי רוקט זיך פּאַמעלעך מיט דער ריי צום קליינעם פענצטערל וואו עס דאַרף פאָרקומען דער לעצטער אַקט פון אַ וואָך שווערער אַרבעט, איר אַרבעט און דעם מאַנס.

די שורה איז אַ שטילע, כמעט אַ פייערלעכע. די ווענט אין דער באַנק זיינען הויכע, ווי אין אַ טעמפּל. די שויבן גלאַנציקע. די וועכטער אין אוניפאָרמס.

מיסטער מעיוכעס שטייט אָן אַ זייט און רייכערט אַ ציגאַר, ווי אַ מענטש, וואָס עס איז אים דאָ באַקוועם צו שטיין און אָנגענעם צו רייכערן. זיין מאַנטל איז אַ געפּרעסטער, דער הוט אויסגעגלייכט, דער רויך פון ציגאַר זאָרגלאָז.

באַוועגנדיק זיך אין דער ריי באַחשבונט שרה מעיוכעס, וויפיל וועט זיין נאָכדעם, ווי זי וועט אויסציילן אין פענצטערל אַריין די גרינע פּאַפּירלעך, וואָס זי האַלט אין טאַש, אין קאָנווערט. זי איז פול מיט מנוחה, און עס ווילט זיך איר טאָן עפּעס אַ גוטע זאַך. פּשוט, זי האָט אַ בענקשאַפט נאָך מעשים

טובים. זי לאָזט דורך אַן עלטערע פרוי, וואָס שטייט הינטער איר אין דער ריי:

— גייט איר פריער, — זאָגט פרוי מעיוכעס און זי שמייכלט.

נאָך דעם פילט זי דעם שבת אַ פולן, אַ גוטן שבת, וואָס האָט רו און זין.

דאָס גיין צום פענצטערל איז אַ סך פריילעכער, ווי דאָס וואָס עס קומט כּאַר, ווען מען דערגרייכט. דער באַאמטער גיט אַ צייל די פּאַפּירלעך אַזוי פלינק, אַז עס איז גאַרניט קענטיק, וויפיל מי עס ליגט אין יעדן פּאַפּירל. ער גיט שנעל אַ צירקל מיט דער פּען אין ביכעלע, שטעמפּלט אָפּ, און זיינע אויגן זוכן שוין דעם ווייטערדיקן אין דער ריי. דער באַאמטער פון דער באַנק איז דער איינציקער, וואָס מאַכט וואָכעדיק דעם פרימאָרגן פון שרה מעיוכעסעס שבת. ער אַרבעט אין געאייל. ער הייבט ניט אָן צו פילן די פייערלעכקייט פון דעם באַנק־טעמפּל שבת אינדערפרי.

דער צוריקוועגס אַהיים גייט צו אַ סך וואָכעדיקער. שרה מעיוכעס ווייס, אַז עס וועט קומען איר מאַנס ברודער, דזשעק, ווי אַלע וואָך, שפּילן אין קאָרטן, און ער וועט געווינען דריי דאָלער. ביי די שטיגן פון הויז טרעפן זיי אים. אויף אים רוט קיינמאָל ניט דער שבת. זינט די נאָדל פון מאַשין האָט אים דורכגעשטאָכן אַ פינגער — זאָגט ער — איז זיין בלוט פאַרזשאַווערט געוואָרן. ער אַרבעט שלאַבערדיק, פאַרדינט ווייניק, און האָט געקראָגן אַ ביטול צו געלט. דזשעק באַגעגנט דעם ברודער און די שוועגערין מיט אַ שמייכל. ער ווייסט פונוואַנען זיי קומען און ער זאָגט זיי:

— שוין באַלייגט?

זיינע באַקן, וואָס זיינען טונקל פון דעם „פאַרזשאַווערטן" בלוט, באַקומען שפּאָט־גריבעלעך. שרה מעיוכעס נעמט אים איין מיט גוטן. זי וויל ניט צעשטערן דעם שבת, וואָס ליגט אַזוי נחתדיק אויף דער זיידענער בלוזע און די געקרייזלטע האָר. זי דערלאַנגט דעם שוואָגער עפּל און טאָרט, נאָר ווען די ברידער זעצן זיך שפּילן אין קאָרטן, ווערט זי אומרואיק. זי ווייסט, אַז דריי דאָלער וועלן פלאַצן גלאַט אַזוי, אַפילו קיין מצווה ניט פאַרדינען.

שרה מעיוכעס רופט אַריין דעם מאַן אין קיך, ער זאָל איר העלפן דערלאַנגען טיי, און זאָגט צו אים באַפעסטיקנדיק די ווערטער מיט אַ שאַרפן באַוועג פון עלנבויגן וואָס מאַכט איר האַנט שפּיציק אַ ווײַלע ווי פון אַ בראָך:

— מאָריס, ווילסט געבן דזשעקן געלט? גיב אים! פאַרוואָס דאַרפסטו פאַרשפּילן? מיין „אַמבּישאַן" קען עס ניט אויסהאַלטן.

מיסטער מעיוכעס קוקט אויף די גלעזער טיי און ענטפערט:

— ווער וויל פאַרשפּילן? אַז די קאָרט גייט ניט — פאַרשפּילט מען.

אין די אויגן שפּילן ביי אים צוויי שמייכלענדיקע פונקען. ער טראָגט אַוועק צוויי גלעזער טיי, ניט אומקוקנדיק זיך אויף זיין ווייב.

שרה מעיוכעס בלייבט שטיין אין מיטן קיך. זי איז אָנגעגאָסן מיט כעס. די זיידענע בלוזע ווערט ענג אויף איר, און דאָס קליידל שטייט שטייף מיט אַ שאַרפן קלאָש פון הינטן אויפן פולן פלייש. זי דערפילט אַ באַדערפעניש

אָפּצוגיסן די זידעניש. זי גייט אַריין אין צימער מיטן דריטן גלאָז טיי אויף דער האַנט, זעצט זיך צו לעבן שוואָגער און רעדט:

— דזשעק, ווי לאַנג קען אַ מענטש אַרבעטן מיט אַזאַ פּנים, ווי איר האָט? עס איז עפּעס אַ קונץ זיך צו פאַרטרייבן ביז אַוועקפאַלן? אַ מענטש דאַרף זיך אַרומקוקן אַרום זיך. ביי מיר אין שאַפּ, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, איז אַן אָפּרייטער פאַרגאַנגען ביי דער מאַשין. אָט אַזוי זיצנדיק ביי דער מאַשין איז ער פאַרגאַנגען. געדענקסט, מאָריס? מיט וויפיל יאָר צוריק איז דאָס געווען?

איר שטים קריגט די הייזעריקייט פון אַ גאַנץ וואָך.

ביי איר שוואָגער ווערן די באַקן פאַרגאָסן מיט אַ טונקעלער רויטקייט. ער ענטפערט איר זייטיק, אַריינקוקנדיק אין די קאָרטן:

— אַלע שבת זאָרגט זי וועגן מיין געזונט! און אַ גאַנצע וואָך וואָס זאָל איך טאָן? האַ?

ער דערזופּט זיין גלאָז טיי, ענדיקט שפּילן דעם קאָן, נעמט צו דאָס געוואוינטע געלט אין געאייל, נישט ציילנדיק און רופט דעם ברודער:

— קום, מענדל, מיר וועלן זיך אַביסל איבערגיין.

די ברידער גייען אַוועק. שרה מעיוכעס שרייט נאָך דעם שוואָגער מיט אַ הייזעריקער, אינדערוואַכעדיקער שטים:

— דזשעק, גיט אַכטונג אויף זיך.

דער שוואָגער גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ניט אומקוקנדיק זיך אויף צוריק. פרוי מעיוכעס פאַרמאַכט די טיר. די בייזקייט כוואַליעט אין איר מיט היץ. זי טוט אויס די זיידענע בלוזע, און מיט אַ צונטער־רויט פּנים אַמפּערט זי זיך מיטן שווערן קנעפּל ביים קעלנערל און מורמלט:

— אַוועקגעשפּילט דריי דאָלער. אַפילו קיין מצווה ניט געהאַט. אַלע שבת.

אַנטקעגן איר שטייט דער טיש מיט די ליידיקע גלעזער, שאָלעכץ פון עפּל, ברעקלעך טאָרט, מיט דער גאַנצער שווערער וואָך, וואָס רוקט זיך אָן.

11טער אָקטאָבער, 1946

# די קווין

פישל האָט חתונה געהאַט מיט אײדעלען, ווייל זי איז געווען אַ „גאָלדן פינגערל". אײדעלע, מיט שוואַרצע לאַכעדיקע אויגן, האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ קינד, כאָטש אין זומער־פלאַץ, האָנטינגפּאָינט, וואו זי האָט געאַרבעט, האָט מען געזאָגט אויף איר, אַז זי איז שוין אַריבער די צוואַנציק. אַ קליינינקע, מיט קײלעכדיקע הענטלעך ווי קאַטשעלקעלעך, איז זי געווען פלינק אויף פאַרדינען אַ פּאָר דאלער, ווי זי זאָל עס מעלקן פון הימל.

אײדעלע האָט געאַרבעט אין קיך פון אַ רעסטאָראַן, וואו פישל איז געווען דער שאָופער פון דעם אויטאָמאָביל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די פּראָדוקטן.

אײדעלע איז יעדן פרימאָרגן געווען אַ פאַרצאַפּלטע, ווען פישל איז צוגעפאָרן צו דער טיר פון קיך און זי אַרויסגערופן העלפן אַראָפּנעמען די גריגנסן יעדעס מאָל מיט די זעלביקע ווערטער:

— אײדעלע־האָני, נו, לאָמיר דיך אָנקוקן!

מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים איז אײדעלע צוגעלאָפן צו זיין אויטאָמאָביל. פישל איז געווען מיט אַ צוויי קעפּ העכער פון איר, האָט געקוקט אויף איר פון אויבן אַרונטער מיט שעלמישע אויגן, ווי ער זאָל זיין אַ פאַרשטעלטער פּרינץ וואָס האָט זיך פאַרדונגען פאַר אַן אויטאָמאָביל טרייבער.

אײדעלע האָט פישלען צוגעטראָגן אַ גלאָז לימאָנאַד און עס אים דער־לאַנגט מיט אַ שטראַלנדיקן שמייכל, ווי דער גרעסטער גליק זאָל איר טרעפן וואָס ער טרינקט עס. אַן אַנדערש מאָל האָט זי אים געבראַכט אויף פאַר־בייסן אַ „טשיקען־סענדוויטש". פישל האָט עס גענומען ווי ער זאָל איר טאָן אַ טובה, און אײדעלע האָט שטאַרק הנאה געהאַט וואָס פישל שמייכלט.

יעדן פרייטיק האָט אײדעלע געגעבן פישלען איר באַנק־ביכל און איר פאַרדינסט פאַר דער וואָך און האָט אים געבעטן:

— פישל, איך האָב קיין צייט ניט, וואַרף אַריין דעם דעפּאזיט אין באַנק.

— דו קלייבסט אַ נדן? — האָט פישל זיך געוויצלט.

— איך קלייב אַ נדן, וואָס דען?

דאָס באַנק־ביכל איז אײדעלען געווען טייערער ווי דאָס געלט, ווייל יעדן פרייטיק האָט אים פישל געהאַלטן אין קעשענע, און אײדעלע האָט געוואוסט, אַז די וואָך וועט אַריבערלויפן, וועט ווידער דאָס קליינע ביכעלע זיין ביי פישלען אין די הענט. „געלט ציט ווי אַ מאַגנעט" — האָט אײדעלע געטראַכט — „עס איז גוט וואָס פישל טראָגט זיך אַרום מיט איר באַנק־ביכל".

אײדעלע איז נאָך דער אַרבעט אין רעסטאָראַן ניט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. זי האָט באַזאָרגט עטלעכע באַלעבאָסטעס מיט פליישׁ און הינער, זיי עס געבראַכט אין שטוב אַריין. זי האָט אויסגעזוכט אַ צימער פאַר אַ גאַסט אויפן זומער־פלאַץ. זי האָט צוגעשיקט אַ מיידל אויף אויפראַמען

דאָס הויז ביי אַ באַלעבאָסטע, און פון יעדער אַרבעט האָט איידעלע געהאַט עטלעכע דאלער.

ווי אַ פלינקער וועווערק האָט זיך איידעלע אַרומגעטראָגן איבערן זומער־פּלאַץ, האָט יעדערן געקענט, האָט אַלעמען מיט עפּעס צוגעדינט און געטאָן אַ טובה.

— אַז איך קען נאָר עפּעס טאָן פאַר אייך — האָט איידעלע יעדער איינער באַלעבאָסטע געזאָגט — איז דאָס פאַר מיר דער גרעסטער פאַרגעניגן. — אירע שוואַרצע לאַכעדיקע אויגן האָבן דערביי געשטראַלט מיט אמתער פרייד און מיט ליבשאַפט.

אין די ווינטערס האָט איידעלע געאַרבעט אין אַן אָפּרו־הויז. זי איז אַרומגעגאַנגען אין אַ ווייסן כאַלאַט מיט אַ ווייסער קעפּקעלע אויפן קאָפּ, ווי זי זאָל אין די ווייסע קליידער געבוירן ווערן. צו יעדן גאַסט איז זי געווען ווי אַ שוועסטער. זי האָט אַרומגעשוועבט פון איין צימער אין אַנדערן, איינעם עפּעס צוגעטראָגן, אַ צווייטן געפרעגט צי ער דאַרף עפּעס, געבראַכט אַ צייטונג, געבראַכט אַ האַט־וואָטער־בעג. איידעלע איז געווען אַלעמענס. און אַלע געסט זיינען געווען אירע פריינט, כמעט שוועסטער און ברידער. איידעלעס „טיפּס" זיינען געווען פעטע, מען האָט איר געגעבן פון גאַנצן האַרצן. יעדערער האָט געפילט, אַז איידעלען קומט נאָך אַ פאַר דאלער.

אויפגעלעבט האָט אָבער איידעלע נאָר זומער, ווען זי האָט געאַרבעט אין רעסטאָראַן אין האָנטינג־פּאָינט, און פישל האָט געמאַכט אַלע פרייטיק אירע „דעפּאָזיטס".

איינמאָל אין אַ זומער, טאַקע אין אַ פרייטיק, ווען איידעלע האָט געגעבן פישלען אַ גלאָז לימאָנאַד, אַ טשיקען־סענדוויטש און איר דעפּאָזיט פאַר דער באַנק, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו אים:

— פישל, דו ווילסט אַריין צוזאַמען מיט מיר אין אַ „ביזנעס"?

דאָס האַרץ ביי איידעלען האָט זיך אָפּגעשטעלט, זי האָט געוואַרט אויף זיין ענטפער.

— וואָס פאַר אַ ביזנעס? — האָט פישל געפרעגט, און זיינע אויגן פון אַ פאַרבאָרגענעם פרינץ וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שאָופער האָבן שעלמיש אַ שמייכל געטאָן.

— איך האָב דאָ אָנגעקוקט אַ קליינעם האָטעל אויף אויסצוצאָלן... איך וועל אים אויסצאָלן... איך... איך קען...

פישל האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע קליינע קיילעכדיקע הענטלעך, ווי קאַטשעלקעלעך, און האָט אַ טראַכט געטאָן: „זי וועט אויסצאָלן... זי קען מיט אירע קליינע הענטלעך איבערדרייען דעם גאַנצן זומער־פּלאַץ".

— אַ ביזנעס, איז אַ ביזנעס, פאַרוואָס ניט? — האָט איר פישל געענטפערט, און האָט אַ דריי געטאָן דאָס רעדל פון דער מאַשין, ווי ער זאָל ניט וויסן, צי זאָל ער פאָרן רעכטס, צי לינקס. איידעלע האָט מיט די שוואַרצע לאַכעדיקע אויגן באַמערקט זיין באַוועגונג און האָט אַ זאָג געטאָן:

— דו וועסט זען, פישל, אין פינף יאָר אַרום וועלן מיר לאַכן פון אַזאַ רעסטאָראַן... אויך מיר אַ געשעפט, אַ רעסטאָראַן!...

זי האָט אַריינגעשוועבט אין קיך מיט אַזאַ אימפעט, ווי זי זאָל לויפן אויפרייסן דאָס הויז.

פישל האָט געטריבן די מאַשין און האָט געטראַכט: „אַ שותּפטע איז זי אַ גוטע, איידעלע. זי קען עפּעס אויפטאָן... זי קען... אַ „פּאַרטנערקע" אַ טייערע... און ווייטער וועט מען זען..."

טראַכטנדיק וועגן אַן אייגענעם האָטעל האָט ער געפילט, ווי ער ווערט פּטור פון דעם רעדל פון דער מאַשין, פון די קוישן גרינס, פון די קאָסטנס מיט פלעשער, וואָס מען דאַרף שלעפּן, און פון דער הינטער־טיר פון רעסטאָראַן, וואו מען דאַרף אָפּשטיין עטלעכע שעה אַ טאָג. „אין אַ פינף יאָר אַרום וועלן מיר לאַכן פון אַזאַ רעסטאָראַן, אויך מיר אַ געשעפט, אַ רעסטאָראַן!" — האָט ער נאָכגעטראַכט איידעלעס ווערטער. די מאַשין האָט זיך געטראָגן שנע־לער און גרינגער ווי אַלעמאָל.

פישל האָט כמעט ניט דערקאָנט איידעלען, ווען זי איז צוזאַמען מיט אים געקומען געבן האַנט־געלט פאַרן האָטעל. איידעלע האָט גערעדט וועגן „טוירמס" ווי אַ ביזנעס־מענטש. צו אים, צו פישלען, האָט זי אַ פּאָר מאָל אַ זאָג געטאָן:

— „וואָט דו יו טהינק, פיליפּ?"

פישל, אַביסל פאַרוואונדערט וואָס זי האָט אים אָנגערופן פיליפּ, האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט טיף אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע, ווי ער זאָל דאָרט דאַרפן אַריינלייגן זיין נייעם נאָמען „פיליפּ". איידעלע האָט געזען זיין שמייכל, און ווען זיי זיינען געגאַנגען צוריק האָט זי אים געזאָגט:

— ווייסט דאָך, פאַר פרעמדע מענטשן איז פיליפּ מער נאָמען ווי פישל... עס איז מער... עפּעס מער נאָמען.

עטלעכע טעג האָט איידעלע זיך געישובט מיט פישלען ווי זיי זאָלן אָנרופן דעם האָטעל. דעם אַלטן נאָמען „אָלימפּיאַ" האָט איידעלע ניט געוואָלט. „אַ נייע מענעדזשמענט, איז אַ נייער נאָמען" — האָט איידעלע געזאָגט.

— אפשר „האָטעל ראָם" — האָט פישל פאָרגעלייגט.

— וואָס הייסט „ראָם"?

— „ראָם" איז די הויפּט שטאָט פון איטאַליע.

— ווי קומען מיר צו איטאַליע?

איידעלע האָט באַלד אָנגעהויבן זאָגן וועגן זיך און פישלען „מיר", ווי זיי וואָלטן געווען שוין הונדערט יאָר שותּפים.

— אפשר „האָטעל מיסיסיפּי"? — האָט פישל ווייטער געפּרואווט זוכן אַ נאָמען פאַרן האָטעל.

— וואָס הייסט „סיפּימיפּי"? — האָט איידעלע געפרעגט און האָט באַ־וואונדערט פישלען, וואָס ער ווייסט אַזוי פיל זאַכן.

— מיסיסיפי איז אַ טייך טאַקע ביי אונדז אין אַמעריקע.
— קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ זאַך...
איידעלע האָט אַביסל אַ טראַכט געטאָן און האָט געזאָגט:
— הערסט, פישל, מיר וועלן דערווייל ניט פליען קיין איטאַליע און אויף דעם טייך „מיסיסיפי", מיר וועלן דעם האָטעל אַ נאָמען געבן איינפאַך „די קווין", ווייל ביי אונדז וועט טאַקע זיין פון שענסטן און פון בעסטן ווי נאָר פאַר קייסאָרים...

פישל האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט געקוקט אויף דער קליינער איידעלען מיט איר גרויסן פאַרנעם — „די קווין"...

דער האָטעל „די קווין" מיט דער באַלעבאָסטע איידעלע האָט באַלד פאַרנומען אַ באַזונדערן אָרט צווישן די האָטעלן פון האַנטינג־פּאָינט. „די קווין" איז געוועזן אַ היים. אין דער „קווין" איז געוועזן געמיטלעך, דאָרט איז קיינער ניט געוועזן פרעמד אָדער עלנט. איידעלען האָבן געקענט הונדערטער מענטשן פון אָפּרו־הויז, פון רעסטאָראַן און פון די טובות וואָס זי האָט אַלעמען געטאָן. ביי איידעלען זיינען שטענדיק געוועזן געסט. וואָס הייסט געסט? אירע אומצאָליקע שוועסטער און ברידער.

איידעלע האָט אַרומגעשוועבט איבער די צימערן. אינמיטן דערינען האָט זי אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז מילך און געזאָגט:
— מיסטער פילץ, פליז, טרינקט עס אויס, עס איז גוט פאַר אייך.

איידעלע האָט געאַרבעט פון פיר פאַרטאָג אָן, געקאָכט, געבאַקן און געפּוצט. אַזייגער צען־עלף איז זי געווען אָנגעטאָן אין אַ העל־זיידן קלייד מיט אַ בלויער בראָש פון גלאַנציקע שטיינער. אויף די קיילעכדיקע הענטלעך צוויי בראַסלעטן מיט „טשאַרמס" און זי האָט אויסגעזען ווי די קעניגין פון דעם קליינעם האָטעל „די קווין".

כאָטש איידעלע אַליין האָט קיינמאָל ניט גערוט, האָט זי גערעדט צו פישלען:

— ניט־אַרבעטן צאָלט זיך אָפּ בעסער ווי אַרבעטן. פאָלג מיך! אַ טרייבער פאַר אונדזער „סטעישאָן־וועגאָן" האָב איך שוין. עס איז ניט דיין אַרבעט, פיליפּ. פאַר דיר איז גענוג, אַז דו וועסט שמועסן מיט די געסט, אויסהערן זייערע מעשות. דו ווייסט גאָרניט, ווי אַ מענטש האָט ליב, אַז מען הערט אים אויס... איך ווייס דאָס פון אָפּרו־הויז.

פישל האָט געשמועסט מיט די געסט. ער האָט געטראָגן דינע זיידענע העמדער, וואָס איידעלע האָט אים געגעבן אַ מתנה צו זיין געבורטסטאָג, האָט געשמייכלט ווי אַ פאַרבאָרגענער פּרינץ וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ האָטעל־באַלעבאָס. ביי איידעלען האָט געקוואָלן דאָס האַרץ, ווען זי האָט געקוקט אויף פישלען. זי פלעגט אים צוטראָגן אַ טעלערל אייז־קרים ווי דעם חשובסטן גאַסט פון האָטעל און זאָגן:

— עס איז אַ הייסער טאָג, פיליפּ, עס איז גוט פאַר דיר.
פישל האָט געטראַכט וועגן איידעלען, אַז זי איז אַ „גאָלדן פינגערל".

ער האָט זי ליב געקראָגן מיט אַ קלעמענדיקער ליבשאַפט, וואָס איז מער טרויער ווי פרייד.

פון צייט־צו־צייט פלעגט פישל זיך צוכאַפּן צום „סטעישאָן־וועגאָן״ ווי אַ רוח זאָל אים טראָגן אין שטאָט אַריין. עס האָט געהייסן, ער פאָרט ברענגען געטראַנקען פאַרן האָטעל. איידעלע האָט געוואוסט, אַז אין שטאָט וועט ער זען יעטאַן. „זאָל ער זען יעטאַן״ — האָט איידעלע געטראַכט — „ער וועט זיך איבערטאַנצן מיט איר. ער וועט ניט אַוועקגיין פון דער „קווין״.

עס פלעגט פּאַסירן, אַז פישל פלעגט בלייבן אין שטאָט נעכטיקן, רופן איידעלען אויפן טעלעפאָן מיט אַ תירוץ: „מיין שוועסטער פילט זיך עפּעס ניט גוט, איך דאַרף זיין ביי איר אין ברוקלין״.

— גיב איר איבער אַ גרוס — פלעגט אים איידעלע ענטפערן אַזוי תמעוואַטע, ווי זי זאָל אים גלויבן יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט צו איר.

געדולדיק האָט איידעלע איבערגעליטן יעדע רייזע וואָס פישל האָט געמאַכט מיטן „סטעישאָן־וועגאָן״ אין שטאָט אַריין, ווי מען ליידט איבער אַ היץ־קרענק, צאָן־ווייטיק און אַנדערע אַנשיקענישן. געדולדיק האָט זי געוואַרט אויף זיין צוריקקומען און אים אויפגענומען מיט פרייד.

נאָך ווען איידעלע האָט געאַרבעט אין רעסטאָראַן, האָט זי איינמאָל געזען יעטאַן. יעטאַ איז געשטאַנען לעבן דער גלעזערנער טיר פון רעסטאָראַן און האָט גערעדט מיט פישלען. זי האָט געהאַלטן די האַנט ביי אים אויפן אַקסל. ביי איידעלען איז געבליבן אין זיכרון די רויטקייט פון די שטעקעלעך ים־קרעלן, וואָס יעטאַ האָט געטראָגן אויפן האַלדז און די לאַנגע געפאַרבטע נעגל פון אירע פינגער ביי פישלען אויפן אַקסל.

— ווער איז די „פּין־אַפּ־גוירל״ וואָס האָט מיט דיר גערעדט, דיין כלה? — האָט דעמאָלט איידעלע געפרעגט ביי פישלען.

— אָ, דאָס איז יעטאַ — און ער האָט אַ לאַך געטאָן מיט שטיפערישער פרייד.

ווען דער זומער איז אַריבער האָט דער האָטעל „דהי קווין״ איינגעצאָלט דעם ערשטן „טוירם״. אויף ווינטער האָט איידעלע דעם האָטעל ניט פאַרמאַכט. „די קווין״ איז אַן אָפּרו־הויז, האָט זי געזאָגט. זי האָט געשריבן בריוו צו אירע צענדליקער „ברידער און שוועסטער״ און די בריוו אונטערגעשריבן: „מיט ליבענדער איבערגעבנקייט איידאַ קאַראַש, מענעדזשער פון האָטעל „די קווין״.

די סעזאָנען, די זומערדיקע און ווינטערדיקע, זיינען געווען געלטיקע. אין דער „קווין״ האָט זיך געקאָכט מיט טשעקס, מיט „טיפּס״, מיטן גרינעם כישוף פון דאָלאַרן. איידעלע האָט געצאָלט די „טוירמס״. צו דער „קווין״ האָט מען צוגעבויט אַ נייעם פליגל מיט אַ „סאַן־פּאַרלאָר״.

איידעלע האָט געזען, אַז פישל זאָל שטענדיק האָבן געלט אין קעשענע. אויף איינער פון זיינע רייזעס אין שטאָט אַריין האָט זי אים אָנגעזאָגט:

— זאָלסט ניט פאַרגעסן קויפן זיך אַ מאַנטל, „קעמלס־העיר״, דו הערסט, פיליפּ? פון בעסטן!...

און פונקט ווי פישל האָט אָנגענומען זיין נייעם נאָמען „פיליפּ", וואָס עס איז נויטיק פאַרן האָטעל „די קווין", אַזוי האָט ער אָנגענומען דעם נייעם מאַנטל „קעמלס העיר": דאָס געהערט אויך צו דער „קווין", און אײדעלע געהערט אויך צו דער „קווין".

אײדעלע האָט מיט קלעמעניש דורכגעמאַטערט יעדע רייזע פּישלס אין שטאָט אַריין. זי האָט געטראַכט: מען דאַרף צאָלן די „טוירמס" מיט געלט, און מ'דאַרף צאָלן די „טוירמס" מיט געזונט, וואָס קען מען טאָן? פּישלען, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט זי שטענדיק באַגעגנט ווי אַ גליק זאָל איר טרעפן און אים אָנגעזאָגט עפּעס אַ גוטע בשורה פון האָטעל: „צוויי נייע געסט געקומען היינט, זייער גוטע פּרייזן נעם איך ביי זיי". און פיליפּ איז געגאַנגען „שמועסן" מיט די נייע געסט.

גרויס איז געווען אײדעלעס פרייד, ווען פישל האָט איינמאָל אַראָפּ־געבראַכט פון שטאָט אַ כינעזישע וואַזע פאַרן נייעם „סאָן־פּאַרלאָר". פאַר־זיכטיק האָט ער געטראָגן די וואַזע מיט ביידע הענט און האָט גערופן אײדעלען:

— אײדעלע־האָני, וואו זאָל איך זי אַוועקשטעלן?

אײדעלע האָט ניט געקוקט אויף דער וואַזע, נאָר אויף פּישלען.

— דו זעסט אַ וואַזע? — האָט פּישל געליאַרעמט, — קאָנפוציוס, זאָג איך דיר, קאָנפוציוס! פאַר אַ גאָרניט האָב איך עס געקויפט, — און פישל האָט אַ לאַך געטאָן מיט שטיפערישער פרייד, ווי דעמאָלט ווען ער האָט דערמאָנט „יעטאָן". אײדעלעס האַרץ איז פול געוואָרן מיט אַ זיסער קלע־מעניש פון פרייד. „די קווין" האָט אים איינגענומען — האָט זי געטראַכט — און אים אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז קאָנפוציוס?

— קאָנפוציוס איז אַ כינעזישער פילאָזאָף, און די וואַזע, זאָג איך דיר, איז קאָנפוציוס.

אײדעלע האָט אַ גלעט געטאָן די וואַזע מיט אַזאַ צערטלעכקייט, ווי דער קאַלטער שטיינערנער פאַרצעלאַן זאָל זיין איר טיפסטע ליבע. „די קווין האָט אים איינגענומען" — האָט זי געטראַכט, און כדי צופרידנצושטעלן פּישלען, האָט זי זיך איינגעאַנצן פאַרלאָזן אויף זיין אַלזייטיקן וויסן:

— אָבער ער איז ניט קיין גלח, דער „צאָנפוקיוס", האַ, פיליפּ? מיר האָבן פרומע געסט, דו ווייסט דאָך... אַ מעשה... מער פעלט אונדז ניט...

פיליפּ האָט געלאַכט. ער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעפּאַרעט מיט דער וואַזע, ער האָט זי געפּוצט, אַריינגעשאָטן ערד אין איר און אַריינגע־זעצט אַ שפּראָצלינג. ער האָט אײדעלען ניט געלאָזט זיך צורירן צו דער וואַזע!

— ריר ניט... עס איז אײדעלע פאַרב, ס'איז קאָנפוציוס!...

שפּעט אין אַן אָוונט, אין אַ געזאָלין־סטאַנציע, האָט זיך פּישל אויף זיינער אַ צוריקרייזע פון שטאָט געטראָפן מיט זיינעם אַן אַלטן פריינט, אַ טראָק־דרייווער.

— פישל! שוין לאַנג דיך ניט געזען! — האָט אים יענער באַגעגנט מיט אָפענע אָרעמס, — מען זאָגט דו ביסט געוואָרן אַ גביר, אַ וואַלעט ביי דער „קווין"! — זיי האָבן אַ ווײַלע געשמועסט.

— הערסט, פישל, מיט געלט דאַרף מען זיין „סטריקט"... הער זיך צו צו אַן אַלטן גוטן ברודער.

— וואָס הייסט? — האָט אים פישל געפרעגט.

— אָט דאָס הייסט... מיט געלט דאַרף מען זיין „סטריקט"... מען דאַרף זיין אַ ריכטיקער באַלעבאָס, ניט אַ שטיקל „וואַלעט"... געלט! אָהאָ, געלט! דיין אייגענע מאַמע וועט דיך פאַרטרייבן צוליב געלט! אָהאָ, געלט!...

פישל האָט אים גוטברודעריש אַרומגענומען און געזאָגט:

— „עס איז אָלרייט, בוירנאַרד!" — און איז אַוועקגעפאָרן.

„אַ וואַלעט ביי דער קווין" — זיינען די ווערטער געבליבן ביי פישלען אין זיכרון און ווי אַ וואָלקן פאַרראויסגעלאָפן זיין מאַשין.

ווען פישל איז אָנגעקומען איז שוין אין דער „קווין" געווען באַכט. פינצטער אין אַלע פענצטער. בלויז די גלעזערנע טיר פון אַריינגאַנג האָט געזיפט מיט אַ גרין ליכט פון די נאַכט־לאָמפּן אין קאָרידאָר. די עלעקטרישע לעמפלעך אויף דער שילד האָבן זיך געצונדן און געלאָשן „די קווין", „די קווין", „די קווין".

אַ ווײַלע איז פישל געשטאַנען און האָט געקוקט אויף דער שילד. האַסטיק האָט ער זיך אַ טראָג געטאָן איבער די זעקס ברייטע טרעפּ פון אַריינגאַנג. ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר און האָט אַ טראַכט געטאָן: „דערווייל בין איך נאָך באַלעבאָס, און ניט קיין וואַלעט". ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר פון איידעלעס קליינעם שמאָלן צימער, עק קאָרידאָר. איידעלע האָט דערפילט זיינע טריט און אַ שטראַלנדיקע אַן עפן־געטאָן די טיר, ווי דער גרעסטער גליק זאָל איר טרעפן.

— פיליפּ! — און זי האָט אים אָנגעבויהן דערציילן אַ גוטע אָנזאָגעניש.

— איידעלע־האָני, — האָט פיליפּ איר איבערגעריסן — איידעלע־האָני...

ביי איידעלען האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ. וואָס קלייבט ער זיך איר זאָגן איצט, ווען ער איז אַזוי שפּעט געקומען פון שטאָט?!

— איידעלע־האָני... דו ווייסט... מען מורמלט אויף אונדז... ס'איז ניט גוט פאַר די ביזנעס... מיר דאַרפן זיך איינאָרדענען אַנדערש... בעסער... ווי אַלע מענטשן לעבן... חתונה האָבן..."

איידעלע האָט דערפילט די גרויסע שווערקייט פון גליק, וואָס שליסט אויף אַלע טירן פון האַרץ. זי האָט ניט געפונען קיין ווערטער וואָס צו זאָגן פישלען. זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי געזאָגט מיט ציטערדיקע ליפּן:

— „איך האָב פאַר דיר צוגעגרייט אַראַנדזש־דזשוס, פיליפּ, טרינק. עס איז גוט פאַר דיר... איך האָב געוואַרט אויף דיר..." — און טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן, גרויסע, פולע, וואַרעמע טרערן.

די עלעקטרישע לעמפלעך אויף דער שילד איבערן דאַך האָבן זיך געצונדן און געלאָשן: „די קווין", „די קווין", „די קווין"...

ניו־יאָרק, 1955

# דאָס ווייסע חופּה־קלייד

דינסטיק, אַ צוויי־וואָכן פאַר שבועות, האָט מען ביי די גרינבערגס אין גרויסן הויז אָנגעצויגן פרישע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער און אָוועק־געשטעלט וואַזאָנעס מיט ראָזע קווייטן. דעם גאַניק האָט מען אָפּגעשייערט מיט זאַמד און אָפּגעוואַשן מיט עסיק־וואַסער, עס זאָל לויכטן ווי אַ געלכל. דאָרט האָבן געזאָלט איינשטיין דער חתן און די מחותנים פון אַרקע דעם מעלערס טאָכטער, חנה־ביילע, אין דעם טאָג פון איר חתונה.

דער חתן איז געווען אַ געלערנטער יונג, אַ בוכהאַלטער, און האָט געאַרבעט אין אַ גרויסער בראַנפן־ברויערײ.

אַרקע דער מעלער האָט אַרויסגעשיקט זעקס פורן אויף ברענגען דעם חתן מיט די מחותנים פון אָסטראָוועקע, צוויי מייל אַוועק.

ווייל דער חתן איז געווען אַ וועלטלעכער מענטש, האָט מען דאָס חופּה־קלייד פאַר דער כלה באַשטעלט אַזש אין סלאָנים, ביי דעם פּעטערבורגער שניידער. פאַרוואָס מען האָט אים גערופן „פּעטערבורגער״ האָט קיינער ניט געוואוסט, אָבער דאָס האָט אים צוגעגעבן אַ סך פּרעסטיזש און באַ־רימטקייט אין דער שניידערשער פּראָפעסיע.

ווען מען האָט געבראַכט חנה ביילעס קלייד פון סלאָנים, זיינען אַלע מיידלעך פון שטאָט געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דעם. דאָס קלייד איז געווען באַפּוצט מיט זיבן סטענגעס, ווייסע און ראָזע. ס'איז געווען שוין איינמאָל אַ חופּה־קלייד. יעדעס מאָל, וואָס חנה־ביילע האָט געוויזן די מיידלעך דאָס חופּה־קלייד, האָט איר מאַמע אסתר געזאָגט:

— חנה־ביילע, צעוואַש די הענט, זאָלסט ניט פאַרפלעקן די סטענגעס.

געמיינט האָט זי די מיידלעך, זיי זאָלן ניט אָנרירן די סטענגעס מיט די הענט.

— מיט אַזאַ קלייד מעג מען שוין האָבן אַ גוטן מזל! — האָט מען איר צוגעוואונטשן מיט אַ בליק פון קנאה אין די אויגן.

דער חתן און די מחותנים האָבן זיך פאַרשפּעטיקט מיטן קומען. עס איז שוין געווען אַ זייגער פיר פאַרנאַכט, און די זעקס פורן זיינען נאָך ניט געווען צוריק.

די קלעזמאָרים האָבן ניט געוואַרט אויף די מחותנים. זיי זיינען אַוועק צו דער כלה אין שטוב, גענומען אַ טרונק בראַנפן און אָנגעהויבן איינ־שטעלן די פידלען, אַ ברום טאָן אויף דער באַנדורע, און אַ רודער־טאָן דעם פּויק. אין שטוב האָט געשמעקט מיט טאָרט און מיט וויין.

עס זיינען געקומען חנה־ביילעס חברטעס איר העלפן זיך פאַרקעמען און אָנטאָן דאָס חופּה־קלייד. אין ווינקל פון גרויסן עס־צימער איז שוין געשטאַנען דער ברייטער פאָטעל צוגעדעקט מיט אַ ווייסן אויסגעהאַפטענעם סערוועט — דער שטול אויף באַזעצן די כלה.

אויף דעם ברוינעם פיר־קאַנטיקן וואַנט־זייגער האָבן זיך פאַמעלעך

געדרוקט די וויזערס. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו פינף. דער חתן מיט די מחותּנים זיינען נאָך ניט געוועזן.

אַרקע דער מעלער, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן סורדוט, גרייט צו פירן די טאָכטער צו דער חופּה, איז געשטאַנען ביים פענצטער און האָט אויס־געקוקט אויף די פורן מיט די מחותּנים.

חוץ דעם גרימפּלען פון די קלעזמאָרים האָט מען אין שטוב דערהערט נאָך אַ קלאַנג. דאָס איז געוועזן דער טיק־טאַק פון דעם וואַנט־זייגער. טיק־טאַק, טיק־טאַק. אַלע האָבן איצט ניט ווילנדיק געקוקט אויפן וואַנט־זייגער, פונקט ווי דאָרט זאָל זיך אַרומוויגן חנה־ביילעס מזל, הין און צוריק, הין און צוריק.

בערל דער קלעזמער, אַ דאַרער און אַ נידעריקער, האָט אָנגעשפּאַרט זיין פידל אָן דער וואַנט, און פונקט ווי ער זאָל זיין אַ קורצזיכטיקער, איז ער צוגעגאַנגען גאָר נאָענט אַ קוק טאָן אויפן זייגער. אַרקע דער מעלער האָט זיך אומגעדרייט פון פענצטער און האָט דעם קלעזמער דורכגענאָדלט מיט אַ בליק. בערל דער קלעזמער האָט אַ נעם געטאָן זיין פידל און האָט זיך האַסטיק גענומען גרימפּלען. דער זייגער איז געוואָרן זעקס.

ווי אַ בליץ האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג איבער דער שטאָט, אַז חנה־ביילע איז שוין אָנגעטאָן אין דעם סלאָנימער חופּה־קלייד און דער חתן איז נאָך ניטאָ. צו די אַכט הונדערט רובל נדן פעלן הונדערט דרייסיק רובל און דער חתן וויל ניט גיין צו דער חופּה. ער און די מחותּנים האָבן אויסגעמיטן גרינבערגס הויז, וואו זיי האָבן באַדאַרפט איינשטיין, זיינען פאַרפאָרן צו מירטשיקן אין קרעטשמע און מען וואַרט...

יידן, גוטע פריינט פון אַרקע דעם מעלער, האָבן אָנגעהויבן פאַרמאַכן די קראָמען, גיין זיך דערוויסן, וואָס עס הערט זיך.

קינדער האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן גאַניק, זיך געשטעלט אויף דער באַנק און אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער, ווי עס זעט אויס די כּלה.

זיי האָבן צעטראָגן די באַשטעטיקונג:

— זי זיצט טאַקע אין חופּה־קלייד און וואַרט.

חנה־ביילע איז געזעסן און האָט געטראַכט ווי דער חתן אירער איז מיט איר געגאַנגען שפּאַצירן הינטערן קלויסטער־סאַד. ער האָט זי אַרומ־גענומען און האָט זי געקושט. ער האָט זי פעסט געהאַלטן אונטערן אָרעם און האָט זי איינגעשמועסט מיט זיסע רייד:

— דו מיינסט איך וואָלט פון דיר געוואָלט נדן? מער ניט, איך וויל בויען אַן אייגענע בראַנפן־ברויעריי, פאַר אונדז ביידן. מער פאַר דיר ווי פאַר מיר וויל איך דאָס. — און ער האָט געגלעט די שוואַרצע ברעמען איבער אירע אויגן.

אַז חנה־ביילע איז געקומען אַהיים פון יענעם שפּאַציר, איז זי צוגע־גאַנגען צום שפּיגל און האָט געקוקט אויף אירע ברעמען, וואָס איר חתן האָט מיט אַזאַ ליבשאַפט געגלעט. ווי צוויי שוואַרצע דינינקע כּישוף־שנירלעך האָבן זיי פריידיק געצוקט איבער איר שמייכלענדיקע אויגן.

חנה־ביילען האָט ניט געאַרט, וואָס די קינדער קוקן אַריין אין פענצטער. זי האָט געזשאַלעוועט יענעם שפּאַציר הינטערן קלויסטער סאָד, וואָס איז ביי איר איצט צערונען געוואָרן צוליב די הונדערט דרייסיק רובל.

די פייערלעכקייט פון דעם שטול אויף וועלכן זי איז געזעסן און די ווייסקייט פון דעם חופּה־קלייד זייבען וואָכעדיק געוואָרן. די קלעזמאָרים האָבן געקראָגן אַ פלעשל בראַנפן און האָבן געזופּט איינע נאָך די אַנדערע פון פלאַש, ווי אין אַ שענק, און בישט ווי אויף אַ חתונה. חנה־ביילע האָט פאַרמאַכט די אויגן זי זאָל דאָס אַלץ ניט זען.

אַרקע דער מעלער און זיין ווייב זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקל אין זייער שלאָף־צימער און פאַרשעמטע געקוקט איינע אויף די אַנדערע.

— וואו נעמט מען אין איין רגע הונדעט דרייסיק רובל? אַ צענערל קען מען קריגן, אַ פינף און צוואַנציקער — אפשר, אָבער אַזאַ פאַרמעגן?!

אַרקע איז געווען געל־בלאַס. די קנייטשן אויף זיין שטערן זיינען געוואָרן שווערע, איינגעגעסענע, און דאָס פּנים האָט אויסגעזען, ווי אַ פאַרלעגן שטיקל קרויט.

ביי זיין ווייב, ביי אסתרן, האָט געציטערט די הויט אויפן האַלדז און עס זיינען געשפּרונגען די אָדערן.

בייביידן זיינען געווען די מיילער אָפן, ווי זיי זאָלן בעטן איינע די אַנדערע:

— זאָג עפּעס, גיב אַן עצה.

אינמיטן דערינען האָט אסתר אָנגעהויבן אויסטאָן אירע צירונג — דעם גאָלדענעם זייגערל, די אויערינגלעך, די פּערל, די פינגערלעך.

— איך ווייס וואָס צו טאָן, איך ווייס וואָס צו טאָן! — האָט זי גערעדט ווי זי זאָל זיך קלייבן שפּרינגען אין פייער אויף ראַטעווען איר קינד — איך וועל אַריין צו וועלוול דעם פּראָצענטניק און איך וועל אים פאַלן צו די פיס...

זי האָט נאָך ניט באַוויזן אַרויסצורעדן די ווערטער ווי די טיר פון צימער האָט זיך אַן עפן געטאָן, און עס איז אַריין צירל די נגידיתטע.

— מזל טוב! — האָט זי אַ זאָג געטאָן — איך האָב געשיקט מיין דוד־מלכן ברענגען דעם באַד־יונג צו דער חופּה! אַרקע דער מעלער איז נאָך ביי מיר אַ בטוח אויף הונדערט דרייסיק רובל. אַ סוף!

אַרקע דער מעלער און זיין ווייב האָבן פון אומגעריכטן גליק אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן דאָס לשון. אסתר האָט געמאַכט מיט די ליפּן און ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט. אַרקע האָט אָנגעכאַפּט צירל די נגידיתטע ביי דער האַנט און האָט אַרויסגערעדט: גאָט... גאָט זאָל אייך... — אַ טרער האָט זיך ביי אים געשטעלט אין די אויגן און זיין קול איז פאַרשטיקט געוואָרן — דערנאָך האָט ער מיט אַ הייזעריקער שטימע אַרויפגעבראַכט עטלעכע ווערטער: — איר האָט מיך אַרויסגעצויגן פון אַ לייבן־גרוב...

צירל די נגידיתטע, אַזוי האָט מען זי גערופן אין שטאָט, האָט געוואוינט מיט איר מאַן דוד־מלך און מיט איר דינסט מלכהלע אין אַ גרויסן

הויז פון זעקס צימערן, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ קאַרשן־סאָד. אין שטאָט האָט זי זיך מיט קיינעם ניט געפריינדלט און אין ערגעץ ניט געגאַנגען. גאַנצענע טעג איז צירל די נגידיתטע געזעסן ביים פענצטער און האָט געקוקט אויף דער גאַס, אָבער לעבן איר פענצטער זיינען דורכגעגאַנגען אַלע שכנים, אַפּילו ווייטע, נעמען וואַסער פון איר ברונעם. די ווירטשאַפט אין הויז האָט געפירט מלכהלע נאָר אויפן ברונעם האָט אַכטונג געגעבן צירל אַליין. פון צייט צו צייט האָט זי גענומען אַ בעזעם און האָט אַרומגעקערט אַרום ברונעם. דאָס איז געווען איר אַרבעט.

איר מאַן, דוד־מלך, האָט געטראָגן אַ היטל מיט אַ דאַשעק, און איז געווען דער איינציקער אין שטאָט, וואָס איז געפאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד און ד׳ערפאַר וואָס ער איז געפאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד, האָט מען אים ניט גערופן ר׳ דוד־מלך, נאָר פאַניע דוד־מלך. ער איז געווען אויסגעמישט מיט אַלעמען אין שטאָט. נישט קיין נפקא מינה, מענער, פרויען אָדער אַפּילו קינדער. פאָרנדיק אויפן וועלאָסיפּעד האָט ער זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט און געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם, מיט יענעם, וועגן אַלע ענינים פון שטאָט.

צירל די נגידיתטע און דוד־מלך זיינען געווען רייך. זיי זיינען געווען שותפים אין פאַרשיידענע געשעפטן אין אַנדערע שטעט, און ביי זיי אין הויז איז געשטאַנען אַן „אייזערנע קאַסע" אַנטקעגן גנבים און אַנטקעגן אַ פייער. קליינע נדבות האָט געגעבן דוד־מלך, נאָר נאָך אַ גרעסערער נדבה האָט מען געמוזט אָנקומען צו צירל דער נגידיתטע דורך איר מאַן דוד־מלך.

— פאַני דוד־מלך, רעדט זיך דורך מיט צירלען זי זאָל געבן עפּעס געלט פאַר דער גמילת־חסדים קאַסע, די קאַסע איז זייער פאַראָרעמט.

דוד־מלך האָט זיך ניט געפילט באַליידיקט, וואָס צירל איז די גאַנצע באַלעבאָסטע, און ער ניט. פאַרקערט, ער האָט זיך געוויצלט וועגן דעם, און אַליין אויך גערופן זיין ווייב „צירל די נגידיתטע".

— פאַר דער גמילת־חסדים קאַסע מוז מען שוין טאַקע אָנקומען צו צירל דער נגידיתטע.

דינסטיק, אין דעם טאָג פון חנה־ביילעס חתונה, פאַרנאַכט, ווען די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדער, האָבן זיך עטלעכע שכנים אָפּגעשטעלט מיט די עמערס לעבן צירל דער נגידיתטעס פענצטער און געזאָגט: —

— איר האָט שוין געהערט וואָס עס טוט זיך ביי אַרקע דעם מעלער מיט דער חתונה?

אייך פרוי האָט אַ זאָג געטאָן: — די כלה האָט שוין געוואָלט אויסטאָן דאָס חופּה־קלייד, האָבן זי די חברטעס ניט געלאָזט.

ביי צירלען האָט אַ ציטער געטאָן אַ ברעם, ווי עס זאָל איר אַריינפאַלן שטויב אין די אויגן. זי האָט צוגערופן איר מאַן און האָט אים געזאָגט: „דוד־מלך, פאָר זיך דורך צו מירטשיקן אין קרעטשמע און שמייס זיי אָפּ מיט די הונדערט דרייסיק רובל". זי האָט אים דערלאַנגט דאָס געלט, און אַליין איז זי אַוועק אָפּגעבן מזל טוב אַרקע דעם מעלער און אסתרן.

ווען חנה־ביילע איז געגאַנגען צו דער חופה, האָבן ביי איר געציטערט די קני. זי האָט ניט געהערט דאָס שפּילן פון די קלעזמאָרים, נאָר אונטער דער חופה האָט דער חתן אויף איר אַ קוק געטאָן פּונקט ווי דעמאָלט הינטערן קלויסטער־סאָד. זיין בליק האָט ווי געזאָגט צו איר: „נישט צוליב זיך האָב איך עס געטאָן, צוליב אונדז ביידן, מער צוליב דיר, ווי צוליב מיר". און זי האָט אים געגלויבט. איר חופה־קלייד מיט די ווייסע און ראָזע סטענגעס האָט ווידער אויפגעלויכטן פייערלעך און פריידיק.

# אַ פוטערנער מאַנטל

צוויי שעה נאָכאַנאַנד איז ציליע בעלקין געשטאַנען אַנטקעגן שפּיגל און געקליבן אַ קלייד אויף צו גיין צום יערלעכן באַל פון די פּאַריטשער לאַנדסלייט. כאָטש פּאַריטשע איז געווען אַ שטעטעלע גרויס ווי אַ האַלבע שאָלעכץ פון אַן איי, זיינען דאָ אין ניו יאָרק די פּאַריטשער לאַנדס־פרויען געווען גרויסע פּוצערקעס, און אויפן באַל פון די פּאַריטשער האָבן געמעגט קומען די שענסטע „מאָדעלס" זיך לערנען נייע מאָדעס.

דער זאַל, וואו דער באַל איז פאָרגעקומען, איז געווען באַפּוצט מיט בלומען, גרינע און ראָזע לעמפּלעך, און דאָס ליכט איז געווען שאָטנדיק, פאַרביק און סודותדיק.

דזשעק מאַנדעל, וואָס אין פּאַריטשע האָט ער געהייסן יאַנקל מאַנדל־בוים — דעם חזנס אַן אייניקל, — איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון זאַל און האָט אויפגענומען די לאַנדסלייט.

פון פּאַריטשער חדר, וואו ער האָט קינדוויז געלערנט, האָט ער נאָך געדענקט עטלעכע פּסוקים און ביי אַ צוזאַמענטרעף מיט לאַנדסלייט האָט ער זיי געניצט און פאַרטייטשט. די פּאַריטשער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ למדן און האָבן שטאָלצירט מיט אים, כאָטש מען האָט געמורמלט, אַז דזשעק איז קאַרג אויפן דאָלער, און אַז ער האָט זיך געגט מיט דער פרוי, ווייל אַ ווייב קאָסט טייער...

אַז ציליע איז אַריינגעקומען אין זאַל אין אַ בלוי סאַמעטן קלייד מיט אַ רויז אין די ברוינע האָר, איז זי דזשעקן געפעלן געוואָרן. ער האָט זי אָנגענומען ביי בײדע הענט און צוגעפירט צו אַ טיש:

— איר וועט זיצן לעבן מיר — האָט ער איר געזאָגט — און אָנגעוויזן אַ פּלאַץ.

אויפן באַל האָט ציליע גוט פאַרבראַכט. דזשעק האָט איר צוגעטראָגן ליקער און האָט געטאַנצט מיט איר. אינמיטן טאַנצן האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— וויפיל האָט איר באַצאָלט פאַר אייער קלייד?

ציליע האָט זיך פאַרוואונדערט אויף זיין פראַגע, אָבער זי האָט עס אָנגענומען פאַר אַ וויץ און האָט אים געענטפערט:

— ווער צאָלט פאַר קליידער? מען קריגט זיי אומזיסט.

די פּאַריטשער לאַנדסלייט האָבן געזען ציליען מיט דזשעקן טאַנצן און האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך: „אַ גלייכע פּאָר! אפשר וועלן מיר נאָך האָבן נחת פון זיי".

ציליע האָט געוואוינט אין אַ גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז אין מאַנהעטן און דאָס הויז האָט גערוישט ווי אַ בינשטאָק. פרויען מיט קינדער־וועגעלעך זיינען געשטאַנען אויפן טראָטואַר, געכאַפּט זון און לופט און געניזשעט פּערל פון אַלערליי רכילותן און מעשות וואָס עס קומט פאָר ביי די שכנים. אויף

די שטיגן האָבן זיך אַרומגעדרייט קינדער, געלעקט לאַליפּאָפּס, געלאַכט און געפּילדערט. און אַפילו דער וועכטער פון דעם הויז, מיסטער קאַרטשיק, האָט זיך שטענדיק באַוועגט איבער די שטאָקן, געקערט די טרעפּ, געשלעפּט ראַמען פון פענצטער, פאַרריכט טירן און געשאָבן ברעטער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרהאַרעוועטע נשמה וואָס באַלעבט דאָס שטיינערנע הויז פון דאַך ביז טיף אין קעלער אַריין.

נאָר איין רואיק ווינקל איז געווען אין דעם הויז — דער צימער, וואו עס האָט געוואוינט ציליע בעלקין. צוליב די געבלימטע פאָרהאַנגען און די צוויי שטענדיק פריש־באַגאָסענע וואַזאָנעס אויפן פענצטער האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ איז אַ גאָרטן.

ביי ציליען אין שאַפע זיינען געשטאַנען די זומערדיקע און ווינטערדיקע שטעק־שיך שטענדיק אויפן זעלבן אָרט; עס איז געהאַנגען דער זומערדיקער און ווינטערדיקער כאַלאַט, יעדער אויף זיין הענגער, און די בלוזקעס, מיט די קליידלעך, מיט די קאָסטיומען — אויפן אייזערנעם הענגער־שטאַנג, שטייף און ריין און אין אָרדענונג, ווי זעלנער אויף אַ פּאַראַד.

אַז ציליע איז געקומען פון שאַפּ, וואו זי איז געווען אַ גוט־באַצאָלטע דיזיינערין פון קראָוואַטן, שוין צער אין דער זעלבער פאַבריק, האָט זי זיך געזעצט אויפן ווייכן שטול וואָס איז געשטאַנען אינמיטן צימער און האָט געלייענט די צייטונג. אַז זי איז געקומען צו איבעררײַשנדיקע נייעס, האָט זי גערופן די מיסיס שאַפּיראָ, ביי וועלכער זי האָט געוואוינט שוין זיבן יאָר.

— מיסיס שאַפּיראָ! איר הערט? זיי האָבן שוין צוגעטראַכט אַן אויטאָמאָביל, וואָס וועט קענען פליען ווי אַן עראָפּלאַן און שווימען ווי אַ מאָטאָר־שיפל! איר הערט עפּעס?

— מיסיס שאַפּיראָ ענטפערט איר פּעסימיסטיש:

— אַלץ קענען זיי צוטראַכטן, נאָר ניט אַז אַ מענטש זאָל זיך ניט מאַטערן.

דער זייגער וואָס שטייט ביי ציליען אויפן טישל איז פּינקטלעך ביז גאָר. ער לויפט ניט און שפּעטיקט זיך ניט קיינמאָל — ער וואָלט געקענט זיין דער בעסטער שטאָט־זייגער. זיין טיק־טאַק איז געלאַסענער ווי ביי אַלע זייגערס אויף דער וועלט. ער מעסט די צייט, און באַשטעטיקט, אַז זי גייט. און מער גאָרניט.

די שכנות פון הויז שמועסן וועגן ציליען און וואונדערן זיך: „אַזאַ מיידל, אַ פאַרדינערקע, אָנגעטאָן ווי אַ גרעפין, און מיט אַלע מעלות — פאַרוואָס האָט זי ניט חתונה? אַ יעדער שלאַק און אַ יעדער גאַרנישט קריגט אַ מאַן, און זי איז שוין אַוודאי אין די דרייסיקער. ווי לאַנג וואַרט מען?"

אין אַ וואָך אַרום נאָכן באַל האָט זיך צו ציליען אַריינגעכאַפּט דזשעק מאַנדעל, גראָד ווען ציליע האָט דערציילט דער מיסיס שאַפּיראָ אַן איבער־ראַשנדיקע נייס פון דער צייטונג:

— אָט, ער איז פאַרבייגעגאַנגען, איז ער אַריין.

ביי ציליען האָט זיך צערויטלט דאָס פּנים פון מאַנדעלס אומגעריכטן וויזיט, און די מיסיס שאַפּיראָ האָט דערלאַנגט קאַפע און קיכלעך.

אַ רואיקייט פון אַ היים האָט אַרומגענומען דזשעקן. די וואַזאָנעס אויף די פענצטער, דער ווייכער שטול, די בלאַנקענדיקע סערוועטקעס אויף די ווינקל־טישלעך, ציליעס אַטלעסענער כאַלאַט אין אַ טיפן ווייַן־קאָליר — אַלץ איז וואַרעם, פּרוויאיש, היימיש.

דזשעק איז געזעסן אין ווייכן שטול, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן צימער — און ער האָט פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן:

— וויפיל האָט איר באַצאָלט פאַר דעם שטול?

מיסיס שאַפּיראָ, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף דער געלעגנהייט, האָט דערציילט מיט אַפּעטיט, אַז דעם שטול האָט זי באַשטעלט אין ברוקלין ביי אַ טערק, — און דער טערק איז אַ טערק ווי אַלע טערקן, נאָר שטולן האָט ער געקענט מאַכן, וואָס קיין טערק אויף דער וועלט האָט אַזוינס ניט געקענט.

ווען דזשעק איז אַוועקגעגאַנגען האָט מיסיס שאַפּיראָ מיט דער גאַנצער האַרציגקייט פון אַ יידישער פרוי געזאָגט צו ציליען:

— גאַנץ פיין וואָס ער האָט געפרעגט וועגן דעם שטול. ווען דו זאָלסט אים ניט געפעלן, וואָלט אים ניט געלעגן צו פרעגן זיך וועגן דיין שטול.

ציליע איז איר געווען דאַנקבאַר און האָט געשמייכלט, נאָר ווען זי האָט זיך געלייגט שלאָפן און די לאַמטערנע פון גאַס האָט אין דער טונקלקייט פון צימער געוואָרפן אַ שיין אויפן טערקישן שטול, האָט ציליע געטראַכט, אַז פאַר די זיבן יאָר וואָס זי וואוינט דאָ אין צימער איז שוין אויף דעם שטול געזעסן מאַרווין און בוירני, און מיט ביידן איז זי זיך צעגאַנגען נאָך איידער עס איז צו עפּעס געקומען...

די שכנות פון הויז האָבן עטלעכע מאָל געזען דזשעקן אַריינקומען צו ציליען, און זיי האָבן געשמועסט, אַז „דאָס איז דאָס". מיטן גאַנצן האַרצן האָבן זיי געוואָלט, אַז ציליע זאָל אַרויפגיין אויף דעם וועג, וואו עס גייט דער גאַנצער פרויען־געשלעכט — זי זאָל זיין אַ מיסיס מאַנדעל, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען בויטיק פאַר דער פאָלקאָמענער האַרמאָניע פון דעם גאַנצן אַפּאַרטמענט־הויז. אַפילו דער וועכטער האָט איינמאָל געטראָפן ציליען אויף די שטיגן און האָט געזאָגט צו איר: „אַ פיינער יונגערמאַן, דער וואָס קומט אַריין צו אייך, זייער אַ ליבער דזשענטלמאַן".

אפשר מער ווי ציליע אַליין איז דער גאַנצער אַרום געווען אָנגעלאָדן מיט אַ פאַרלאַנג, זי זאָל חתונה האָבן.

און זומער, ווען ציליע האָט געהאַט איר וואַקאַציע פון שאַפּ, איז זי געזעסן מיט דזשעקן, און זיי האָבן געמאַכט אַ חשבון, וויפיל ער פאַרמאָגט און וויפיל זי פאַרמאָגט, און וואָס פאַר אַן אַפּאַרטמענט זיי זאָלן נעמען.

— צילקעלע, — האָט ער איר געזאָגט, — ביסט מיין אוצר, — און ער האָט זי פעסט אַרומגענומען.

און ציליע האָט זיך געפרייט, וואָס ער פאַרקינדישט איר נאָמען און רופט זי „צילקעלע".

די חתונה איז געווען אַ פריילעכע, אַלע פאַריטשער לאַנדסלייט האָבן געטאַנצט.

מיט אַ דריי וואָכן שפּעטער האָט ציליע איינגעלאַדן עטלעכע פריינט צו זיך אין דער נייער דירה אויף אַן אָונט־ברויט. זי און דזשעק זיינען געשטאַנען ביי דער טיר און אויפגענומען די געסט, צוגענומען זייערע מאַנטלען, היט און היטעלעך.

דער טיש איז געווען געדעקט מיט דער פּינקטלעכקייט און שיינקייט, ווי ציליע האָט עס געקענט מאַכן, מיט בלומען, און די סאַלאַטקעס אויף די טעלער גאַרנירט מיט גרינס. דער טיש האָט אויסגעזען ווי אַ געמעל.

מען האָט ציליען געלויבט פאַר איר ווירטשאַפט, גראַטולירט און גע־וואונטשן מיט דער ברייטהאַרציקייט צו וועלכער מענטשן קומען ביי וויינ־שעוואַניעס. ציליע און דזשעק זיינען געווען גליקלעך.

ווען די געסט זיינען אַוועק איז ציליע געווען פריידיק שיכּור פון אַ נייעם געפיל פון אַן אייגענער היים מיט אַן אייגענער ווירטשאַפט. אַט האָט זי אויף גאָטס גרויסער וועלט סוף כּל סוף אַריינגעקלאַפּט אַן איי־גענעם שטעקל, און זי האַלט זיך אָן אָן אים אין דעם געשווינדטן געדריי פון לעבן. זי האָט אַ גלעט געטאָן דזשעקן איבערביידע גלאַט־געגאָלטע באַקן און האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן. זי איז אַוועק אַראָפּנעמען פון טיש און וואַשן די כּלים. מיט ליבשאַפט האָט זי געהאַלטן אין האַנט יעדן לעפל און מעסער, ווי זיי וואָלטן געווען שותּפים אין איר פרייד.

דזשעק האָט זיך געדרייט איבערן צימער און זיינע שיך האָבן גע־סקריפּעט. ציליען איז געווען אנגענעם — אַט זיינען געווען געסט ביי איר אין הויז, זי וואַשט דאָס געפעס, דער מאַן דרייט זיך אַרום, עס וועבט זיך אַ לעבן אַרום איר, אַ משפּחה־לעבן. אינמיטן דערינען האָט זי דזשעק אַ רוף־געטאָן:

— צילקע, וויפיל האָסטו באַצאָלט פאַר דער גאַנדז?

— פאַר וועלכער גאַנדז? — האָט זיך ציליע ניט געכאַפּט וועגן וואָס ער פרעגט זי.

דזשעק האָט אַ וויז־געטאָן מיט דער האַנט צום טיש, וואו עס זיינען נאָך געווען רעשטלעך פון מאָלצייט. ציליע האָט אַ צי־געטאָן מיט די אַקסלען:

— ווייס איך וואָס... אַ מאַן מישט זיך ניט אין די געגנדזענע געשעפטן.

— מען דאַרף וויסן אַ חשבון... — האָט ער אַ מורמל געטאָן.

ציליע האָט אים ניט געענטפערט, און עס האָט איר כּמעט הנאה געטאָן, וואָס ביי איר מיט דזשעקן איז געווען אַן איבעררייד, אַט פּונקט ווי עס דאַרף זיין אין אַ משפּחה.

דזשעק איז געווען פאַרנומען אין זיין לאָנטשרום בייטאָג, און אין די אָוונטן אינדערהיים האָט ער געציילט דאָס איינקאַסירטע געלט. געציילט איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַ דריטן מאָל. עס איז ביי אים געווען הימל און ערד און געלט־ציילן.

פריינט האָבן אָפּגערופן מען זאָל זיך באַגעגענען, האָט דזשעק זיך אָפּגעפּאָכעט מיט ביידע הענט:

— צילקע, זאָג זיי אַז מיר זײנען פאַרנומען.

אַז די „קאַסע" איז געווען אַ געראָטענע, איז דזשעק געווען גוט אויפ־געלייגט און ער האָט געזאָגט צו ציליען:

— צילקע, צייל מיר איבער דעם קאָנווערט נאָך אַ מאָל. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות.

מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן האָט דזשעק געציילט דאָס געלט אין די פּרייטיקס, ווען ציליע האָט געבראַכט פון שאַפּ איר פאַרדינסט פאַר דער וואָך אַרבעט. ער האָט דעמאָלט געציילט פריער זיין געלט און דערנאָך אירס, און האָט ציליען געגעבן אַן „עקסטראַ קוש". ציליען האָט דער „פּעי־דעי קוש" שאָקירט, און זי האָט עס גערופן אײדל — „דער ערב־שבתדיקער קוש".

ביים יונגן פּאָרל האָט זיך איינגעשטעלט אַ טעגלעכער לעבנס־גאַנג. בייטאָג האָט מען געאַרבעט, און אין אָוונט האָט דזשעק געמאַכט די חשבונות און געציילט דאָס געלט: איין און צוואַנציק, צוויי און צוואַנציק, דריי און צוואַנציק... און ציליע האָט געלייענט די צייטונג. אַ פּאָר מאָל האָט זי געוואָלט דערציילן דזשעקן די איבעררעאַשנדיקע נייס, נאָר ער האָט זי אָפּגעשלאָגן:

— וואָס גייט עס מיך אָן? זאָלן זיי אויסטראַכטן וואָס זיי ווילן; מיינע געשעפטן פירן זיי ניט, — און ער האָט פאָרגעזעצט רעגלמעסיק „פיר און צוואַנציק, פינף און צוואַנציק, זעקס און צוואַנציק..."

דער זייגער, וואָס ציליע האָט מיטגעבראַכט פון דער פריערדיקער דירה, האָט מיטגעקלאַפּט „טיק־טאַק, טיק־טאַק". ביידע, אי דזשעק, אי דער זייגער, זיינען געווען זייער ערנסט, און עס איז געווען אוממעגלעך זיי איבערצורייסן.

עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון דעם יערלעכן באָל פון די פּאָריטשער לאַנדסלייט. די פּאָריטשער לאַנדס־פרויען האָבן גערופן איינע די אַנדערע אויפן טעלעפאָן און זיך באַראַטן וועגן זייערע גאַרדעראָבעס צום באָל. ציליע האָט זיך באַשטעלט אַ פוטערנעם מאַנטל און זי האָט געזאָגט צו דזשעקן: „דו וועסט זען, ווי שיין דאָס וועט זיין! איך וועל איבעררעאַשן אונדזערע לאַנדסלייט".

דזשעק האָט געשוויגן. ביי ביידע זייטן מויל זיינען ביי אים אויפגעלאָפן בערגעלעך, און די ליפּן האָבן אויסגעזען ברייט־צעוואַקסן.

ציליע האָט מער וועגן דעם מאַנטל ניט דערמאָנט און דזשעק איז עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרוואָלקנט פּנים. צוליב דעם מאַנטל איז אין דער דירה ביים יונגן פּאָר־פּאָלק געהאַנגען אַן אָנגעצויגענע שטימונג פון ערב אַ קריגעריי. און איינמאָל פאַרן אָוונטברויט האָט דזשעק אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב גערופן צו דיין פּאָריער... ער זאָל דערווייל ניט מאַכן דעם מאַנטל... עס איז צופיל געלט פאַר אַ מאָל... צופיל פאַר אַ מאָל...

פון גרויס איבערראַשונג האָט ציליע ניט געפונען קיין ווערטער וואָס אים צו ענטפערן.

דזשעקס אויגן זיינען געווען ערנסט, אָן אַ טראָפּן ווייכקייט, און דאָס מויל איז געווען אָנגעדראָלן פון אָנשטרענגונג.

זיי האָבן געגעסן דעם אָוונטברויט שטיל, און געקייט פּאַמעלעך, ווי מען זאָל זיך היטן פון איינשלינגען אַ בייך. און כאָטש זיי האָבן גאָרניט געזאָגט איינע צו די אַנדערע, איז די קריגערײַ געוואָרן טיפער, שווערער און פּאַרדראָסיקער.

נאָכן עסן איז ציליע צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט גערופן איר פּאָריער:

— עס איז געווען אַ מיספאַרשטענדעניש — האָט זי אים געזאָגט, — עס בלייבט אַלץ ווי איך האָב מיט אייך אָפּגערעדט.

דזשעק איז צוגעלאָפן צו איר:

— איך וואָרן דיך... איך וואָרן דיך... — האָט ער צו איר געזאָגט, און געוואָלט אַרויסנעמען דאָס טרייבל פון איר האַנט.

זי האָט זיך רואיק אומגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע, אָפּגעגאַנגען אַ טראָט און האָט געענדיקט דעם געשפּרעך: — יע... אַלץ ווי מיר האָבן אָפּגערעדט... באַי־באַי — האָט ציליע פאַרענדיקט רואיק, ווי ביי איר וואָלט גאָרניט געשען.

— איז וועגן וואָס וואָרנסטו מיך? — האָט ציליע איצט איבערגעפרעגט דזשעקן און האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין.

ער האָט געזוכט ווערטער אויף צו באַליידיקן זי. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן איבערן צימער און האָט געזאָגט: „אָט דאָס איז, אַז מען האָט חתונה מיט אַן אַלטער מויד... אינמיטן דערינען אַ מאַנטל!״...

אַ געוואַלדיקער טרויער האָט פאַרגאָסן ציליען און האָט ביי איר אָפּגעווישט דעם כּעס. זי האָט געענטפערט דזשעקן שטיל, אינגאַנצן אָן געבייזער:

— נו, דאָס קען איך גאָרניט העלפן... יינגער ווערן קען איך ניט.

אַ האַרטער קנויל האָט זיך ביי איר געשטעלט אין האַלדז, נאָר זי האָט ניט געוואָלט וויינען פאַר דזשעקן, אַזוי פרעמד איז ער איר געווען. זי האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס פון הויז.

* * *

ציליע איז זיך צעגאַנגען מיט דזשעקן אָן שנאה. זי האָט זיך געפילט ווי אַ מענטש, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב, איז אַרויסגעקראָכן און באַמיט זיך מער ניט גיין מיט יענעם וועג.

פון איר נייער דירה האָט זי מיטגענומען בלויז דעם זייגער, און האָט אים צוריק אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט, אין איר צימער ביי מיסיס שאַפּיראָ, וואו זי האָט זיך ווידער באַזעצט.

ניו־יאָרק, 1954

# די שנור

טייבל, יאָסל דעם קאָטלערס טאָכטער, איז אין איין יאָר אַ וואַקס־
געטאָן און איז געוואָרן אַ הויך, שיין מיידל. עפּעס ווי פֿון העלער הויט
איז זי געוואָרן אַ דערוואַקסענע. מיט אַ גלייכן שרונט אין די טונקל־בלאָנדע
האָר און אַ שטילן שמייכל אַרום איר קליינעם מויל, האָט זי אויסגעזען
ווי אַ געהויבענער גאַסט ביי איר טאַטן, יאָסל דעם קאָטלער, אויפֿן ני־
דעריקן גאַניק.

פֿון דער אָפֿענער טיר פֿון דער קאָטלעריי מיט די פּאַרסאַזשעטע ווענט
האָט זיך געטראָגן אַ קלינגעניש פֿון האַמער און אַ געבראַזג פֿון פּאַנען,
וואָס האָט פֿאַרהילכט אַ שטיק גאַס, ווי יאָסל דער קאָטלער זאָל ווען קאָנ־
קורירן מיטן שטאָטישן קלויסטער, להבדיל. אָבער דאָס האָט גאָרניט גע־
שטערט, אַז ישראליק פּאָמעראַנץ, ר׳ שעיה דעם ציגעלניקס זון, זאָל אָפֿט
אַריינקומען צו טייבלען און אָפּזיצן מיט איר שעהען־לאַנג. מען האָט זיי
שוין געזען שפּאַצירןביידן אויפֿן שאָסיי. און מען האָט אָנגעהויבן ריידן,
אַז טייבל האָט מזל, אויב זי וועט ווערן ר׳ שעיה דעם ציגעלניקס שנור.

מען האָט באַלד אויסגערעכנט, וואָס פֿאַר אַ ירושה עס וואַרט אויף
איר איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — די ציגעלניע, וואָס איז אַ „גאָל־
דענער פֿינגערל” און איז ווערט אַ שיינע פּאָר טויזנט רובל; דער צוויי־
שטאָקיקער מויער, וואָס אַזאַ איז דאָ איינער אין שטאָט; צוויי פֿאַרדונגענע
קראָמען אין מאַרק, און וויפֿיל איז ווערט ר׳ שעיהס יחוס?

ר׳ שעיהס ווייב, עטל די ציגעלניטשקע, איז פֿון גרויס האַרצווייטיק,
וואָס איר ישראליק גייט אַרום מיטן קאָטלערס טאָכטער, אַראָפּ פֿון פּנים.
אַז זי איז פֿאַרבייגעגאַנגען יאָסל דעם קאָטלערס שטוב, האָט זי ניט געקוקט
אין יענער זייט, נאָר די קלינגערייען פֿון האַמער זיינען איר נאָכגעלאָפֿן
און געפֿאַלן אויפֿן האַרצן.

אין שטוב האָט זי געטענהט, אַז דער עיקר אַרט איר פֿאַר ר׳ יצחקל
וויניצער, זייער מחותן, דער עלטערער טאָכטער ציפּקעלעס שווער.

— מיך אַרט שוין ניט וואָס ישראליק קריכט אַריין אין יאָסל דעם
קאָטלערס „שאַמפּאָכע” (משפּחה), אָבער דאָס איז דאָך אַ פּאַטש אין פּנים
אונדזער מחותן, ר׳ יצחקל וויניצער. מיר שלעפּן דאָך אים אַריין אין דעם
„יחוס”, און אַז גאָט וועט העלפֿן ביי אַ שמחה, וועט ביי איין זייט טיש זיצן
ר׳ יצחקל און פּונקט אים אַנטקעגן יאָסל דער קאָטלער! אַ פּאָר קליידער!

און דאָ גיט זיך עטל די ציגעלניטשקע אַ כאַפּ מיט די הענט בייביידע
באַקן און גיט אַ זאָג אָפּ, ווי מען זאָגט, חלילה, אַז אַ מענטש גייט אויס:

„היינט, אַז חיה־גיטל וויניצער, אַזאַ אָסאָבע, מיט זיבן בייטשלעך
פּערל אַרום האַלדז, וועט עס דאַרפֿן זאָגן אַ „גוט יום־טוב”, אָדער אַ „מזל
טוב” צו פּעשקע דעם קאָטלערס! אַ יידענע ביי דער ערד, קליין ווי אַ
פּעפֿרל! און דאָס גענגל אירס! אוי, אַ ווייטיק אין האַרצן און אַ בושה
אין פּנים! אַן אומגליק!

אַז זי פּלעגט קומען צו די „זיבן בייטשלעך פּערל" און דעם „ווייטיק אין האַרצן" מיט דער „בושה אין פּנים" — פּלעגט איר זון, ישראליק, געבן אַ זעץ מיט דער טיר און אַוועק פון שטוב.

ר' שעיה האָט געהערט און געשוויגן, געדאַוונט אַביסל לענגער ווי געוויינלעך, געבענטשט נאָכן עסן מיט מער אימפּעט, אָפּגעטייטשט אַ פּאָר ווערטער אויף יידיש — אַ מסור פּאַרן ווייב, און מער גאָרניט.

נאָר איינמאָל, ווען עס איז אים דערעסן צו הערן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל וועגן ר' יצחקל וויניצערס יחוס און וועגן יאָסל קאָטלערס „שאַמפּאָכע", האָט ער זיך אַ הויב־געטאָן פון אָרט און האָט געזאָגט צו זיין יידענע, נישט דערמאָנענדיק קיין נעמען:

— וואָס איז? קיין משומד איז ער ניט? דאַווענען דאַוונט ער? אַן ערלעכער ייד איז ער? וואָס איז? דו מיינסט, אַז די תורה האָט מען געגעבן נאָר פּאַר יחסנים? מען האָט געגעבן פאַר אַלע יידן! — האָט ער אַרויסגע־לאָזן מיט אַ געשריי, — און לאָז מיך צו־רו!

זיין ווייב איז געשטאַנען און האָט זיך געשאָקלט, טאַקע פּשוט ווי אַ נאַסע הון, וואָס טרייסלט אַראָפּ דאָס וואַסער פון די פּעדערן.

נאָכדעם האָט עטל די ציגעלניטשקע אויפגעהערט ריידן וועגן דעם „אומגליק", נאָר אַז עס איז אויף איר אָנגעקומען דער כעס, איז זי אַרומ־געגאַנגען מיט אַ נאַסן טיכל פאַרבונדן דעם קאָפּ אַ גאַנצן טאָג.

אַז מען האָט דערציילט יאָסל דעם קאָטלער, אַז די ציגעלניטשקע גייט אַרום מיט אַ נאַסן האַנטעך און האָט קאָפּ־ווייטיק, ווייל זי וויל ניט זיין טייבלען פאַר אַ שנור, האָט ער געקלאַפּט מיטן האַמער און האָט געזאָגט:

— מיין דאגה! איך יאָג זיך ניט נאָך זיי! אויב מיין טייבלען איז באַשערט צו זיין אַ גבירטע, וועט עס זי ניט אויסמיידן.

פאַר קנאה צו טייבלען האָט מען זי אין שטאָט גערופן נאָך פאַר דער חתונה „ר' שעיהס שנור".

טייבל האָט זיך גאָר ניט־וויסנדיק געמאַכט פון די אַלע ריידערייען. זי האָט געטראָגן עמערס וואַסער צום טאַטן אין דער קאָטלעריי, און האָט געהאָלפן דער מאַמען באַקן ברויט צום פאַרקויפן, ווי שטענדיק מיטן שטילן שמייכל אַרום דעם קליינעם מויל.

צו ר' שעיהן אין שטוב איז טייבל קיינמאָל ניט אַריינגעקומען, ווי דער יחוס פון דעם הויז וואָלט געוווען אַ פעסטונג, וואָס איז אוממעגלעך דורכ־צוברעכן. זי פלעגט אַמאָל שטיין אַ ווײַלע לעבן זייער גאַניק, ווען זי האָט געוואַרט אויף ישראליקן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען ר' שעיה איז געגאַנגען דאַווענען מנחה, איז טייבל געשטאַנען לעבן זייער בריקל. זי האָט דערזען ר' שעיהן, האָט זי געמאַכט אַ האַסטיקע באַוועגונג פון איין טראָט אויף צוריק, ווי זי זאָל דאַרפן ברייטער מאַכן פאַר אים די גאַס. אַ רויטקייט איז אָנגעלאָפן אין איר פּנים. מיטן גלייכן שרונט אין די בלאָנדע האָר און אין געבלימלטן קליידל

האָט זי אויסגעזען כמעט קינדיש. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ר׳ שעיהן ווי אויף אַ ריכטער, וואָס מען וואַרט הערן פון אים זיין ערשטע פראַגע.

ר׳ שעיה האָט דערפילט איר אַנגסט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— נו... וואָס שטייסטו? דו קענסט זיך דאָך זעצן אויף דער באַנק... צוויי בענק ליידיקע אויפן גאַניק, נו...

טייבל האָט ניט געוואָגט אים נישט צו פאָלגן. זי האָט זיך אַוועקגערירט פון איר אָרט, ווי עס זאָל איר זיין שווער זיך אָפּרייסן פון דער ערד. זי איז אַרויף אויף די פיר הויכע טרעפּ פון בריקל און האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק.

— אָט אַזוי, צו וואָס דאַרפסטו וואַרטן שטייענדיק? — האָט ער געזאָגט, און איז אַוועק.

פאַר טייבלען זיינען געווען אַזוי אומגעריכט זיינע מילדע, פּשוטע ווערטער, אַז זי האָט פאַרגעסן, אַז זי וואַרט אויף ישראַליקן. זי האָט נאָכגעקוקט ר׳ שעיהן, זיין רואיקן גאַנג, און זי האָט געפילט אַ וואַרעם בלויען הימל איבער דער וועלט.

טייבלס מאַמע, פּעשקע, אַ קליין־געוויקסיקע, מיט קליינע טיף־אַריינגעזעצטע אויגן, האָט צוויי שידוכים אָפּגעלאָזט ביז זי האָט חתונה געהאַט מיט יאָסל דעם קאָטלער. צוליב אירע גרויסע דערפאַרונגען איז זי געווען קלוג, ווי אַן אַלטער תלמיד־חכם, און זי האָט גערעדט צו איר טאָכטער, ווען זיי האָבן צוזאַמען אַרויסגענומען די גרויסע לאַבנס פון אויוון:

— מיר געפעלט ניט דאָס קריכן אין די גבירישע מזלות. אַ מזל דאַרף מען האָבן אַן אייגענעם, דעם וואָס גאָט גיט. ביי די גבירים וועסטו שטענדיק זיין אַן אָנגעבעטענע.

און אין זייער אַ שיינער זומער־באַכט, ווען ישראַליק האָט באַגלייט טייבלען צו איר שטוב, האָט זיך אין דער טיר פון דער קאָטלעריי אַוועקגעשטעלט פּעשקע. זי האָט אויסגעזען ווי אַ שאָטן, וואָס איז אַראָפּ פון די שוואַרצע פאַרסאַזשעטע ווענט. זי האָט גערעדט צו דער טאָכטער, ווי ישראַליק זאָל ניט זיין דערביי:

— ווי לאַנג וועסטו זיך אַרומשלעפּן מיט אַ גבירישן זון? האַ, טייבל? אַ ווינטער, אַ זומער, וויפיל איז דער שיעור? איך האָב, גאָט צו דאַנקען, מיט וואָס חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער, אָבער דעקן חרפּות האָב איך ניט מיט וואָס. דו הערסט, טייבל?

טייבל האָט געוואָלט איינגעמען די מאַמע, געבעטן זי זאָל אַריין אין שטוב, נאָר פּעשקע איז געשטאַנען ווי אַ צוגעוואַקסענע צו דער שוועל און האָט גערעדט:

— אַ מיידל, וואָס עס גייט אַראָפּ פון איר דער גלאַנץ, איז ווי אַ שוך, וואָס עס פאַלט אַראָפּ פון אים די פּאָדעשווע. גיי אויף דעם! און קיין בייעם לעבן קען מען ניט קויפן, דו הערסט, טייבל?

ישראַליק איז געשטאַנען אַ צעשראָקענער פון די ווערטער, וואָס זיינען

געפאַלן שווערע, פינצטערע, פאַרהאַרעוועטע און ווי אַ כמאַרע זיך אויס־געשפּרייט איבער דער בלויער, יונגער ליבע־נאַכט.

ער איז ניט אַוועק שלאָפן אַהיים, נאָר ער האָט אַוועקגעבאַלנדזשעט אין דער ציגעלניע, און ביים וועכטער אין שטיבל, אויף דער פּאָדלאָגע, איבער־גענעכטיקט די נאַכט.

מיט דער מאַמען האָט ישראליק כמעט ניט גערעדט. אינדערהיים פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן, ווי אין אַ קרעטשמע, זיך איבערטאָן, איבערשלאָפן, און איז באַלד געווען אויף יענער זייט טיר. אינמיטן ווינטער איז ער אַוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע.

ער האָט געבעטן טייבלען, אַז זי זאָל זיך שווערן, אַז זי וועט צו אים קומען. ביי טייבלען איז פאַרשוואונדן דער שטילער שמייכל אַרום דעם קליינעם מויל און זי האָט אים געזאָגט:

— אויב אויף חתונה האָבן דאַרף מען אַנטלויפן פון שטאָט, טויג עס ניט, ישראליק. פאָר געזונט.

זי האָט זיך מיט אים ניט געוואָלט צעקושן ביים געזעגענען, ניט גע־וואָלט פאַרזוכן די ביטערקייט פון לעצטן קוש.

טייבל האָט מיט אַ האַלבן יאָר שפּעטער חתונה געהאַט מיט נחומען, דעם קצבס זון. נחום האָט געוואוסט, אַז פאַר גרויס ליבשאַפט צו דער כלה דאַרף מען פאַר איר „פאַלן אויף די קני”. ער איז געפאַלן אויף איין קני פאַר טייבלען (ווייל אַ ייד טאָר ניט פאַלן מער ווי אויף איין קני) און ער האָט איר געזאָגט:

— איך וועל דיר אויסבויען אַ מויער, אַ גרעסערן ווי ר׳ שעיה ציגעל־ניקס, פאַרלאָז זיך אויף מיר!

און נחום האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט אָנגעהויבן צושטעלן פלייש פאַר דער אַרמיי, און ער איז געוואָרן נחום דער פּאָדריאַדטשיק, און אַז ער איז רייך געוואָרן — דער פּאָדריאַדטשיק נחום שפּיגל.

טייבל איז געפאָרן זומער „אויף דאַטשע”, און שפּעטער — „אין די בעדער אין אויסלאַנד”. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, „זי איז געבאָרן געוואָרן אין אַ הייבעלע”. טייבל האָט געוואָלט איבערבויען דעם טאַטנס שטוב, אויפהויבן דעם בריקל, אַרויפציען אַ נייעם דאַך, נאָר יאָסל דער קאָטלער האָט ניט געלאָזט. ער האָט געקלאַפּט מיטן האַמער און האָט געזאָגט:

— מיין דאַך האָט מיר קיינמאָל ניט גערונען, פאַרוואָס זאָל איך אים אַראָפּרייסן? אַ דאַך דאַרף מען אויך ניט פאַרשעמען. — און ער איז געבליבן וואוינען אין דער קליינער שטוב.

ר׳ שעיהס ציגעלניע, פּונקט ווי דער מזל זאָל זיך פון ר׳ שעיהן אָפּטאָן מיטן זונס אַוועקפאָרן, איז געוואָרן אויס גאָלדענער פינגערל. די נייע ליים־גריבער האָבן ניט געטויגט. די ציגל האָבן זיך געשפּאָלטן אין די ברען־אויוונס.

די ערשטע פאָר יאָר האָט ר׳ שעיה פאַרדעקט די צרות. געליען געלט און געפירט די ציגעלניע. ער האָט פאַרקויפט די צוויי קראָמען אין מאַרק,

און ביי אים אין באָרד זיינען קענטיק געוואָרן גרויע פּאַסמעס האָר. אין עס־צימער האָט מען אויפגעהערט אָנצינדן דעם בליץ־לאָמפּ, נאָר מען האָט געברענט אַ צוועלפער. ר' שעיהס פענצטער זיינען געוואָרן טינ־קעלער. דער מחותן, ר' יצחקל וויניצער, איז זעלטענער געקומען צו גאַסט. אין שטאָט האָט מען אַ מורמל־געטאָן — ר' שעיה וועט אָנזעצן. ווי זלידנע פליגן זיינען די בעלי־חובות באַפאַלן זיין שטוב, געקומען אין דער פרי און אין אָונט מאָנען, מאָנען, מאָנען...

ר' שעיה איז ניט געשלאָפן די נעכט, איז אויפגעשטאַנען און איז שעהען לאַנג געגאַנגען הין און צוריק אין פינצטערן עס־צימער. גליק באַווייזט מען פאַר מענטשן און אומגליק באַהאַלט מען. ר' שעיה האָט ניט אָנגעצונדן ביינאַכט דעם לאָמפּ, מען זאָל ניט זאָגן אַז ער קען ניט שלאָפן.

מער פון אַלעמען האָבן געליאַרעמט צוויי פון זיינע בעלי־חובות — דינקע די אלמנה און הערשל דער קאַראָבעלניק. דינקע האָט געשריען, אַז ער קוילעט זי „אָן אַ מעסער", אויב ער גיט איר ניט אָפּ די זיבעציק רובל, וואָס זי האָט ביי אים געהאַלטן. מיט אַ דאַרער האַנט, וואָס מען האָט געקענט ציילן די ביינער, האָט דינקע די אלמנה געקלאַפּט אין טיש און האָט געערדעט הייזעריק פון שרייען: „איר וועט ניט קוילענען אַן אָרעמע אלמנה, ר' שעיה". און הערשל דער קאַראָבעלניק האָט בלויז איבערגע־חזרט עטלעכע ווערטער: „מיין געלט זאָל מיר זיין! איך וועל צעטראָגן די ווענט, מיין געלט זאָל מיר זיין!"

ר' שעיה האָט די בעלי־חובות אָפּגעשטופּט אויף נאָך אַ וואָך, און אויף נאָך אַ וואָך. פון דער קלעמעניש, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין שטוב, איז אַ טונקלקייט אַרומגעפאַלן אַרום ר' שעיהס אויגן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די ווענט פון שטוב זיינען פינצטערער געוואָרן. אין די ווינקלען האָבן זיך אין דעם אָפּגעבליאַקעוועטן וואַנט־פּאַפּיר איינגע־געסן פלעקן. מען האָט שוין די שטוב אַ צוויי יאָר ניט געקלעפּט און ניט געקאַלכט. ר' שעיה האָט געזוכט אַ קונה אויף פאַרקויפן זיין מויער. „בעסער בלייבן אָן אַ דאַך, איידער בלייבן אַן אָנזעצער" — האָט ער גע־רעדט צום ווייב, און האָט געפילט ווי די אָרעמקייט קומט־אָן ווי אַ פאַר־פלייצונג און וויל אים אַראָפּוואַרפן פון זיין שטאַנד.

די שטענדיקע זאָרגענישן האָבן ר' שעיהן אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און ער האָט אויפגעהערט קוקן אויף די פאַרבייגייער און זאָגן זיי „גוט מאָרגן" און „גוטן אָוונט".

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, ווען ער איז אַרויס פון שטוב, גייענדיק צו מנחה, האָט ער דערהערט אַ „גוטן אָוונט, ר' שעיה", און אַנטקעגן אים איז געשטאַנען יאָסל דער קאַטלער.

— איך גיי טאַקע צו אייך, ר' שעיה, עפּעס איבערשמועסן...

ביי ר' שעיהן האָט אַ קלאַפּ־געטאָן אין האַרצן: דאַכט זיך ניט קיין בעל־חוב... קיין געלט ביי אים ניט גענומען... וואָס קען ער מאָנען פון מיר...

זיי זיינען אַרויף צו ר׳ שעיהן אויפן בריקל.

— מיין טאָכטער, טייבל, עס איז איר גוט קיין עין הרע — האָט יאָסל דער קאָטלער ברייט פונאַנדערגענומען די הענט אויף ווייזן ווי גוט עס איז זיין טאָכטער. — זי האָט געהערט, אַז איר קלייבט זיך פאַרקויפן דעם מויער... זי איז דאָ נעכטן אַריינגעפאָרן אויפן וועג אין די בעדער... עס איז איר גוט, קיין עין הרע... וויל זי אייך געבן געלט אויפן מויער... דאָס הייסט, אויב איר וועט אים וועלן פאַרקויפן, איז דאָס פאַר איר. דאָס הייסט, איר פאַרשטייט, זי איילט זיך ניט, זאָגט זי; אָבער דערווייל, ביז זי וועט צוריקקומען פון די בעדער, גיט זי אייך אויפן מויער... דאָס הייסט... און אַ בריוועלע האָט זי אייך געשיקט.

יאָסל דער קאָטלער האָט אים אָפּגעגעבן טייבעלס בריוו און איז אַוועק. ר׳ שעיה איז שווער געבליבן זיצן אויף דער באַנק. ער האָט געעפנט דעם קאָנווערט, און דאָרט איז געווען אַן אָנווייזונג אויף געלט און עטלעכע ווערטער פון טייבלען:

„ר׳ שעיה, איך בין יינגער פון אייך, אָבער מיין רעדל האָט זיך שוין אויך געדרייט גענוג אַרויף און אַראָפּ, און איך ווייס דעם טעם פון גע־פאַלנקייט. איר זייט געווען צו מיר ווי אַן אייגענער, ווען איך האָב ניט געהאַט קיין מוט אַרויפצוגיין אויף אייער בריקל. איצט, אַז גאָט האָט מיר געהאָלפן, וויל איך אייך העלפן, אַז איר זאָלט פון אייער בריקל ניט דאַרפן אַראָפּפאַלן, חלילה. איך טו דאָס פון גאַנצן האַרצן, גלויבט מיר״.

עס איז געווען אונטערגעשריבן: „טייבל שפּיגל״.

פאַר ר׳ שעיהן איז איר בריוו געווען אַזוי אומגעריכט, אַז ער האָט אַ ווײַלע פאַרגעסן וועגן זיינע בעלי־חובות, נאָר איז געווען פול מיט די מילדע, פּשוטע ווערטער פון טייבלס צעטעלע. ער איז אַוועק דאַווענען מנחה און האָט געפילט אַ וואַרעם־בלויען הימל איבער דער וועלט.

אַז ר׳ שעיה האָט אויסגעצאָלט דינקע דער אלמנה די זיבעציק רובל און הערשל דעם קאַראַבעלניק זיין חוב, און ביידן מיט די פּראָצענט, — האָבן די אַנדערע בעלי־חובות פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ גאַס ר׳ שעיה וואוינט, און זיינען ניט געקומען מער מאָנען. ער האָט זיי געשיקט רופן און זיי האָבן זיך ניט געאיילט. נישקשה, ער איז נאָך אַ בטוח, ר׳ שעיה.

שווער האָט זיך געדרייט די ראָד פון זיינע געשעפטן, און צווישן די זאָרגענישן און חשבונות איז אָפּטמאָל אויפגעקומען ביי ר׳ שעיהן אַ זיסע קלעמעניש — טייבל, זיין גוטע „שנור״, טייבל.

ניו יאָרק, 1954

# הינדע די גערטנערקע

פעלטע, ר׳ חיים דעם סופר׳ס ווייב, איז ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך אַפילו ווען עס איז ניט געווען פאַרוואָס צו קויפן אַ וועגל האָלץ אויף ווינטער. אַז איר מאַן האָט פאַרענדיקט צו שרייבן די ספר תורה פאַר דער קאַלטער שול, האָבן זיך פאַרמאַכט אַלע טירן פון פרנסה. די דריי דאָרפס־ייִנגלעך וואָס האָבן געלערנט ביי ר׳ חיימען און געגעסן קעסט ביי זיין ווייב פעלטע, זיינען זיך חנוכה־צייט צעקראָכן: עס איז קאַלט, יענער איז קראַנק, און נאָך איינער וויל גלאַט ניט לערנען. די לעצטע עטלעכע גילדן האָט מען שוין כמעט אויסגעלושטשעט. אַ טיר האָט זיך ניט געעפנט און עס האָט אויס־געזען, אַז עס עקט זיך די וועלט.

ר׳ חיים דער סופר האָט גאַנצע טעג פאַרבראַכט אין בית מדרש. פעלטע האָט זיך מיט אַלע קרעפטן באַמיט צו פאַרטרייבן די אָרעמקייט, עס זאָל ניט קענטיק זיין אויף דער שטוב. זי האָט אָפּגעקאַלכט דעם אויוון, אָפּגע־שייערט די באַנק, אויסגעוואַשן און אויסגעוועלגערט די פאָרהאַנגלעך פון די פענצטער, — אין שטוב האָט געבלאַנקט פון ריינקייט, נאָר קיין פריי־לעכקייט האָט עס ניט צוגעגעבן. פאַרקערט, עס איז געוואָרן גראַם און דער אומעט האָט זיך געהאַט וואו אויסצושפּרייטן. אין די אָוונטן האָט זי אַביסל שפּעטער אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, דער נאַפט זאָל ניט ברענען, צו־געשאַנעוועט די קאַרטאָפל, וואָס זיינען נאָך געבליבן פון די דאָרפישע תלמידים. אַרום פורים איז זי אַריין צו שכנא דעם מצה־בעקער, געוואָלט זיך ביי אים אָנדינגען אויף וועלגערן מצה, פאַרדינען עטלעכע גילדן אויף יום־טוב. פעלטע, ר׳ חיים דעם סופרס ווייב, איז געווען אין שטאָט אָנגענומען כמעט ווי אַ רביצין. אַז זי איז אַריין צו שכנאן, האָט ער זיך באַגעגנט מיטן ברייטן גוט־מאָרגן, זיך אַ ריר געטאָן ווי אויפצושטיין פאַר איר, און זי האָט פאַרלוירן דעם מוט צו בעטן ביי אים ער זאָל זי נעמען פאַר אַ וועלגערקע.

— ווען הויבט איר אָן דעם פאָדריאַד? — האָט זי אים געפרעגט — און האָט זיך פאַרכאַפּט און געזאָגט — איך וויל באַקן מצה אַ ביסל פריער, עס זאָל מיר קאָסטן ביליקער... עס איז ניט אַזאַ גוטע צייט...

שכנא האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט אירע מצות נעמען אויפן „ערשטן פלאַם" און זיי וועלן שוין מיטן געלט דורכקומען. זי איז אַוועק אַ צעטראָגענע און האָט אויפן וועג חרטה געקראָגן וואָס זי האָט זיך געשעמט זאָגן דעם אמת. אַז זי איז געקומען אַהיים, האָט זי זיך גענומען אויסווישן דאָס גלעזל פון לאָמפּ, ביז עס האָט געבליאַסקעט ווי אַ קרישטאָל. אַז ר׳ חיים איז געקומען פון מעריב, האָט פעלטע אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. זיי האָבן איינס צום אַנדערן ניט גערעדט. וואָס וועלן זיי ריידן? יעדער פאַר זיך האָט געטראַכט, אַז עס איז ניט גוט.

ווען זיי האָבן געהאַלטן אינמיטן עסן די וועטשערע, איז אַריין הינדע די גערטנערקע. ניט ר׳ חיים און ניט פעלטע האָבן זי אויפן שטעל דער־

קענט. עס איז געווען הינדע און ניט הינדע. הינדע איז געווען אָנגעטאָן ניט אין אירע פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול, ווי זי גייט שטענדיק, נאָר אין אָפּ־געפּוצטע שיך; ניט אין איר פֿאַטשיילע, נאָר אין איר שוואַרצן זשעקעטל וואָס זי טראָגט אים נאָר שבת ווען זי גייט אין שול אַריין, און אויפֿן קאָפּ דעם שוואַרצן גראַסענעם שאַל. זי איז געווען אָנגעטאָן יום־טובדיק. לויט איר ברייטן „גוטן אָוונט" און איר שיינענדיקן פּנים האָבן ר' חיים און פּעלטע געזען, אַז זי איז ניט געקומען גלאַט אַזוי. אָבער וואָס קען דאַרפֿן הינדע די גערטנערקע?

הינדע האָט אויסגעטראָגן דעם גרעסטן חלק לשון־הרע פֿון די ווייבער פֿאַר איר קאַרגשאַפֿט. דאָנערשטיק, ווען זיי פֿלעגן קומען צו װעלוול דעם קצב נאָך פֿלייש, האָבן זיי אומיסטן געוואַרט ביז הינדע וועט אַוועקגיין מיט איר פֿונט לונג און לעבער און פֿליאַקע, וואָס זי פֿלעגט קויפֿן אויף שבת, און פֿלעגן אָנהויבן זי באַריידן:

— אָט דאָס איז אַ יידענע! אָט דאָס איז קאַרג! זי איז אָפּגעשאָטן מיט געלט! אַ גאָרטן אַן אייגענעם און צוויי געדונגענע האָט זי! יעדער מערן און יעדעס ביסל מאָן וואָס זי פֿאַרקויפֿט איז ביי איר מיט גאָלד גליך! קיין שיך דאַרף זי ניט, טאָפּטשעט זיך אין די שטיוול! קיין פֿלייש אויף שבת אויך ניט. אַפֿילו אַ ישיבה־בחור עסט ביי איר ניט אַ „טאָג". מען זאָל אָפּגעהיט ווערן פֿון אַזאַ קאַרגשאַפֿט. ערגער ווי אַ קרענק, ניט דאָ געדאַכט. אוצרות געלט פֿאַרמאָגט זי, אָבער וואָס קומט דערפֿון אַרויס?

אַז די ווייבער האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט לשון הרע, זיינען זיי זיך צעגאַנגען צופֿרידענע, און יעדע איינע האָט געפֿילט, אַז זי איז טאַקע אַ שטיקל מענטש אַנטקעגן דער הינדע.

ר' חיים און פּעלטע האָבן הינדען געבעטן זיך זעצן. ר' חיים האָט אַרויסגעדרייט דעם קנייטל פֿון לאָמפּ עס זאָל זיין ליכטיקער. פּעלטע האָט דערזען, אַז הינדע טראָגט איר בייטשל פּערל אויפֿן האַלדז, וואָס זי טוט זיי אָן נאָר יום טוב. פּעלטען איז פֿריילעך געוואָרן אויפֿן האַרצן. עפּעס איז ניט אומזיסט אַזאַ אויספּוצעניש ביי הינדען, עפּעס אַ גוטע בשורה האָט זי געבראַכט. פּעלטע איז אַוועק און האָט אָנגעגאָסן פֿאַר הינדען אַ גלעזל טיי פֿון הייסן ליאַק.

הינדע האָט אַרויסגענומען אַן אויפֿגעקניפּט טיכל פֿון איר טייסטער, האָט עס אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און פֿאַרדעקט מיט אַ שווערער אויסגע־האָרעוועטער האַנט. זי האָט אָפּגעלעקט די פֿאַרטריקנטע ליפּן און האָט געזאָגט צו ר' חיימען:

— ר' חיים, דאָ האָט איר פֿינף און צוואַנציק זילבערנע רובל. איך בין אַ מענטש אַליין, אַן אלמנה, קיין זון, קיין קדיש, האָב איך ניט ניט. מיין טאָכטער האָב איך שוין חתונה געמאַכט, גאָט צו דאַנקען. זי דאַרף מיך ניט, חלילה. איר וועט שרייבן פֿאַר מיר אַ ספֿר־תורה. איך וועל אייך מיט גאָטס הילף אויסצאָלן ביז אַ גראָשן. איך דינג זיך ניט מיט אייך. עס איז פֿאַרהאָרעוועט געלט — ס'איז מיין מצווה און אייער מצווה.

ר׳ חיים האָט זיך אַזש אויפגעהויבן:

— אַ... אַ... אַ ספר תורה? עס איז דאָך, איך ווייס, ניט יעדער גביר אַפילו... וואָס הייסט? אַ ספר תורה?

הינדע האָט מיט גרויס כוונה פונאַנדערגעבונדן דאָס טיכל און הויך, ווי מען מאַכט אַ ברכה, אויסגעציילט די פינף און צוואַנציק רובל. איינס, צוויי, דריי און אַזוי כסדר.

— דאָס איז דער אַדערויף, — האָט זי געזאָגט, — און ווען איר וועט מיך הייסן, וועל איך צאָלן.

ווען הינדע האָט זיך אויפגעהויבן אויף אַוועקגיין, האָט פּעלטע גענומען דעם לאָמפּ פון טיש און האָט הינדען צוגעלויכטן דעם וועג ביז יענער זייט שוועל, ווי מען באַגלייט אַרויס זייער אַ חשובן גאַסט וואָס מען גיט אים אָפּ דעם גרעסטן כבוד. הינדע האָט זיך אומגעקערט און געזאָגט צו ר׳ חיימען:

— ר׳ חיים, דערווייל דערציילט עס ניט קיינעם. צו וואָס דאַרף איך מען זאָל מיך נעמען אויף די צינגער?

* * *

הינדע האָט ווידעראַמאָל געטראָגן אירע אויסגעטאָפּטשעטע שטיוול און די פּאַטשיילע. דאָנערשטיק געגאַנגען צום קצב און געקויפט אַ פונט לונג און לעבער און פליאַקע. די ווייבער האָבן איר אויסגעטיילט דעם חלק לשון הרע, ווי יעדע וואָך, און צופרידענע זיך צעגאַנגען אַהיים.

ר׳ חיים איז שוין ניט געזעסן גאַנצע טעג אין בית מדרש. ער האָט פרום און גאָטספאָרכטיק געכתיבעט די ספר־תורה פאַר הינדען. ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט און קיינער אין שטאָט האָט פון דער גאַנצער מעשה ניט געוואוסט.

האָט זיך אָבער גראָד געמאַכט, אַז עס איז קראַנק געוואָרן ר׳ איטשע סאָסנאָווועצקי, אַ ייד אַ גביר און אַן אָפענע האַנט, און עס איז אים איינגעפאַלן צו זאָגן: „אַז ער וועט געזונט ווערן, וועט ער לאָזן שרייבן פאַרן בית מדרש אַ ספר תורה".

דער רב פון שטאָט איז געקומען מבקר חולה זיין דעם גביר. האָט אים ר׳ איטשע דערציילט וועגן זיין צוזאָג. זאָגט צו אים דער רב:

— די ספר־תורה לאָזט באַלד שרייבן. איר וועט מירצעשעם געזונט ווערן. דער רבונו של עולם איז אַ בטוח און ר׳ חיים דער סופר איז... איז... איז...

דער רב האָט ניט געוואָלט זאָגן פאַרן גביר, אַז ר׳ חיים דער סופר איז אַן אָרעמאַן. ווי זאָגט מען דאָס אויף ר׳ חיים דעם סופר עפּעס אַזוי קלאָצעוואַטע — אַן אָרעמאַן? האָט דער רב פאַרקירעוועט דעם דישעל און האָט געזאָגט: — איז... איז אַן ערלעכער ייד... און ... ער וועט אייך טאַקע שרייבן די ספר־תורה. טאָן אַ מצווה דאַרף מען ניט אָפּלייגן. טאַקע ניט אָפּלייגן.

באַלד אויף מאָרגן האָט די גבירטע, ראַשעלע סאָסנאָווועצקי, געשיקט

איר דינסטמיידל, שפּרינצל, רופן ר׳ חיים דעם סופר און אָנגעזאָגט ער זאָל באַלד קומען. שפּרינצל, אַז זי האָט דערהערט „באַלד קומען״ — האָט זי געשטעלט פּיס און איז אַריין צו ר׳ חיים דעם סופר מיט אַ געיעג, ווי אַ טעפּל אויפן קוימען וואָלט געהאַלטן ביי אויסלויפן.

— ר׳ חיים, מיין באַלעבאָסטע ראַשעלע האָט אָנגעזאָגט איר זאָלט באַלד קומען.

ר׳ חיים האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער אַרבעט. ער האָט גראָד דעמאָלט געכתיבעט „וידבר משה״. ר׳ חיים איז איצט געווען העט ווייט ביים באַרג סיני, וואו משה האָט גערעדט צו די יידן, און איצט זיצט ער, ר׳ חיים דער סופר, אָט דאָ אין זיין שטיבל און ברענגט אַריבער פאַר די יידן פון גוראַלקע די רייד פון משה רבינו. אין דער רגע וואָלט קיינער ר׳ חיים דעם סופר ניט דערקאָנט. ער איז געווען משה רבינוס אַ העלפער, זיין פּנים האָט געלויכטן און די פינגער האָבן געהאַלטן די גענדזענע פעדער און פאַמעלעך זיך גערירט איבערן ווייסן פּאַרמעט. ר׳ חיים האָט אַ ווילע אָנגעקוקט שפּרינצלען, זיך געוואונדערט וואָס טוט זי דאָ ביים באַרג סיני.

פון ר׳ חיימס פאַרוואונדערטן בליק איז שפּרינצל געלאַסענער געוואָרן, און דער געיעג האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן, זי האָט געזאָגט אַביסל שטילער:

— ר׳ חיים, מיין באַלעבאָסטע ראַשעלע האָט געבעטן איר זאָלט באַלד קומען.

— וואָס איז די איילעניש? — האָט ר׳ חיים געפרעגט.

שפּרינצל האָט געוואוסט ביי איר באַלעבאָסטע וואָס אונטערן נאָגל טוט זיך, צי מען האָט איר געזאָגט, צי מען האָט פון איר באַהאַלטן — סיי־ווי האָט זי געוואוסט פון דער גרעסטער זאַך ביז דער קלענסטער וואָס אין שטוב טוט זיך. שפּרינצלס שוואַרצע, קאַרשענע אויגן האָבן געלייענט יעדן קנייטשעלע ביים באַלעבאָס און ביי דער באַלעבאָסטע אויפן פּנים. די קליינע, ראָזע אויערן, מיט די זילבערנע אויערינגלעך, אַ מתנה פון איר באָבע, האָבן געהערט דורך די ווענט. שפּרינצל האָט געזאָגט צו ר׳ חיימען און צו פעלטען, וואָס איז געשטאַנען אַ נייגעריקע און זיך צוגעהערט:

— ווייסן ווייס איך ניט וואָס זיי דאַרפן אייך, אָבער איך ווייס, אַז דער באַלעבאָס וויל לאָזן שרייבן אַ ספר תורה, איז צו וועמען זאָל ער מיך שיקן, צו אַ שוסטער? שיקט ער מיך צו אייך.

פעלטע האָט געזען, אַז דער אויבערשטער האָט זיך דערבאַרעמט איבער איר און איבער איר מאַן און שיקט זיי צו פּרנסה. מיט אַ פול האַרץ האָט זי שפּרינצלען דערלאַנגט אייער־קיכלעך, וואָס זיינען איר געבליבן פון שבת. זי האָט צוגעטראָגן איר מאַן זיין מאַנטל און זיין שטעקן און האָט צו אים געזאָגט:

— אַז ר׳ איטשע סאָסנאָוועצקי שיקט דיך רופן, — גיי צו.

ר׳ איטשען האָט דער ווייטיק אונטערן לאָפּעטקע אָפּגעלאָזט און ער האָט זיך געפילט בעסער. ער איז געזעסן אויפן בעט אין אַ בלויען פלאַ־

נעלענעם כאַלאַט און לעדערנע שטעק־שיך און האָט גערעדט מיט ר׳ חיים דעם סופר. דער עיקר האָט ר׳ איטשע געוואָלט, אַז ר׳ חיים זאָל ניט אָפּ־לייגן און זיך באַלד נעמען שרייבן פאַר אים די ספר־תורה.

צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן האָט ר׳ חיים דערפילט, אַז ניט שטענדיק קען מען אַ גביר נאָכגעבן. טיף אין האַרצן האָט אים הנאה געטאָן, וואָס איצט שרייבט ער אַ ספר־תורה פאַר הינדע דער גערטנערקע און הינדע קומט פריער ווי ר׳ איטשע סאָסנאָווסקי. זאָל טאַקע זיין איינמאָל אַזוי, אַז הינדע קומט פריער. זאָל טאַקע זיין איינמאָל אַזוי... און ער האָט געזאָגט צו ר׳ איטשען:

— אויב איר ווילט גראָד, ר׳ איטשע, אַז איך זאָל זיך באַלד נעמען שרייבן אייער ספר־תורה, מוז איך זיך פריער אָנפרעגן ביי הינדע דער גערטנערקע.

ר׳ איטשע האָט אויפגעהויבן די ברעמען אין דער הויך און האָט אי־בערגעפרעגט מיט פאַרוואונדערונג:

— וואָס פאַר אַ קנעפּל האָט צוגעשפּיליעט הינדע די גערטנערקע צו מיין ספר־תורה?

— הינדע די גערטנערקע האָט באַשטעלט פריער, איר פאַרשטייט, ר׳ איטשע, זי האָט באַשטעלט פריער, גייט זי פריער. איר פאַרשטייט, ר׳ איטשע, זי האָט שוין...

ר׳ איטשע האָט פאַרצויגן די פאָלע פון זיין כאַלאַט איבער די קני און האָט אַ מורמל געטאָן:

— נו, נו, דאַרף מען, הייסט עס, איר זאָגן...

הינדע די גערטנערקע האָט באַוויליקט, אַז מען זאָל שרייבן פאַר ר׳ איטשען די ספר־תורה פריער, אָבער אריינטראָגן אין שול אַריין זאָל מען זיי גלייך, מען זאָל אירע ניט פאַרשעמען. און אַזוי איז געבליבן.

דאָנערשטיק איז שפּרינצל געקומען צו וועלוול דעם קצב נעמען דעם חלק פליש פאַר איר באַלעבאָסטע. די ווייבער זיינען געווען אין סאַמע היץ פון באַריידן הינדען, וואָס איז גאָר וואָס אַוועק מיט איר פּונט לונג און לעבער און פליאַקע. זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים דערמאָנען איר אייגענעם גאָרטן און די צווייי געדונגענע גערטנער וואָס זי האַלט — און דאָ איז אַריין שפּרינצל און האָט דערציילט אַז הינדע האָט געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה.

די ווייבער זיינען געבליבן מיט ניט פאַרענדיקטע ווערטער אין מויל. איינע האָט זיך דערוועגט איבערפרעגן:

— הינדע? אָט די הינדע?

קיינער האָט ניט געענטפערט מיט קיין וואָרט, נאָר מיט אַ פרומען צושאָקלען מיטן קאָפּ, פּונקט ווי אַלע ווערטער זאָלן זיין פאַרזינדיקטע און עס איז גלייכער זיי איצטער ניט באַנוצן.

סוף זומער האָט מען אַריינגעטראָגן ביידע ספר־תורה׳ס אין שול אַריין. הינדע האָט זיך אָנגעטאָן אין די געפּוצטע שיך מיטן גאַראַסענעם שאַל אויפן קאָפּ און מיטן בייטשל פערל אויפן האַלדז, פּונקט ווי דעמאָלט ווען

זי איז געקומען צו ר׳ חיימען און האָט אים געבראַכט דעם אַדערויף, די פינף און צוואַנציק זילבערנע רובל. אין גאַס האָט מען איר אָפּגעגעבן מזל־טוב. זי איז געווען די גרויסע מחותנתטע צו אַ גרויסער שטאָט־שמחה.

די ספר־תורה האָט מען געטראָגן אונטער אַ חופּה.

די קלעזמאָרים זיינען געגאַנגען פאָראויס און מען האָט געשפּילט און הינדע האָט געטאַנצט אַנטקעגן דער חופּת־תורה. זי האָט געפּאַטשט מיט די שווערע, אויסגעהאָרעוועטע הענט, און אויסגעפּרייט זיך אַלע פריידן, וואָס זי האָט פאַרמיטן דאָס גאַנצע לעבן. די מאָגערע שבת־מאָלצייטן, די פאַר־עלטערטע יום־טוב־קליידער, די קרומע בליקן, וואָס מען האָט געוואָרפן אויף איר פאַר איר קאָרגשאַפט, — איצט האָט עס איר אַלץ אַנטקעגן געשיינט ווי טויזנט ליכט. מיט איר צוזאַמען האָט געטאַנצט ר׳ חיים דער סופר און זיין ווייב פעלטע; וועלוול דער קצב, וואָס האָט אויסגעהערט אַזוי פיל לשון־הרע אויף הינדען, איז איצט געקומען טאַנצן מיט איר, און די ווייבער וואָס האָבן זי באַרעדט האָבן מיטגעטאַנצט מיט איר, כדי צו לינדערן זייערע חרטות, און די מזל־טובס וואָס מען האָט אָפּגעגעבן הינדען האָבן געקענט כטאַיען פאַר אַ הונדערט חתונות.

אַנטקעגן איר שמחה איז די שמחה פון ר׳ איטשעס חופּת־תורה געווען ווי אַ קינד אַ זיבעלע אַנטקעגן אַ בר־מצווה־בחור. אויך פאַר אים האָבן געשפּילט קלעזמאָרים און די שטאָט איז מיטגעגאַנגען, אָבער ווי קומט עס צו הינדעס טאַנצן?!

הינדען האָט מען אויפגעהערט רופן „הינדע די גערטנערקע״, אַזוי ווי די גאַנצע שטאָט זאָל זיך געווען צופרידן צו פאַרגעסן איר פריערדיקן נאָמען. מען האָט זי גערופן נאָר מיט איין נאָמען: „הינדע״, און אַז מען האָט געזאָגט „הינדע״ — האָט עס געהייסן די הינדע און ניט קיין אַנדערע.

דעצעמבער, 1954

# די באַגעגעניש

מיסטער אַלטמאַן איז געווען פון די קליינע ויפטוער צווישן די אָרומ־פאַרנדיקע סיילסלייט אין דער קליידער־פירמע „סעמועל פינק”. ער האָט ווייניק פאַרקויפט און ווייניק פאַרדינט און אין דער פירמע האָט מען זיך ווייניק אַרומגעקוקט אַרום אים. בלענש, סעמועל פינקס סעקרעטאַרקע, פלעגט מיסטער אַלטמאַנען ניט ענטפערן אויף אַ גוט־מאָרגן. זי האָט געהאַט אַ פאַרפּרוירן מויל, ווען ער איז אַריינגעקומען און די לעפלעך איבער די אויגן האָבן ביי איר כמעט געדרימלט, זי זעט ניט און זי הערט ניט און זי ווייס ניט, אַז ער איז דאָ אין וואַרט־צימער. מיסטער אַלטמאַן האָט זי אין האַרצן גערופן „די לאַלע”, און אַז ער האָט געזען אַז „די לאַלע” איז איינגאַנצן פאַרפרוירן, האָט ער געוואוסט אַז זיינע געשעפטן מיט סעמועל פינק שטייען ניט גוט.

בלענש איז געווען דער זיכערסטער שפּיגל פון איר באַלעבאָס, סעמועל פינק. ראָבערטן, דעם פלינקסטן סיילסמאַן פון דער פירמע, האָט בלענש באַגעגנט מיט אויסגעשטרעקטע הענט און פלעגט לויפן אים דערלאַנגען אַ שטול. אין אַ הייסן טאָג, זומער, איז זי אַפילו אַראָפּ און האָט פאַר ראָבערטן געבראַכט אַ קאַלטן טרונק:

— איך וועל דיך ניט לאָזן שטאַרבן פאַר דאָרשט, ראָב, — האָט זי צו אים געזאָגט, און אין אירע בלויע אויגן איז געווען אַ ים מיט שמייכלען.

ווען איר באַלעבאָס, סעמועל פינק, פלעגט כאַפּן אַ פאַרקילונג, האָט בלענש אַ גאַנצן טאָג אויס מיטגעפיל צום באַלעבאָס געהוסט און געווישט די אויגן מיט פּאַפּירענע נאָזטיכלעך.

— די גאַנצע שטאָט איז פאַרקילט — האָט זי אים געטרייסט, און אַלס באַווייז גלייך אַרויסגענומען אַ פּאַפּירענע נאָזטיכל און זיך אָפּגעווישט דעם שפּיץ נאָז.

צו אירע צוואַנציק יאָר איז בלענש געווען אַ דערוואַקסענער מענטש מיט אַלע קנייטשעלעך, און האָט געפירט דעם אָפיס פון דער פירמע „סעמועל פינק” וואָס בעסער דאַרף מען ניט. סעמועל פינק איז געווען צופרידן פון בלענשן. אַ פּאָר מאָל אַ יאָר פלעגט ער ביי איר אין אַ גוטער מינוט אַ פרעג טאָן:

— ווי אַלט ביסטו, בלענש?

אויף איר געניועם ענטפער, אַז זי איז אַלט אַכצן יאָר מיט פיר מאָנאַטן פלעגט ער דרייען מיטן קאָפּ הין און צוריק, אַז עס איז געווען שווער צו וויסן, צי דאָס באַוואונדערט ער איר געראַטנקייט, אָדער ער גלויבט איר ניט אַז זי זאָגט אים די ריכטיקע יאָרן. אָבער סיי־ווי איז זיין פראַגע „ווי אַלט ביסטו, בלענש?” שטענדיק געווען אַ גוטער אָנזאָג, אַז זי קריגט אַ מתנה: אַ פּאָר הענטשקעס, אַ שאַל, אַ טוץ זאָקן. אוןביידע האָבן פון דעם הנאה געהאַט, אי סעמועל פינק, אי בלענש.

איינמאָל האָט בלענש געהערט ווי איר באַלעבאָס סעמועל פינק האָט

געזאָגט צו מיסטער אַלטמאַן גראָד אין גוטן מוט אַ קלאָפּ־טועגדיק אים אין דער פּלייצע:

— ווען איר וואָלט געווען אַ רב אויף דער איסט־סייד וואָלט איר געמאַכט גרעסערע פּאַרדינסטן. און סעמועל פּינק האָט געלאַכט, הנאה געהאַט פון דעם איינפאַל און אַפילו מיסטער אַלטמאַן האָט אויך אַ שמייכל געטאָן.

נאָך דעם פלעגט בלענש גראָד יאָ אַ קוק טאָן אויף אַלטמאַנען, ווען ער איז אַריינגעקומען אין וואַרטצימער פון דער פירמע. מיט איר קוק פון די בלויע פאַרוואונדערטע אויגן פלעגט זי אים זאָגן אַזוי אויסדריקלעך ווי מיט ווערטער: וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום אין וואַרט־צימער? וואָלט ניט גלייכער געווען דו זאָלסט זיין אַ רב אויף דער איסט־סייד?

אין אַ פּרייטיק, ווען עטלעכע סעילסלייט זיינען געווען אין וואַרט־צימער און אַלע שטולן זיינען געווען פאַרנומען, איז אַלטמאַן געשטאַנען, געקוקט אין אַ פענצטער און געוואַרט, ווען סעמועל פּינק וועט זיין פריי צו ריידן מיט אים. וואַרטן איז אים אויסגעקומען אַ היפּשע צייט. לעבן בלענשן איז געווען אַ ליידיקער שטול, וואו עס איז געלעגן איר טאַש מיט די פּאַפּירענע נאָזטיכלעך, ווייל גראָד דעמאָלט האָט סעמועל פּינק געכאַפּט אַ פאַרקילונג און בלענש, אויס מיטגעפיל צו אים, האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געווישט דעם שפּיץ נאָז. בלענש האָט דעם טאַש ניט אַראָפּגענומען און ניט פריי געמאַכט דעם שטול פאַר מיסטער אַלטמאַן. ביידע, אי בלענש, אי מיסטער אַלטמאַן, האָבן געקוקט אויפן בענקל, וואו עס איז געלעגן איר טאַש, ווי דאָרטן אויף יענעם אָרט זאָל זיין אַ שרפה. בלענש האָט דעם טאַש ניט אַראָפּגענומען און אַלטמאַן איז געשטאַנען לעבן פענצטער און זיך ניט געקענט באַהערשן — אַלע ווילע אַ קוק געטאָן אויף בלענשס טאַש.

זייערע אויגן האָבן זיך איינמאָל באַגעגנט — בלענשס אויגן גלייכ־גילטיקע, ווי ביי אַ קינד, וואָס איז נאָר וואָס געבאָרן געוואָרן. אויגן — און מער גאָרניט. און אַלטמאַנס בליק — אַ מידער, ווי ביי איינעם וואָס קוקט צו לאַנג אויפן לויפנדיקן וואַסער פון אַ טייך. לויפסט — לויפסטו, וואָס האָב איך דאָ אויף דיר צו קוקן? פונדעסטוועגן האָט אים די זאַך שטאַרק פאַרדראָסן. און ווען ער איז, נאָכן אָפּרעכענען זיך מיט סעמועל פּינק, דורכגעגאַנגען דעם וואַרט־צימער, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו בלענשן אָן קיין שום באַזונדערן אויסדריק פון אַ געפיל, ווי ער זאָל בלויז ריידן צו זיך אַליין:

— בלענש, מיר געפעלט עס ניט.

זיינע ווערטער, וואָס זיינען אַראָפּגעפאַלן ווי פון מיטן הימל אַראָפּ זיינען געווען פאַר בלענשן אַזוי אומדערוואַרט, אַז זי האָט זיך אַזש אַ הויב געטאָן פון בענקל. אָבער מיסטער אַלטמאַן איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר. ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך ווי געוויינלעך און פּאַרטיק. ווען זי זאָל ניט הערן דייטלעך איר נאָמען „בלענש", וואָלט זי

געמיינט אַז דער טויגעניכץ האָט צו זיך אַליין עפּעס אַ פּלאַפּל געטאָן. אָבער זי האָט געהערט אויסדריקלעך איר נאָמען: בלענש.

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט, אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אַרומגעקוקט אויף די מענטשן אין וואַרט־צימער. זי האָט קיין איין בליק ניט באַגעגנט. זיי האָבן ניט געהערט, זעט אויס, דעם משוגעדיקן זאַג, וואָס אַלטמאַן האָט צו איר אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַראָפּגענומען דעם טאַש פון שטול, ווי ער זאָל איר דאָרט שטערן און האָט אָנגעהויבן פּיקן אויף דער שרייב־מאַשינקע, פּיק־פּיק־פּיק, ווי קיינמאָל גאָרניט.

אַלטמאַן האָט אַ טראַכט געטאָן: „אַ לאַלע, שוין איינמאָל אַ לאַלע, אַ ניכפּעניצע".

אַז ער איז געקומען אַהיים האָט אים זיין ווייב, אַדעל, באַגעגנט מיט אַן אַלאַרם:

— פון דיינע משוגעתן איז ניט אויסצוהאַלטן! האָט זיך פאַרליבט אין די אַלטע שטולן, אין די טראַנטעס! בען האָט געטאָפן, ער וויל היינט קומען מיט זיין מיידל, שעם איך זיך טאַקע מיט אַזאַ מעבל. איך האָב זיי שוין, די שטולן דיינע, געשטויבט און געקלאַפּט און געריבן, עס העלפט זיי ווי דער באָבע אַ טשיפּעק. בען פאַרדינט דאָך, בען... פאַרוואָס זאָל מען אים פאַרשעמען?

ביי מיסטער אַלטמאַן אין שטוב איז דאָס מעבל געווען גאַנץ אַלט־מאָדיש. עס זיינען געשטאַנען איינגעפונדעוועטע באַלעבאַטישע שטולן מיט הויכע ווענטלעך, דאָס איבערציעכץ מיט גרויסע בלומען, וואָס האָבן שוין אויפגעגעסן פון אַ פּופצן יאָר שטויב. אַלץ איז געווען אָפּגעבליאַקעוועט, אָבער שווערוואָגיק, בכבודיק, באַלעבאַטיש. אָרענטלעכע שטולן פון אַן אָרנטלעכער שטוב.

שוין אַ פּאָר יאָר, ווי אַדעל בעט זיך ביי איר מאַן מען זאָל בייטן דאָס מעבל. זי קען מער ניט קוקן אויף דעם. אָבער ער וויל ניט. ער האָט פיינט אַרויסוואַרפן „געזונטע" שטולן פון אַ שטוב, גלאַט אַזוי, ווייל עס איז אַ מאָדע בייטן. ער וויל ניט הערן וועגן דעם.

— פאַרוואָס קומט זיי אַרויסוואַרפן? — גיט ער צו פאַרשטיין זיין ווייב — ווייל זיי זיינען אַלט? נו, און מיר? מיר זיינען ניי? זאָלן זיי שטיין... בייטן... פאַר מיר איז גענוג, אַז מיין זון האָט געביטן זיין נאָמען... בייטן, אַלץ בייטן. אַלטמאַן פאַסט אים ניט, נאָר מיסטער מען!...

מיסטער אַלטמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אויסגעשטויבטן שטול, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן הויכן באַלעבאַטישן ווענטל, און געפילט ווי די פיס רוען זיך אים אָפּ. ער האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

— עס איז אַן אמתער פאַרגעניגן צו זיצן אויף אַזאַ שטול. פאַרוואָס ניט?

מיסטער אַלטמאַן האָט קיינמאָל ניט געבראַכט אַהיים די זאָרגן פון זיין אַרבעט, ניט דערציילט פון קיין ערגערנישן, אָדער באַליידיקונגען. ווען ער איז געווען געבראָכן אין געמיט פלעגט ער אַ זאָג טאָן צו זיין ווייב אַדעלן:

— עס וואָלט געווען גוט כאַפּן אַ קאַלטן טרונק.

אַדעל האָט געוואוסט, אַז ווען איר מאַן וויל אַ „קאַלטן טרונק" איז ביט פויגלדיק. אָבער מען רעדט ניט וועגן דעם. זי דערלאַנגט אים דעם „קאַלטן טרונק" און זאָגט באַרואיקנדיק:

— טרינק, טאַקע, טרינק, אַ דאגה האָסטו... זיי זיינען קיינער ניט ווערט די פּאָדעשווע פון דיינעם אַ שוך. — דאָס האָט זי געמיינט די פלינקע סעילס־לייט.

צוליבן גאַסט, וואָס בען האָט באַדאַרפט ברענגען האָט אַדעל געזאָגט דעם מאַן, אַז ער זאָל אָנטאָן אַן אַנדער אויסבינדער.

— אַ שיינער אויסבינדער מאַכט אַ מענטשן אויסזען גאָר אַנדערש.

ער האָט איבערגעביטן דעם אויסבינדער און האָט געמורמלט: נאָר בייטן, אַלץ בייטן... אַ וועלט פון בייטן. ווער איז זי דאָס די מויד וואָס ער דאַרף דאָ אַראָפּברענגען?

דער שלאָס פון דער טיר ביי די אַלטמאַנס אין דירה האָט זיך געעפנט מיט אַ פּאָר „שיסערייען". ער פלעגט אַ צוויי מאָל אָפּשפּרינגען און ערשט דערנאָך זיך עפענען. די אַלטמאַנס האָבן געהערט ווי די טיר „שיסט", און דערנאָך אין קאָרידאָר פריילעכע שטימען פון בען און זיין גאַסט.

מיסטער אַלטמאַן האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ — אַ באַקאַנטע שטים, זייער אַ באַקאַנטע שטים... מיסיס אַלטמאַן איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און זייער פריינדלעך געזאָגט: קומט אַריין, קומט אַריין.

אין צימער זיינען אַריין בען און בלענש. ביי בלענש אין די בלויע אויגן איז געווען אַ ים מיט שמייכלען. זי האָט דערזען אַלטמאַנען און אויף איין רגע זיינען ביי איר די בלויע אויגן געוואָרן בלאַנק ווייס, ווי אַ שטראַל זאָל זיי דורכבברענגען. דערנאָך זיינען זיי ווידער פול געוואָרן מיט בלויעם שמייכל און בלענש האָט געזאָגט:

— מיסטער אַלטמאַן! וואָס פאַר אַ אָנגענעמע איבערראַשונג! איז דאָס ניט אַ פאַרגעניגן, אַז מען באַגעגנט זיך אַמאָל ניט אין אָפיס? אַך דער אָפיס! — און זי האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן אָנדולירטן קאָפּ האָר און אַפילו אַ זיפץ געטאָן.

מיסטער אַלטמאַן האָט עפּעס געזאָגט מיט אַזאַ שטים, ווי ביי איינעם וואָס האָט איינגעשלונגען אַ הייסע קאַרטאָפל, און ניט אַהין, ניט אַהער — ניט ער שווייגט און ניט מען הערט וואָס ער זאָגט.

מען האָט געטרונקען טיי. בלענש איז געווען גאָר אַנציקט פון דעם ליווינג־רום.

— איר האָט זייער אַן אנגענעמען ליווינג־רום — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק אויפן אַלטן מעבל, און דער ים שמייכלען אין אירע בלויע אויגן האָבן באַשטעטיקט אירע רייד. — מען קריגט איצט ניט אַזעלכע מעבל! ריכטיקע אַנטיקן, אַ פאַרמעגן דאַרף מען אָפּצאָלן אויף קויפן איצט אַזעלכע זאַכן.

מיסטער אַלטמאַן האָט געקוקט אויף איר און ניט געגלויבט קיין איינציק וואָרט וואָס זי האָט גערעדט. פונדעסטוועגן איז ער געווען גערירט

פון דעם קאָמפּלימענט פאַרן מעבל. זי האָט אים זייער צוגעטראָפן דער־מיט. און אַדעל האָט געזאָגט ווי אַ ברייטע באַלעבאָסטע:

— מיר האָבן טאַקע באַצאָלט דערפאַר — אַי, אַי וויפיל מען האָט אָפּגעצאָלט. נאָך העט מיט יאָרן צוריק!

בלענש איז ניט לאַנג געזעסן ביי די אַלטמאַנס. אונטערן שמייכל פון די בלויע אויגן איז געווען ביי איר אַן אומרואיקייט, ווי אַ שטיקל פון סופיט זאָל זיך האַלטן ביי אָפּרייסן און מען ווייס ניט ווען דאָס קען געשען. זי האָט געזאָגט, אַז איר שוועסטער האָט אויסגעלונקען אַ פוס און זי דאַרף גיין אַהיים הערן וואָס דער דאָקטער האָט געראָטן צו טאָן.

בען איז איר געגאַנגען באַגלייטן. ווען זיי זיינען אַוועק, האָט אַדעל געזאָגט צום מאַן:

— נו, וואָס זאָגסטו? דו קענסט דאָך זי? שיין איז זי, זייער שיין...

מיסטער אַלטמאַן האָט געהאַט אַ מידן בליק, ווי איינער וואָס האָט לאַנג געקוקט אויפן לויפנדיקן וואַסער פון אַ טייך. ער האָט געזאָגט צום ווייב מיט אַ לויטערער שטים — שוין די הייסע קאַרטאָפל אַראָפּגעשלונגען:

— אַ מרשעת (מאַרשאַאַס) איז זי איינע אין שטאָט, נאָר גאָרניט, זי קען זיין אַ גאַנץ גוטע ווייב.

אַדעל האָט געשמייכלט.

— אַ טריפה ביין איז זי, איינע אין דער מדינה. נאָר גאָרניט, עס קען זיין עס איז ניט קיין שלעכטער שידוך.

אַדעל האָט פאַרבראָכן די פינגער פון די הענט, ווי איינער וואָס דערהערט אַ שטאַרקן דונער.

— און אַ ממזר איז זי איינע ביי גאָט, נאָר גאָרניט, זי קען זיך זיין אַ גאַנץ גוטע פּירערקע פון אַ געשעפט... און דו האָסט געזען? זי האָט דאָך קיין איין מאָל פאַר דער גאַנצער צייט קיין נאָזטיכל ניט אַרויסגע־נומען, קיין איין מאָל ניט.

אַדעל האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַן, ווי אויף איינעם וואָס רעדט פון וועג און האָט זיך גענומען אַראָפּנעמען פון טיש.

דעם קומענדיקן פרייטיק, ווען מיסטער אַלטמאַן איז אַריין אין וואַרט־צימער פון דער פירמע „סעמועל פינק”, האָט אים בלענש אויפגענומען פונקט ווי זי נעמט אויף דעם בעסטן סעילסמאַן, ראָבערטן. זי האָט צו אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט, האָט אים דערלאַנגט אַ שטול און אַפילו באַשטעלט פאַר אים אַ גלאָז קאַווע.

— עס איז אַזאַ פאַרגעניגן ביי אייך אין הויז, אַז איך ווייס גאָרניט מיט וואָס זאָל איך אייך אויפנעמען... — און אַ ים מיט שמייכלען זיינען געווען אין אירע בלויע אויגן.

# דער גביר פון אָזשערקאָוו

מען האָט גערעדט, אַז מאַרקוס עפּלבוים איז הייזעריק געוואָרן פון קאַרגשאַפט. געשעען איז דאָס מיט אים דעמאָלט, ווען עס איז געקומען טשאַרלי, דער גבאי פון בית־מדרש, און האָט פון אים פאַרלאַנגט טויזנט דאָלער אויף פאַרריכטן די געביידע פון שול און ברענגען דעם חזן מענדעלע באַרוכזאָן אויף די יום־טובים.

טשאַרלי, טאַקע מאַרקוסעס אַ שכן, האָט געהאַט שמאָלע אייגעלעך, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו שמייכלען. ער האָט געקענט אַריינזאָגן אין ביין אַריין — און שמייכלען, דערגיין צו דער לעבער — און שמייכלען.

— איר זיינט דאָך, קיין עין הרע, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, — אַזוי האָט ער גערעדט צו מאַרקוס עפּלבוים — געלט אין די בענק, און אין די הייזער וואָס איר פאַרמאָגט, און אויפן סטאָק־מאַרקעט, און אין דעם ליקער־געשעפט אַ שותפות — אַז איר וועט מיר ניט אויסשרייבן אַ טשעקעלע אויף טויזנט דאלער — גיי איך ניט אַוועק פונדאַנען... ווען מיר האָבן באַרעכנט דעם בודזשעט פון בית־מדרש היי־יאָר, האָבן מיר אויף אייך פאַרשריבן טויזנט דאלער, וואו וועל איך זיי נעמען אַז איר וועט זיי ניט געבן?

מאַרקוס עפּלבוימען האָט פאַרדראָסן, וואָס טשאַרלי רעדט וועגן בית־מדרש, ווי וועגן זיינעם אַן אייגענעם געשעפט. „ער האָט גענומען גאָט אין אַרענדע" און רעדט אַזוי גלאַטיק, ווי אַ מאַשין זאָל אין אים אַרבעטן. ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון טשאַרלין: זע נאָר דעם חשק מיט וועלכן ער רעדט, זע נאָר דעם ברען...

טשאַרלי האָט שוין דערוויילן גערעדט וועגן דעם חזן מענדעלע באָרוכ־זאָן: ער זינגט — צעגייט איבער די גלידער. בלויז קוקן אויף אים ווי ער פאַרגייט זיך אין אַ יעלה־ויבא'לע איז ווערט די גאַנצע טויזנט דאלער.

טשאַרליס קליינע אייגעלעך האָבן געשטראַלט מיט שמייכל, ווי ער זאָל טאַקע איצט הערן מענדעלע באַרוכזאָן זינגען.

מאַרקוס עפּלבוים, דער גרויסער גביר, איז געזעסן איינגעבויגן, ווי טשאַרליס רייד זאָלן פאַלן אויף אים ווי אַ קאַלטער רעגן. ער האָט געוואָלט טשאַרלין אַרויסקלאַפּן פון זיין פאַרגעניגנדיקן שמייכלען און ער האָט ביי אים אינמיטן דערינען אַ פרעג געטאָן:

— טשאַרלי, וויפל מאַכט איר אַ יאָר, האַ?

טשאַרלי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי מען פאַרטרייבט אַ פליג און האָט געענטפערט מיט אַ גרינגן לונג־און לעבער אַ״ן אָן אַ טראָפּן קנאה:

— איך ווייס... איך קען מאַכן אין אַ יאָר, לאָמיר זאָגן... וויפיל איר מאַכט אין איין מאָנאַט... אָבער וואָס איז דער אונטערשייד? אין תכריכים זיינען קיין קעשענעס ניטאָ...

מאַרקוס עפּלבוים האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך פון עפּעס דערמאָנען און ער האָט הייזעריק אַ לאַך געטאָן.

מאַרקוסעס ווייב, עוועלין, האָט דורך דער אָפענער טיר פון צווייטן צימער צוגעלייגט אַן אויער צו דעם שמועס. זי האָט דערהערט דעם מאַנס הייזעריקן געלעכטער, און עס האָט ביי איר אינעווייניק אַ צאַפּל געטאָן. זי איז אַריין אין ליווינג־רום וואו איר מאַן און טשאַרלי זיינען געזעסן.

אַ רחמנות האָט איר אַרומגעכאַפּט אויף איר מאַן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קבצן, וואָס וואַרט אויף אַ נדבה. איינגעבויגן איז ער געווען און דאָס פּנים איינגעשרומפּן.

— איר וועט קריגן די טויזנט דאָלער, טשאַרלי, — האָט זי געזאָגט צום גבאי. מיין מאַן האָט זיך ליב צו דינגען, אָבער ער גיט, קיין עין הרע... ער גיט, קיין עין הרע.

מאַרקוס עפּלבוים האָט אָנגעשריבן דעם טשעק און האָט געזאָגט מיט אַ זיפץ:

— מענדעלע באָרוכזאָן... מען וואָלט זיך געקענט באַגיין אָן מענדעלע באָרוכזאָן. יעלה־ויבא׳לע... שמאָוועלע...

ווען עס איז געקומען צום אונטערשרייבן דעם טשעק האָט מאַרקוס עפּלבוים האַסטיק אַ לייג געטאָן די פּענע אָן אַ זייט, ווי עמעצער אַנדערש וואָלט געקירעוועט מיט זיין האַנט, און האָט געזאָגט מיט פייער אין די אויגן:

— איך גיב ניט... איך גיב ניט...

די שטים איז ביי אים געוואָרן הייזעריק און די ווערטער האָבן זיך אויפגעגאָסן צוזאַמען, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער שיפּעט.

ביי טשאַרלין איז פאַרשוואונדן דער שמייכל פון די אויגן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, האָט זיך פאַמעלעך געריקט צו דער טיר און האָט געריעדט, ווי קיין זאַך זאָל ניט פאַרקומען:

— נו, נו, עס ברענט ניט... וועט זיין אַן אַנדער מאָל... נו, נו...

טשאַרלי איז אַוועק, האָט גאַנץ פאַרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר זי זאָל ניט אַ קלאַפּ טאָן. עוועלין איז געבליבן שטיין, האָט אַ ווילע אָנגעקוקט דעם מאַן אירן און האָט זיך צעוויינט. דורך טרערן האָט זי גערעדט אָפּ־געהאַקטע ווערטער:

— ניט קיין חרפה... און ניט קיין בושה... עס אויף דיין טשעק... עס אים אויף וועסטו זאַט ווערן...

מאַרקוס עפּלבוים האָט אַ בויג געטאָן דעם האַלדז, ווי ער זאָל אַראָפּ־שלינגען אַ פליג און האָט זיך אָפּגערופן:

— מיט טויזנטער וואַרפט זי זיך! דו האָסט זיי פאַרדינט?

— אין „דזשאָבּק שאָפּ" האָב איך געאַרבעט גלייך מיט דיר — האָט עוועלין אַ מורמל געטאָן, נאָר זי האָט דערזען דעם מאַן אַן איינגעבראָכענעם, איז זי שטיל געוואָרן און אַרויס פון צימער.

זינט מאַרקוס עפּלבוים איז רייך געוואָרן און האָט אָנגעהויבן קויפן הייזער, איין הויז נאָכן אַנדערן, זיינען די זיבן צימערן פון זייער וואוינונג געוואָרן טויט־שטיל. בלויז די זייגערס אויף די ווענט האָבן נאָכאַנאַנד

„געהאַקט סעטשקע". געסט זיינען געקומען זעלטן. מאַרקוס עפּלבוים איז געווען פאַרנומען. ער האָט שטענדיק גערעדט וועגן „טענענטס", „מאָרט־געידזשעס" און געלט.

— אין לאָנג־איילענד פעלן מיר צוויי „טענענטס". צוויי טענענטס איז דריי הונדערט דאָלער אַ חודש, פינף און זיבעציק דאָלער אַ וואָך, העכער צען דאָלער אַ טאָג... מען דאַרף קענען אויסשטיין אַזעלכע היזקות...

ביי עוועלינען האָבן זיך פון איר מאַנס שטענדיקע רעכענונגען גע־קלעפּט די אויגן, ווי איר זאָל זיך וועלן שלאָפן. איבערהויפּט פלעגט זי שלעפעריק ווערן ווען ער האָט גערעדט וועגן זיין הויז אין לאָנג איילענד. „לאָנג איילענד" איז געווען דער שפּיגל פון זיינע הייזער. אַ מויער פון צען שטאָק מיט אַן עלעוועיטער און אַ וועכטער ביי דער טיר.

צוליבן הויז אין לאָנג איילענד האָט זיך מאַרקוס עפּלבוים צעקריגט מיט זיינע אַזשערקאָווער לאַנדסלייט. אַז דער סעקרעטאַר פון די אַזשער־קאָווער, איזראַעל שאַכעט, איז געקומען צו מאַרקוס עפּלבוים נאָך אַ הונ־דערטער אויף שיקן פּעקלעך צו לאַנדסלייט אין אויסלאַנד, האָט מאַרקוס אַ לאַך געטאָן און געזאָגט צו אים:

— אפשר וועט איר מיר מאַכן אַ „לאָון"? איך דאַרף איצט אויסצאָלן מיין מאָרטגעידזש אין לאָנג־איילענד, איך בין אַ דערשטיקטער מענטש... אַ... אַ... אַ דערשטיקטער.

איזראַעל שאַכעט האָט אַ הוסט געטאָן, ווי ער זאָל פון מאַרקוסעס רייד כאַפּן אַ פאַרקילונג, און האָט געענטפערט:

— נו, נו, איך וועל פאַרלייגן אונדזער פאַרוואַלטונג מען זאָל אייך מאַכן אַ הלוואה.

דעם עפּל וואָס איזראַעל שאַכעט האָט געהאַלטן אין האַנט האָט ער אַוועקגעלייגט צוריק אויפן קרישטאָלענעם ברייטן טעלער וואָס איז געשטאַנען אינמיטן טיש און האָט מיט די פינגער אַ פּויק געטאָן אין דעם גלאַנציקן קרישטאָל. דער טעלער האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ דינינקן זילבערנעם ניגון, ווי ער זאָל זיך צעוויינען.

ווען איזראַעל שאַכעט איז אַוועק האָט מאַרקוס עפּלבוים אַ זאָג געטאָן צו עוועלינען:

— שיין וואָלט איך אויסגעזען ווען איך זאָל דאַרפן אָנקומען צו זיי נאָך אַ הלוואה! אָוואַ! זיי ווייסן נאָר איין זאַך: גיב און גיב...

די ווערטער האָט מאַרקוס אַרויסגערעדט דורך איינגעקלעמטע ליפּן און עוועלינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער זאָגט היפּ, היפּ, היפּ!

מער פון אַלץ האָט עוועלינען וויי געטאָן, וואָס איר מאַן, מאַרקוס, וואָס רייכער ער ווערט, אַלץ מער זעט ער אויס ווי אַן אָרעמאַן. עס האָט ניט געהאָלפן וואָס ער האָט געקויפט די טייערסטע אָנצוגן און מאַנטלען פון בעסטן שטאָף. די זאַכן פלעגן אויסזען אויף אים ווי געבאָרגטע קליידער, ווי גע־שענקטע פון אַ רייכן אַקסל. דער טיר־וועכטער אין זיין הויז פון לאָנג־איילענד

— אַ הויכער פריילעכער בחור אין אַ גרינעם אוניפאָרם מיט מעשענע קנעפּ, האָט אויסגעזען ווי אַ מיליאָנער אַנטקעגן זיין באַלעבאָס, מאַרקוס עפּלבוים.

די אָזשערקאָווער לאַנדסלייט האָבן כמעט אויפגעהערט אַריינקומען צו די עפּלבוימס, אַפילו אויפן טעלעפאָן געררופן זעלטן. מיסיס שאָכעט, עוועלינס אַ פריינדין, און ביי איר איז וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג, האָט איינמאָל אויפן טעלעפאָן געזאָגט עוועלינען מיט אַ געלעכטערל:

— נו, מאַרקוס איז נאָך אַלץ פאַרענגט אין געלט? מיר דאַרפן געלט...

עוועלין איז נאָך דעם שמועס געבליבן זיצן ביים טעלעפאָן ווי אַן אָפּגע־גאָסענע. ווען זי האָט עס דערציילט איר מאַן האָט ער פאַרקלעמט די ליפּן און הייזעריק אַרויסגערעדט:

— ווען איך בין געזעסן אין „דזשאָנק־שאָפּ" איז מען ניט געקומען צו מיר, ווייל איך בין געווען אַן אָרעמאַן. און איצט — דאַרף איך זיי אָפּקויפן — גיב און גיב און גיב... וויל איך ניט!

אַ בייזער איז ער צוגעגאַנגען און גערופן זיין סופּעראינטענדענט אין לאָנג־איילענד. ער האָט אים אָנגעזאָגט אַז ביזן פינפטן אין מאָנאַט דאַרפן זיין אַלע דירות אָפּגעצאָלטע.

— גיב זיי אַ „דיספּאָסעס", אַז זיי דערלאַנגען דיר ניט דעם טשעק! זאָלן בעסער די דירות שטיין ליידיק איידער אַ „טענענט" זאָל מיר קריכן אויפן קאָפּ!

דער סופּעראינטענדענט האָט געוואוסט, אַז מאַרגן גאַנץ פרי וועט אים דער באַלעבאָס אָפּרופן און אָנזאָגן ער זאָל זיין העפלעך מיט די שכנים. מען האָט נאָך דאָרט קיינמאָל קיינעם פון דירה ניט אַרויסגעוואָרפן. פונדעסטוועגן האָט ער אים געענטפערט אונטערטעניק:

— ווי איר וועט הייסן, מיסטער עפּלבוים.

מיסטער עפּלבוים האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל און האָט מיט געבייזער אויסגערעכנט וויפל היזק ער האָט, אַז צען שכנים פאַרשפּעטיקן מיטן אָפּצאָלן אויף צען טעג:

— צען מאָל צען איז הונדערט... הונדערט טעג איז העכער דריי מאָ־נאַטן... דריי מאָנאַטן רעכענען הונדערט פופציק דאָלער אַ מאָנאַט איז דאָס אַ חשבון פון...

מאַרקוס עפּלבוים האָט אויסגערעכנט ביז אַ סענט וויפל ער האָט פאַרלאָרן דערביי. ביי עוועלינען האָבן זיך געקלעפּט די אויגן, ווי איר זאָל זיך שטאַרק וועלן שלאָפן און זי האָט ניט געקענט בייקומען די שווערקייט פון די ברעמען.

די פאַרהייראַטע טאָכטער זייערע, איירין, פלעגט זיך אַריינכאַפּן איינמאָל אַ וואָך זען דעם טאַטן און די מאַמע. זי פלעגט אָפּטמאָל אַפילו דעם מאַנטל ניט אַראָפּנעמען. דער איידעם, אַ באַשיידענער אויגן־דאָקטאָר, איז געווען ברוגז אויפן שווער פאַרוואָס ער גיט אים ניט קיין געלט אויף אַ גרעסערן געשעפט.

עוועלין האָט עטלעכע מאָל גערעדט מיט איר מאַן וועגן דעם, זיך אַפילו געקריגט מיט אים:

— פאַר וועמען האָלטסטו דאָס געלט? די קינדער וועלן דאָך אונדז פיינט האָבן!

מאַרקוס פלעגט ניט אויפהויבנדיק די אויגן ענטפערן זיין ווייב:

אַ יונגער מענטש דאַרף זיך אַליין אַרויסאַרבעטן! מען קען ניט פאָרן אויף פרעמדע רעדער. קיינער פאָרט ניט אויף פרעמדע רעדער. מען מוז האָבן אייגענע.

ער פלעגט פאַרענדיקן מיט זיין געוויינלעכן זאָג: נאָר גיב, און גיב, און גיב... מוחל זייער ליבשאַפט... איך וויל עס ניט קויפן פאַר עטלעכע דאָלער. מוחל...

די אָזשערקאָווער לאַנדסלייט האָבן געמאַכט זייער יערלעכן ווינטער־באַל. די עפּלבוימס האָט מען ניט גערופן.

— אָ, ער האַלט דאָס געלט פאַר זיך, טאָ זאָל ער זיך אַליין פרייען... — האָבן זיי אָפּגעזאָגט און פאַרגעסן אים אָנשרייבן אַ בריוו.

עוועלינס פריינדין, מיסיס שאָכעט, האָט געזאָגט עוועלינען גאַנץ איינ־פאַך, וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג:

— ווייסט דאָך, מען זאָל דערוואַרטן דעם גרויסן „טשעק" וואָלט מען אפשר ניט פאַרגעסן, אָבער אַזוי... ווייסט דאָך... האָט מען פאַרגעסן...

ווען עוועלין האָט עס דערציילט איר מאַן האָט ער הייזעריק אַ לאַך געטאָן:

— וואָס דען? איך זאָל זיי נאָר ווייזן די פאַר דאָלער, וואָלטן זיי געלאָפן... טשאַרלי וואָלט דאָ געוועזן מיט זיין קורצזיכטיק ווייב, וואָס זעט ניט וואו מען דאַרף איר אייגענע נאָז אָפּווישן און איזראַעל שאָכעט, און מיין טאָכטער, און מיין איידעם. מען וואָלט מיך גערימט און געלויבט און געמאַכט פאַר מיר „סורפּרייז־פּאַרטיס". אַלץ וואָלט איך געקאָנט קויפן ביי זיי. איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס פאַר מיר? זאָג אַליין — וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס פאַר מיר? אַז איך זשאַלעווע גאָרניט דאָס געלט, נאָר איך האָב פיינט די פוילע שפּיל. וואָס מיינסטו איז זייער כעס? מען פאַרגינט ניט! זיץ אין דזשאָנק־שאָפּ!

די זיבן אויסגעפּוצטע צימערן ביי די עפּלבוימס האָבן אויסגעזען ווי אַ פאַרגעסענער וואָקזאַל, וואו די באַן שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ. די באַן קנאַקט פאַרביי מיט רוישנדיקע רעדער און דער וואָקזאַל בלייבט אַ פאַרזונ־קענער אין שטילקייט.

מיסטער עפּלבוים האָט געקויפט אַ הויז מיט אַ „רוף־גאַרדן". גאַנצע אָוונטן האָט ער געמאַכט רעכענונגען — וויפיל עס וועט זיין „אינקאָם", וויפל אויסגאַבן, וויפל „אָווערהעד", און וויפל עס וועט זיין ריינער פאַרדינסט. אויפן טיש אין גאַסט־צימער, וואו ער האָט ליב געהאַט מאַכן זיינע רע־כענונגען, זיינען געלעגן פּאַפּירלעך מיט לאַנגע סטענגעס ציפערן, צעטעלעך זיינען געלעגן, „רעסיטס", פאָרשלאַגן, פּלענער, קאָנטראַקטן, מעמאָראַנדומס, אָנבאָטן — פּאַפּירלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן, ווי קאָנפעטי.

מיט אַ צוגעזשמורעטן אויג האָט מאַרקוס געלייגט די פּאַפּירלעך איינס נאָכן אַנדערן און יעדן פּאַפּירל הויך אויפן קול באַגלייט מיט אַ פּאָר ווערטער:

— דאָס איז אַן אומגליק.
— דאָס איז אַ פעיק.
— דאָס איז נישקשה.
— דאָס איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק.
— דאָס איז אָלרייט.
— דאָס איז פּערפעקט.

עס פלעגט אַמאָל טרעפן אַז מאַרקוס פלעגט זיך אינמיטן דערינען צע־לאַכן מיט אַ פריילעכן געלעכטער, ווי ער וואָלט מיט עמעצן געשמועסט און יענער זאָגט אים אָן אַ גוטע בשורה.

צוליבן הויז מיטן „רוף־גאַרדן״ איז מאַרקוס עפּלבוים ניט געפאָרן צו זיין שוועסטערס טאָכטער אויף דער חתונה. ער האָט צוגעשיקט אַ פּרעזענט, אַ הונדערטער און האָט גערופן די שוועסטער אויפן טעלעפאָן:

— איך קען ניט אַוועקפאָרן, חנ׳קעלע! אַ „רוף־גאַרדן״ מוז מען אויפ־פאַסן צו דער צייט. עס איז אַ „סיזן״ אויף דעם. ס׳איז אַזוי ווי אַ פעלד, עס איז אַזוי ווי אַ וואַלד! עס איז אַזוי ווי דעם זיידנס גאָרטן איז אָזשערקאָוו! דו פאַרשטייסט? עס איז אַ „סיזן״ אויף דעם.

די שוועסטער האָט אויפן טעלעפאָן ניט פאַרשטאַנען ווי קומט דאָ אַהער דעם זיידנס גאָרטן. זי איז אין כעס געוואָרן, האָט אָפּגעשיקט דעם ברודער דעם הונדערטער מיט אַ צעטעלע:

— אַז דו ביסט אַזאַ ברודער, דו האָסט ניט קיין צייט צו קומען ווען איך פיר מיין איינציקע טאָכטער צו דער חופּה, דאַרף איך ניט דיין „שמונדער־טער״.

מאַרקוס עפּלבוים האָט איבערגעלייענט דער שוועסטערס צעטעלע, איז געוואָרן אַ צעקאָכטער און האָט געזאָגט צו עוועלינען:

— דו ווייסט וואָס זי איז אין כעס? זי האָט דערוואַרט „פייוו האָנדרעד״! אַ „שמונדערטער״ האָט זי אָפּגעשיקט צוריק! אַלעמען נאָר גיב און גיב! אַפילו אַן אייגענער שוועסטער...

מאַרקוס עפּלבוים איז געשטאַנען מיט דער שוועסטערס צעטעלע אין האַנט. די קנייטשן אַרום די אויגן זיינען ביי אים געווען אָנגעפּאָלדעוועט און אויסגעזען ווי טונקעלע פעדעם.

נאָך דער קריגערייַ מיט דער שוועסטער איז עפּלבוים עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען ווי אַן איינגעטריקנטער. עוועלין האָט רחמנות געהאַט אויף אים און האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

— איז אפשר וואָלסטו איר טאַקע צוגעשיקט די פינף הונדערטער און זיך איבערגעבעטן מיט אַ שוועסטער!

מאַרקוס עפּלבוים האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר און מיט אַ הייזעריקער שטים אַרויסגעשריען:

— מיט פינף הונדערטער וואַרפט זי זיך! דו האָסט זיי פאַרדינט? דו ווילסט גיין צוריק אין „דזשאָנק־שאַפּ״? האַ? צוריק אין „דזשאָנק־שאַפּ״?... וואָס ווילן זיי אַלע פון מיר? נאָר איך זאָל גיין צוריק אין „דזשאָנק־שאַפּ״!

ביי עוועלינען האָט אין איינעם אַ פרימאָרגן אָנגעהויבן ציטערן אַ ברעם איבערן אויג. עוועלין האָט געקוקט אין שפיגל, געזען ווי איר אויג גיט אַלע מאָל אַ ציטער־אויף, ווי עס זאָל ווינקען צו עמעצן. עוועלין האָט ניט געקענט אָפּהאַלטן דאָס אויג פון דעם ווינקען. גאַנצע שעהען האָט זי געקוקט אין שפיגל, פון אויפרעגונג האָט זי פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט. דער דאָקטער וואָס איז געקומען צו עוועלינען האָט איר געהייסן בייטן דעם קלימאַט. דערביי האָט ער מיט דער האַנט אַ וויז געטאָן אויף די ווענט און געזאָגט: איר דאַרפט אַוועק פון דאַנען. עוועלין איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַליפאָרניע.

פאַר איר אַוועקפאָרן איז געקומען איר פריינדין, מיסיס שאָכעט, זיך גע־זעגענען מיט איר. זי האָט שטאַרק מיטגעפילט עוועלינען וואָס דאָס אויג צאַפּלט ביי איר. מיט ברייטע שטאַרק־אָנגעפּאַרבטע ליפּן האָט זי געריעדט וועגן דער אַזשערקאָווער סאָסייעטי, דערציילט וויפל פעקלעך זיי האָבן שוין אַוועקגעשיקט און וויפל זיי וועלן נאָך שיקן. זי האָט מיט אַפּעטיט אויפגעגעסן אַן עפּל, דערנאָך אַ באַר, דערנאָך אַ הענגל ווייַנטרויבן. די ברייטע גלוסטיקע ליפּן האָבן אויסגעדריקט זאַטקייט — זאַטקייט פון עסן, זאַטקייט פון „שיקן פעקלעך", זאַטקייט פון לעבן.

עוועלין האָט אומזיניק געוואונקען מיטן צאַפּלדיקן אויג און געפילט אַ קלעמעניש און אַ דערווידער.

מאַרקוס עפּלבוים האָט באַגלייט זיין ווייב צו דער באַן. ער האָט איר עטלעכע מאָל אָנגעזאָגט: „גיב אַכטונג אויף זיך, עוועלין. גיב אַכטונג אויף זיך. נעם אַריין דעם קלימאַט, נעם אַריין".

ביי עוועלינען האָט פון צאַפּלדיקן אויג אַראָפּגעטאַנצט אַ טרער.

מאַרקוס עפּלבוים האָט זיך אומגעקערט אין די אויסגעפּוצטע, שטילע צימערן פון זיין וואוינונג. די זייגערס האָבן דייטלעכער ווי שטענדיק „געהאַקט די סעקונדע" — טיק־טאַק. אַן עלנטקייט האָט אים אַרומגע־נומען, און אַ בייזקייט — אַ נייע מעשה, אַ קלימאַט, גאָר אַ קלימאַט... אַ בייזער איז ער צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און גערופן זיין סופּעראינ־טענדענט אין לאָנג־איילענד:

— גיב זיי אַ דיספּאָסעס, אַז זיי דערלאַנגען דיר ניט דעם טשעק צו דער צייט!...

— ווי איר וועט הייסן, מיסטער עפּלבוים, — האָט אים דער סופּער־אינטענדענט געענטפערט אונטערטעניק.

מאַרקוס עפּלבוים האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

אַן איינגעשרומפּענער, מיט טונקעלע קנייטשן אַרום די אויגן, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אָרעמער וועכטער וואָס היט אַ פרעמד פאַרמעגן.

ניו יאָרק, 1956

# דער איידעם

מיט אַ היפּשן קויש אָנגעפּאַקט מיט עסנוואַרג — אַ געבראָטענע הון, אַ שווייצאַרישער קעז, געבאַקטע עפּל אין אַ שיסעלע איינגעוויקלט אין וואַקספּאַפּיר, געמאַרינירטע הערינג אין אַ סלאָי און נאָך פאַרשיידענע גוטע זאַכן — איז מיסיס פּאָטאַק אַרויס פון דער סאָבוועי און האָט זיך געלאָזט גיין מיט די שטיגן אַרויף צו דער גאַס. אירע באַקן און ליפּן זיינען געווען שטאַרק געפאַרבט און די ווייסע עלעגאַנטע זומער־הוט מיט די בלויע בלומען אויפן קאָפּ האָט אויסגעזען ווי עס זאָל גיין באַזונדער און געהערט זיך גאָרניט אָן צו דער פרוי, וואָס גייט אַ ביסל איינגעבויגן מיט אַ שווערן קאָשיק אין האַנט.

מיסיס פּאָטאַק איז צוגעקומען צום נייעם צוויי־שטאָקיקן הויז, וואו עס האָט געוואוינט איר טאָכטער איירין, וואָס האָט מיט אַ יאָר צוריק חתונה געהאַט. מיט הנאה האָט זיך מיסיס פּאָטאַק צוגעקוקט צום מעשענעם בלעכל מיט איר איידעמס נאָמען דר. ראָבערט נאַסאָו. נאָר זי האָט ניט אָנגעקלונגען. זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם קויש אויף דער ערד, אַרויסגענומען פון טאַש אַ שפּיגעלע, זיך באַטראַכט, אויסגעגלייכט די הוט אויפן קאָפּ, צוגעפאַרבט די ליפּן, אַ פּודער געטאָן די נאָז, אָנגעטאָן אַ פּאָר ווייסע הענטשקעס און דערנאָך אָנגעקלונגען.

די טיר האָט איר געעפנט איר איידעם ראָבערט. ער האָט אַ זאָג געטאָן „האַלאָו, מאַם!” און האָט אויסגערופן זאַכלעך, ווי אַ קעלנער אין אַ רעסטאָראַן וואָס באַשטעלט אַ געריכט ביים קיך־פענצטערל.

— דיין מאַמע, איירין! — און אַליין איז ער פאַרשוואונדן און אַ וואָרט נישט אויסגערעדט מיט זיין שוויגער. אַריין אין אַ צווייטן צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

איירין האָט זיך צעקושט מיט דער מאַמען. זי האָט אַ פרעג געטאָן וואָס דער טאַטע מאַכט, צי ער אַרבעט, און דערנאָך האָבן זיךביידע פרויען גענומען אויספּאַקן דאָס קוישל. כדי אָפּדאַנקען דער מאַמען פאַרן עסנוואַרג, וואָס זי האָט אַזוי ווייט געשלעפּט, האָט איירין געלויבט די אַלע גוטע זאַכן און גערעדט צו דער מאַמען אויף אידיש:

— אַ הינדעלע, קיין עין־הרע, אַזוי ווי אַן אינדיק! און די עפּל — טעם גן־עדן! — איירין האָט פאַרזוכט אַ שטיקל עפּל און אָפּגעלעקט די פינגער.

מיסיס פּאָטאַק האָט געשיינט פאַר גליק. אירע שפּיציקע אויסגעהאָרעוועטע עלנבויגן האָבן זיך שנעל באַוועגט. זי האָט אויסגעפּאַקט טעלער, „דזשאַרעלעך”, גלעזער. דער קויש האָט זיך גאָרניט אויסגעשעפּט און אַלע ווײַלע איז פון דאָרט אַרויסגעבראַכט געוואָרן נאָך אַן „אַ צרה” און נאָך אַ צוגאָב. אַפילו אַ סלאָיעק מיט געזייערטע קליינע אוגערקעלעך האָט דאָרט ניט געפעלט. איירין האָט זיך דערפרייט:

— אַט דאָס וועט זיין אַ סורפּריז פאַר ראָבערטן. ער האָט ליב זויערע אוגערקעלעך!

זי האָט מיט איבערגעטריבענער פריילעכקייט אַ רוף געטאָן דעם מאַן:

— דר. ראָבערט! קום אַריין, אַ נאַשעריי פאַר דיר!

ראָבערט האָט זיך אַריינגעוויגט מיט גרינגע עלאַסטישע טריט, האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן טיש און זיך גלייך געגומען קייען אַנהויבנדיק פון דעם פליגעלע פון דער הון, זיך בעמענדיק צו אַ געבאַקטן עפּל האָט ער געזאָגט צו דער שוויגער גאַנץ זאַכלעך:

— מאַם, פּליז, רעד ניט מיט די שכנים, אַז דו קומסט אַהער.

פון אונטער דער רויטקייט פון די געפאַרבטע באַקן איז ביי מיסיס פּאַטאַק אויפגעשפּרונגען נאָך אַ רויטקייט וואָס האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן פנים. פּונקט אַזוי רויט ווי די מאַמע איז אויך געוואָרן איירין. איצט זיינען זיי געווען ענלעך איינע צו דער אַנדערער —ביידע מיט פולע, אַביסל פאַרהויבענע ליפּן און ביידע מיט דערשלאָגנקייט אין די קיילעכדיקע שוואַרצע אויגן. אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער.

— ווער רעדט מיט דיינע שכנים, ראָבע? איך זע זיי פאַר די אויגן ניט אָן! — האָט מיסיס פּאַטאַק צעגומען די הענט.

יעדע וואָך, שבת, ווען מיסיס פּאַטאַק איז פריי פון שאַפּ, ברענגט זי דעם אָנגעפּאַקעוועטן קאָשיק צו איר טאָכטער, און יעדע וואָך צעקריגט זי זיך מיט איר איידעם, און שטענדיק האַלט איירין מיטן מאַן. „הי איז ראַיט״, ער איז גערעכט, זאָגט זי, אָבער מיט אַלע באַוועגונגען, מיט דער רויטקייט אויפן פנים און מיט דערשלאָגענע אויגן — איז זי אויף דער זייט פון דער מאַמען. עס דאַכט זיך, אָט אָט וועט זיך איירין צערייסן, איר גוף וועט בלייבן מיט דער מאַמען און אירע רייד וועלן לויפן נאָכן מאַן. אויך איצט האָט איירין געהאַלטן מיטן מאַן:

— יע, מאַמע, דו האָסט גערעדט מיט די שכנים — האָט איירין געזאָגט — מיט מיסיס לאָרענס האָסטו גערעדט.

מיסיס פּאַטאַק האָט זיך אַזש געכאַפּט מיט דער האַנט ביים קאָפּ:

— איך ווייס ניט ווער עס איז מיסיס לאָרענס. עפּעס אַ הויכע פרוי האָט מיך באַגעגנט ביי דער טיר, זי האָט צו מיר געזאָגט „נאַיס דעי טודעי, איזנ׳ט איט? — זאָל איך איר ניט ענטפערן? וואָס בין איך, חליליה, אַ שטומע? האָב איך איר געענטפערט: „יעס, איט איז אַ נאַיס קלאַימעט טודעי״ — מיט וואָס האָב איך דאָ „חוטא בעגל״ געווען? מיט וואָס האָב איך דאָ געזינדיקט?

ראָבערט האָט זיך צעלאַכט, און איירין האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן ווי עמעצער זאָל זיך פאַרמעסטן איר געבן איבערן קאָפּ. מיט טרערן אין קול האָט זי געזאָגט צו דער מאַמע:

— מען זאָגט ניט אַזוי, מאַמע... דו פאַרשטייסט... דאָ וואוינען אינטעליגענטע מענטשן אין דעם הויז... מען זאָגט ניט...

איר שטים האָט געציטערט, טיף פון אינעווייניק זיך איבערגעריסן, ווי אין שטוב וואָלט געשען עפּעס אַן אומגליק און מען קען אים ניט פאַרריכטן.

ראָבערט האָט אַ קרים געטאָן מיט די שיינע געשניצטע ליפּן און האָט געזאָגט צו איירין:

— דערקלער איר, נו, דערקלער איר!

ער האָט זיך אָבער ניט געקענט איינהאַלטן און האָט געזאָגט צו מיסיס פּאָטאַק אין אַ געטאָקטן קאַלעדזש־ענגליש:

— אַ קלימאַט איז אַ פּערמאַנענטער אַטמאָספּערישער צושטאַנד פון די טעמפּעראַטורן אין פאַרשיידענע זאָנעס...

ער האָט גערעדט מאָדנע ווערטער, וואָס מיסיס פּאָטאַק האָט זיי ניט פאַרשטאַנען און האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט. זי האָט אָבער געוואוסט, אַז יעדעס וואָרט איז אַ באַשולדיקונג קעגן איר און זי האָט זיך געפילט ווי אויף אַ געריכט, וואו מען משפּט זי פאַר אַ בילבול.

אַ היפּשע ווײַלע האָט ראָבערט גערעדט, האָט הנאה געהאַט וואָס זיין שוויגער איז צעטומלט, און וואָס ער איז אויף אַזויפיל קליגער פון איר. איירין האָט ניט געקענט מער צוקוקן דער מאַמעס יסורים, האָט זי זיך אָפּגערופן מיט ביטערקייט:

— ראַב, געבּוג שוין צו האַלטן דיין אַטמאָספּערישע לעקציע... איך שווער דיר, אַז אַפילו דיין טאַטע וואָלט אויך ניט פאַרשטאַנען וואָס דו רעדסט!

ראָבערט איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער, וואָס זי פאַרגלייכט זיין טאַטן — אַ בוכהאַלטער און אַ מענטש וואָס לייענט צייטונגען — צו איר מאַמע, דער מיסיס פּאָטאַק, און ער האָט געזאָגט מיט פלאַמענדיקע אויגן:

— דו אַליין קענסט אויך ניט פאַרשטיין... דו האָסט דאָך ניט געקענט אַריבערקריכן דעם קאַלעדזש! דערפאָרן צום דריטן יאָר און מער האָט דיר ניט געסטאַיעט קיין פּאַרע! דו ביסט אויך אַ ניט־דערפאָרענע!

פון צעהיצטקייט איז זיין קערפּער געוואָרן בויגעוודיק און ער האָט אויסגעזען ווי אַ טענצער. ער האָט הויך אַ שפּרונג געטאָן, ווי איבער אַ לוזשע, איז אַוועק אין צווייטן צימער און האָט פאַרהאַקט די טיר.

יאָרן־לאַנג האָבן מיסיס פּאָטאַק און איר מאַן, מעקס, געאַרבעט אין שאָפּ. איין מאָל אַ חודש איז מען געגאַנגען אין די מואווים. און איין מאָל אַ וואָך, שבת אין אָוונט, האָט מעקס געשפּילט מיט זיינע פריינט אין קאָרטן ביי זיך אין שטוב, און מיסיס פּאָטאַק האָט דערלאַנגט טיי און קיכלעך. אַז מעקס פלעגט פאַרשפּילן אַמאָל אַ האַלבן דאָלער, איז זיין ווייב געווען צעטראָגן אַ ביסל און זי פלעגט אים זאָגן:

— דו ווייסט, די קאָרטן קענען בדלות שטעלן אַ מענטשן.

די איינציקע טאָכטער זייערע, איירין, האָט מיסיס פּאָטאַק געשיקט אין קאַלעדזש. „זאָל זי ניט פינצטערן אין שאָפּ און בלענדן די אויגן ביי דער נאָדל, אַזוי ווי מיר", האָט זי גערעדט צום מאַן, אַליין האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן „אָווערטאַים" אויף צו צאָלן פאַרן קאַלעדזש.

די שטוב האָט אויפגעלעבט. פאַר מיסיס פּאָטאַק האָט זיך געעפנט אַ ברייטע וועלט פון אַ קאַלעדזש. זונטיק האָט זי דערציילט פאַר אַלע שכנות,

אַז אין קאַלעדזש זיינען עקזאַמענעס און איר איירין איז זייער פאַרנומען. זי דאַרף „פּעסן די עקזעמס". זומער האָט איירין געהאַט וואַקאַציעס און צו איר זיינען געקומען חברטעס „קאַלעדזש מיידלעך". מיסיס פּאָטאַק האָט אָנ־געהויבן ריידן מיט דער טאָכטער ענגליש און האָט אַריינגעפירט אין שטוב אַ טעלעפאָן. „אַ קאַלעדזש גירל דאַרף האָבן אַ טעלעפאָן". מען האָט געקויפט אַ גלעזערנע שאַפּקע, וואו עס זיינען געשטאַנען איירינס קאַלעדזש־ביכער. די שאַפּקע מיט די ביכער איז געווען אָפּגעהיט ווי אַן אָרון קודש. זונטיק גאַנץ פרי האָט מיסיס פּאָטאַק אויסגעגלאַנצט די שייבלעך פון דער שאַפּקע און אָפּגעווישט דעם שטויב. זי האָט די אַרבעט געטאָן מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן. אין איירינס צימער האָט מען אַריינגעשטעלט נייע מעבל און אויפגעהאָנגען אַ בילד, ווי אַ יעגער גייט אויף יאַגד.

ווען צו איירינען האָט אָנגעהויבן אַריינקומען ראָבערט, אַ סטודענט פון מעדיצינישן פאַקולטעט, האָט מיסיס פּאָטאַק געקויפט אַ פּאָר שיך מיט גומענע פּאָדעשוועס — עס איז איידעלער, אַז אַ מענטש גייט שטיל און קלאַפּט ניט מיט די זוילן — האָט זי געטראַכט. זי פלעגט מיט שטילע גומענע טריט צוקומען צו איירינס טיר, אָנקלאַפּן און פרעגן:

— אפשר ווילט איר, „יאָנג פּיפּל", קאָקאַ־קאָלאַ? — און זי האָט געבראַכט פאַר זיי קאָקאַ־קאָלאַ.

אַן אַנדערש מאָל האָט זי געפרעגט, צי זיי ווילן ניט קיין „האָט דאָגס", צי עס פעלט זיי ניט קיין סיגאַרעטן. עס איז ניט געווען קיין זאַך צו שווער און צו טייער פאַר איירינען מיט ראָבערטן.

מעקס האָט אויסגערעדט דעם ווייב:

— ווער ניט קיין שמאַטע ביי זיי! אַ שמאַטע טרעט מען מיט די פיס.

מעקס האָט ניט געקענט צוקוקן ווי זיין ווייב „טאַנצט אַרום דעם קאַלעדזש". אַז ראָבערט פלעגט קומען, פלעגט מעקס אַוועקגיין פון שטוב, אַריין צו אַ פריינט און כאַפּן אַ פּינאָקל. פאַרן אַוועקגיין פלעגט ער שטענדיק זאָגן דעם ווייב דעם זעלבן פּסוק:

— איך בין מוחל דעם קאַלעדזש און איך וויל ניט קיין גומענע פּאָדעשוועס.

איירין האָט באַגלייט דער מאַמע צו דער סאָבוועי. גייענדיק האָט זי צו איר געזאָגט:

— אַז ראָבערט ווערט משוגע געדויערט עס אַ פּאָר טעג... זידלט זיך... דערנאָך קומט ער מיך איבערבעטן... קושט די הענט... טו אים עפּעס!

איירין האָט אַ זיפץ געטאָן און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. מיסיס פּאָטאַק האָט דערפילט אַ קלעמעניש אונטערן האַרצן, אַ רחמנות אויף איר איירין.

שווייגנדיק זיינען זיי דערגאַנגען צו דער סאָבוועי. איירין האָט זיך ניט געוואָלט אומקערן אַהיים מיט אַ פאַרוויינטן פּנים און האָט געזאָגט צו דער מאַמען:

— לאָמיר אַריין טרינקען קאַווע, דער כעס וועט אים דאָרט דערווייל אַביסל אַריבער.

זיצנדיק מיט דער מאַמען, האָט איירין אַ זאָג געטאָן:

— מיר דאַרפן שוין צאָלן דירה־געלט... מיט ראָבערטס פאַרדינסטן... און מיט זיינע זיידענע העמדער וואָס ער האָט ליב...

מיסיס פּאָטאַק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַ פאַרוואָגלטער טרויער איז געווען אין אירע אויגן.

— איך האָב שטענדיק אַ פּאָר דאָלער ווען איך גיי צו דיר... דו מיינסט, אַז פאַר אים וואָלט איך געזאָרגט? איך וויל נישט דו זאָלסט זיך מאַטערן. דו זעסט אויס נישט גוט, חנהלע. פאַר דעם איינעם יאָר האָט זיך אַ קינד אַזוי געענדערט... זשאַלעווע נישט פאַר זיך, איירין. איך האָב אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלער... פאַר דיר וועט נישט פעלן, חנהלע...

מיסיס פּאָטאַק האָט נידעריק איינגעבויגן דעם קאָפּ, פאַרשטעלט מיט דער ווייסער הויט דעם בוזעם, אַרויסגעשלעפּט אַ פאַרבונדן נאָזטיכל און אָפּגעגעבן דער טאָכטער.

— צוליב וואָס אַרבעט איך, אויב נישט צוליב דיר? נעם, חנהלע, נעם איירין — וועסט מיר אָפּגעבן, וועסט נאָך אָפּגעבן.

איירין האָט שטיפעריש אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. אירע העל־ברוינע געשוירענע האָר האָבן אַ טאַנץ געטאָן לעבן די אויערן. זי האָט אויסגעזען יונג, כמעט קינדיש ווי אַמאָל, ווען די מאַמע פלעגט איר געבן געלט אויף אייז־קרים.

— זאָלסט מיר נאָר געזונט זיין, חנהלע, — האָט מיסיס פּאָטאַק געזאָגט צו דער טאָכטער, — זאָל ער זאָרגן, ער איז אַ מאַן, ער האָט אונדז געענוג אָפּגעקאָסט! אַן אָפּיס אים אויסגעשטעלט, זאָל ער זאָרגן!

אַהיים איז מיסיס פּאָטאַק געקומען מיד פון דער שלעפּעניש מיט דער סאָבווע און פון דער קריגערייַ מיטן איידעם. דער מאַן איר, מעקס, איז שוין געווען צוריק פון דער אַרבעט („אַ שבתדיקן טאָג אַריינגעאַרבעט", זאָגט ער) און האָט געוואַרט אויף איר. ער האָט זי באַגעגנט מיט זיין שטענדיקן שטעכווערטל ווען זי קערט זיך אום פון דער טאָכטער:

— נו, דער דאָקטאָר האָט דיך עפּעס גוט אויפגענומען?

מיסיס פּאָטאַק האָט אים נישט געענטפערט. מיט אַ פאַרוואָלקנט פּנים האָט זי זיך גענומען גרייטן צום טיש. די שפּיציקע עלנבויגן האָבן זיך שנעל באַוועגט. עס האָבן געטראַסקעט די טעפּלעך, לעפל און גאָפל האָבן גע־קלונגען, די בענקלעך האָבן געראָדערט, די קיך האָט געשטורעמט, נאָר זי אַלייך, די מיסיס פּאָטאַק, האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

מעקס האָט אַ וואונק געטאָן צו איר און האָט געזאָגט גאַנץ רואיק און גוטמוטיק:

— רייד אויס אַ וואָרט, איך קען דאָך מיינען, אַז דער איידעם האָט דיר די צונג אָפּגעביסן. נו, וואָס ביסטו אין כעס אויף מיר, וואָס?

— חכמות ליגן אים אין זינען, שטענדיק חכמות!

— פאַרוואָס ניט? כ׳האָב מיר אָפּגעאַרבעט ווי אַ פֿריץ מיינע שבתדיקע צוועלף שעה, אויפגעהאַקט אַ פּאָר הונדערט נעט, אַז מענטשן זאָלן ניט אַרומגיין אָן הויזן, וואָס פעלט מיר, וואָס? די טאָכטער איז אַ דאָקטאָרשע, וואָס גייט מיר אָפּ?

מער האָט שוין מיסיס פּאָטאַק ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל, האָט אָפּגעווישט די אויגן און די נאָז, האָט געזאָגט צום מאַן:

— עס שוין, עס! ער הויבט שוין אָן מיט דער דאָקטאָרשע! האָב איך ניט געוואָלט, אַז מיין טאָכטער זאָל האָבן אַ שניידער פאַר אַ מאַן, איז וואָס? האָב איך זי געשיקט אין קאַלעדזש, איז וואָס קומט מיר דערפאַר?

— אַ שניידער שטייט איר ניט אָן, אַ דאָקטאָר איז איידעלער. ער האָט דיך אַרויסגעטריבן, האַ? זאָג דעם אמת, שעם זיך ניט! ער וועט ביי אונדז אויסמעלקן די פּאָר גראָשן, וועט ווערן אַ ריכטיקער דאָקטאָר, און וועט דיר אָפּשיקן די טאָכטער צוריק! דו וועסט זען! קאַלעדזש, נאָר קאַלעדזש, אַנדערש פּאַסט איר ניט ווי קאַלעדזש, זיך באַרימען פאַר שכנות, פּ־ס־ס! נו, מיר וועלן גיין בעסער כאַפּן אַ פּינאַקל און אויסריידן אַ וואָרט מיט אַ מענטשן.

ער האָט גענומען דעם הוט און איז אַוועק פון שטוב.

מיסיס פּאָטאַק האָט אים נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— מקנא צו זיין, אַ מענטש וואָס זאָרגט ניט!

זי האָט דערפילט אַ מידקייט אין די פיס, האָט גענומען די צייטונג וואָס מעקס האָט איבערגעלאָזט אויפן טיש, האָט זיך צוגעלייגט אויפן בעט אָפּרוען. לייענענדיק איז זי אַנדרימלט געוואָרן. דער טעלעפאָן האָט זי אויפגעוועקט. — אוי, ס׳איז איירין, — האָט מיסיס פּאָטאַק אַ טראַכט געטאָן און מיט אַ ציטערדיקער האַנט גענומען דאָס טרייבל.

איירין האָט גערעדט מיט טרערן אין דער שטים:

— מאַם, איך קום צו דיר אַהיים נעכטיקן. ראָבערט איז משוגע געוואָרן, איך האָב ניט קיין כוח זיך מיט אים צו קריגן, מאַם!...

מיסיס פּאָטאַק האָט געענטפערט דער טאָכטער מיט אַ הייזעריקער שטים:

— בלייב ביי זיך אין דער היים, איירין! געוואוין אים ניט צו, אַז מען גייט אַוועק פון שטוב... דערלאַנג אים די גאָב! ער האָט אונדז גענוג אָפּגעקאָסט! ניטאָ קיין אַוועקגיין, ניטאָ! ניטאָ! ניטאָ!

פון אויפרעגונג איז ביי מיסיס פּאָטאַק אַריבער די מידקייט. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן און איז אַוועק אויפראַמען די קיך. די טעפּ האָבן געטראַסקעט. זי האָט זיי געריבן און געשייערט. זי האָט שנעל געאַרבעט מיט די שפּיציקע אויסגעהאָרעוועטע עלנבויגן און האָט גערעדט הויך אויפן קול:

— אָט האָט איר אייך נחת פון קינדער! אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן, געשפּאָרט און געיאָכט און אָט האָט איר דעם נחת פון קינדער...

ווען די קיך האָט שוין געבלאַנקט פון ריינקייט און אַלע אַלומינענע דעקלעך זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט גלאַנציקע ווי שפיגעלעך, האָט מיסיס פּאָטאַק אַ באַרואיקטע גערעדט צו זיך:

— נישקשה, זיי וועלן זיך צעקריגן, זיי וועלן זיך איבערבעטן, און איך וועל טאַקע בלייבן ביי אַן איידעם אַ דאָקטאָר...

מיסיס פּאָטאַק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אין אַלע אַלומינענע דעקלעך האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איר געשטאַלט, און אַלע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ביי אַן איידעם אַ דאָקטאָר".

זי איז געשטאַנען אַ פאַרטרוימטע און האָט שטיל געשעפּטשעט: און אייניקלעך וועלן זיין ניט אַבי־ווער, און אוראייניקלעך...

אויף דער וואַנט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איר פאַרחלומטע געשטאַלט.

ניו יאָרק, 1954

# אויס...

סימאָר שטוקער האָט זיך אויפגעהערט גאָלן, ווען ער האָט איינגעזען, אַז פאַר אים האָט זיך געענדיקט דער גרעסטער פאַרגעניגן אין זיין לעבן — די נסיעות קיין אייראָפּע.

דאָס פאַרקויפן און פאַרריכטן זייגערלעך, קייטעלעך, און האַנט־רימענד־לעך אין זיין שמאָלן געשעפטל אין אַ שטעטל אין ניו דזשוירזי, איז פאַר סימאָר שטוקער געווען אַ מין דורכגאַנג־צייט צווישן איין נסיעה און דער אַנדערער, וואָס ער פלעגט מאַכן אַלע דריי, פיר יאָר, קיין „יוראָפּ". דאָס ריכטיקע לעבן איז געווען זיך גרייטן צו דער רייזע, איינקויפן מתנות פאַר דער שוועסטער, פאַר אַ האַלבער שטאָט מומעס, פעטערס, שוועסטערקינדער און זייערע משפחות. חוץ דעם, איז אין זיין היים־שטאָט, אַגראַדאָווקע, געווען אַ שולע פאַר קינדער, און אַ ביבליאָטעק ביי דער שולע, און אין די אינ־סטיטוציעס איז סימאָר שטוקער געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אַן אַמעריקאַנער, וואָס האָט יעדעס מאָל איבערגעלאָזן אַ גאַנצן הונדערטער, און די שולע האָט זיך דעריבער אויסגעצייכנט מיט עשירות קעגן אַלע שולעס פון די אַרומיקע שטעטלעך. מען האָט זי גערופן „דאָס אַמעריקאַנער קעסט־קינד". ווער קען זיך גלייכן צו אַגראַדאָווקע?

איינגעקויפט די מתנות האָט זיי סימאָר שטוקער איינגעפּאַקט אין גרויסע לעדערנע טשעמאָדאַנעס, קליידער באַזונדער, כלים באַזונדער, און פאַר־ריכטע זייגערלעך, אָפּגעטיילט אין אַ קעסטעלע. הכלל, אין פּאַקעווען מתנות פאַר „יוראָפּ" איז ער געווען אַ ספּעציאַליסט. אַלץ געבראַכט גאַנץ, אַפילו ניט צעקנייטשט. דאָס פּאַקעווען די מתנות האָט געדויערט אַ שיינע פּאָר וואָכן, די שטוב ביי סימאָר שטוקער האָט אויסגעזען, ווי אַ וואָקזאַל, אָבער וועמען אַרט עס? אדרבא, דאָס איז אַ שטיק פאַרגעניגן, אַ מין באַזונדערער ערב יום טוב.

אַרויסגעפאָרן אויף דער רייזע איז ער, געוויינלעך, זומער, ווען די זייגערלעך גייען ניט אַזוי האַסטיק, דער עולם וואַלגערט זיך אויפן גראָז אויף די וואַקאַציעס, און קוקט ניט צופיל ווי שפּעט עס איז.

זיין געהילף אין געשעפט, דזשעק, וואָס האָט אויסער זייגערמאַכעריי געהאַט נאָך אַ פּרנסה, אַ פאַרדינסטל — זינגען ביי אַ חזן ימים טובים און דערפאַר באַקומען הונדערט און פופציק דאלער אַ יאָר, — דזשעקן זאָגט ער אַן פאָרן אַוועקפאָרן:

— זאָלסט ניט פאַרזינגען די ביזנעס, אַ גאַנץ יאָר איז ניט יום טוב.

אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך געפּאַקעוועט די טשעמאָדאַנעס אויף פאָרן קיין אַגראַדאָווקע, און די שטוב האָט אויסגעזען, ווי אין אַ וואָקזאַל, איז סימאָר אין געשעפט געווען באַזונדערס אויפגעלייגט. אַז עס קומט אַריין אַ „ביטערער קאָסטאָמער", דרייט די זייגערלעך, פּרובירט די קיי־טעלעך, דינגט זיך אויפן פּרייז, און גייט אין דער לעבער אַריין — שטייט

זיך סימאָר שטוקער אויפגעהייטערט און דער גאַנצער ענין הויבט אים ניט אָן צו אַרן. מיט לייב און לעבן און מיט אַ האַלבער נשמה איז ער שוין אויפן וועג קיין „יוראָפּ״. ער פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, ענטפערט דעם „ביטערן קאָסטאָמער״ מיט איין וואָרט אויף צען, און אין מיטן דערינען, ווייל ער איז טאַקע מער אויפן וועג, ווי אין געשעפט, גיט ער זיך אַזוי אַ פרעג:

— פון וואַנען שטאַמט איר? וואו זיינט איר געבוירן געוואָרן? אפשר קלייבט איר זיך קיין „יוראָפּ״?

עס טרעפט אַז דער „ביטערער קאָסטאָמער״ ווערט מיט סימאָר שטוקער גאַנצע מחותנים. אַמאָל ווייזן זיי זיך אַרויס פאַר לאַנדסלייט אָדער פאַר תלמידים פון איין ישיבה, צי גאָר פאַר שטיקלעך קרובים — און דעמאָלט מאַכט מען דעם מסחר „אַ גראָשן אַרויף, אַ גראָשן אַראָפּ״, און פאַרטיק.

אויב דער „ביטערער קאָסטאָמער״ איז געווען אַ גוי, קוקט ער אָן דעם ווילדן פאַרקויפער, זעט באַשיינפערלעך, אַז דער גאַנצער פאַרקויף גייט אים ניט אָן — קויף יאָ, קויף ניט — קויפט ער.

אין די וואָכן ערב דער נסיעה, איז ביי אים דאָס פאַרקויפן די זייגער־לעך געגאַנגען גרינגער. אָט טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט עס געטאָן „שפּילנדיק״. און סימאָר שטוקער האָט געלערנט דערפון אַ פרשה פּסיכאָ־לאָגיע: אַ קונה האָט ליב, אַז מען קוקט אויף אים ניט. אַ קונה האָט ליב, אַז מען דאַרף אים אויף כפּרות, און דעמאָלט איז ער אַ מענטש.

סימאָר שטוקערס אָנקומען קיין אָגראַדאָווקע איז געווען אַ גרויסע געשעעניש, פאַר אים אַליין, פאַר דער שוועסטער און פאַרן גאַנצן שטעטל. ערשט דעמאָלט אין אָגראַדאָווקע האָט ער געפילט, אַז אַמעריקע איז אַ גרויסע און מעכטיקע מדינה, וואָס די גאַנצע וועלט האָט פאַר איר דרך ארץ.

ברענגען אים פון דער באַן־סטאַנציע אַהיים איז געווען די חזקה פון שלום משהן, דעם עלטסטן בעל־עגלה פון שטעטל. ער פלעגט סימאָרן זאָגן „דו״ נאָך פון די אַמאָליקע יאָרן, ווען סימאָר שטוקער האָט זיך יינגלווייז נאָכגעהאַנגען נאָכן וואָגן און שלום משה פלעגט אים אַוועקטרייבן מיט דער בייטש. שלום משה, וואָס איז דער ערשטער זוכה געווען באַגעגענען דעם אַמעריקאַנער, האָט זיך געפרעגט אויפן פּרעזידענט, צי איז ער נאָך אַלץ גוט צו יידן, און אויסהערנדיק דעם ענטפער, אַז אין אַמעריקע זיינען אַלע גלייך, האָט ער געמאַכט אַ השערה און אַ באַשלוס צוזאַמען:

— גלייך איז מען טאַקע גלייך, פונדעסטוועגן ווערט מען דיך, שימעונדל, פאַר קיין פּרעזידענט ניט מאַכן. אַלע מענטשן זיינען גלייך, נאָר דער הינ־קעדיקער הינקט. דערפאַר זיינען די מומעס, די פעטערס, די שוועסטער און די גאַנצע משפּחה געווען אַ סך גלויביקער, ווי שלום משה דער בעל־עגלה. זיי האָט ער דערציילט, אַז אין אַמעריקע איז אַלץ מאַשינאַווע. מצה באַקט אַ מאַשין, חלה פלעכט אַ מאַשין, פוטער — אַ מאַשין, קעז טריקנט אַ מאַשין, וועש וואַשט אַ מאַשין, אייז פרירט אַ מאַשין, און אַזוי ווייטער. יעדעס מאָל, קומענדיק קיין אָגראַדאָווקע, האָט סימאָר שטוקער

געבראַכט אַ נייע „מאַשין". די מומעס, אויסגעפּוצט לכבוד דעם גאַסט אין שבתדיקע קליידער, ווישן זיך די ווינקלען פון די מיילער פאַר פאַרוואונ־דערונג, וואָס עס איז דאָ אַ לאַנד, וואו עס איז לחלוטין קיין ברעקל אַרבעט ניטאָ, ווייל אַלץ מאַכט אַ מאַשין. כדי צו געפינען אַ זכות אויף אָגראָ־דאָווקע זאָגט איין מומע אָפּ איר פּסוק:

— פונדעסטוועגן קען מען אין אַמעריקע קיין שבת ניט היטן — זאָגט מען — טאָ צו וואָס טויג די מאַשין?

אָט אַזעלכע זייטיקע באַמערקונגען פון אָגראָדאָווקער האָט סימאָר שטוקער איינגעשלונגען אָן אַ טראָפּן עגמת נפש, און פאַרענטפערט זיי מיט אַן אַלגעמיינער תשובה:

— ניטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבן קיין חיסרון.

אין בית המדרש האָט דער אַמעריקאַנער גאַסט געקראָגן די שענסטע עליה, טאַקע ששי, און דערפאַר האָט ער אָרומגעקוקט דעם בית מדרש, ווי אַ בעל הבית. געלאָזן געלט אויף פאַרריכטן דעם דאַך, אָדער אויס־פאַרבן די פענצטער, צי אונטערמויערן דעם אויוון, ווען ניט איז קויפן אַ נייעם האַנט־פּאַס ביי דער טיר.

אין דער שולע, „דעם אַמעריקאַנער קעסטקינד", האָבן די קינדער גע־זונגען פאַר אים אַ ליד אין כאָר, די לערער האָבן געמאַכט אַ טיי־אָוונט, און גערעדט וועגן אחדות פון יידן איבער דער וועלט.

די דריי וואָכן, וואָס סימאָר שטוקער פלעגט פאַרברענגען אין אָג־ראָדאָווקע, האָט ער געפילט, אַז ער איז גוט באַוואָרנט אויף דער וועלט: מיט צוויי היימען, איינע דאָ, און איינע אין ניו דזשוירזי. וואָס עס פעלט אים אין איין היים, האָט ער אין דער צווייטער. אמת, דער מהלך צווישן זיי איז אַ ביסל געווען צו ווייט, אָבער דערפאַר איז מען אַ גרעסערער גאַסט, ווען מען מאַכט אַ לענגערע נסיעה.

ווען עס זיינען אינמיטן דער מלחמה אָנגעקומען ידיעות, אַז די דייטשן האָבן פאַרברענט אָגראָדאָווקע, און פון דעם גאַנצן שטעטל איז געבליבן אַ באַרג אַש, און קיין לעבעדיקע נשמה נישט, האָט סימאָר שטוקער ניט געגלויבט און ניט געוואָלט גלויבן. דערנאָך האָט ער אַליין געזען אין דער ציייטונג די רשימה פון די עטלעכע מענטשן, וואָס זיינען פון זיין שטאָט לעבן געבליבן. פון זיין משפּחה האָט ער קיין נאָמען ניט געפונען. ערגעץ ווייט אין דער וועלט האָט ער דערפילט אַ ליידיקייט, וואָס ציט זיך צו אים איבער שטעט און ימען און פאַרענדיקט זיך מיט אַ ווייטיקדיקער באַגעניש אין האַרצן. ביי זיך אין שטוב האָט סימאָר שטוקער דערזען אַ סך זאַכן, וואָס זיינען איבעריק געוואָרן. די גרויסע לעדערנע טשעמאָדאַנעס האָט ער אַראָפּגעטראָגן אין קעלער, און זייער ליידיקע פוסטקייט איז געווען אַ טייל פון דער וויסטער ליידיקייט אין אָגראָדאָווקע. סימאָר שטוקער האָט זיך אויפגעהערט גאָלן, ווי ער איז יאָרן לאַנג געוואוינט געווען יעדן טאָג. מען קען זאָגן, ער האָט פאַרלאָרן די מאָס פון לעבן.

זיין ווייב, גאָסיע, האָט אים דערמאָנט פון צייט צו צייט:

— בעם אַ „שעיור", גאָל זיך אָפּ, מענטשן קומען דאָך אַריין אין געשעפט.

סימאָר שטוקער שטעלט זיך קעגן שפּיגל און גאָלט זיך אָפּ. נאָר ער טוט עס, ווייל מענטשן קומען אַריין אין געשעפט. עס איז אַ טייל פון זיין אַרבעט, פון פאַרקויפן די זייגערלעך מיט די רימענדלעך, אַ טייל פון זיין שמאָלן געשעפטל אין דעם שטעטל אין ניו דזשוירזי. אין זיין זיכרון איז געבליבן הענגען אַ נאָמען, וואָס ער האָט אים ניט וואו אַהינצוטאָן — אָג־ראָדאָווקע.

עס לויפט אים דורך דאָס וואָרט גלאַט אַזוי אין מוח, ווען ער גייט צו דער אַרבעט, עס כאַפּט זיך אַריין מיט אַ באַגנדיקער ליידיקייט אין שמאָלן געשעפטל, וואו סימאָר שטוקער זיצט ביי אַ טיש מיט גלעזלעך, שפּאַקטיוועס, רעדלעך. ער דרייט, פאַרריכט, בלאָזט דורך דינע מעטאַלענע שפּרינג־פעדערן, די זייגערלעך הייבן אָן צו לעבן, קלאַפּן טיק־טאַק, די ווייזערלעך דרייען זיך, מאַכן דעם אָנשטעל, אַז עס איז דאָ אַ מאָס צו זייער גאַנג, נאָר סימאָר שטוקער ווייס — עס איז גאָרניט. ער און זיי וועלן ערגעץ מער ניט קומען. עס איז אַן אויסדאַכטעניש.

אַן אַנדערש מאָל, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, דערמאָנט ער זיך פון שלום משהן, דעם אַלטן בעל־עגלה מיטן סקריפּענדיקן וואָגן. ער איז שוין אויך ניטאָ. און אַפילו ווען סימאָר שטוקער זאָל מאַכן אַ נסיעה קיין אייראָפּע, און קומען אויף דער באַן־סטאַנציע, וועט אַפילו ניט זיין ווער עס זאָל אים פירן אויף די חורבות.

נאָוו. 3, 1946

# טוליע שאָר דערציילט

## די פּערטע מצווה

אַ מענטש וואָלט ניט געקענט לעבן אויף דער וועלט ווען ניט דאָס ביסל גוטס, וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אויגן — אַזוי האָט צו מיר געזאָגט טוליע שאָר. זי איז געזעסן אויף די טרעפּ פון אַ גרויסער געביידע, ווי מען זיצט ביי זיך אויף דער פּריזבע אין פּראָמפּאָליע; זי האָט געקוקט אויף דער רוישיקער גאַס, אויף די מאַשינעס — מיט אַזעלכע אויגן, ווי ניט קיין מאַשינעס וואָלטן דאָס געווען, נאָר שעפּסן וואָלטן געגאַנגען צוריק פון פעלד; שעפּסן, וואָס איילן זיך אַהיים, ווייל עס קומט אָן אַ שטורעם. זי איז געווען גרוי, און איך האָב געמיינט, אַז זי איז אַלט. און איך האָב אויף איר, מסתם אַביסל פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן, האָט זי צו מיר געזאָגט, ווי איך וואָלט געווען אירע אַן אַלטע באַקאַנטע:

— זעצט זיך צו, וואָס איז פאַראַן אַזוי צו איילן?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, אַז אַ ווילד־פרעמדער מענטש זאָל צו מיר עפּעס סתם גאָר פּשוט אָנהויבן ריידן און נאָך בעטן זיך צוזעצן.

איך האָב זיך געזעצט לעבן איר.

— פון וואַנען קומט איר? — האָב איך זי געפרעגט.

— כ'ווייס, אַ נפקא מינה פון וואַנען מען קומט?... פון דער וועלט. פון פּראָמפּאָליע. באַשערט געווען זען אַמעריקע, און עס איז פונקט דאָס נעמ־לעכע, פונקט דאָס נעמלעכע.

— צו ווען זיינט איר דאָ געקומען?

— געקומען צו אַ זון, האָט ער מיך אַראָפּגענומען פון דער שיף, האָט מיך אויסגעקליידט ווי אַ קייסערינע און געגעבן עטלעכע דאָלער. „אַזוי וועל איך דיר געבן אַלע וואָך", האָט ער געזאָגט, און ער גיט.

די אויסגעקליידעטע ווי אַ קייסערינע איז געזעסן אויף די טרעפּ אין אַ קרעטאָנענעם קלייד אין ווייסע און רויטע קעסטעלעך.

— איר קוקט אויף מיין קלייד? דאָס איז נאָך אַ היימיש קלייד. איך האָב ליב היימישע זאַכן. אָט די שיך זיינען נאָך אויך היימישע.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אירע שיך. שוואַרצע, גראָבע שיך.

— צען דאָלער אַ וואָך גיט ער מיר, מיין זון, אַלע דאָנערשטיק, דאָ־נערשטיק פאַרנאַכט קומט ער, גיט מיר דאָס געלט, טוט מיך אַ קוש, און גייט אַוועק ביז איבעראַכטאָג דאָנערשטיק. לעב איך אַזוי, מיט זיין געלט און מיט אַ קוש. ווען ניט דאָס גוטס, וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אויגן — וואָלט איך ניט געקענט לעבן.

— ער האָט קינדער, אייער זון?

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אַזוי, אַז עס האָט ניט באַדייט ניט יע, ניט ניין. נאָר איין זאַך האָט עס באַדייט — זי וויל ניט ריידן וועגן דעם.

— און אייער מאַן?

— מייך מאַן?... (זי האָט אַרויסגערעדט די ווערטער מיט אַ האָפנונגסלאָזער גלייכגילטיקייט) און ווי קום איך אַהער? באַלד נאָך דער חתונה איז מייך מאַן אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. אַוועקגעפאָרן, האָב איך פון אים געקראָגן בריוו אַ האַלב יאָר, און דערנאָך, ווי אין וואַסער אַריין. איך פלעג גאַנצע נעכט ניט שלאָפן, ליגן און טראַכטן — וואו איז ער? וואו בין איך אויף דער וועלט? וואָס טוט מען? מיין זון איז ביי מיר דעמאָלט געבאָרן געוואָרן... גענוג געטראַכט.

זי האָט אַ שאַר געטאָן מיטביידע הענט איבער אירע גרויע האָר.

— פון דעמאָלט אָן בין איך גרוי געוואָרן, ניט פון איצט. צו פיר און צוואַנציק יאָר איז ביי מיר דער שנייַ אַרויסגעפאַלן... ביז איך בין געהאָלפן געוואָרן...

— געהאָלפן געוואָרן?

— יע, ביי אונדז אין פראַמפּאָליע איז געווען אַ „טאַטערל”, אַזוי האָט מען אים גערופן; אַ ייד, אַ זייף־פאַבריקל האָט ער געהאַט. געמאַכט זייף. דאָס גאַנצע שטעטל האָט ביי אים געקויפט, די דערפער אַרום. רייך געוואָרן דער „טאַטערל”. אַ בידעריקער, שטענדיק אין אַ גרינער מאַרינאַרקע געגאַנגען, געשאַרט געלט פון שטעטל. ווער האָט געטראַכט וועגן אים? איין מאָל אַ יאָר אויך ניט.

אַמאָל ליג איך אַזוי פאַרטאָג, דאָס קינד שלאָפט לעבן מיר אין וויגל. עס האָט שוין אָנגעהויבן גרויען — ערשט עמעצער קלאַפּט צו מיר אין פענצטער. דאָס פענצטער איז געווען צו דער גאַס. גיט מיר אַזאַ קלאַפּ אין האַרצן. אפשר האָט זיך מיין מאַן דערמאָנט פון מיר... אַ טעלעגראַמע אפשר געשיקט. איך גיב אַ קוק אין פענצטער — ערשט דער „טאַטערל” שטייט אין דער גרינער מאַרינאַרקע. איך האָב שיר ניט אויסגעשפּיגן. וואָס טוט ער דאָ? זאָגט ער צו מיר, דער „טאַטערל”:

— טוליע, קום אַריבער צו מיר שפּעטער, איך דאַרף דיך האָבן. — און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

איך האָב שוין מער ניט געקענט איינליגן. איך בין אויפגעשטאַנען, אָפּגעקאָכט עסן פאַרן קינד, צוגעראַמט די שטוב, זיך קוים דערוואַרט ביז די זון איז אויפגעגאַנגען, און איך בין אַוועק צום „טאַטערל”. אין אַ שמאָלער געסל איז געשטאַנען זיין פאַבריקל. איך קום צוגיין, ער שטייט אויפן גאַניק אין דער גרינער מאַרינאַרקע.

— גוט מאָרגן, זאָג איך צו אים און וואַרט.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, — ענטפערט ער מיר און גיט מיך אַ פרעג:

— פון וואַנען לעבסטו, טוליע?

— וואָסי? — ענטפער איך אים און איך שווייג. וואָס זאָל איך גיין דערציילן אַ „טאַטערל” אַ מעשה?

— אַ מענטש דאַרף פון עפּעס לעבן, זאָגט ער מיר, — דו וועסט פאַר

מיר איינמאָנען דאָס געלט פון די קרעמער, און איך וועל דיר צאָלן פון דער וואָך...

און ער האָט מיר דערלאַנגט אַ צעטל פון זיינע קונים, די קרעמער. איך האָב ביי אים פאַרדינט אַזוי פיל, אַז אַ שיינער בעל־הבית אין שטאָט וואָלט געהאַט דערפון פיינע חיונה. איך האָב מיר אויפגענייט אַ קלייד, און פלעג אַלע טאָג אַרויסגיין איינמאָנען דאָס געלט. ווי אַ פּריצטע בין איך אַרומגעגאַנגען איבערן שטאָט, דאָס קינד, מיין זון אויסגעהאָדעוועט, פלעג געבן אַ שיינע נדבה, זיך פאַרשריבן אין דער חברה הכנסת כלה. געוואָרן ביי זיי אַ מינצערקע. אַלע געלטער פלעגן דורכגיין דורך מיינע הענט. אויפגעריכט געוואָרן. וויפיל מאָל איך האָב געפּרואווט דערגיין ביים „טאַטערל", וואָס איז אים עפּעס איינגעפאַלן דעמאָלט פאַרטאָג אָנקלאַפּן צו מיר אין שטוב, אַז איך זאָל אויפגעריכט ווערן — האָב איך זיך ביי אים ניט געקענט דערוויסן. ער האָט געהאַט אַ נאַטור רייכערן אַ ליולקע, ווי אַ גוי פלעגט ער רייכערן די לולקע, און מיך איבערפרעגן:

— עס איז דיר שלעכט ביי מיר?

— חלילה. גוט ווי אין גן עדן, נאָר איך וויל וויסן.

נאָר איין מאָל האָב איך זיך פאַרט דערוואוסט. דער „טאַטערל", קאַ־באַנער, האָט מען אים גערופן, איז קראַנק געוואָרן. ער האָט געהאַט אַ וויב ערגעץ אין גאַליציע, נאָר געוואוינט האָט ער מיט אַן אַלטער מאַמען. אַז ער איז קראַנק געוואָרן בין איך געגאַנגען צו אים פאַר אים אָפּקאָכן, עפּעס דערלאַנגען, צולייגן אַ טוך צום קאָפּ, וואָס וואָלט איך פאַר אים ניט געטאָן? אַ משיח געוועזן פאַר מיר. ער איז געלעגן אין היץ און געמאַכט די חשבונות פון זיין זייף־פאַבריקל. פרעג איך אים אַזוי זיך מיט אַ געלעכטער:

— פאַני קאַבאַנער, וואָס עפּעס איז אייך איינגעפאַלן דעמאָלט פאַרטאָג קומען צו מיר, אָנקלאַפּן אין שטוב?

— דו ווילסט טאָקע וויסן? האַ?

און אַז אַ מענטש ליגט אין היץ זיינען ביי אים ניטאָ קיין פאַרבאָרגענע זאַכן. אַ מענטש, אַז דער קאָפּ ברענט ביי אים — איז די צונג פונאַנדער־געבונדן.

איך האָב אים איבערגעביטן דאָס וואַסער צום קאָפּ.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — גוט... — און ער האָט מיר דערציילט די מעשה:

פיר יינגלעך האָט געהאַט זיין מאַמע. ער איז דער פערטער. די דריי ברידער זיינען אַלע אַוועקגעשטאָרבן ביז דרייצן יאָר. אַז ער איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר איז די מאַמע זיינע שיר פון זינען ניט אַראָפּ פאַר שרעק. אַלץ מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך מיט אים עפּעס ניט טרעפן. און ביי זיי אין שטעטל איז געוועזן אַ ייד אַ שוסטער, אַ לץ. גייט די מאַמע, קאַבאַנערס מאַמע, צום שוסטער, באַשטעלן פאַרן קינד אַ פּאָר שיך אויף פּסח.

— ער זאָל עס כאָטש טראָגן געזונטערהייט, — זאָגט זי.

— פאַרוואָס ניט? — זאָגט דער שוסטער.

— ער זאָל כאָטש געזונט זיין, — ענטפערט די מאַמע.

— פאַר וואָס ניט, ווער וועט אים שטערן? — זאָגט דער שוסטער, ווי אַ ליק רעדט.

— ער זאָל כאָטש האָבן לאַנגע יאָר.

— פאַר וואָס ניט? — זאָגט דער ליק, — אַ קונץ לאַנג לעבן? גאָר קיין קונץ ניט. מען דאַרף נאָר אַלע טאָג מאַכן אַ שנאַפּס און אַלע צען יאָר טאָן אַ מצווה אָן אַ דאַנק. — אַזוי זאָגט זיך אָפּ דער שוסטער און לעקט די דראָטווע. — ניטאָ, — זאָגט ער — קיין קונצן אויף דער וועלט — ווער עס וויל קען לאַנג לעבן.

— געקומען אַהיים, האָט די מאַמע מיך באַשוואָרן אַז איך זאָל אַלע צען יאָר טאָן אַ מצווה אָן אַ דאַנק. האָט זיך געענדיקט די פערטע צען יאָר, האָב איך אָנגעקלאַפּט צו דיר אין שויב. די אויגן האָבן זיך מיר געעפנט, — האָט פאַרענדיקט דער „טאָטערל", — פאַרשפּאַרט קלאַפּן זיך די פיס, גיין מאָנען געלט ביי די קרעמער. עס איז מיר ווערט מער, וויפל איך צאָל דיר, טוליע.

אַז דער „טאָטערל" איז געזונט געוואָרן, פרעגט ער מיך איינמאָל:

— טוליע, איך האָב מסתם גערעדט פון היץ, האַ?

— ניין, גאָר ניט גערעדט, — האָב איך אים געזאָגט.

— ניט דערציילט דיר פון קיין שוסטערל?

— וואָס פאַר אַ שוסטערל?... איך ווייס גאָרניט.

— ווייס איך, אַ מענטש אין היץ... — און ער האָט פאַררייכערט זיין ליולקע שטאַרק צופרידן.

— אָבער די מעשה האָב איך זיך דערוואוסט.

די פרוי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— היינט איז דאָנערשטיק. מען דאַרף גיין. באַלד וועט קומען מיין זון, דאָנערשטיק.

מיר איז געוועזן אַ שאָד וואָס די פרוי גייט אַוועק. איך האָב נאָך אַריינגעכאַפּט און זי געפרעגט:

— און וואָס נאָך פאַר אַ דריי מצוות האָט ער געטאָן, דער „טאָטערל"?

— צו וואָס דאַרף איך זיינע מעשות, אַז איך האָב מיינע אייגענע? אַ מענטש האָט וועגן זיך גענוג צו דערציילן... און בפרט נאָך טוליע שאַר... גענוג זיך אָנגעזעצן אויף מיין לעבן.

אַז טוליע שאַר האָט זיך אויפגעהויבן האָב איך געזען אַז איר קלייד אין די רויטע און ווייסע קעסטעלעך איז ניט גאָר ניי. אַ קליין לאַטקעלע איז מיט אײדעלע שטעך אַריינגעגנייט צווישן די פאַלדן. זי האָט באַמערקט אַז איך קוק אויף דער קלייד און זי האָט געזאָגט:

— איר מיינט איך האָב ניט קיין קלייד. אויסגעקליידט ווי אַ קייסערינע. נאָר איך האָב ליב די היימישע זאַכן.

# שלמה המלכס כלה

איינמאָל דורכגייענדיק אין אַ קליין פּאַרקל אויף דער איסט־סייד האָט זיך מיר אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן אַ קלייד מיט רויטע און ווייסע קעסטעלעך. טוליע שאַר — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. זי איז געשטאַנען און געוואָרפן ברעקלעך פאַר די טויבן. איך בין צו איר צוגעגאַנגען.

— די בעסטע פריינט מיינע, — האָט זי געזאָגט, ווייזנדיק אויף די טויבן. — זיי קענען שוין מיך און שטעלן זיך אַפילו ביי מיר אויף דער האַנט.

אַז זי האָט אויסגעשאָטן אַלע ברעקלעך האָט זי זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, און איך האָב זיך געזעצט לעבן איר, ניט וואַרטנדיק אויף קיין איינלאַדונג. זי האָט אויף מיר כיטרע אַ קוק געטאָן און האָט געזאָגט:

— דאָס ערשטע מאָל, אַז מיר האָבן זיך געטראָפן, האָב איך אייך באַדאַרפט בעטן איר זאָלט זיך זעצן לעבן מיר, איצט זעצט איר זיך אַליין...

— דעמאָלט האָב איך אייך ניט געקענט, — האָב איך זיך פאַרענטפערט.

— ניט געקענט, זאָגט איר? און איך קען אַלעמען. איך זע אַ מענטשן — ווייס איך — ער איז אָדער מיט זיין פעקל צרות, אָדער עס וואַרט נאָך אויף אים.

איר זיינט דאָ אַליין אין פּאַרק, צי מיט עמעצן?

— איך בין שטענדיק אַליין. שוין אַזוי צוגעוואוינט דערצו, אַז מיר דאַכט זיך, אין גן עדן וועל איך אויך זיצן אַליין... אַז מיין זון איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָב איך זיך געפרייט, געמיינט — אָט וועל איך האָבן מיין זון לעבן מיר. איינמאָל קומט ער צו גיין, טאַטע מיין זון, נחום, און זאָגט מיר:

— דער רב רופט דיך.

— דער רב?

— יאָ, די רביצין האָט אָנגעזאָגט, אַז דער רב רופט דיך.

דאָס איז דעמאָלט אָנגעקומען אַ בריוו פון „אים", פון אַמעריקע, דאָס יינגל זאָל צו אים קומען.

מענטשן האָבן מיך צוגערעדט. פאַר אַ קינד טוט מען אַלץ, אַפילו אָפּשניידן אַ שטיק לייב איז ניט שווער. האָב איך אים אַוועקגעשיקט. אַז ער איז אַוועקגעפאָרן איז געבליבן הימל, גאָט און טוליע. אַליין. איך האָב אָנגעהויבן שפייען מיט בלוט און אַוועקגעפאָרן אין וואַלד זיך היילן. געדונגען אַ שטיבל, געקאָכט פאַר זיך יאַיכעלעך און געטראַכט, אַז עס איז איבעריק. מער ווי איין מאָל קען אַ מענטש ניט שטאַרבן.

איינמאָל ליג איך אַזוי אין אָוונט, עס איז געווען אַ שטורעם, אַז קוים דאָס שטיבל שטייט איין. דער וואַלד גייט. די פענצטער, די טירן, אַלץ האַלט זיך אויף אַ האָר. ליג איך אַזוי אין בעט און טראַכט אַלץ דאָס זעלביקע: וואָס איז דאָ פאַראַן מורא צו האָבן פאַרן שטורעם? ער וועט אַוועקטראָגן — וועט זיין אַ גוטער סוף. אַזוי ווי איך ליג און טראַכט,

גיט זיך אַ ריס דאָס הייזל און עס פאַרלעשט זיך דאָס ליכט. שרעקלעך איז מיר פונדעסטוועגן געוואָרן. קיין שוועבעלעך האָב איך ניט געהאַט. פינצטער, רוחות לויפן איבערן שטוב, אַזש די קאַלדרע שפּרינגט אונטער. פּלוצלינג הער איך, מען קלאַפּט אין טיר, שטאַרקע קלעפּ, מען זאָל דערהערן. ווער קען איינפאַלן קומען אין אַזאַ שדים־געיעג? סיידן ער, דער בעל־דבר אַליין, ניט דאָ געדאַכט, איז געקומען. אָבער מען קלאַפּט, גיי איך אַראָפּ פון בעט און עפן די טיר. יאָגן זיך אַריין צוויי עקן פון אַ פאַטשיילע, גיבן אַ פלאַטער גלייך מיר אין צורה אַריין, און אַ פרוי זאָגט:

— גוטן אָוונט.

— ווער איז דאָס?

— אָט וועט איר זען.

און זי צינדט אָן אַ שוועבעלע, און איך דערזע די קרעמערקע, די קרעמערקע וואָס איך פלעג ביי איר קויפן צוקער, אָן איי, אַלץ וואָס אַ קראַנקער דאַרף. זי האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט אויפן טיש און זאָגט צו מיר:

— לייגט זיך אין בעט, איר וועט זיך חלילה פאַרקילן. איך האָב געזען, אַז ביי אייך האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין פענצטער, האָב איך אייך געבראַכט צינדלעך. אין אַזאַ וועטער ניט גוט אינדערפינצטער.

אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָט ביי מיר אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם!

— זייט איר צוליב מיר געגאַנגען אין אַזאַ אומקומעניש?

— איך ווייס... איך בין געגאַנגען. איך קען דאָ יעדן שטיין, אָן סכנות.

די קרעמערקע האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט, געעפנט די טיר, דער ווינט האָט פון איר פאַטשיילע אויסגעצויגן צוויי פליגל, האָט זי אַ ריס געטאָן אין דער אויסרייסעניש אַוועק.

דער שטורעם איז ביינאַכט שטיל געוואָרן, נאָר איך האָב ניט געקענט איינשלאָפן. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין קרעמערקע? גאָר שוועבעלעך אַרומטראָגן אין אַזאַ נאַכט? בין איך געלעגן און געטראַכט, אַז מיין זון וואָלט עס פאַר מיר ניט געטאָן, דער מאַן מיינער אין אַמעריקע אוודאי ניט. וואָס זשע איז שלעכט צו זיין אַליין? גאָרניט, אַן איינרייקדעניש.

איך האָב קוים דערלעבט אינדערפרי גיין זען די קרעמערקע, צי דער שטורעם האָט זי ניט אַוועקגעטראָגן ערגעץ ביינאַכט. דערזען, אַז זי שטייט מיטן בעזעם און פאַרקערט אַרום קראָם, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן:

— ווי זייט איר דערגאַנגען נעכטן אַהיים?

— דערגאַנגען... ס'איז מיר גאָרניט געשען.

כאָטש זי האָט מיר אַזוי אָפּגעענטפערט, בין איך ניט אַוועק. איך האָב געוואָלט דערגיין ביי איר, ווי אַזוי איז דאָס איר איינגעפאַלן אין אַזאַ זאַווערוכע טראָגן אַ פּעקל שוועבעלעך צו מיר. האָב איך זיך אַוועקזעצט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אונטער אַ בוים לעבן קרעמל און געוואַרט.

— איר דאַרפט עפּעס? — האָט די קרעמערקע געפרעגט.

עס איז מיר געוואָרן אומאנגענעם צו זיצן, איך האָב עפּעס געקויפט און בין אַוועקגעגאַנגען.

שבת פלעגט דאָס קרעמל זיין צוגעשלאָסן מיט אַ לענגלעכן שלעסל, און די קרעמערקע פלעגט זיך לייגן אונטערן בוים מיט אַ קישן צוקאָפּנס שלאָפן. בין איך איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען שבת, ליגט זי אונטערן בוים מיט אָפענע אויגן.

— עס שלאָפט זיך ניט, — זאָגט זי, — ערב אַ רעגן, זעט אויס. פאַר אַ רעגן קען איך קיינמאָל ניט איינשלאָפן, אַ שטיקעניש. זעצט זיך צו אַ ווײלע, אַ שאָטן איז דאָ אַ גוטער אונטער מיין בוים.

איך האָב זיך צוגעזעצט, זיך גלייך דערמאָנט וועגן דעם שטורעם און די שוועבעלעך, וואָס זי האָט מיר געבראַכט, און איך זאָג צו איר:

— איך בעט אייך, ווי איז אייך עפּעס איינגעפאַלן מיר ברענגען צינד־לעך אין אַזאַ סכנות־נפשותדיקער נאַכט?

שלאָפן האָט זיך איר, זעט אויס, ניט געוואָלט, אַ שטיקעניש איז טאַקע געווען, ריידן איז שווער, שווייגן איז נאָך שווערער — רופט זיך אָפּ די קרעמערקע אַזוי, גאָר פּשוט:

— אַ דערמאָנעניש ביי מיר געווען אַזאַ.

— וואָס הייסט אַ דערמאָנעניש?

— אַזוי גוט ווי גאָרניט, — זאָגט זי, — אָט וועל איך אייך דערציילן. מיין טאַטע איז געווען אַ מעל־הענדלער. אַן ערלעכער ייִד, נאָר אַ היץ־קאָפּ. האָט ער זיך איינמאָל איין אָסיען אַנגעגרייט מעל, זעק אויף זעק, געבאָרגט געלט אויף דעם ביי יידן אין שטאָט, ובכן מען האָט געזאָגט, אַז ווינטער וועט זיין אַן אויסכאַפּעניש אויף מעל. געקומען ווינטער און קיין אויס־כאַפּעניש איז ניט געווען. די זעק שטייען, כאַטש וואַרף זיי אַרויס. האָט דער טאַטע דערלייגט עטלעכע הונדערט רובל און האָט אָנגעזעצט. האָט איר אַמאָל געזען הונגעריקע וועלף? אַזוי זעען אויס בעל חובות, אַז זיי קומען מאָנען געלט. מיט די ווייבער, מיט די קינדער זיינען זיי אָנגעלאָפן. די מאַמע האָט זיך באַהאַלטן אין שלאָף־שטוב, געלעגן אויפן בעט און האָט געוויינט. מיר, די קינדער, זיינען אַרויף אויפן פּיעקאַלעק און געזעסן, ווי אונטן זאָל, חלילה, זיין אַ פּאַרפּלייצונג. דער טאַטע איז געבליבן פאַר די וועלף, ער איז געזעסן אַליין ביים טיש אויבן אָן און האָט צו זיי גערעדט, צו די בעלי־חובות:

— אַז גאָט וועט מיר העלפן, וועל איך אייך אָפּגעבן. איצט האָב איך נאָר די נשמה.

די געשרייען אין שטוב זיינען געווען עד השמים, און צו אונדזער הויף פון הינטן איז דערגאַנגען אַן עפּל־סאַד, וואָס האָט געהערט „שלמה המלכס כלה" — אַזוי האָט מען זי גערופן — אַ פרוי וואָס האָט געוואוינט אין שטעטל שוין יאָרן מיט יאָרן. געקומען איז זי אַ יונגע נאָך, מיט אַ קליין קינד, אויסגעבויט אַ הויז מיט אַ גלעזערנעם דאַך־שטיבל. מען האָט אויף איר געזאָגט, אַז זי שטאַמט פון די בראַצקיס. אַנדערע האָבן געזאָגט פון די ראָטשילדס פון אויסלאַנד, און צוליב דעם וואָס זי האָט געהאַט אַ ממזר האָט זי די משפּחה פאַרשיקט אַזש אַהער אין דעם העק אויף אייביק עולמות.

גערעדט האָט זי פּראַנצויזיש, זי און דאָס קינד. די פּאַקאָיואווקע, וואָס דאָט אויפן קינד אַכטונג געגעבן, אַוודאָשקע, וואָס האָט געדינט ביי שלמה המלכס כלה, האָט דערציילט פאַר דער גאַנצער שטאָט, אַז אין שטוב גייט זי אַרום אין בלויע שיכעלעך מיט אַ זילבערנעם טראַלדל. איינמאָל אַ יאָר, אויף ראש השנה און יום כיפור, פאָרט זי אַוועק צו אירע רייכע קרובים, און זי קומט צופאָרן צוריק מיט אַ גרויסן גרינעם טשעמאָדאַן, וואָס איז אָנ־געפּאַקט מיט אַסיגנאַציעס. אין שטעטל גייט זי צו קיינעם ניט. אַז בער־טשיק דער בעל־עגלה ברענגט איר פאַרחתמעטע פּעקלעך פון דער באַן, פרעגט זי ביי אים אויס וועגן דעם גאַנצן שטעטל, ביי וועמען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן און ווי עס הייסט, ווער עס איז געשטאָרבן, ווער עס איז רייך, און ווער עס העלפט דעם רב פּסקענען די שאלות. דערנאָך גיט זי בערטשיקן אַ גלאָז וויין, און בערטשיק האָט דערנאָך צו דערציילן מעשות פאַר וואָכן נאָכאַנאַנד.

אַז אין שטוב ביי אונדז האָבן אַרומגעבושעוועט די בעלי־חובות, די וועלף, האָט די מאַמע אין שלאָף־שטוב געחלשט. די שכנות האָבן זי גע־מינטערט, און אַוודאָשקע איז געלאָפן און האָט געבראַכט מינטער־טראָפּנס פון שלמה המלכס כלה. זעט אויס, אַז זי האָט דאָרטן דערציילט די מעשה, און אַזוי ווי די וועלף האָבן געגריזשעט דעם טאַטן, און ער איז געזעסן ביים טיש ווייסער ווי זיין מעל — און שייקע דער קאַראַבעלניק האָט גע־שריען: „איך ווייס פון גאָרניט! מיינע פינף און זיבעציק קאָרבן זאָלן זיין! איך ווייס פון גאָרניט"... איז אין שטוב פּלוצלינג געוואָרן אַזוי שטיל, ווי מען זאָל אַלע געשרייען צודעקן מיט אַ טוך. שלמה המלכס כלה איז אַרויף אויפן גאַניק, טאַקע אין די בלויע שיכלעך מיט די זילבערנע טראַלדן. אַז זי איז אַריין אין שטוב האָבן זיך אַלע בעלי־חובות אַ שאָט געטאָן אין אַ ווינקל, ווי שעפּסן זאָלן דערזען אַ וואָלף. דער טאַטע האָט זיך אויפ־געהויבן און איז געבליבן שטיין — שטום, אָן לשון.

— זאָגט די מענטשן זיי זאָלן קומען צו מיר מיטוואָך אינדערפרי, וועט זיי מיין געשעפטספירער באַצאָלן די חובות — אַזוי האָט זי זיך אַ זאָג געטאָן.

דער טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען שטום, און שלמה המלכס כלה האָט אַ קוק געטאָן אויף די בעלי־חובות און האָט אַרויסגערעדט ווי צווישן די ציין:

— אָבער ניט מער ווי אייך קומט... די חשבונות קומען צו מיר אין האַנט אַריין... — זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פינגער איבערן טיש, און דאָס האָט געהייסן, אַז זי קען מען ניט נאַרן.

פאַר שרעק האָט זיך די מאַמע אָפּגעמינטערט. זי איז אַרויסגעלאָפן פון שלאָף־שטוב, האָט אָנגעהויבן אַרומפּאַדען אין עס־צימער, און האָט שטיל געוויינט מיט אַ ניגון: „פון פייערדיקן קאַלך־אויוון האָסטו מיך אַרויסגענומען, רבונו של עולם"... שלמה המלכס כלה האָט זיך אויף איר ניט אומגעקוקט. די מענטשן זיינען ניט אַוועק. איצט זיינען זיי שוין געשטאַנען

ניט ווי בעלי־חבות, נאָר אדרבא, זיי דאַנקען גאָט, וואָס מען הייסט זיי ניט גיין.

— און איר גיט מיר אַ וועקסל, — האָט זי געזאָגט צום טאַטן.

דער טאַטע האָט אָנגעהויבן צעטראָגענערהייט זוכן אַ וועקסל אין זיין שופלאָד, האָט סוף כל סוף געפונען און האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט געוואָלט אונטערשרייבן זיין נאָמען.

שלמה המלכס כלה האָט אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס איז ווערט אייער חתימה? — האָט זי געזאָגט, זאָלן מיר אייערע קינדער אונטערשרייבן, זיי קענען נאָך באַצאָלן...

— קינדער, קינדער, קומט אַהער! אַראָפּ פון פּיעקאַלעק!

די בעלי־חובות האָבן זיך אָנגעהויבן צורוקן צום טיש, זען ווי די קינדער שרייבן אונטער דעם וועקסל.

— אין אייער לשון שרייבט, — האָט געזאָגט שלמה המלכס כלה.

איך האָב אַזוי מורא געהאַט אונטערשרייבן, אַז ביי מיר האָבן די ציין געקלאַפּט פאַר שרעק.

— איר וועט דעם וועקסל ברענגען מיטוואָך אינדערפרי, ווען „זיי" וועלן קומען נאָכן געלט — האָט זי אַ וויין געטאָן אויף די בעלי־חובות.

שלמה המלכס כלה האָט זיך דורכגעדרייט איבערן שטוב, אַ קוק געטאָן אין אַלע צימערן, אַפילו אין שלאָף־שטוב. די מאַמע איז איר נאָכגעגאַנגען און האָט ניט אויפגעהערט ריידן: „פון פייערדיקן קאַלך־אויוון האָסטו מיך אַרויסגענומען, רבונו של עולם"...

ווען זי איז אַוועק זיינען די מענטשן אַוועק אָן אַ גוטע נאַכט, דער טאַטע איז אַוועק אין בית־מדרש. די מאַמע האָט אינמיטן אינדערוואַכן זיך געזעצט זאָגן תחינות.

מיטוואָך אין דער פרי איז דער טאַטע געקומען מיטן וועקסל אין האַנט. דער געשעפטס־פירער האָט אויפן וועקסל אַפילו קיין קוק ניט געטאָן, ער האָט אים פּשוט צעריסן און אַרויסגעוואָרפן ווי דאָס מינדסטע שטיקל פּאַפּיר.

די מאַמע האָט אונדז, די קינדער, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם וועקסל, געשיקט פרעגן, ווען דאַרפן מיר באַצאָלן.

אַז מיר זיינען געקומען, איז שלמה המלכס כלה צוגעגאַנגען צו אונדז. זי האָט מיך אָנגענומען פאַרן שפּיץ גאָמבע, איך בין געווען די קלענסטע, און האָט מיך געפרעגט:

— דו ווילסט באַצאָלן?

— אַוודאי...

זי האָט אַ לאַך געטאָן, האָט אָפּגעלאָזן מיין גאָמבע און האָט געזאָגט:

— אַז ביי אימעצן וועט זיך פאַרלעשן דאָס ליכט — זאָלסטו אים ברענגען אַ צינדל...

און זי איז אַוועק.

מיר זיינען געקומען אַהיים, דערציילט דעם טאַטן און דער מאַמען, וואָס זי האָט געזאָגט.

— טאַקע אַ דימענטענער מענטש, אָבער ריידן רעדט זי אַביסל, ווי אַ ניט־דאָ־געדאַכט, — אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע.

די קרעמערקע האָט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— אָבער איך טראַכט פון שלמה המלכס כלה זייער אָפט, און ווען איך האָב אין גרויסן שטורעם דערזען, אַז ביי אייך האָט זיך פאַרלאָשן דאָס ליכט אין פענצטער, האָט מיך אַ צי געטאָן: דאָס לעבן זאָל מיר קאָסטן, איך מוז אייך ברענגען צינדלעך. נאַרעשקייטן געדענקען זיך, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, און אַ גענעץ געטאָן שוין אמת שלעפעריק.

איך בין אַוועק, סוף כל סוף איז געווען שבת, און די קרעמערקע קומט אונטערן בוים אויף שלאָפן און נישט אויף דערציילן מעשות, איך האָב פיינט שטערן מענטשן — האָט טוליע שאַר צוגעגעבן.

— און וואָס איז געוואָרן מיט שלמה המלכס כלה האָט אייך די קרעמערקע קיינמאָל ניט דערציילט?

צו וואָס דאַרף איך וויסן פון שלמה המלכס כלה? גלויבט מיר, איך האָב מיינע אייגענע מעשות גענוג. אָט איצט אַז מען זיצט אין פאַרקל אויף דער איסט־בראָדוועי און מען גיט עסן די טויבן, קומען אויפן זינען סאַמע קלייניקייטן. אָבער איך דאַרף שוין גיין, ס׳איז היינט דאָנערשטיק. באַלד וועט קומען מיין זון. — זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק־געגאַנגען.

זעט אויס, אַז דאָנערשטיק וואַנדערט זי אַרום, טוליע שאַר, איבער דער שטאָט. דאָנערשטיק איז גרינג זי צו באַגעגענען. דאָס איז גוט צו געדענקען.

## דער קאַפּיטאַן

איך האָב געטראָפן טוליע שאַר, ווי געוויינלעך, אין פאַרקל אויף אַ באַנק. זי האָט מיך אָפּגעשטעלט, ווייל איך האָב זי ניט דערקענט. זי האָט שוין ניט געטראָגן דאָס קלייד אין די רויטע און ווייסע קעסטעלעך, נאָר אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, אויך אַ היימישן — איך האָב דאָס דערקענט אָן דעם גרינעם בייקענעם אונטערשלאַג.

— גוט וואָס מען זעט זיך, — האָט זי מיך אָפּגעשטעלט.

איך האָב זיך באמת דערפרייט, פונקט ווי זי זאָל זיין מיינע אַן אַלטע באַקאַנטע, און אין דער אמתן — איך האָב דאָך שוין געוואוסט אַ סך וועגן איר לעבן.

— איר ווייסט וועמען איך האָב נעכטן געטראָפן? — האָט זי מיר געזאָגט און האָט אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט אויף דער באַנק, איך זאָל זיך זעצן לעבן איר.

איך האָב זיך צוגעזעצט. טוליע שאַר האָט מיך אַ ריר געטאָן פאַר אַ האַנט און האָט געזאָגט:

— הערט, איר דאַרפט אפשר ערגעץ גיין? טאָ גייט אייך. קוקט ניט

אויף מיר. אַ מענטש וואָס איז אַליין זוכט שטענדיק אַן אויער, וואָס זאָל אים הערן. ווער ווייסט, אפשר האָט איר גאָר פּאַראיבל אויף מיר? טאַקע...

— ניין, — האָב איך איר פאַרזיכערט און געבעטן דערציילן וועמען זי האָט נעכטן געטראָפן.

זי האָט אויסגעצויגן די ליפּן, אַז זיי זיינען ביי איר געוואָרן קיילעכדיק ווי אַ רעדעלע און זי האָט געזאָגט גאַנץ שטיל:

— איך האָב געטראָפן שלמה המלכס כלה, איר הערט?

די ערשטע רגע האָב איך אַ קלער געטאָן, אַז טוליע שאָר טראַכט אויס אירע מעשות. זי איז פּשוט אַ פרוי אַ ליידיקגייערקע, וואָס האָט ליב ווילד־משונהדיקע מעשות צו דערציילן, און איך האָב זי אַ פרעג געטאָן:

— איך בעט אייך, איר האָט דאָך קיינמאָל אַליין ניט געזען שלמה המלכס כלה, ווי זשע האָט איר זי געקענט דערקענען?

טוליע שאָר האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן כיטרע, פון דער זייט, און האָט געזאָגט:

— אָ, איר גלויבט שוין מיר אויך ניט? אָט אַזוי איז דאָס. ווען אַ מענטש זאָל אָנהייבן דערציילן אַלע מעשות פון זיין לעבן וואָלט אים אַפילו זיין אייגענער טאַטע אויך ניט געגלויבט.

— ניין, חלילה, איך גלויב אייך, האָב איך באַלד באַהאַלטן מיינע חשדים — איז וואו האָט איר זי טאַקע געטראָפן שלמה המלכס כלה?

טוליע שאָר האָט אויסגעצויגן אַ האַנט און האָט געוויזן אַ פינגער:

— אָט האָט איר אַן עדות, — האָט זי געזאָגט. איר זעט ביי מיר אַ צעשניטענעם פינגער? בין איך נעכטן אַריין אין אַפּטייק מען זאָל מיר איבערבינדן דעם פינגער. אַז איך שטיי אַזוי, קומט אַריין אַ גרויסע מלכותדיקע פרוי אין אַ בלויען מאַנטל, מיט בלויע שיך, דינינקע אַזוי ווי הענטשקעס, איר הערט? מיט איר גייט אַ יונגערמאַן און זיי ריידן פראַנצויזיש. „מאַמאַן", רופט ער זי, „מאַמאַן"! עפּעס האָט עס מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ! שלמה המלכס כלה. איך בין צוגעגאַנגען נאָענט צו איר און האָב געזאָגט אַזוי הויך, אַז זי זאָל הערן: (איך האָב זיך געמאַכט אַז איך לייען עס אַרויס פון אַ שטיק פּאַפּיר).

— אַז איר וועט זען, אַז ביי עמעצן לעשט זיך אויס דאָס ליכט, זאָלט איר אים ברענגען אַ צינדל.

די פרוי האָט אַזאַ ציטער געטאָן, אַז דער טאַש איז ביי איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט. דער יונגערמאַן האָט אויפגעהויבן דעם טאַש און האָט איר עפּעס געזאָגט אויף פראַנצויזיש.

— ווער זיינט איר? — האָט מיך געפרעגט די פרוי און דאָס פּנים איז ביי איר געוואָרן אינגאַנצן רויט.

— מיך וועט איר ניט קענען — האָב איך איר געענטפערט — און מיין נאָמען, אַז איך וועל אייך זאָגן, וועט איר זיך ניט דערמאָנען, אָבער איך ווייס, ווער איר זיינט. איך האָב אייך געזען, ווען איר זיינט געקומען אין די

בלויע שיכעלעך מיטן זילבערנעם טראַלד אויפֿן גאַניק צום מעלער, דעם באַנקראָטשיק, און איר האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פֿון די וועלף, די בעלי־חובות. איר געדענקט ווי עס איז דעמאָלט שטיל געוואָרן ביי אים אין שטוב?

— אָ, יאָ, איר קענט מיך, האָט געזאָגט די פֿרוי.

אין אַפּטייק זיינען געשטאַנען טישלעך, זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און זי האָט געזאָגט:

— זעצט זיך צו צו מיר. עס איז גוט זיך צו דערמאָנען וועגן די יונגע יאָרן.

זי איז געווען פֿאַרטראַכט. די רויטקייט אויף איר פּנים איז אָפּגעגאַנגען און זי האָט אויסגעזען בלאַס. דער יונגערמאַן האָט אונדז צוגעטראָגן זיס־וואַרג. ער האָט עפּעס געזאָגט אויף פֿראַנצויזיש און איז אַוועק. איך האָב זי אַ פֿרעג געטאָן:

— איך וויל איר זאָלט מיר זאָגן, — עס זיינען דאָך שוין אַזוי פֿיל יאָרן אַוועק — מעשׂות פֿון אַמאָל, אַפֿילו פֿון אייגענעם לעבן, איז גרינג צו דערציילן. זיי געהערן שוין צו קיינעם ניט. זאָגט מיר, איך בעט אייך, צוליב וואָס האָט איר דעמאָלט געראַטעוועט דעם מעלער, דעם באַנקראָטשיק?

שלמה המלכּס כּלה האָט נאָך אַ ווייליניקע געשוויגן. זי האָט אַרויסגענומען אַ ווייס נאָזטיכעלע און עס אַוועקגעלייגט לעבן זיך אויפֿן טיש, דערנאָך אַ פּאַ־פּיראָסן־האַלטער, אַ דיניניקן, אַ זילבערנעם. זי האָט אין דעם פּאַפּיראָסן־האַלטער פֿאַמעלעך אַריינגעשטעלט אַ פּאַפּיראָס, ניט פֿאַררייכערט נאָר גע־האַלטן צווישן די פֿינגער. זי האָט געמאַכט אַזעלכע הכנות, ווי זי וואָלט זיך דאָ קלייבן זיצן אַ גאַנצן טאָג.

— איך זע, — האָט זי אָנגעהויבן, — אַז איר ווייסט וועגן מיר אַזוי פֿיל מעשׂות. מעגלעך מער וויפֿיל איך אַליין. דאָרטן, אין דעם אָרט, וואו איך בין אָפּגעווען צען יאָר פֿון מיין לעבן, אַז אַ קאַלב פֿלעגט געבאָרן ווערן, פֿלעגט איר די באַלעבאָסטע באַלד אַריינשושקען אין אויער: „ווייסט, שלמה המלכּהס כּלה וואוינט דאָ". איר מיינט, אַז איך האָב ניט געוואוסט, אַז מען רופֿט מיך שלמה המלכּס כּלה? בערטשיק דער ניכפּעניק, אַז ער פֿלעגט זיין ניכטער, פֿלעגט ער מיר פֿירן די פּעקלעך פֿון דער באַן, אָבער אַז ער פֿלעגט זיין שיכּור פֿלעגט ער קומען און מיר דערציילן אַלע מעשׂות פֿון דעם שטעטל וועגן שלמה המלכּס כּלה. און מעשׂות זיינען געווען בערג, אַזוי אַז איר ווייסט אפֿשר מער פֿון מיר... אויף מיר האָט מען געזאָגט, אַז איך בין ראָטשילדס אַן אייניקל. אָבער דאָס איז געווען אַ גרויסער ליגן. מיין טאַטע איז פּראָסט געווען זייער אַ רייכער ייד. און רייך איז ער געוואָרן, ווייל ער האָט געהאַט אַ שותּפֿות אין אַ שיפֿס־געזעלשאַפֿט אויפֿן שוואַרצן ים. האָט ער זיך געחברט מיט גויים, זיינע שותּפֿים, און די שרעק פֿון זיין לעבן איז געווען — „די גויים זאָלן ניט זאָגן". וואָס עס האָט זיך ניט געטראָפֿן ביי אונדז אין שטוב — האָט אים ניט געאַרט. עס האָט אים בלויז געאַרט „וואָס די גויים וועלן זאָגן".

איך האָב געזאָלט חתונה האָבן מיט אַ זון פֿון אונדזערן אַ שותּף, אַ קריסט, וואָס זיין פּרוי איז געווען אַ יידישע, אַ משומדת. איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַן איבעריקן טרונק און האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „טייבעלע, אויסער דיר, האָט יעדער ייד אַ פּאַרך, אַפילו דיין „באַטיושקע" אויך... ער איז דער רייכסטער פֿון אַלע שותּפים, דער ייד"... איך האָב אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן. ער איז געווען שיכּור, נאָר ביי מיר האָט זיך אַ דריי געטאָן דער קאָפּ, ווי אַ פייער־דיקע ראָד איז מיר דורכגעגאַנגען פאַר די אויגן. איך האָב אים געגעבן אַזאַ פאַטש, אַז ער איז ניכטער געוואָרן אין איין רגע. איך בין אַוועק פֿון דעם ווײַן־טיש און גייענדיק האָב איך אים געזאָגט: ביי יעדן משומד איז דאָ אַ פאַרך, גיב אַ קוק ביי דיר אויפֿן קאָפּ... אַז איך בין געקומען אַהיים, זיינען מיך אַלע באַפאַלן — ווי איר רופט די בעלי־חובות — ווי די וועלף. דער טאַטע האָט געהאַלטן אין איין ליאַרעמען — „וואָס וועלן די גויים זאָגן". די מאַמע האָט זיך געבלאָזן ווי אַן אינדיטשקע און האָט געווישט די אויגן. אפשר צען נאָזטיכלעך אַ טאָג האָט זי געביטן. דערצו נאָך — אַז איך בין געווען שוואַנגער... מען האָט מיך פאַרמאַכט אין אַ צימער און געזאָגט אַלע באַקאַנטע, אַז מען קען מיך ניט זען, אַז איך בין קראַנק. איך בין געלעגן אין בעט און איך האָב געטראַכט, אַז אויפֿן שוואַרצן ים שווימען דעם טאַטנס שיפן, און נאָך זיי שווימט־נאָך אַ שוואַרץ אומגליק, וואָס איז גרעסער פֿון זיי. אין דער שיפס־געזעלשאַפט האָט געאַרבעט אַ קאַפּיטאַן, אַזוי האָט מען אים גערופן, כאָטש קיין קאַפּיטאַן איז ער ניט געווען. ער איז גיכער געווען אַ פאַרמיטלער. ער האָט גערעדט אַלע לשונות פֿון אַלע האַפנס אויפֿן שוואַרצן ים. ער האָט גערעדט גריכיש, רומעניש, טערקיש, פראַנצויזיש — אַ לעב־יונג געווען. ביי אים אויסלאָדן אַ שיף סחורה און פאַרקויפן אין גריכנלאַנד אָדער טערקיי — איז געווען אַזוי גרינג, ווי אויסטרינקען אַ גלאָז ווײַן. די שיפס־געזעלשאַפט האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אוצר. רייך איז ער געווען ווי יעדערער פֿון די שותּפים. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז אין יעדער האַפן־שטאָט האָט ער אַ ווייב, נאָר מיט קיין איינציקער ניט חתונה געהאַט. אַ ווינט־פויגל.

ווען איך בין געלעגן אין בעט פאַרמאַכט אין צימער איז ער פּלוצלינג אַראָפּגעקומען. ער האָט אַ פרעג געטאָן אויף מיר:

— וואו איז עלי?

די מאַמע האָט זיך אַ בלאָז געטאָן ווי אַן אינדיטשקע און ס'איז איר ניט גוט געוואָרן. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איך בין קראַנק און מען קען מיך ניט זען. דער קאַפּיטאַן איז געווען אַ דורכגעטריבענער. ער האָט דערפילט אַן אומגליק און ער האָט געזאָגט:

— איך וויל זי זען, עלין, איך וויל מיט איר שמועסן...

דעמאָלט האָט די מאַמע פאַרלאָרן דאָס נאָז־טיכעלע און האָט געחלשט. דער קאַפּיטאַן איז אַריין צו מיר אין צימער. ער האָט מיר אַ טאַפּ געטאָן דעם שטערן, ווי אַ דאָקטאָר, און ער האָט געאָזגט:

— מענטשן זיינען נאַריש, עלי, אַזוי נאַריש ווי דיין מאַמע. — כאָטש ער האָט באַליידיקט מיין מאַמען, האָט זיך מיר ניט געוואָלט געבן אים קיין פאַטש.

פאַרקערט, זיין האַנט ביי מיר אויפן שטערן איז געווען וואַרעם און גוט, און ער האָט ווייטער געזאָגט:

— זיי זיינען אַזוי נאַריש, אַז ווען ביי אַ מענטשן פאַרלעשט זיך דאָס ליכט פאַרשטייען זיי ניט אַזאַ פּראָסטע זאַך, אַז מען דאַרף אים דערלאַנגען אַ צינדל. וואָס איז דיר, עלי?

איך האָב אים דערציילט די מעשה מיטן פּאַטש און איך ווייס ניט פאַר וואָס איך האָב אָנגעהויבן וויינען.

— גוט האָסטו געטאָן, עלי, גוט! אַ גוטער פּאַטש.

ער האָט אַ נעם געטאָן מיין האַנט און האָט זי צוויי מאָל אַ קוש געטאָן. ער איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער און האָט געזאָגט זידל־ווערטער אויף אַלע לשונות וואָס ער האָט געקענט. און אַלץ איבערגעחזרט: „אַ גוטער פּאַטש". דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט געזאָגט:

— עלי, מען זאָגט אויף מיר, אַז איך האָב צען ווייבער, נאָר דאָס איז אַ ליגן. איך האָב סך הכל דריי. נאָר קיין איינציקע האָט נאָך מיר קיין פּאַטש ניט געטאָן. דו וועסט ביי מיר זיין די פערטע, נאָר די אמתע ווייב... עלי, אפשר וועסטו מיר אויך אַמאָל אַ פּאַטש טאָן... ווי איך בין אַ ייד, איך בין ווערט... אַי, בין איך אַמאָל ווערט... — ער האָט אָנגעהויבן לאַכן הויך און פריילעך, ווי אַן אמתער ווינט־פויגל.

איך האָב אים געזאָגט.

— קאַפּיטאַן, איך האָב נאָך עפּעס צו דערציילן...

— מען דאַרף מער גאָרניט דערציילן, — האָט ער געזאָגט... איך ווייס שוין אַלע מעשות פון דער וועלט. איך בין אַ ייד, און אַ ייד ווייס אַלע מעשות פון דער וועלט.

ער האָט אַ קלונג געטאָן אין גלעקל און האָט געהייסן דער דינסט דער־לאַנגען וויין.

— נאַטקע, ברענג ווייַן פאַר מיר און פאַר מיין כלה!

ער האָט מיט מיר חתונה געהאַט אין גרעסטן זאַל פון שטאָט, און אַלע שותפים זיינען געקומען צו דער חתונה מיט אַזאַ רעספּעקט, אַז דער טאַטע האָט אויפגעהערט ליאַרעמען, „וואָס וועלן די גויים זאָגן?".

דעם געוועזענעם חתן מיינעם — די עלטערן זיינע — האָט דער „קאַ־פּיטאַן" רואינירט אין פיר יאָר, זייערע סחורות זיינען געווען פעל, און דער „קאַפּיטאַן" האָט „ניט געקענט" פאַרקויפן זייערע פעל. מען האָט עס געשלעפּט אין די לאַגערן, פון שטאָט צו שטאָט. אין פיר יאָר זיינען זיי אַרויסגעפאַלן פון שותפות.

איך האָב ניט געוואָלט מיט אים מיטפאָרן אויף זיינע רייזעס. אַ טובה, אַזאַ טובה, דאַרף מען צונעמען און זיך ניט צופּיל וואַרפן אין די אויגן. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל פאַר מיר אויסבויען אַ שטוב ערגעץ אין אַ פאַר־וואָרפן שטעטל, צווישן וועלדער, טייכן און אָרעמע יידישע מענטשן.

זי האָט אָנגעצונדן דעם פּאַפּיראָס, האָט געגרויכערט און געשוויגן. דער־נאָך האָט זי פאַרענדיקט די מעשה.

— אַז אַוודאָשקע איז געקומען צולויפן בעמען די מינטער־טראָפּנס פאַרן מעלערס ווייב און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי ליגט אין שלאָף־שטוב און האָט זיך מורא ווייזן פאַר די בעלי־חובות — האָב איך זיך דערמאָנט ווי איך בין געלעגן פאַרמאַכט אין צימער און מען האָט מיך מורא געהאַט ווייזן פאַר מענטשן... און איך בין געלאָפן זי ראַטעווען.

דער יונגערמאַן, וואָס רעדט פראַנצויזיש איז צוריקגעקומען. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— דערמאָנט ניט צו אָפט אונדזער אַלטן קייסער שלמה און זיינע כלות. — און זי איז אַוועק. איך האָב ניט געפרעגט איר אמתן נאָמען און איך ווייס ב״ט ווי זי הייסט. די קרעמערקע האָט עס מיר אויך ניט געזאָגט. נאָר סיי־ווי־סיי, דער נאָמען פּאַסט איר, זי האָט געמעגט זיין שלמה המלכס כלה.

טוליע שאָר האָט פאַרענדיקט די מעשה. זי איז געווען שטאַרק גערירט און האָט צוגעגעבן: — איך זאָג אייך, איין קערנדל גוטסקייט קען פאַר־זייען אַ וואַלד, און ווען אַ מענטש זאָל דאָס ניט וויסן, ניט זען מיט זיינע אויגן, ניט הערן מיט זיינע אויערן, וואָלט ער ניט געקענט איין טאָג דורכלעבן.

טוליע שאָר האָט זיך ווידער דערמאָנט, אַז איר זון דאַרף באַלד קומען, עס איז דאָנערשטיק, און ווי שטענדיק, האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק.

מאַי, 1943

# טשאַרטער־מעמבערס

מיסטער וויליאַם אינדעלמאַן און זיין פרוי, בלענש, זיינען געווען אומ־צופרידן מיט דער פאַרזאַמלונג פון דער גרושקאָווער סאָסייעטי. ביים עסן האָט מיסטער אינדעלמאַן ניט אויפגעהערט צו ריידן:

— אָט דאָס הייסט אַ גראָבע פּאָדקאָווע, דער עפּלבוים. פּאַפּניקן דער־מאָנט ער, און מיך האָט ער פאַרגעסן צו דערמאָנען! וואָס האָט געטאָן פּאַפּניק פאַר אונדזער סאָסייעטי? איך פרעג דיך? גאָרניט — ער קומט אויף אַ פאַרזאַמלונג און טרינקט אַ טעפּל קאַווע. פּאַפּניק האָט שׂכל דער ערשטער צו פּאַטשן בראַוואָ, ווען עפּלבוים רעדט, שטעלט אָן די צוויי דיקע פּאַמפּוש־קעלעך און פּאַטשט — איז דערפאַר קומט אים אַ מעדאַל? האָסט כאָטש געהערט, ווי ער האָט אויסגעליובעט דעם פּאַפּניקן! „אונדזער זייער, זייער ליבער און טייערער לאַנדסמאַן, ר' שמעון פּאַפּניק!" דער פּאַפּניק קען קוים אונטער־שרייבן זיין נאָמען מיט אַ צלם — צו וואָס פּאַסט דאָ דער „רב"? איך פרעג דיך, צו וואָס פּאַסט דאָ דער „רב"?

בלענש האָט געזען, אַז ביים מאַן זיינען אויפגעשפּרונגען רויטע פלעקן אויפן שטערן. זי האָט אים געוואָלט באַרואיקן און האָט געזאָגט:

— אַ זאָרג האָסטו! און אַז עפּלבוים זאָגט שוין „רב שמעון פּאַפּניק", וועט פּאַפּניק ווערן צוליב דעם אַ רב? אָדער מען וועט אים אַרונטערנעמען פון די טעקסעס דערפאַר? אַ זאָרג האָסטו!

די צוויי משפּחות, די אינדעלמאַנס און די עפּלבוימס, זיינען געווען צווישן זיך פריינט פון זינט זיי געדענקען זיך. מיסטער אינדעלמאַן און מיסטער עפּלבוים זיינען ביידע געווען גרושקאָווער געבאָרענע און שכנים נאָך פון דער אַלטער היים. מיסטער אינדעלמאַן איז געווען אַ חזנס אַ זון, און מיסטער עפּלבוים אַ קצבס אַ זון, אָבער דאָ אין אַמעריקע האָט זיך דער יחוס אויס־געגליכן. פּורים זיינען די עפּלבוימס געגאַנגען צו די אינדעלמאַנס עסן האָמענטאַשן, ווייל בלענש איז געווען אַ גרויסע בריה (בעריע) אויף באַקן האָמענטאַשן. חנוכה זיינען די אינדעלמאַנס געגאַנגען צו די עפּלבוימס אויף לאַטקעס, ווייל מיסיס עפּלבוימס לאַטקעס זיינען געווען טעם גן־עדן. ווען מיסטער אינדעלמאַן איז געווען פאַרנומען אַ זונטיק מיט געשעפט־זאַכן, איז מיסיס אינדעלמאַן געגאַנגען מיט די עפּלבוימס אין די מואוויס, און פאַרקערט, אַז מיסטער עפּלבוים פלעגט אויף עטלעכע טעג אַרויספאָרן פון שטאָט, איז מיסיס עפּלבוים געגאַנגען מיט די אינדעלמאַנס אין אַ רעסטאָראַן, און זיי האָבן איר קיינמאָל ניט געלאָזט צאָלן. אַפילו זייערע קינדער, אייב און מאָריס, וואָס זיינען געווען כמעט אין איין עלטער, — האָבן געלעבט צווישן זיך ווי ברידער. זיי זיינען צוזאַמען געפאָרן זומער אין קעמפּ, צוזאַמען גע־שפּילט דאָמינאָ און געלייענט די „פאַניס".

אָבער וואָס נעענטער די צייט האָט זיך גערוקט צו סוכות, האָבן אַלץ קילערע ווינטן געבלאָזן ניט נאָר אינדרויסן, נאָר אויך צווישן די אינדעלמאַנס און די עפּלבוימס. אין דער וואָך פון סוכות זיינען געווען די וואַלן אין דער

גרושקאָווער סאָסייעטי, און די צייט פון וואַלן איז ניט קיין צייט פאַר גוטער פריינטשאַפט.

נאָך פאַר ראש השנה האָט מען אין דער גרושקאָווער סאָסייעטי אָנגעהויבן אַרומטראָגן די מעשות: אינדעלמאַן האָט געזאָגט, אַז עפּלבוים האָט צע־טרענצלט די ליי־קאַסע און געמאַכט פון איר אַ גאָרניט. עפּלבוים האָט דער־ציילט, ווי אינדעלמאַן האָט געפאַרבט דעם לאָקאַל פיר מאָל און די ווענט זיינען געבליבן מיט פלעקן. אַזאַ פאַרבער האָט ער אויסגעזוכט. אין איין האַלבן טאָג צייט האָט מען די מעשות געוואוסט ביי די אינדעלמאַנס און ביי די עפּלבוימס. די ראש השנה ווינשעוואַניעס זיינען שוין ביי די צוויי משפּחות אַרויסגעקומען גאָר קאַלט. און עס פלעגט טרעפן, אַז מען פלעגט זיך באַגו־גענען מיט צושיקן אַ געדרוקט קאַרטל מיט אַ טויב, אַ „קאָזיאָנע" לשנה טובה תכתבו. אין די צייטן פון די וואַלן דערמאָנט זיך אינדעלמאַן שטענדיק, אַז עפּלבוימס טאַטע איז געווען אַ קצב, און ער, מיסטער עפּלבוים, כאָטש ער איז דאָ אַ גאַנצער אויפטועה, — איז ער געבליבן אַ קצב־יונג, ווי זיין טאַטע איז געווען, אַ פאַר קעלבערנע פיסלעך.

מיסטער אינדעלמאַן, וואָס מער ער האָט גערעדט וועגן דער פאַרזאַמלונג, האָט אים דער כעס מער פאַנאַנדערגענומען.

— האָסט געהערט אַ גראָבקייט פון אַ קצב־יונג, נישט דערמאָנען מיך? פונדעסטוועגן בין איך אַ טשאַרטער־מעמבער! איך האָב געבויט די סאָסייעטי! לעווינען האָט ער דערמאָנט! וואָס איז? לעווין האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם מיטגליד — פּעפּערן! דער פּעפּער קומט איין מאָל אין אַ שמיטה צו אַ מיטינג — האָט ער גליקלעך געמאַכט די סאָסייעטי מיט פּעפּערן! גוט, גוט, גוט און אינמיטן דערינען קריכן אַרויס די קעלבערנע פיסלעך.

די נאַכט האָט מיסטער אינדעלמאַן ניט געקענט שלאָפן. ער האָט זיך דערמאָנט וויפיל אַרבעט ער האָט אַריינגעלייגט אויף צוזאַמענשלעפּן די ליי־קאַסע, אויף אויסזוכן דאָס בילד פון גרושקאָווער שול, וואָס הענגט אין לאָקאַל אויף דער וואַנט, פון שפּענדלעך האָט ער אויפגעקלאַפּט די סאָסייעטי און איצט פאַרגעסט מען אים דערמאָנען.

בלענש האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעוועקט און האָט צו אים געזאָגט פאַרשלאָפענערהייט: — האָסט אים אין דער ערד! לייג זיך און שלאָף! — און באַלד האָט זי מיט דער נאָז און מיטן מויל געשלונגען די לופט מיט אַזאַ שלאָפנדיקן פאַרגעניגן, אַז דער מאַן איז זי מקנא געווען.

צומאָרגנס האָבן זיך מיסטער עפּלבוים און זיין ווייב, איידע, אומגעריכט אַריינגעכאַפּט צו די אינדעלמאַנס. זיי האָבן זיך פאַרבענקט נאָך בלענשס קאַפע, האָבן זיי געזאָגט, זיינען זיי אַריינגעפאַלן.

מיסטער אינדעלמאַן איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער, ווען ער האָט דער־הערט דעם קצבס שטים אין קאָרידאָר. ביי דער קאַפע איז מען געזעסן און מען האָט געשוויגן. בלענש האָט דערלאַנגט צום טיש נאַשוואַרג און עסנוואַרג און געטראָגן איבעריקע געפעס הין און צוריק. זי איז פאַרנומען און פאַר־שפּאָרט זיך מאַטערן מיט דער שווייגעניש. זי האָט אַלע ווילע געקוקט אויף

איר מאַן מיט אַ וואָרענונג, ער זאָל ניט לאָזן אין גאַנג זיין צאָרן. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. מיסטער אינדעלמאַן האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר פייערדיקע אויגן אויף עפּלבוימען און האָט ביי אים פון העלער הויט אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, ברוך, וואָס האָט פּאַפּניק געטאָן פאַר אונדזער סאָסייעטי? רעכן מיר אויס זיינע אויפטוען! אדרבא — אפשר בין איך אַ בלינדער און איך זע ניט. אפשר בין איך אַ טויבער און איך הער ניט! אפשר בין איך אַ הינקעדיקער און מיין קאָפּ קען ניט דערגיין... — אפשר...

בלענש האָט אים אָפּגעשטעלט:

— נו, אפשר איז שוין גענוג אויסצורעכענען דיינע אַלע מעלות? אַ בלינדער, אַ טויבער, אַ הינקעדיקער! גענוג!

מיסטער עפּלבוים האָט זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, ווי אַ בער, וואָס גייט ברעכן אַ בוים:

— נו, האָב איך פאַרגעסן דערמאָנען דייך נאָמען, וואָס קומט מיר דערפאַר? דער טומל איז געווען גרויס, דער פאַרדרייט דעם קאָפּ און יענער... מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש! איך וואָלט געקענט שווערן, אַז איך האָב דיך גראַד יאָ דערמאָנט! זאָגט מיר איידע — פאַרוואָס האָסטו אויסגעלאָזן אינדעלמאַנען? הער אַ מעשה! נו, קיין וועלט קערט זיך דאָך ניט צוליב דעם — פאַרשטייסט, וועלוול, איך האָב פאַרגעסן...

בלענש האָט אים אונטערגעהאַלטן: נו, שוין, שוין אַן עסק! (אייסעק) מען ווערט פעט פון די דערמאָנענישן... עס דאַרף טאַקע אַזוי ניט זיין, אָבער מילא, יעדערער געדענקט זיך...

מיסטער עפּלבוים האָט זיך שווער געהויבן און זיך צוריקגעזעצט אויף זיין בענקל און יעדן מאָל איבעראַנייס געזאָגט: איך וואָלט זיך געקענט שווערן... זאָגט מיר איידע... און אויב דו ווילסט, פרעג יצחק־נאָטען, וואָס איך האָב אים פאַר דער פאַרזאַמלונג געזאָגט וועגן דיר... אויף טשעקאַוועס, פרעג יצחק־נאָטען... נאַ דיר זיין טעלעפאָן און פרעג אים...

ווי אַ בער, וואָס ברעכט די ערשטע צווייג פון אַ בוים, האָט זיך מיסטער עפּלבוים צעסאָפּעט, האָט אַרויסגעשלעפּט אַ שטיקל פּאַפּיר און אַ בלייפעדער און פאַרשריבן יצחק־נאָטעס טעלעפאָן. (פאַר די וואַלן האָט ער געדענקט אַלע טעלעפאָנען פון די לאַנדסלייט אויף אויסווייניק).

— אויף טשעקאַוועס, פרעג יצחק־נאָטען...

מען האָט אויסגעטרונקען די קאַווע, מען האָט אויפגעגעסן טעלעכע ניס און מיסטער עפּלבוים האָט געטרייסלט אינדעלמאַנס האַנט גוטברודעריש:

— וועלוול, מיר זיינען אַלטע פריינט און מיר וועלן בלייבן פריינט... פאַרגעסן...

מיסטער אינדעלמאַנס האַנט איז געווען קאַלט, ווי ער זאָל נאָר וואָס קומען פון סיביר.

צוריקגייענדיק פון די אינדעלמאַנס האָט מיסטער עפּלבוים גערעדט צו זיין ווייב:

— גאַנץ גוט וואָס ער בלאָזט זיך! דו געדענקסט, ווען עס איז געווען

דער באַנקעט פאַר ראַבינאָוויטשן און אינדעלמאַן האָט עס געסטראַיעט — האָבן פאַר אונדז ניט געסטאַיעט קיין ערטער ביים הויפּט־טיש! געדענקסט, ווי מיר זיינען געזעסן אין אַ ווינקל ביים פענצטער? מיר האָבן דאָס איבער־געלעבט; זאָל ער אויך זיין איינמאָל אויף יענער זייט טיר. איך מעג אויך פאַרגעסן!...

איידע האָט אים צוגעגעבן קוראַזש:

— ניט קיין אומגליק! עס וועט אים צוניץ קומען.

ווען די געסט זיינען אַוועק, האָט בלענש אַ נעם געטאָן אין האַנט יצחק־נאָטעס טעלעפאָן און האָט געלאַכט:

— נאַ דיר אַ רעצעפּט! גיי רוף יצחק־נאָטען... — אָבער אינמיטן האָט זי אויפגעהערט לאַכן און האָט אַ רוף געטאָן דעם מאַן:

— ווערלוול, נאַ, אויף דער צווייטער זייט איז דאָ דער צעטל... אַלע וואָס ער האָט דערמאָנט.

מיסטער אינדעלמאַן איז צוגעגאַנגען און האָט געלייענט די נעמען: ראַבינאָוויטש, לעווין, פּאַפּניק, עשמאַן, און אינדעלמאַן איז אויסגעמעקט! דו זעסט? אויסגעמעקט! איינפאַך אויסגעמעקט! ניטאָ קיין אינדעלמאַן, פאַרשטייסט? ניטאָ!

אַ ווײַלע האָט אינדעלמאַן זיך איינגעקוקט אויפן צעטל, ווי דאָס זאָל זיין אַ געהיימע שריפט. ער האָט עס אַפילו אַ טאַפּ געטאָן מיט די פינגער. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך וועל דאָס אים צוריקשיקן, זאָל ער דאָס צעקייען.

ער האָט אַ רוף געטאָן זיין זון:

— אייב, טראָג אַוועק דעם צעטל צו מיסטער עפּלבוים און גיב דאָס אים אין האַנט אַריין. זאָג אים... זאָג אים... „דער טאַטע האָט עס צוריק־געשיקט".

די קריגעריי איז פאַרגעקומען צוויי טעג נאָך ראש השנה און אויף יום כיפּור האָט מען זיך שוין קיין ווינשעוואַניעס ניט געגעבן. די וואַל־קאַמפּאַניע איז געווען אין סאַמע ברען.

ביי דער יערלעכער פאַרזאַמלונג, חול המועד סוכות, איז ביי די גרוש־קאָווער לאַנדסלייט געווען הייס. מיסטער אינדעלמאַן איון מיסטער עפּל־בוים, וואָס האָבן געהאַלטן די סאָסייעטי אין די הענט און האָבן געקירעוועט אירע וועגן און איר צוקונפט, זיינען ביידע געווען אַנגעצויגן, ווי פּיסקעס פון האַרמאַטן פאַר אַ שלאַכט. מיסטער אינדעלמאַן האָט גערעדט צו די לאַנדסלייט:

— ווער זיינען מיר איצטער, די גרושקאָווער לאַנדסלייט, מישטיינס גע־זאָגט? פון גרושקאָווע איז דאָך שוין גאָרניט געבליבן...

ביי די גרושקאָווער האָבן די הערצער אַ ציטער געטאָן. זיי האָבן זיך אַלע דערפילט ווי יתומים, כאָטש זיי זיינען געווען יידן מיט געשעפטן, מיט קינדער און מיט אייניקלעך.

מיסטער אינדעלמאַן האָט גערעדט צו זיי:

— דאַרפֿן מיר טאַקע צווישן זיך זיין ווי אייגענע, אַביסל נענטער, אַביסל היימישער, ברידערלעכער.

די גרושקאָווער האָבן זיך איינגעהערט און אים געווען דאַנקבאַר.

מיסטער אינדעלמאַן האָט פֿאָרגעזעצט:

— אונדזער ליבער, ליבער לאַנדסמאַן, מיסטער עפּלבוים האָט גע־זאָגט גאָלדענע ווערטער וועגן פּאַפּניקן — אַ זייער ליבער, טייערער לאַנדס־מאַן ר' שמעון פּאַפּניק, אַ באַשיידענער, אַ שטילער, ער וועט זיין אַ גוטער פּרעזידענט און עס קומט אים, עס קומט אים טאַקע! איך ווייס, אַז איר זענט מיט מיר מסכּים. איך בין אַ טשאַרטער־מעמבער און איך ווייס, אַז מיט פּאַפּניקן וועלן מיר טאָן אַ גוטן שידוך פֿאַר דער סאָסייעטי.

די צעוואַרעמטע הערצער פֿון די גרושקאָווער האָבן זיך נאָך מער צע־וואַרעמט. טאַקע, זאָל זיין פּאַפּניק אַ פּרעזידענט — אַ שטילער, אַ זייטי־קער... — מען האָט געפּאַטשט בראַוואָ כּמעט מיט טרערן אין די אויגן.

ווען די פֿאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט און פּאַפּניק איז דערוויילט געוואָרן פֿאַר פּרעזידענט, איז מיסטער אינדעלמאַן צוגעגאַנגען צו מיסטער עפּלבוים און האָט אים געזאָגט:

— איך מיין, עס איז זייער אַ ריכטיקע זאַך. עס קומט אים טאַקע! פֿאַרוואָס זאָל ער ניט זיין פּרעזידענט?

ביידע, אי מיסטער אינדעלמאַן, אי מיסטער עפּלבוים, זיינען געווען רויט, צעפֿלאַמט — מיסטער עפּלבוים פֿון פֿאַרדראָס, און מיסטער אינדעלמאַן פֿון אַ זיסן געפֿיל פֿון געשטילטער נקמה: דו האָסט געלויבט פּאַפּניקן? נאַ דיר פּאַפּניקן! אַביסל אַרומגעשניטן די קאָפּיטעס פֿון די קעלבערנע פֿיסלעך.

חנוכּה זיינען די אינדעלמאַנס געגאַנגען צו די עפּלבוימס עסן איידעס לאַטקעס. די צוויי טשאַרטער־מעמבערס האָבן זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם פּרעזידענט פֿון זייער סאָסייעטי:

— אַ פּרעזידענט האָבן מיר, אָן פֿיס און אָן הענט און אָן אַ קאָפּ. נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס אַ הוטל טראָגט ער. דאָס איז געווען דיין איינפֿאַל, האָט מיסטער עפּלבוים געזאָגט צו מיסטער אינדעלמאַנען מיט אַ שטאָך.

מיסטער אינדעלמאַן האָט זיך אַזש אַ הייב געטאָן:

— דו האָסט אים אויסגעלויבט אַי־אַי־אַי און אַי־אַי־אַי! אַז דו לויבסט, מסתּם ווייסטו, האָב איך אים אַרויסגערוקט פֿאַר פּרעזידענט.

איידעס האָט דערלאַנגט די לאַטקעס. זיי זיינען געווען דאָס מאָל נאָך שענער ווי אַלע יאָר, פֿאַרברוינט פֿון ביידע זייטן — אַ גלוסטעניש פֿאַר די אויגן, און אין מויל — טעם גן־עדן.

מערץ 6, 1955

# פאַמיליע־לעבן

פּאָל אָרענס האָט געטריבן די מאַשין און געטראַכט וועגן זיין ווייב דזשוליע, מיט וועלכער ער האָט זיך נאָר־וואָס צעקריגט. ער איז געווען אַזוי אָנגעלאָדן מיט פאַרדראָס, אַז ער האָט ניט געקענט שווייגן און שטילערהייט גערעדט צו זיך אַליין און אַרויסגעזאָגט אַלע שווערע באַליידיקונגען, וואָס ער האָט זיין ווייב ניט דערזאָגט: — וואָס איז די דזשוליע? אַ „יאַרדסטיק" פון מיינע פאַרדינסטן. אַז די געשעפטן גייען גוט, שמייכלט זי און „דאַרלינגט" מיך. טאָמער דרייען זיי זיך אַביסל אַראָפּ, ווערט זי אַ קלאָץ, אַן אמתער קלאָץ. שלעפט זיך אַרום אין די שטעק־שיך און שווייגט. און די חוצפּה פון אַזאַ קלאָץ — דערלאַנגען מיר קאַלטע קאַווע. וואָס איז? הייסע קאָסט טייערער? ניין! דאָס איז אויסגערעכנט אויף באַליידיקן... דערלאַנגט קאַלטע קאַווע. און דער ענטפער אירער: „נעם אַ דינסט, וועט זי דיר געבן הייסע קאַווע"...

טאַקע אין דער רגע וואָס דזשוליע האָט אים געזאָגט — „נעם אַ דינסט וועט זי דיר געבן הייסע קאַווע" — האָט פּאָל דערפילט אַ גוואַלדיקן פאַרלאַנג איר דערלאַנגען מיטן טעפּל קאַווע גלייך אין די שטעק־שיך (די שטעק־שיך זיינען געווען דער ווייטיקדיקסטער פּונקט אין זיינע פאַרדראָסן), נאָר ער האָט זיך באַהערשט. ער האָט זיך אַ הויב־געטאָן און איז אַוועק פון שטוב אָן אַ גוטן טאָג.

„אויף ברויט פעלט איר ניט — האָט פּאָל אָרענס גערעדט צום רעדל פון זיין מאַשין — אויף קויפן אַ קלייד אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק — פעלט איר נאָך אויך ניט. פאַר די קינדער איז דאָ אַלץ וואָס מען דאַרף. נאָר דער „יאַרדסטיק" האָט שוין אויסגעמאָסטן, אַז עס גייט אַביסל שווערער — האָסטו קאַלטע קאַווע".

איצט איז אים שווער געווען דאָס פאָרן. די מאַשין, ווי אויף צו להכעיס, האָט עטלעכע מאָל אַ קלאַפּ געטאָן, ווי ערגעץ וואָלט זיך עפּעס אָפּגעשרויפט אין די רעדער, און פּאָל האָט דערלאַנגט דזשוליען שוין פאַר דער מאַשין אויך: „שלעפּ זיך איבער די שטעטלעך מיט דער אַלטער מאַשין — פאַרקויף טעלעוויזשאָנס, ראַדיאָס, בראָילערס, צרות, „העדעיקס" — מאַן די חובות, שלעפּ די רעכענונגען, האָרעווע ווי אַ פערד, הער ווי די מאַשין טראַסקעט — און טרינק קאַלטע קאַווע".

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גאַזאָלין־סטעישאָן. אַ יונגער בחורל האָט אַ לוסטיקער אַרומגעטאַנצט אַרום זיין מאַשין, אָפּגעווישט די שויבן מיט אַזאַ פּנים, ווי ער וואָלט דערפון האָבן דעם גרעסטן פאַרגעניגן, האָט פּאָלן עטלעכע מאָל געזאָגט „יעס סער", האָט אַ קוק־געטאָן אין מאָטאָר, האָט אַ בלאָז־געטאָן אויף די רעדער — און פון דעם בחורלס לוסטיקייט איז ביי פּאָלן פאַרגאַנגען דער כעס, ווי יענער זאָל דאָס אַראָפּגעווישן מיטן שטויב פון די שויבן.

אַז ער איז אַוועקגעפאָרן פון דעם גאַזאָלין סטעישאָן, האָט ער דער־

פילט, אַז ער איז הונגעריק און האָט זיך דערמאָנט, אַז צוזאַמען מיט דער קאַלטער קאַווע האָט ער אויך איבערגעלאָזן דעם זעמל. בלויז איין ביס געטאָן פון אים — און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ לאָנטש־רום עסן.

— „האַט קאָפּי!" — האָט ער באַשטעלט ביי דער קעלנערקע — און זי האָט אים אויסגעזען ווי אַ מלאך, ווען זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל: „שור!"

— אָט דאָס איז אַ מענטש — האָט ער געטראַכט וועגן דער קעלנערקע — וואָס דען? קאַלטע קאַווע און שטעק־שיך?!

פאַל איז אַריינגעפאָרן אין קליינעם שטעטל סאָני־הילס, וואו ער האָט געהאַט עטלעכע שטענדיקע קונים. ער האָט באַשלאָסן דאָס מאָל זיך צו מאַכן אַ גרינג לעבן — ער וועט פריער אַריינגיין צו די סמידטס. ביי זיי איז ניטאָ קיין דינגעניש, און די אויסצאָלונגען טראָגן זיי אָנטקעגן. דאָס איז אַ הויז וואו ער רוט זיך שטענדיק אָפּ, און אַז אַ מענטש איז אַביסל צעשרויפט איז די גלייכסטע זאַך אַריינפאָרן צו די סמידטס. די מיסיס סמידט איז אַ גוטמוטיקע, אַן איידעלע, און באַגעגנט אים ניט ווי אַ „סעילסמאַן", נאָר ווי אַ פריינט, דערלאַנגט אים כיבוד און פאַרגעסט קיינמאָל ניט, ווען ער פאָרט אַוועק אים זאָגן — „גיט אַכטונג אויף זיך". אַפילו דאָס, וואָס די האָר זיינען ביי איר שטענדיק פאַרדרייט מיט אַ סך פריזיר־שפּילקעס, ווי זי זאָל זיך גרייטן גיין אויף אַ חתונה, גיט צו היימישקייט און אַ פריילעכקייט צום גאַנצן הויז.

אמת איז, אַז גלייכער איז צו אַזעלכע מענטשן, ווי די סמידטס, צו קומען פאַרנאַכט, ווען מען איז שוין מיד פון אַרומהאַקן זיך מיט די קונים, פאַרענדיקן דעם טאָג אַרבעט מענטשלעך, אָן האַרצווייטיק. נאָר היינט — היינט וועט ער זיך לאָזן וואוילגיין — און ער האָט פאַרקירעוועט די מאַשין צו די סמידטס.

פאַל האָט אָנגעקלונגען און מען האָט אים ניט געענטפערט. „אָט האָסטו דיר" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און איז געבליבן שטיין ווי אַ באַליידיקטער — עס לאָזט זיך ניט מאַכן ווי מען וויל, אויף קיין פאַל ניט...

ער איז צוגעפאָרן צו די שאַפּיראָס. דאָס איז געווען די איינציקע משפחה אין סאָני־היל, וואָס פאַרקויפן זיי עפּעס איז געווען זייער שווער, מיט דינגעניש, מיט ריידעניש; אָבער געצאָלט האָבן זיי פּינקטלעך, כאָטש מיט טענות. דעם לעצטן מאָל האָט ער די שאַפּיראָס פאַרקויפט אַ טעלעוויזשאָן־סעט, און אָפּגעגעבן ביליק, מיט אַ קליינעם פאַרדינסט פאַר זיך. יעדעס מאָל, וואָס מיסיס שאַפּיראָ צאָלט אים די ראַטע, האָט זי צו אים טענות. ניט פאַר דעם טעלעוויזשאָן (דער טעלעוויזשאָן אַרבעט גוט), נאָר פאַר די פּראָגראַמען.

— אָ! וואָס האָט מען פון דעם טעלעוויזשאָן? נעכטן געקוקט, געקוקט און גאָרניט געווען וואָס צו זען...

די מיסיס וועלס, וואָס פאַל האָט איר פאַרקויפט אַ שפּיגל, האָט אים באַגעגנט מיט אַ פאָרוואורף:

— איר ווייסט, מיסטער אָרענס, דער שפּיגל וואָס איר האָט אונדז פאַר־קויפט האָט געפּלאַצט!

די מיסיס וועלס האָט זיך ניט געפּוילט און האָט אים אַריינגעפירט אין קינדער־צימער וואו דער שפּיגל איז געהאַנגען, אַראָפּגענומען דעם שפּיגל פון דער וואַנט און געוויזן אויף דער לינקער זייט אין אַ ראָג: אָט־אָ, דאָס איז „אַ דעמעדזש", אַן אמתער „דעמעדזש"...

שווער האָבן זיך געלייגט אויף פּאָלן אין יענעם טאָג די טענות, מיט די „דעמעדזשעס", מיט די שווערע מאָנענישן פון די געלטער. די שווערקייט האָט זיך אָפּגעלייגט ביי אים אויפן האַרצן טעמפּ און איבעריק און האָט אים מיד געמאַכט.

ער האָט באַשלאָסן נאָך אַ מאָל אַ פּרוּאוו טאָן ביי די סמידטס. ער וועט קומען אַהין, וועט ער זיך אָפּרוען. אגב, איז דאָס געווען ביי אים אַן עקשנות, כאָטש איין זאַך וויל ער אויספירן אין דעם שלימזלדיקן טאָג, כאָטש איין זאַך זאָל זיך אים איינגעבן ווי ער וויל. ער איז פאַרפאָרן צו די סמידטס.

די מיסיס סמידט האָט אים געעפנט די טיר, נאָר ער האָט זי קוים דער־קאָנט. עס איז ביי איר ניט געווען קיין איין פּריזיר־שפּילקע אין די האָר. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ כאַלאַט און געטראָגן טאַקע שטעק־שיך. די שטעק־שיך האָט פּאָל באַמערקט צום ערשטן.

— וואָס איז מיט אייך, מיסיס סמידט, איר זיינט ניט געזונט? — האָט ער ביי איר געפרעגט מיט אויפריכטיקער זאָרג, און האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט ווי אַן אייגענער מענטש.

די מיסיס סמידט איז געווען גערירט פון זיין מיטגעפיל און זי האָט צו אים געזאָגט:

— ערגער ווי קראַנק, מיסטער אָרענס, ערגער ווי קראַנק... אַ משוגענער טאָג... עס איז זיך ניטאָ וואו אַהינצוטאָן.

זי האָט אַרויסגענומען אַ באָזטיכל פון קעשענע, דאָס איז געווען אַ סימן, אַז זי איז גרייט צו וויינען, נאָר זי האָט ניט געוויינט. זי האָט בלויז פעסט אָפּגעווישט די ליפּן וואָס זיינען ביי איר געווען ניט־געפאַרבט און דאָס האָט געמאַכט איר אויסזען עלטער און טרויעריקער.

— יע, מיסטער אָרענס... מיין הערי איז דער פיינסטער מענטש אויפן בלאָק — אַזוי זאָגן אַלע...

— געוויס, איך מיין אויך אַזוי — האָט פּאָל אַ מורמל געטאָן — זייער אַן איידעלער מאַן...

מיסיס סמידט האָט זיך פּאַמעלעך צוגעשלעפּט צו אַ שטול און האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי איר זאָל זיין שווער צו שטיין.

— יאָ, — האָט מיסיס סמידט געזאָגט, — אַן איידעלער מאַן... איז ער היינט אין דער פרי משוגע געוואָרן, געגעבן אַ זעץ מיט דער טיר און אַרויסגעלאָפן פון שטוב ווי פון אַ פייער... און פרעג פאַרוואָס? צוליב אַ נאַרישקייט... עס איז גאָר אַ חרפה צו דערציילן. אינדערפרי איילט ער זיך... אַ דזשאַב איז אַ דזשאַב, מען דאַרף ניט פאַרשפּעטיקן... נו, איז ער

נערוועז. אַ זעץ מיט דער טיר און ער איז ניטאָ... וואָס איז אַ ווייב ? אַ צוגעבונדענער הונט ! איך קען ניט אַ זעץ טאָן מיט דער טיר — די קינדער דאַרפן קומען פון שולע, דער עקסטווירמיניייטאָר דאַרף היינט קומען, אָט זיינט איר אַריינגעקומען — אַ שטוב איז אַ שטוב... אָבער דער מאַן גיט אַ זעץ מיט דער טיר... און אינמיטן דערינען ווערט דיר אַלץ איבעריק... גיי וויש דעם שטויב פון די שפּיגלען... און מיין הערץ איז אַן איידעלער מענטש. פונדעסט־וועגן — דאָס פאַרשטייט ער ניט... אַ זעץ מיט דער טיר ! עס איז אַזאַ גראָבקייט, ערגער ווי געבן מיט אַ שטעקן איבעדן קאָפּ... און דאָס פאַרשטייט ער ניט... אַן איידעלער מאַן... אַ גאַנצן טאָג קלינגט מיר אין די אויערן דער זעץ מיט דער טיר — און איך קען גאָרניט טאָן... גיי פּוץ די דילן... גיי באַק אַ קוכן... גיי צייל אויס די וועש פאַר דער וועשעריי...

זעט אויס, אַז דאָס ציילן די וועש פאַר דער וועשעריי איז געווען די ביטערסטע דערמאָנונג פאַר דער מיסיס סמידט. זי האָט אַרויסגענומען דאָס נאָזטיכל און דאָס מאָל טאַקע אָנגעהויבן וויינען.

— אַנטשולדיקט מיר, מיסטער אָרענס, איר זיינט פּונקט אָנגעקומען... אַ מענטש קען זיך אַמאָל ניט איינהאַלטן...

אירע טרערן זיינען געווען שנעלע, קלייניקע, פּונקט ווי די קלייניקע אַרבעטן אין שטוב, וואָס זיינען איר איצט איבעריק.

— און די גאַנצע קריגעריי איז אַרויסגעקומען צוליב אַ גלעזל קאַווע... שטעלט אייך פאָר, מיסטער אָרענס, צוליב אַ גלעזל קאַווע... נו, איז דאָס ניט אַ גראָבקייט פון אַ מענטשן, צוליב אַזאַ קלייניגקייט ?... עס איז אַ באַליידיקונג !...

פאָל אָרענס האָט זיך אויפגעהויבן. דער גאַנצער מיטגעפיל זיינער צו מיסיס סמידט איז פאַרשוואונדן. — ביסט מסתמא אויך אַזאַ „יאַרד־סטיק” ווי מיינע... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און ער האָט איר געזאָגט: „טשיר־אַפּ”, מיסיס סמידט, און „גוד־באַי”, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועקגעגאַנגען.

צוריקפאָרנדיק אַהיים האָט זיך פאָל אָפּגעשטעלט אין דעם זעלבן לאָנטש־רום וואָס אינדערפרי. ער האָט געוואָלט זען די קעלנערקע, וואָס איז גוט ווי אַ מלאך און דערלאַנגט קאַפע מיט אַ יונגן זיסן שמייכל און אַ פריילעכן „שור”. אָבער די קעלנערקע איז ניט געווען. אָנשטאָט איר האָט געאַרבעט אַ מאַן מיט פאַרדרייטע וואָנצעלעך און ערנסטן פּנים, ווי די וועלט זאָל זיך האַלטן ביים איבערקערן. די קאַווע האָט ער דערלאַנגט אָן אַ „שור” און אָן אַ וואָרט, ווי ער זאָל וויסן, אַז דאָס איז אַ זאַך וואָס מען דאַרף ניט נעמען לייכטזיניק.

— וואו איז די „יאָנג לעידי” וואָס האָט דאָ געאַרבעט היינט אינדער־פרי ? — האָט פאָל געפרעגט ביים קעלנער.

— זי האָט אָפּגעאַרבעט אירע אַכט שעה וואָס זי דאַרף, איז זי אַוועק — האָט דער קעלנער געענטפערט זאַכלעך, און דערנאָך צוגעגעבן מיט אַ ביסל פאַרדראָס: — יעדערער פרעגט אויף דער „יאָנג לעידי”. אַ פרוי מעג זיין נאַריש ווי אַ ביר־פלאַש, קען זי יעדערן אַרומדרייען אַרום פאַסיק...

דאָס גראָד איז פֿאָלן געוועזן צום האַרצן און ער האָט אים געענטפֿערט:

— ריכטיק ווי גאָלד. מעגסט עס זאָגן נאָכאַמאָל.

— אַזוי איז דאָס... — האָט דער קעלנער אַ הייב־געטאָן די ברעמען, ווי איינער זאָגט: ביסט אומבאַהאָלפֿן קעגן די געזעצן פֿון דער נאַטור.

אַהיים איז פֿאָל געפֿאָרן אַ צעקלעמטער. ווי אַ באַרג איז געשטאַנען פֿאַר אים דאָס איבערבעטן זיך, טענות, דזשוליעס שטעקשיך... עס איז אים געווען אומעטיק. ער איז פֿאַרבייגעפֿאָרן אַ בלומען־געשעפֿט און עס איז אים איינגעפֿאַלן: „איך וועל איר קויפֿן בלומען! טאַקע, עס קומט איר, מסתּם האָט זי זיך אָנגעוויינט ווי מיסיס סמידט...”

די בעסטע רויזן האָט ער געקויפֿט, אַ גאַנצן טוץ.

אַז פֿאָל איז געקומען אַהיים איז דזשוליע געלעגן אין בעט און האָט זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק. די קינדער, מרים און דזשודי, זיינען אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פֿינגער אין די פּאַדזשאַמעס און אָנגעזאָגט דעם טאַטן:

— די מאַמע פֿילט זיך ניט גוט.

— איך ווייס — האָט ער זיי אָפּגעענטפֿערט קורץ.

ער איז צוגעגאַנגען צו דזשוליען, האָט איר אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן קאָפּ און האָט צו איר געזאָגט, ווי ער האָט געזאָגט צו דער מיסיס סמידט: „טשיר אַפּ”, דזשוליע!

דזשוליע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ גרייט אָנצוהויבן וויינען.

— דאָס איז פֿאַר דיר — האָט פֿאָל געזאָגט, און דזשוליע האָט דערזען די בלומען ביי אים אין די הענט. אירע אויגן זיינען ברייט געוואָרן פֿון איבערראַשונג און זי האָט זיך צעשמייכלט:

— דו ביסט צעדרייט! — האָט זי אים אָפּגעזאָגט אַ פֿריילעכן קאָמפּלימענט...

זי האָט אַריינגעטאַנצט אין די שטעק־שיך און איז געלאָפֿן אַריינשטעלן די בלומען אין אַ וואַזע. איצט זיינען דאָס געווען אַנדערע שטעק־שיך. די באָמבעלקעלעך האָבן אונטערגעטאַנצט, ווי די בלומען זאָלן זיין אויך פֿאַר זיי און ווי זיי זאָלן לאַנג שוין בענקען נאָך בלומען.

פֿאָל האָט איבערגעזאָגט דזשוליען אַלץ, וואָס ער האָט געהערט פֿון מיסיס סמידט, בלויז אַרויסגעלאָזט אייניקע זאַכן, וואָס האָבן ניט געטויגט פֿאַר אים:

— צוליב אַ קלייניגקייט, עס לוינט זיך ניט ערגערן... עס איז אַ באַליידיקונג פֿאַר דערוואַקסענע מענטשן...

דזשוליע האָט פֿאַר פֿרייד אַ רוף געטאָן די קינדער:

— דזשודי, מרים! קומט זען די בלומען וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט!

די קינדער זיינען געקומען צולויפֿן אין די פּאַדזשאַמעס, געשמעקט די בלומען, געקוויטשעט, זיך געשטויסן, איבערגעדרייט די וואַזע, נאָר קיינער האָט זיך אויף זיי ניט געבייזערט: די חוצפּהדיק־שיינע רויזן האָבן דערמאָנט, אַז עס איז דאָ אַ וועלט וואָס בליט, שטייט אויס רעגנס און שטורעמס, און בליט.

מערץ, 1955

# אין אַ ליווינג־רום

ווען מיסטער קאַשער וואָלט געקענט אַרויסוואַרפֿן איין וואָרט פֿון דער ענגלישער שפּראַך, וואָלט ער משלח געווען דאָס וואָרט — „פּאָני". ער וואָלט דערפֿאַר באַצאָלט טויזנט דאָלער, און עס וואָלט אים קיין שאָד ניט געווען. פּשוט, ווייל זיין ווייב מיט די דריי נעמען הינדע־ביילע־העלען האָט מיט דעם ווערטל „פּאָני" געקירעוועט דאָס הויז, ווי אַ קאַפּיטאַן קירעוועט זיין שיף מיט דעם רודער.

פֿון די ווענט פֿון זייער הויז האָט העלען אַראָפּגענומען די פֿאָטאָגראַפֿיעס מיט די טייערע מענטשן, וואָס האָבן אַזוי שבתדיק, רואיק אַרויסגעקוקט פֿון די ראַמען. די מאַמע — די הענט פֿאַרלייגט; די מומע, טילע, — מיט אַ בוקעט בלומען אויפֿן שויס.

העלען האָט געזאָגט „פּאָני", — האָט די פֿאָטאָגראַפֿיעס אַראָפּגענומען און אויף זייער אָרט אויפֿגעהאַנגען אויף דער וואַנט — וואָלט כאָטש זיין עפּעס רעכטס! — פּשוט איין פֿויגל מיט אַ לאַנגן עק פֿון בלויע פֿעדערן, נאָך אַ פֿויגל מיט צעפּאָכעטע געלע פֿליגל און טאָקע אַ דריטן פֿויגל מיט אַ קריינדעלע אויפֿן קאָפּ. ובכן, זי האָט געלייענט אין אַ זשורנאַל, אַ „מעגעזין" — אַז די פֿייגל זיינען אין דער מאָדע און אין יעדן הויז דאַרף זיין כאָטש אַ פֿערטל טוץ פֿייגל.

מיט דעם זעלביקן וואָרט „פּאָני" האָט הינדע־ביילע־העלען אַרויסגעטראָגן די שאַפֿקע מיט די ספֿרים, וואָס זיינען געבליבן אַ ירושה נאָכן שווער און אויף דעם אָרט אַוועקגעשטעלט אַ קרעדענצל מיט גלאָזוואַרג.

מיסטער קאַשער האָט באַטראַכט די ווענט פֿון זיין הויז און ער האָט אין גוטן מוט, אָן כעס, חלילה, פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט זיין ווייב:

— זאָג מיר, העלען (העלען האָט ער זי גערופֿן אין געמיטלעכע שמועסן, און הינדע־ביילע — ווען מען האָט זיך צעווערטלט), זאָג מיר, העלן, אדרבה, מיט וואָס איז אָט דער פֿויגל מיט דעם בלויען עק שענער פֿון מיין מומע טילע? די מומע טילע איז דאָך באמת געווען אַ מלכותדיקע שיינקייט, איך זיידן קלייד האָט אַראָפּגעשימערירט פֿון דעם בילד, חוץ דעם, וואָס זי איז געווען אַ צדיקת און אַ חכמה דערצו. אַז זי האָט אויף מיר געקוקט מיט די קלוגע אויגן פֿון בילד אַראָפּ, ווען איך האָב אינדערפֿרי געטרונקען מיין טעפּל קאַווע, האָט עס פֿאַר מיר געהאַט אַ זין און אַ טעם. מאַך מיר קלאָר, **העלען, מיט וואָס איז דער פֿויגל מער בעל יחוס, און פֿאַרוואָס דאַרף אים** מיין מומע טילע אָפּטרעטן דאָס אָרט?

מיסיס קאַשער האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען און האָט געזאָגט:

„פּאָני"... ווי קען מען פֿאַרגלייכן די מומע טילע מיט אַ פֿויגל? די מומע טילע איז די מומע טילע און אַ פֿויגל איז אַ פֿויגל. אַמאָל זיינען געווען אין דער מאָדע מענטשן, פֿאָטאָגראַפֿיעס, און ערשט איז אַ מאָדע אויף פֿייגל. ווייל איך אַז ביי אונדז זאָל זיין ווי עס דאַרף צו זיין. מען דאַרף דאָך ניט זיין „פּאָני", דו פֿאַרשטייסט?

איז די מומע טילע אַוועק ליגן אויף אַ פּאַליצע אין אַ פאַרמאַכטער שאַפע. לעבן איר איז געשטאַנען אַריינגעקוועטשט אין אַ ווינקל די פאָטאָ־גראַפיע פון דעם פעטער שלום יצחק מיט זיין ווייבביילקע, מיט זייערע פיר טעכטער, וואָס האָבן גראָד אַלע געהייסן שׂרה, רבקה, רחל און לאה, מיט זייערע מאַנען, בערל, יהודה לייב, אַלטער און צאַליע, מיט די אייניקלעך, עלף אייניקלעך קיין עין הרע, וואָס דאָס ייִנגסטע, לאהס מיידעלע, אויסגע־פּוצט אין ווייסע זעקעלעך איז געלעגן ביי דער באָבע ביילקע אויפן שויס. אַ שיינע מלכותדיקע משפּחה, ווי אַ וואַלד, מיט קינדערלעך ווי טויבן, איז געשטאַנען פאַרשטויבט און פאַרשטויסן לעבן דער פאָטאָגראַפיע פון דער מומע טילע, וואָס איז נעבעך געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ און מיטן טאָוול אַרויף — און ביי מיסטער קאַשער אין ליווינג־רום האָבן זיך אויסגעלייגט די בילדער פון די פייגל פון אַפריקע און אינדיע און ווער ווייס פון וואַנען — אַ נס נאָך מען האָט פאַר זיי קיין גערשטן ניט באַדאַרפט קויפן.

נאָך די פאָטאָגראַפיעס האָט געבענקט ניט נאָר מיסטער קאַשער אַליין, נאָר אויך דער פיר־יאָריקער זון סעמעק, וואָס איז טאַקע געווען אַ נאָמען נאָכן פעטער שלום יצחק. דער פיר יאָריקער סעמעק האָט שוין געוואוסט יעדן פון די פאָטאָגראַפיעס ביים נאָמען, זיין קרובהשאַפט מיט אים, וויאַזוי די פאָטאָגראַפיעס זיינען אָנגעקומען מיט דער שיף און פאַרוואָס זיי הענגען אויף דער וואַנט. די פייגל האָט סעמעק ניט ליב געהאַט, אים האָבן געפעלט די מענטשן און די מעשׂות וועגן זיי.

מיט דער שאַפקע ספרים, וואָס זיינען געבליבן אַ ירושה פון מיסטער קאַשערס פאָטער, איז העלענען נישט אָנגעקומען גרינג ביז זי האָט עס פון ליווינג־רום אַרויסגענומען.

ערב פּסח, ווען מיסטער קאַשער איז געקומען אַן אָפּגעגאָלטער און אַן אָפּגעשאָרענער אַהיים, אַ יום־טובדיקער, גרייט זיך זעצן צום סדר, האָט אים זיין ווייב, העלען, באַגעגנט ביי דער טיר אַ לויכטנדיקע און אים אָנגעזאָגט אַ בשׂורה: — גיי אַריין אין ליווינג־רום, וועסט דעם צימער ניט דער־קענען! עס איז אַזוי שיין, אַ פאַרגעניגן!

מיסטער קאַשערן האָט דאָס האַרץ געזאָגט, אַז עס איז אַוועק די שאַפקע מיט די ספרים און נאָך איידער ער איז אַריין האָט ער אַ זאָג געטאָן צו העלענען:

— שוין אוודאי געמאַכט אַ פּאָגראָם דאָרט...

פון זיינע וואָכעדיקע און שווערע ווערטער האָט זיך אַ וואָלקן אַוועק־געלייגט אויף דער יום־טובדיק אויסגעפּוצטער שטוב. מיסטער קאַשער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער גלעזערנער שאַפקע מיט צאַצקעס, וואַזעלעך, מילעכלעך, טעפּעלעך, קריגעלעך וואָס האָבן שעמערירט מיט פאַרשידענע קאָלירן און געבלאַנקט אין ליווינג־רום אויפן אָרט וואו עס איז געשטאַנען די שאַפקע מיט די ספרים. אַ בענקשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט נאָך דער אַלטער ברוינער שאַפקע מיט די פירקאַנטיקע שייבעלעך, וואָס איז געשטאַנען יאָרן־לאַנג, און אַ בענקשאַפט צו די אַלטע ספרים מיט די אָפּ־

געריבענע יידישע אותיות אויף די רוקנס, וואָס זיינען דאָ געשטאַנען ווי אַלטע איבערגעבענע וועכטער, וואָס שטייען און היטן און פּאָדערן ניט קיין געצאָלט.

אומגעריכט פּאַר זיך אַליין האָט ער געזאָגט צו העלענען מיט אויפ־רעגונג:

— איך מאַך ניט קיין סדר! איך דאַרף ניט די גלעזערנע געטשקעס דאָ אין שטוב!...

— „פּאָני"... — האָט העלען אַרויסגעמורמלט, נאָר זי האָט ניט געהאַט קיין מוט מער עפּעס צו זאָגן.

— איך מאַך ניט קיין סדר! — האָט מיסטער קאַשער איבערגעחזרט, און האָט געפילט, אַז איצטער האָט ער די אויבערהאַנט איבער זיין ווייב און איבער איר „פּאָני". ווי אַ מענטש וואָס דערפילט די זיסקייט פון נעמען נקמה האָט ער געזאָגט צו העלענען:

— דו מיינסט, אַז צוליב די גלעזערנע שמאַטעס האָט משה רבנו אַרויס־גענומען די יידן פון מצרים? געשפּאָלטן פּאַר זיי דעם ים? דו מיינסט ווייניק מענטשן האָבן זיך דערטרונקען? אומזיסט האָט ער זיי געפירט צום באַרג סיני מיט דונערן און מיט בליצן? פערציק טעג ניט געגעסן און ניט געטרונקען, פערציק יאָר זיך אַרומגעוואָלגערט מיט פּיצעלעך קינדער אין דער מדבר אין די זאַמדן, אָן ברויט און אָן גאָרניט, און הקדשן, און ווילדע חיות און לייבן! מיינסט אַז צוליב די גלעזערנע געטשקעס האָט ער דאָס געטאָן?

פון די טיפסטע טיפענישן האָט ביי מיסטער קאַשער אַרויסגעשלאָגן אַ קוואַל פון בענקשאַפטן און פון פאַרדראָסן, און ווערטער וואָס ער האָט שוין זיי יאָרן־לאַנג ניט געהערט און האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן זיי זיינען צו אים איצטער געקומען מיט גרינגקייט אויפן זינען און אויף דער צונג.

— און מלחמות האָט מען געפירט און מענטשן זיינען געפאַלן און פון אַ שטיין האָט מען אַרויסגעשלאָגן וואַסער — מיינסטו אַז צוליב די גלעזערנע געטשקעס האָט ער דאָס געטאָן?...

העלען איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, האָט זי דערפילט אַז פּסח איז אַ גרויזאַמער יום טוב. אַ מוראדיקער, אַ הייליקער, וואָס אַפילו ביי איר אין ליווינג־רום טאָר מען פון אים אַ האָר ניט מינערן. זי האָט זיך געפילט שולדיק, טיף פאַרשולדיקט וואָס זי האָט אָנגעריררט דעם יום־טוב פּסח, און ווי שטענדיק, ווען זי פילט זיך שולדיק האָט זי געזאָגט צום מאַן:

— ביסט גערעכט... אַרטשי, ביסט גערעכט... מאָרגן, גלויב מיר, מאָרגן וועל איך צוריק אַרויפברענגען די ספרים פון קעלער. אָבער איצט, מאַך דעם סדר, סילוויע וועט קומען מיטן מאַן מיט דזשולקען... מאָרגן, דו וועסט זען, מאָרגן...

צום סדר האָט סילוויע געבראַכט ווײַן און דזשולקע האָט געפרעגט די קשיות.

וועגן דער נייער גלעזערנער שאַפקע האָט העלען ניט דערמאָנט, און זי האָט אַ וואונק געטאָן צו סילוויען זי זאָל ניט פרעגן. די שאַפקע איז געשטאַנען ווי אַ שטיק עבודה זרה, וואָס מען קוקט אויף דעם ניט, אָבער עס איז אַ שאָד צו צעברעכן.

אַ פּאָר מאָל האָט מיסטער קאַשער דערמאָנט וועגן די ספרים, וואָס מען דאַרף זיי צוריק אַרויפבריינגען און אַוועקשטעלן אויף זייער אָרט. העלען האָט געשוויגן. מער קיין צוזאָגן ניט געמאַכט, און איינמאָל אַ זאָג געטאָן אונטער דער נאָז:

— „פּאָני״, ביי אַלעמען שטייען גלעזערנע שאַפקעס פאַרוואָס זאָל ביי אונדז ניט שטיין?

— „פּאָני״, — האָט מיסטער קאַשער איבערגעחזרט דאָס וואָרט ווי אַ באַזיגטער, דאָס וואָרט וואָס איז שטאַרקער פון אים און ער קען עס ניט ביייקומען.

די פייגל אויף די ווענט האָבן געשוויגן ווי שטרענגע וועכטער וואָס היטן זייער דעראָבערונג.

יולי 13, 1947

# אַ ווייטע רייזע

זינט יידל דער פערדהענדלער האָט אויסגעבויט זיין שטוב מיט אַ הויכן אויבערשטיבל אַנטקעגן ר׳ שמעון בראָנשטיינס הויז, האָט חוה, ר׳ שמעונס ווייב, אויפגעהערט זיצן ביי זיך אויפן גאַניק.

ר׳ שמעון בראָנשטיינס הויז, מיט די ברייטע פענצטער צו דער גאַס, מיט די צוויי אַלטע דעמבעס פוןביידע זייטן גאַניק, האָט אַרויסגערופן דרך ארץ צו זיך. און חוה, ר׳ שמעונס ווייב, אַז זי איז זומער געזעסן ביי זיך אויפן גאַניק אונטערן דיקן שאָטן פון די דעמבעס, איז די היץ צו איר ניט צוגעקומען. די רייכקייט פון די בראָנשטיינס איז גרויס און דער יחוס איז נאָך גרעסער, און דער געדיכטער שאָטן פון די דעמבעס וואָס איז געפאַלן ביז האַלבער גאַס האָט אָפּגעצאַמט דאָס הויז און אָנגעזאָגט: מישט זיך ניט צו אונדז, מיר זיינען די בראָנשטיינס...

האָט זיך אונטערגעכאַפּט יידל דער פערדהענדלער, האָט אָפּגעקויפט אַ שטיקל פּלאַץ פּונקט אַנטקעגן די בראָנשטיינס און האָט אויף דעם שטיקל פּלאַץ אַרויפגעפּייפט אַ שטוב מיט אַן אויבערשטיבל, טאַקע העכער פון די בראָנשטיינס. אַז דאָס האָט פּאַסירט, איז ביי חוהן געוואָרן אויס גאַס און אויס גאַניק. זי זיצט דאָרט ניט מער.

ביי יידל דעם פערדהענדלער האָט זומער אין די פאַרנאַכטן געבערעכנט דער בליצלאָמפּ אויפן אויבערשטיבל און עס האָט געשפּילט דער גראַמאָפאָן. חוה פלעגט דעמאָלט אַרויסטראָגן אַ ווייכן שטול דורך דער הינטער־טיר און זיצן ביי זיך אין גאָרטן. זי האָט גערופן איר טאָכטער גאָלדעלען זי זאָל אַרויסקומען צו איר — ניטאָ וואָס צו קוקן אויף די פערדהענדלער.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז אַרקע, יידל דעם פערדהענדלערס זון, צו־געריטן גאַלאָפּ אויף אַ גרויסן פערד, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אים אַזוי גרינג, קוים אָנגערירט די ערד און ער שטייט שוין... מיט אַ לוסטיקייט האָט אַרקע אַ גלעט געטאָן דעם פערד איבערן האַלדז, און דער פערד האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ ווי ער זאָל הערן מוזיק. ביידע, אַרקע און זיין פערד, זיינען געוועזן שיין — כאָטש מאָל זיי אויף אַ בילד.

חוה האָט געזען ווי גאָלדעלע שטייט ביים פענצטער און נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון אַרקען. גאָלדעלעס ליפּן האָבן זיך אַ ריר געטאָן ווי זי זאָל אים וועלן אַ רוף טאָן, און דער קאָפּ אירער איז געוועזן אויסגעצויגן צום דרויסן. חוה האָט זיך כמעט דערשראָקן: גאָלדעלע... זי איז צוגע־טוליעט צום פענצטער ווי צוגעקלעפּט צו אים. חוה איז צוגעגאַנגען צו גאָלדעלען און האָט צו איר געזאָגט האַסטיק:

— וואָס קוקסטו דאָרט?

— גאָרניט, איך קוק אויף דער גאַס...

— דו זאָלסט זיך ניט דערוועגן קוקן, דו הערסט? אַ קוקעניש!

גאָלדעלע איז אַוועק פון פענצטער. זי האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּ־געלאָזט ווי זי זאָל אַוועקטראָגן אַ פאַרדראָס.

גאָלדעלען האָט מען אַוועקגעשיקט פון זאַהאַיקע אין בריסק זיך לערנען.

— אַ מיידל פון פופצן יאָר מעג זיך אַביסל לערנען. איך וועל דאָך איר ניט לאָזן מאַכן קיין „ליובקעס" מיט די פערדהענדלער — אַזוי האָט געזאָגט ר' שמעון בראָנשטיין, און זיין ווייב חוה האָט צוגעגעבן:

— גלייכער טאַקע, גלייכער, איידער חלילה, ווייס איך וואָס... מער פעלט אונדז ניט ווי יידל דעם פערדהענדלער פאַר אַ מחותן...

דערפון וואָס זיין ווייב האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „מחותן", האָט שמעונען אַ שלאָג געטאָן אין אַ היץ און ער האָט האַסטיק אַן עפן געטאָן אַ פענצטער. חוה האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט געזאָגט אַן איבעריק וואָרט. און מער איז ביי די בראָנשטיינס קיינמאָל קיין שמועס ניט געווען וועגן די „פערדהענדלער".

אויף פסח איז גאָלדעלע געקומען אַהיים אָנגעטאָן אין אַ ברוין קלייד מיט אַ שוואַרצן פאַרטעך — אַזוי איז געווען דער אוניפאָרם פון דער שול, וואו זי האָט געלערנט. אַריינפאָרנדיק אין שטאָט האָט גאָלדעלע צום ערשטן דערזען דאָס אויבערשטיבל — אַרקעס שטוב. אויפן הויכן דעכל איז געלעגן אַ ראָזע פרימאָרגנדיקע פרילינג־ליכטיקייט — אַ געהיימניספולע און וואַרעמע, און גאָלדעלע האָט געפילט, אַז צוליב דער ראָזער וואַרעמקייט אויף אַרקעס אויבערשטיבל צעגייט זיך דער שניי.

יום טוב איז גאָלדעלע געגאַנגען זען ווי עס צעגיסט זיך דער טייך, די זאַהאַיקע. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף די פּאַרענטשעס פון היל־צערנעם בריק ווען אַרקע איז צוגעקומען צו איר.

— איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט דאָ זיין, גאָלדעלע — האָט ער צו איר געזאָגט.

גאָלדעלע האָט געשוויגן. זי האָט אויך געוואוסט, אַז ער וועט דאָ זיין. זיי זיינעןביידע געשטאַנען און האָבן געקוקט אויף דער זאַהאַיקע, וואָס איז ברייט און רוישיק געוואָרן, און פונקט אַזוי ברייט און רוישיק איז געווען גאָלדעלעס פרייד ווען אַרקע איז געשטאַנען לעבן איר.

— דו פאָרסט אַוועק נאָך פסח, גאָלדעלע? — האָט אַרקע געפרעגט.

— מען שיקט מיך אַוועק לערנען... — האָט זי געזאָגט, און די אויגן זיינען ביי איר ברייט געוואָרן פול מיט טרערן, ווי זיי זאָלן זיך צעגיסן ווי די זאַהאַיקע — פרילינגדיק און שיין.

אַרקע האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן גאָלדעלעס פרילינגדיקע אויגן.

זיי זיינען אַריבער די בריק און אַוועק מיטן וועג הינטער דער שטאָט. אַ גרינגער יום־טובדיקער פסח־ווינט האָט געזונגען אין די אויערן ווי זיי אַליין וואָלטן דאָס געזונגען. אַרקע האָט גענומען גאָלדעלעס הענט און האָט געזאָגט:

— גאָלדעלע... מיר וועלן חתונה האָבן, געדענק וואָס איך זאָג דיר! — זיינע אויגן זיינען געווען הייס ווי די פרילינג זון.

גאָלדעלע האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן זיינע זוניקע אויגן.

אין שטאָט האָט מען דערציילט, אַז גאָלדעלע בראָנשטיין און אַרקע,

דעם פערדהענדלערס זון, זיינען געגאַנגען שפּאַצירן העט הינטער דער שטאָט און זיי האָבן אָפּגערעדט — אַנטלויפן.

דעם לעצטן טאָג יום־טוב איז די מאַמע צוגעגאַנגען צו גאָלדעלען און האָט זיך צוגעזעצט אויף איר בעט.

— טאָכטער, — האָט זי געזאָגט צו גאָלדעלען און האָט געוויזן מיט דער האַנט אויפן בליק־לאָמפּ, וואָס האָט געברענט ביי יידל דעם פערדהענדלער אויפן אויבערשטיבל — דער טאַטע וועט ניט אַריבערטראָגן די חרפּה. ער איז אַ שוואַכער, ער וועט עס ניט אַריבערטראָגן. דו הערסט, טאָכטער?

גאָלדעלע האָט געהערט. יעדעס וואָרט איז געפאַלן ווי אַ שטיין אויף איר זעכצן־יאָריקן קאָפּ. זי האָט געוויינט.

נאָך פּסח, ווען גאָלדעלע האָט געדאַרפט צוריקפאָרן קיין בריסק און איר טשעמאָדאַן איז שוין געווען איינגעפּאַקט, איז זי צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און האָט איר געזאָגט:

איך וויל ניט פאָרן קיין בריסק. איך וויל ניט לערנען ווען נאַפּאָלעאָן איז געשטאָרבן.

חוה האָט אַ ציטער געטאָן.

— ווער איז געשטאָרבן?

— נאַפּאָלעאָן איז געשטאָרבן, אַ פראַנצויזישער קייסער...

חוה האָט זיך באַרואיקט וועגן נאַפּאָלעאָנען, אָבער די ציטערניש איז ביי איר ניט אַריבער. דאָס אויבערשטיבל מיטן בליצלאָמפּ איז געשטאַנען אַנטקעגן איר, ווי אַ לייב וואָס איז גרייט צו פאַרצוקן גאָלדעלען און דאָס הויז פון די בראָנשטיינס.

ר׳ שמעון בראָנשטיין האָט געשריבן אַ לאַנגן בריוו צו זיין ייִנגערן ברודער אין אַמעריקע. ער האָט געשריבן, אַז עס פעלט אים, חלילה, גאָרניט — אויסער מזל. ער וועט מיטשיקן מיט גאָלדעלען איר נדן, עטלעכע טויזנט רובל און דעם גאַנצן אויסשטייער. אָבער מען מוז זי אַוועקשיקן פון דער מדינה — מחמת (מאַכמעס) אַן אומגליק האָט מיט איר געטראָפן — זי האָט זיך פאַרקוקט אויף די פערדהענדלער...

גאָלדעלען האָט מען אָפּגעשיקט קיין בריסק „לערנען" און פון דאָרטן קיין אַמעריקע זיך זען מיט דער משפּחה. ווען גאָלדעלע איז געפאָרן אויף דער באַן פון זאַהאַיקע קיין בריסק, איז אויף דער סטאַנציע אין באַן אַריינגעשטיגן אַרקע. ווי אַ דאַרשטיקער וואָס זוכט אַ שלונג וואַסער אין דער מדבר איז ער דורכגעלאָפן די וואַגאָנעס און איז געבליבן שטיין אַנטקעגן גאָלדעלען.

— אַרקע!

זיי זיינען געזעסן איינע לעבן דעם אַנדערן. די רעדער פון דער באַן האָבן גערוישט זינגענדיק ווי דער אויפגעברויזטער פרילינגדיקער טייך זאַהאַיקע.

— ווען וועסטו קומען צוריק, גאָלדעלע?

— מען שיקט מיך אַוועק קיין אַמעריקע... דער טאַטע... ער איז אַ שוואַכער... — גאָלדעלע האָט ניט פאַרענדיקט. זי איז שטיל געבליבן.

די זאַהאַיקע האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע ברעגן און האָט פאַרזונקען די וועלט.

אויפן בריסקער וואָקזאַל זיינען זיי אויסגעשעפּטיגן און זיך געזעגנט. אַרקע האָט אַרומגענומען גאָלדעלען און האָט זי אַ ווײַלע געהאַלטן לעבן זיך. ער האָט איר אַ קוש געטאָן און זי אָנגעקוקט, אויפגעגעסן מיטן בליק. זיינע אויגן זיינען געווען טונקעלע, טיפע און ערנסטע.

אין אַמעריקע האָט גאָלדעלע חתונה געהאַט מיט איר קוזין אוירווינג בראָנשטיין. גאָלדעלעס טאַטע, ר׳ שמעון בראָנשטיין, און זיין ברודער, בענ־דזשאַמין בראָנשטיין, זיינען איינער דעם אַנדערן אַנטקעגן געקומען מיט נדן און אוירווינג האָט געעפנט אַ פאַבריק פון סוועטערס. מען האָט די פאַבריק אַ נאָמען געגעבן „עקסטראַ" און דער געשעפט איז געגאַנגען גוט. אוירווינג איז געווען אַ פריילעכער. ער האָט אויסגעלערנט גאָלדלען טאַנצן. ער האָט איר אויסגעלערנט ענגליש. גאָלדעלע האָט אים ליב געהאַט. נאָר ערגעץ וויט איז געבליבן אַ רווישנדיקער טייך און אַ פרילינגדיקע זון איבער דעם רווישנדיקן טייך. דאָס האָט גאָלדעלע ניט געקענט אַריבערפירן צו איר מאַן, צו אוירווינגן.

וועגן אַרקען האָט גאָלדעלע געהערט, אַז ער איז אין בעלגיע און ער האַנדלט מיט בריליאַנטן. דערנאָך האָט זי געהערט, אַז ער איז אין אַמעריקע און האָט גאַראַזשעס אין לאָס אַנדזשעלעס. ער האָט צוויי מאָל זיך געגעט. צופעליק פלעגן צו איר דערגיין די גרוסן, ווי צופעליק עס פאַלט אַמאָל אַריין דורך אַן אָפענעם פענצטער אַ בלעטל פון אַ בוים, און אַ שפּור פון גרינקייט גיט אַ ווײַלע אַ ריר דאָס האַרץ און גייט אַוועק אין פאַרגעסונג.

צום פינף־און־צוואַנציקסטן יובילעי פון דער זאַהאַיקער סאָסייעטי איז גאָלדעלעס שווער, בענדזשאַמין בראָנשטיין, געגאַנגען מיט דער גאַנצער משפחה — מיטן „פאַרמעגן" — מיט די דריי זין, מיט די שניר, מיט די אייניקלעך. בענדזשאַמין בראָנשטיין האָט געהאַט מיט וואָס זיך צו באַווייזן: איין זון האָט די אינשורענס אָפיסעס „בראָנשטיין ענד קאָמפּאַני"; דער צווייטער האָט זיין גרויס געשעפט „בוקס ענד פּיקטשורס" און אוירווינג — זיין פאַבריק „עקסטראַ" — אויך ניט קיין שלעכט געשעפט. די בראָנשטיינס האָבן פאַרנומען אַ גאַנצן טיש, וואָס האָט גערוישט און געזונגען און גענומען „צו קאַפּעלעך" מיט אַלע זאַהאַיקער.

— ביי די בראָנשטיינס שטורעמט, — האָבן די זאַהאַיקער געזאָגט און צוגעקומען מיטזינגען און נעמען „אַ קאַפּעלע". זיצנדיק ביים שטורעמ־דיקן טיש האָט זיך גאָלדעלע דערמאָנט אָן די צוויי שאָטנדיקע דעמבעס וואָס האָבן גערוישט מיט די שווערע בלעטער איבער זייער גאַניק אין זאַהאַיקע ווען עס איז געווען דער מינדסטער ווינט. און פונקט ווי פון

אונטער די געדיכטע שאָטנס פון איר דערמאָנונג איז אַרויסגעקומען — אַרקע. ער איז געשטאַנען לעבן איר מיט צוויי אָנגעגאָסענע גלעזלעך אין די הענט און זי האָט דערהערט זיין שטים, ווי אַמאָל:

— גאָלדעלע... לחיים...

— אַרקע!

גאָלדעלע האָט געפילט זיינע אויגן — טונקעלע, טיפע, ערנסטע — ווי דעמאָלט ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט איר אויפן בריסקער וואָקזאַל. אַרקע, ווי ער זאָל זיך צוהערן צו איר דערמאָנונג, האָט איר געזאָגט:

— דו האָסט די זעלבע אויגן, גאָלדעלע.

זיי האָבן כמעט גאָרניט גערעדט. בלויז דערמאָנט די פינף און צוואַנציק יאָר וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען. זי האָט אים באַקאַנט מיט אירווינגן און מיט אירע צוויי טעכטער — באַבי און בעסי, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן מיט די יונגע פּנימלעך און מיט גאָלדעלעס אויגן.

צוריקפאָרנדיק האָט אירווינג געוואָלט וויסן — ווער איז דער מאַן וואָס האָט מיט איר געטרונקען „גאָלדעלע... לחיים...״? אירווינג האָט געהערט די צאַרטקייט מיט וועלכער דער פרעמדער מענטש האָט אַרויס־גערעדט זיין ווייבס נאָמען „גאָלדעלע״.

גאָלדעלע האָט אים געענטפערט:

— אַ שכן... פון זאַהאַיקע... — און זי האָט געפילט, אַז אירווינג גלויבט איר ניט.

אירווינג האָט מער קיינמאָל ניט געוואָלט פאָרן צו קיין שום אונטער־נעמונג פון דער זאַהאַיקער סאָסייעטי.

דעם רווישיקן טיש פון די בראָנשטיינס האָט מען אַן עין־הרע געגעבן — אַזוי האָט געזאָגט דער אַלטער בענדזשאַמין בראָנשטיין. מיט איין יאָר שפּעטער האָט באַנקראָטירט די פירמע „בוקס ענד פּיקטשורס״ און איין זון איז פאַראַרעמט געוואָרן. אירווינג, גאָלדעלעס מאַן, האָט אָנגעהויבן צוקרענקען. געפאָרן פון שפּיטאָל און אין שפּיטאָל, און אין פיר יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן פון אַ קראַנקהייט אין די ביינער. גאָלדעלע האָט ניט געקענט פאַרגעסן אירווינגס בליק אין די לעצטע טעג אין שפּיטאָל. כמעט קינדישע אויגן האָט ער געהאַט, טרויעריקע, מיט אַ טענה, ווי מען זאָל אים בלייבן שולדיק אַ חוב וואָס ער וועט שוין קיינמאָל ניט איינמאָנען.

אַ סך נעכט איז גאָלדעלע ניט געשלאָפן. זי האָט געזען פאַר זיך אירווינגס טרויעריקע אויגן און האָט זיך געפילט שולדיק אנטקעגן אים.

גאָלדעלע האָט חתונה געמאַכט די צוויי טעכטער, באַבי און בעסי, און איז געבליבן אַליין אין אַ ליידיקער שטוב מיט זיידענע פאָרהאַנגען און ליידיקע בעטן. אין די פאַרנאַכטן פלעגט זי זיך אַמאָל דערמאָנען וועגן זאַהאַיקע, וועגן די צוויי דעמבעס איבערן גאַניק, און זייער געדיכטן שאָטן, וואָס איז אַזוי שווער געפאַלן איבער איר לעבן.

אַליין, אָן די טעכטער, אין אַן איינפאַכן גרויען קלייד, איז גאָלדעלע איינמאָל אַוועקגעפאָרן צו אַן אונטערנעמונג פון די זאַהאַיקער. אַ מענטש

מוז דאָך ערגעץ אַוועקלייגן זיינע עלנטע טעג — האָט זי געטראַכט, ווען זי האָט זיך געקליבן פאָרן. זי האָט זיך אַ סך פאַרענטפערט פאַר זיך אַליין, ווי זי זאָל טאָן אַן עוולה מיט איר פאָרן.

זי האָט אָפּגעגעבן איר מאַנטל אין גאַרדעראָב און האָט זיך געשטעלט ביים פאַרענטש אין גאַרדעראָב קוקן אויפן אָנקומענדיקן עולם. צו וועמען וועט זי צוגיין? זי האָט שוין לאַנג ניט געזען די לאַנדסלייט. סיידן... אפשר... — זי האָט זיך געשעמט טראַכטן וועגן אַרקען.

— עס איז דאָ אַ צוג־ווינט, גאָלדעלע — האָט זי דערהערט און האָט געוואוסט אַז אַרקע איז צוגעקומען צו איר, נאָך איידער זי האָט אים געזען.

— איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט דאָ זיין, גאָלדעלע.

גאָלדעלע האָט געשוויגן. זי האָט אויך געוואוסט, אַז ער וועט דאָ זיין.

— געדענקסט גאָלדעלע ווי מיר זיינען געשטאַנען אויפן הילצערנעם בריק ביי דעם טייך אין זאַהאַיקע? און איך האָב דיר דעמאָלט געזאָגט...

— יע, איך געדענק, — האָט אים גאָלדעלע געענטפערט נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד.

— איך בין אויסגעפאָרן אַ וועלט, מיט שיפן און מיט באַנען, און רייטנדיק אויף פערד, און גייענדיק צופוס — און קיינמאָל ניט געטראָפן אַ פרוי וואָס זאָל זיין ענלעך צו יענער וואָס איך האָב געזען אין פענצטער אין שאָטן פון די דעמבעס ביי די בראָנשטיינס אין שטוב. איך האָב זיך צוויי מאָל געגעט — פיינע פרויען געווען — נאָר גאָרניט ענלעך צו יענער...

— ער האָט אַ גלעט געטאָן גאָלדעלעס האַלב־גרויע, האַלב־שוואַרצע האָר — דו ביסט אַביסל ענלעך צו איר...

גאָלדעלע האָט אַ לאַך געטאָן און האָט זיך שטאַרק איינגעהאַלטן זי זאָל ניט אָנהויבן וויינען אין די אויגן פון אַלע זאַהאַיקער.

גאָלדעלע האָט חתונה געהאַט מיט אַרקען. זי איז אַוועקגעפאָרן מיט אים אין זיין היים אין לאָס אַנדזשעלעס. פאָרנדיק אויף דער באַן האָט אַרקע געזאָגט צו איר:

— דו געדענקסט, גאָלדעלע, ווי מיר זיינען געפאָרן צוזאַמען אויף דער באַן?...

— איך געדענק... — האָט אים גאָלדעלע געענטפערט, נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד.

שטיל האָט זיך געטראָגן דער עקספּרעס־צוג איבער די ברייטע ווייט־קייטן פון יוטאַ. גרינג און שטיל איז געלאָפן די באַן, ווי די רעדער זאָלן מיט יאָרן פאַרגעסן זייער רוישיקן געזאַנג פון די אַמאָליקע באַנען.

— עס איז אַ ווייטע רייזע — האָט גאָלדעלע געזאָגט און צוגעטוליעט איר קאָפּ צו אַרקעס אַקסל.

— יאָ, גאָלדעלע, עס איז זייער, זייער אַ ווייטע רייזע...

ער האָט זי אַרומגענומען. זיינע אויגן זיינען געווען טונקל, טיף און ערנסט, אַזוי ווי דעמאָלט אויפן בריסקער וואָקזאַל.

מערץ 13, 1955

# ג ל י ק

רעגינאַ איז געווען אין שאַפּ אַ דורכשניטלעכע נייטערקע. געקומען גלייך מיט אַלעמען, אַוועק גלייך מיט אַלעמען, אַראָפּגעגאַנגען עסן גלייך מיט אַלע נייטערקעס, אָבער פאַרדינט אַביסל ווייניקער ווי אַנדערע, ווייל זי איז געווען אַ „פאַמעלעכע". איר גליק איז געווען, וואָס דער פרעסער, אייב, האָט ליב געהאַט איר אַרבעט און האָט זי געלויבט אויף זיין שטייגער: „אַ שלימזל איז זי — אָבער זי מאַכט גוט". דאָס האָט אונטערגעהאַלטן איר אָנזען אין שאַפּ און מען איז איר מוחל געווען, וואָס זי איז אַ „פאַמעלעכע".

רעגינאַ האָט געפילט צו אייבן אַ דאַנקבאַרקייט, און אַז זיי האָבן זיך געטראָפן ביים עסן אין דער קאַפעטעריע, האָט זי אים געזאָגט:

— זיצט, אייב, איך וועל אייך ברענגען וואָס איר ווילט.

מיט דער צייט איז עס געוואָרן ביי זיי אַ געוואוינהייט — ער זיצט און רעגינאַ דערלאַנגט אים. די קאַפעטעריע איז געוואָרן היימישער צוליב דעם. עס איז כמעט ווי ביי זיך אין שטוב.

איינמאָל זיינען זיי צוזאַמען אַרויס פון דער קאַפעטעריע. אייב האָט געקויפט צוויי רויזן ביי אַן עלטערער פרוי, וואָס איז געשטאַנען מיט אַן עמער בלומען אויף דער גאַס, און די רויזן דערלאַנגט רעגינאַן. עס איז געווען אַ ניו־יאָרקער הייסער און שטויביקער פאַרנאַכט, אָבער פון די רויזן האָט זיך געטראָגן אַ פרישקייט — און רעגינאַן האָט זיך געדאַכט, אַז זי שפּאַצירט אין אַ בלומען־גאָרטן.

מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער האָט אייב חתונה געהאַט מיט רעגינען. דער באַלעבאָס פון שאַפּ, דזשעק גרין, האָט זיי צו דער געלעגנהייט געגעבן אַ מתנה — אַ טשעק פון פופציק דאָלער. ער האָט זיי ביידן אַריינגערופן אין אָפיס, געוואונטשן מזל־טוב און געגעבן די מתנה. רעגינאַ האָט געלויכטן מיט דער באַזונדערער ליכטיגקייט, וואָס גליק גיט צו אַ מענטשן — אַפילו די זון קען זיך מיט דער שיין ניט פאַרגלייכן.

דער באַלעבאָס פון שאַפּ, דזשעק, איז געווען אַ שניידער פון דער היים, אַ גאָלדענער בעל מלאכה (באַלמעלאָכע) און אויף אַ ריכטיק שטיקל אַרבעט האָט ער זיך פאַרשטאַנען מיט איין קוק. אין דער שטיל האָט ער געבענקט נאָך דער אַמאָליקער באָדל־אַרבעט, ווען אַ קעשענע האָט „געשפּילט" און אין אַ קראַגן האָט מען זיך „געשפּיגלט". ער האָט באַמערקט רעגינאַס „האָני־מון"־קלייד און דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים אַ ריר געטאָן מיט אַלטע בענקשאַפטן פון אַמאָליקער שניידעריי. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— העי, רעגינאַ! דאָס קלייד איז ניט פון אונדזער שאַפּ!

רעגינאַ האָט אים געענטפערט, ווי מען זאָל זי כאַפּן ביי אַ פאַרברעכן:

— דאָס האָב איך אַליין אויפגענייט, מיסטער גרין... צו דעם „האָני־מון"... האָב איך... כ'האָב געוואָלט... אַ נייע זאַך עפּעס האָב איך געוואָלט.

מיסטער גרין האָט מיט שיינענדיקע אויגן באַטראַכט רעגינאַס קלייד

און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פינגער אין דעם ווענטל פון דעם קליינעם צימער, וואו עס האָט געאַרבעט די דעזאַינערקע, מיס אַליס.

— זע, אַליס, זע דאָס קלייד!

מיס אַליס, וואָס איז געווען אָנגעטאָן און פאַרקעמט אַזוי פּינקטלעך, ווי אָפּגעלינעוועט מיט אַ ווירע, האָט באַטראַכט מער רעגינאַן ווי איר קלייד, און האָט געזאָגט:

— ס׳איז פיין, אָבער עס איז ניט איצטיקע פאַסאָנען...

דזשעק גרין, ווי ער זאָל ניט הערן וואָס אַליס זאָגט, האָט פאַרגעזעצט:

— זע, זע די קעשענקע! די פעלבעלעך... די דינינקע פעלבעלעך... מיר וועלן מאַכן דעם פאַסאָן... די דינינקע פעלבעלעך... האַ?

מיס אַליס האָט זיך געקווענקלט, אָבער זי האָט צוגעשטימט.

זעט אויס, אַז רעגינאַ איז געשטאַנען אין אַ מזלדיקער שעה אונטער דער חופּה. „איר פאַסאָן" — אַזוי האָט מיסטער גרין גערופן דאָס קלייד — האָט אויסגענומען. עס איז „געגאַנגען".

יעדעס מאָל וואָס עס איז אָנגעקומען אַ באַשטעלונג אויף די קליידער מיט „איר פאַסאָן", האָט דזשעק גרין אָנגעקלאַפּט אין ווענטל צו אַליסן און האָט געזאָגט שטענדיק די זעלבע ווערטער:

— זי האָט „אויסגעשאָסן"... איר פאַסאָן גייט... — און ער האָט געוויזן מיט אַ פינגער אויף דער באַשטעלונג.

נאָכדעם ווי רעגינאַ „האָט אויסגעשאָסן", האָט מיסטער גרין זי אָפט אַריינגערופן אין אָפיס און האָט איר געוויזן נייע זשורנאַלן מיט פאַסאָנען. רעגינאַ האָט אין פאַרלעגנהייט געקוקט אויף די קליידער און האָט ווייניק גערעדט. פון צייט צו צייט פלעגט זי אָנווייזן מיט אַ פינגער אויף אַ קלייד און אַרויסמורמלען: „מיר דאַכט זיך — דאָס דאַרף מען ניט... מיר דאַכט זיך — די אַרבל דאַרפן זיין ברייטער..."

דזשעק גרין האָט איר געקוקט גלייך אין מויל אַריין און האָט געצייכנט מיט אַ רויטן בלייפעדער אויף די קליידער, וואו רעגינאַ זאָגט „שמעלער", און וואו זי זאָגט „ברייטער" און וואו זי זאָגט „דאָס דאַרף מען ניט".

אייב פלעגט זיך אַריינכאַפּן צו די בייטערקעס, פון דער זייט אַ קוק טאָן, צי רעגינאַ אַרבעט ביי דער מאַשין, אָדער זי איז אין אָפיס ביי דזשעקן.

ביי דער מאַשין האָט רעגינאַ ווייניק געאַרבעט. כאָטש מיסטער גרין האָט זי ניט אָנגעשטעלט פאַר אַ דעזאַינערקע, כדי ניט באַליידיקן מיס אַליס — איז רעגינאַ געווען שטענדיק פאַרנומען מיט די זשורנאַלן.

רעגינאַס פאַסאָנען האָבן אויסגענומען. דזשעק גרין האָט הנאה געהאַט פון רעגינאַס אַרבעט. אירע פאַסאָנען האָבן אים דערמאָנט פון אַמאָליקע יאָרן, כאָטש זעץ זיך אַוועק און ניי זיי מיט דער נאָדל. ער האָט אַ נאָמען געגעבן אירע פאַסאָנען „סטאַיל בי" — און „סטאַיל בי" האָט זיך גוט פאַרקויפט. עס איז געווען פאַר דזשעקן אַ היילונג פאַר דער נשמה און אַ געזונט פאַר דער קעשענע...

ס׳האָט אָפט פּאַסירט, אַז אייב האָט געענדיקט די אַרבעט און איז גלייך

מיט אַלעמען אַוועק פון שאַפּ און רעגינאַ איז נאָך געבליבן אין אָפּיס „סטאַילן דעם סעזאָן". אייב איז אַליין געגאַנגען אין דער קאַפעטעריע, אַליין זיך גענומען דאָס עסן, און האָט אויף קיין איין רגע ניט פאַרגעסן, אַז רעגינאַ זיצט אין אָפּיס און „סטאַילט דעם סעזאָן".

אַז רעגינאַ קומט שפּעטער אַהיים, קען זיך אייב ניט איינהאַלטן און זאָגט איר:

— צוועלף יאָר ביסטו געווען אַ נייטערקע ביי גרינען און אינמיטן דערינען ביסטו געוואָרן אַ דעזאַינערקע! וואָס איז דאָס? אפשר וואָלסטו גאָר אָנגעקומען צו „וואולף און בוירג קאָמפּאַני" — דעמאָלט וואָלסטו געווען אַ דעזאַינערקע!

רעגינאַן האָט געאַרט וואָס אייב פרייט זיך ניט מיט איר דערהויבונג אין שאַפּ און האָט אים געענטפערט:

— טאַקע אַ שאָד, וואָס איך בין פריער ניט געוואָרן אַ דעזאַיענערקע, מען פאַרדינט מער און עס איז גרינגער צו אַרבעטן.

אייב האָט אַזאַ ענטפער ניט אָנגענומען. ער פלעגט ווערן אויפגערעגט און טענהן:

— דו ביסט בעסער פון אַליסן? צו וואָס דאַרף ער דיך, אַז ער האָט אַליסן?

דאָס פאַרדריסט רעגינאַן און זי קען ניט פאַרשווייגן:

— וואָס מיינסטו? אַליס איז אַ גאָט? אַליס קען מאַכן אַ פאַסאָן און איך קען אויך מאַכן אַ פאַסאָן. טאָ וואָס איז דאָ דער וואונדער?

דאָס וואָס פאַר רעגינאַן איז געווען אַ „גוטער מזל", וואָס זי איז געוואָרן אַ דעזאַינערקע, איז פאַר אייבן געוואָרן אַן „אָנשיקעניש". ער איז אַראָפּ פון פּנים. די האָפערדיקייט, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַט — „דער בעסטער פּרעסער אין שאַפּ" — איז ווי צעגאַנגען, פונקט ווי רעגינאַס זון, וואָס איז אויפגעקומען, האָט צעשמאָלצן זיין זיכערקייט, זיין פריילעכקייט.

רעגינאַ האָט קיינמאָל ניט דערציילט אייבן, אַז זי האָט געקראָגן אַ באָנוס, אָדער אַ העכערונג אין געהאַלט. זי האָט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם אָפּיס. איר וועכנטלעכער געהאַלט איז געוואָרן אַ גרעסערער ווי זיינער — ניט רעגינאַ און ניט אייב האָבן דערמאָנט וועגן דעם.

אַליס האָט איינמאָל געטראָפן אייבן און האָט אים געזאָגט:

— רעגינאַ האָט דערפאָלג, דו ווייסט? איר אַרבעט געפעלט זייער דזשעקן.

אייב איז געקומען אַהיים ווי אַ דורכגעשטאָכענער פון אירע רייד. ער האָט איבערגעטראַכט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אַליסעס ווערטער: „איר אַרבעט געפעלט זייער דזשעקן"... שווערע פאַרדאַכטן האָבן זיך אַרומגעוויקלט אַרום זיין האַרץ: „וואָס דען? אַ דעזאַינערקע געוואָרן אינמיטן דערינען! דער אַלטער תּרח (טעראַך) דזשעק האָט ליב צו זיצן מיט רעגינאַן און פאַרברענגען. מען זיצט און מען בלעטערט די זשורנאַלן. מען זיצט און מען צייכנט מיט אַ בליי‌פעדער. אַ דאגה וואָס מ'טוט? מען פאַרברענגט..."

אין אַ הייסן שטויביקן פאַרנאַכט איז רעגינאַ נאָך דער אַרבעט אַרײַן אין דער קאַפעטעריע מיט אייבן. רעגינאַ, ווי געוויינלעך, איז אַוועק ברענגען דאָס עסן. אייב איז געזעסן, געררייכערט אַ סיגאַרעט און געוואַרט אויף איר. פּונקט ווי מיט צוויי יאָר צוריק איידער זיי האָבן חתונה געהאַט. אייב האָט געפּרואווט מיט אַלע כוחות דרייען די ראָד אויף צוריק: אַז זי איז פאַרנומען בלייבט זי אין אָפיס — האָט ער געטראַכט — אָבער אַז זי איז פריי, גייט זי גלייך מיט אים אַהיים. אַליס פאַרגינט ניט רעגינאַן און דערפאַר האָט זי גע־פּלאָפּלט. און פאַרוואָס קען טאַקע רעגינאַ ניט זיין קיין דעזאַינערקע? זי איז געוועזן אַ נייטערקע — איז זי געוואָרן אַ דעזאַינערקע. זי איז דען געוואָרן אַ רב? וואָס איז דאָ דער וואונדער? די קאַפעטעריע האָט אויסגעזען אין זייִנע אויגן ווי אַמאָל, ווי פאַר צוויי יאָרן. די לעפעלעך און גאָפּלען, וואָס רעגינאַ האָט אַוועקגעלייגט אויף ווייסע פּאַפּירענע סערוועטקעס, האָבן אויס־געזען פרידלעך און היימיש.

ווען זיי זיינען אַרויס פון דער קאַפעטעריע, האָט אייב געקויפט פאַר רעגינאַן צוויי רויזן ביי דער זעלבער עלטערער פרוי, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיטן זעלבן עמער בלומען און האָט אינמיטן דער שטויביקער גאַס אַריינגעבראַכט פרישקייט און דעם גערוך פון אַ בלומען־גאָרטן — פאַר די וואָס די בלומען ברענגען זיי פרייד.

פאַרנדיק אַהיים האָט רעגינאַ געזאָגט צו אייבן:

— מען גרייט זיך פאָרן צו אַ מאָדע־אויסשטעלונג אין לאָס אַנדזשעלעס... עס וועט זיין אַ גרויסע אויסשטעלונג... מען גרייט דעם האַרבסט־סעזאָן.

רעגינאַ האָט מורא געהאַט זאָגן אייבן, אַז דזשעק גרין וויל זי זאָל פאָרן מיט אים צו דער אויסשטעלונג. אייב האָט פאַרשטאַנען דאָס וואָס רעגינאַ האָט ניט דערזאָגט און האָט איר געענטפערט:

— זאָלן זיי פאָרן... איך בין ניט מחויב צו באַזאָרגן דזשעק גרינס גע־שעפטן...

רעגינאַ האָט געשוויגן. די צוויי רויזן אין איר האַנט האָבן איר גע־שטערט זיך באַוועגן, און זי האָט זיי געגעבן אייבן אויף צו־האַלטן. די האַנט איז ביי איר איינגעשלאָפן און רעגינאַ האָט געריבן די פינגער. אין שטוב האָט רעגינאַ זיך גענומען אַריינשטעלן די רויזן אין אַ וואַזע, און דערביי ניט אויפגעהערט טראַכטן ווי אַזוי זי וועט זיך דאָ אַרויסדרייען מיטן פאָרן צו דער אויסשטעלונג, אַז פאַר אייבן איז דאָס „דזשעק גרינס געשעפטן". זי האָט אַריינגעשטעלט די בלומען אין וואַסער מיט גלייכגילטיקע הענט, ווי אַ שטיפמאַמע וואָס גיט עסן אירע שטיפקינדער. טרויעריק זיינען געשטאַנען די צוויי רויזן, ווי זיי זאָלן פילן, אַז זיי זיינען אָפּגעשניטענע בלומען.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַליס זיך דורכגעדרייט לעבן אייבס פּרעס־מאַשין, האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און האָט אים געפרעגט:

— נו, אייב, דו פאָרסט מיט רעגינאַן אין לאָס אַנדזשעלעס?

אייב האָט דערפילט, אַז אַליס איז געקומען אים אָנזאַלצן אויפן האַרצן, און ער האָט איר געענטפערט אין זעלבן טאָן ווי זי האָט גערעדט צו אים:

— אויב איר פֿאָרט, וועל איך אויך פֿאָרן.

ביי אַליסן זיינען אויפֿגעריסן געוואָרן די אויגן פֿון פֿאַרוואונדערונג:

— איך? — האָט זי איבערגעפֿרעגט — אויב איך פֿאָר? — זי האָט נערוועז אַ לאַך געטאָן — איך פֿאָר דאָך אַלע יאָר!

זי פֿאַרגינט ניט רעגינאַן, דאָס האָט איצט אייב געזען אין איר פּנים און דערפֿילט אין איר נערוועזן געלעכטער. פֿונדעסטוועגן האָט אייבן ווי געטאָן, וואָס רעגינאַ האָט אים ביז איצט ניט געזאָגט, אַז זי קלייבט זיך טאַקע צו פֿאָרן קיין לאָס אַנדזשעלעס.

כּדי מען זאָל אין שאַפּ ניט באַמערקן זיין צערודערטקייט, האָט זיך אייב יעדן טאָג פֿאַרן גיין צו דער אַרבעט אויפֿמערקזאַם אָפּגעגאָלט, אָנגעטאָן אַ פֿרישע העמד, אַכטונג געגעבן, אַז דער אויסבינדער זאָל זיין אַ צוגעפּאַסטער און אַפֿילו ניט פֿאַרגעסן צוהעקלען אים מיטן זילבערנעם קלאַמער, וואו עס איז געווען אויסגעקריצט זיין מאָנאָגראַם. אָבער אַזוי ווי די זון קען ניט פֿאַרבאָרגן אירע פֿלעקן, כאָטש זי האָט אַזוי פֿיל שיין, אַזוי קען אַ מענטש מיט די שענסטע קליידער ניט פֿאַרשטעלן זיין טרויער, וואָס ער באַהאַלט אינעם פֿאַרבאָרגנסטן ווינקל פֿון האַרץ. אַן אויסגעפּוצטער און אַ שמייכ־לענדיקער איז ער ניט געווען דער זעלבער אייב, וואָס איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ האַן איבערן שאַפּ — דער בעסטער פּרעסער — און האָט געהערט די וועלט פֿאַר אַ דריידל.

איבערהויפּט איז אייבן שווער געווען בייצוקומען זיין צעטומלטקייט, ווען אינמיטן העלן טאָג איז רעגינאַ אַוועקגעפֿאָרן מיט דזשעקן און אַליס פֿון שאַפּ — אַ קוק טאָן פּאַסאַזשן. זיי פֿלעגן שוין אויפֿן וועג עסן לאָנטש צוזאַמען. יאָרן לאַנג האָט אייב געאַרבעט אין שאַפּ און האָט קיינמאָל ניט געוואוסט, ווען דזשעק איז אין אָפֿיס און ווען ער פֿאָרט אַרויס. איצט האָט ער דאָס יעדעס מאָל איבערגעלעבט. די מיידלעך פֿונעם שאַפּ האָבן נאָכ־געקוקט רעגינאַן ווי זי גייט אַוועק מיטן „באָס". זיי זיינען איר מקנא געווען. אייב האָט איר ניט נאָכגעקוקט. ער האָט ניט קוקנדיק געפֿילט ווי זי גייט אַוועק, אַמאָל באַמערקט איר מאַנטל, וואָס שאָטנט דורך פֿון דער טיר פֿון אָפֿיס צו דער טיר וואָס פֿירט צום עלעוועיטער.

איינמאָל האָט ער פֿון דער העלער הויט געזאָגט צו רעגינאַן:

— איך וועל בייטן מיין דזשאַב.

— וואָס איז? — האָט אים רעגינאַ געפֿרעגט. — האָסט זיך צעקריגט מיטן פֿאָרמאַן?

— איך האָב אים אין דער ערד, דזשעקן — האָט ער געזאָגט מיט ביטערקייט.

דאָס איז געווען אַן אָפֿענער אָנזאָג פֿאַר רעגינאַן, אַז זי מוז אויך טראַכטן וועגן אַ נייעם דזשאַב. אָבער וואו וועט זי גיין? ווער קען זי פֿאַר אַ דעזאַינערקע? רעגינאַ האָט געשוויגן. שווייגן איז ביי איר געוואָרן אַן ענטפֿער פֿאַר אַלע ענטפֿערס. די צוויי צימערן — די דירה וואָס זיי האָבן

גערונגען — זייענדיק כמעט שטענדיק געווען אָנגעלאָדן מיט שטילקייט — אַ שטילקייט וואָס גיט ניט קיין רו.

אין שאַפּ ביי מיסטער גרין איז געווען דער טומל פון אָנהויב האַרבסט סעזאָן. דער זומער האָט נאָך געפייערט, אָבער אין שאַפּ איז שוין געווען האַרבסט־סעזאָן. מען האָט געבראַכט מוסטערן פון וואָלענע שטאָפן. אויף די טישן האָבן זיך געהויבן בערג מיט האַריקע סחורות און פוטערנע באַפּוצונגען צו קליידער. אין שאַפּ האָבן שוין אַלע מיידלעך געוואוסט, אַז רעגינאַ פּאָרט מיט דזשעקן אויף דער „פעשאָן שאָו" אין לאָס אַנדזשעלעס און די ביידע איז געגאַנגען פון מויל צו מויל.

— ווען דער „באָס" קלייבט אויס, יענער ווערט דער מבין... וואָס איז? רעגינאַ האָט געענדיקט אַ „דעזאַינינג שול"?

אַליס מיט אַ דיפּלאָם פון אַ שול, אַליס מיט לאַנג־יאָריקער אָפּגעזונ־דערטקייט פון זיי — אַליס פּאָרט קיין לאָס אַנדזשעלעס — דאָס איז נאַטירלעך. אַזוי שטייט די וועלט פון אייביק אָן. זיי זיצן ביי די מאַשינעס און אַליס פּאָרט קיין לאָס אַנדזשעלעס. דאָס איז איר דזשאָב. אָבער רעגינאַ? אָט איז זי געזעסן ביי דער מאַשין, אַ „פּאַמעלעכע", און אינמיטן דערינען פּאָרט זי קיין לאָס־אַנדזשעלעס! ניט זי פּאָרט — נאָר זי „פליט". די „פּאַמע־לעכע" פליט, רעגינאַ... די ענדערונג אין איר מזל, וואָס איז פּאָרגעקומען פאַר זייערע אויגן אין שאַפּ, האָבן די נייטערקעס ניט געקענט פאַרגייגיין. מיט אייבן האָבן זיי זיך געוויצלט:

— דיין גליק וואָס דו האָסט אַריינגעכאַפּט רעגינאַן אײדער זי איז „געפלויגן" — איצט וואָלט זי מיט דיר ניט חתונה געהאַט.

רעגינאַ איז געפלויגן קיין לאָס אַנדזשעלעס. דער גאַנצער שאַפּ איז „געפלויגן" מיט איר. מען האָט גערעדט, מען האָט באַרעדט, מען איז מקנא געווען. מען האָט ניט פאַרגונען, מען האָט געזאָגט נביאות: „זי וועט נאָך דאָרט ווערן אַ סטאַר אין האָליוואוד!" רעגינאַ האָט באַוויזן פאַרן שאַפּ אַזוי פיל בריהשאַפּט (בעריעשאַפּט), אַז מען האָט שוין אויף איר אַלץ געקענט גלויבן.

רעגינאַ איז אַוועקגעפאָרן אינדערפרי. אייב האָט זי ניט באַגלייט. ער איז אַוועק אין שאַפּ צו דער אַרבעט. דאָס איז זיין דזשאָב. זיי האָבן זיך געזעגנט ביי דער סאָבוועי. אייב האָט געזאָגט צו רעגינאַן:

— נו, דו פאָרסט טאַקע? האַ? — ווי ער זאָל זיך איצט דערוויסן, אַז זי פאָרט אַוועק — זאָלסט שרייבן... זיי האָבן זיך צעקושט ווי דורך אַ נאָז־טיכל, קוים זיך אָנגערירט מיט די ליפּן.

רעגינאַ האָט גענומען אַ טעקסי צום לופט־פעלד און אייב איז מיט אַ זייטיקער באַוועגונג, ווי פון אונטער אַ רעגן, אַוועק צו די טרעפּ פון דער סאָבוועי.

די טעקסי האָט רעגינאַן אַ טראָג געטאָן איבער די גאַסן פון שטאָט און רעגינאַן האָט זיך געדאַכט, אַז זי פליט, נאָך אײדער זי האָט געזעצן

דעם עראָפּלאַן. נאָר אַ קלעמונג איז בײַ איר געבליבן פון איר געזעגענונג מיט אייבן און פון זײַן פראַגע: — „דו פאַרסט טאַקע, האַ?"

ווען רעגינאַ איז צוריקגעקומען איז געווען אַ זונטיק. זי האָט אָפּגערופן אייבן פון לופטפעלד און ער האָט געוואָרט אינדערהיים אויף איר אָנקומען. די צוויי צימערן זײַנען געווען פאַרשטויבט. די זאַכן און די קעסטלעך וואָס זי האָט פאַרן אַוועקפאָרן איבערגעלאָזן אויפן טיש און אויף דער פּאָדלאָגע זײַנען געלעגן ניט קיין אָנגערירטע.

— אַ חורבן — האָט רעגינאַ אַ טראַכט געטאָן, ווען זי האָט געעפנט די טיר.

אייב האָט זי באַגעגנט:

— נו, דו האָסט שוין אײַנגעאָרדנט דזשעקס געשעפטן?

רעגינאַ האָט אים אַרומגענומען און האָט אים געענטפערט:

— איך פאַרנעם זיך שוין ניט מיט „דזשעקס געשעפטן". דו ווילסט ניט — דאַרף מען ניט.

— אויס דעזאַינערקע? — האָט אייב אויסגערופן — אויס כלה, ווייטער מויד?

רעגינאַ האָט פּאַמעלעך געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין און האָט אים געענטפערט דייטלעך, ווי מען דיקטירט אַ טעלעגראַמע:

— איך האָב אָנגענומען אַ דזשאָב בײַ „וואולף און בוירג קאָמפּאַני". זיי האָבן געזוכט מײַן „סטאַיל בײַ" און עס איז זיי געפעלן.

אייב האָט געקוקט אויף רעגינאַן מיט אַזעלכע פאַרוואונדערטע אויגן, ווי זי זאָל ניט רײדן מיט געוויינלעכע ווערטער, נאָר זי זאָל אַרויסבלאָזן לעבעדיקע פייגעלעך פון מויל. ער האָט זיך ניט דערפרייט. רעגינאַ איז געשטאַנען אַנטקעגן אים אין אַ שמאָל געפּאַסט קלייד מיט דינינקע פעלדעלעך „סטאַיל בײַ" און אַ ניי וועלוועט היטעלע פון לאָס אַנדזשעלעס. זי האָט אויסגעזען ווי אַ מואווי־סטאַר, ווי זי זאָל איבערנעמען די האָפערדיקייט און זיכערקייט, וואָס אייב האָט געהאַט אין שאַפּ איידער ער האָט חתונה געהאַט מיט רעגינאַן. אייב האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ניט־פאַרבעטן בעט און האָט אָנגעהויבן שאָקלען מיט די פיס, ווי ער זאָל ערגעץ גיין, גיין אָן אַן אויפהער.

רעגינאַ האָט געשוויגן. זי האָט זיך איבערגעטאָן, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ כאַלאַט און אָנגעהויבן פּאַמעלעך אויפראַמען די שטוב.

פעברואַר 13, 1955

# סילוויאַ

סילוויאַ האָט זיך אין איר אַרבעט מיט אָפּגעשטאַנענע קינדער שטאַרק אויסגעצייכנט. צו דריי און צוואַנציק יאָר האָט זי דערגרייכט, אַז מען האָט זי אייַנגעלאַדן לייענען לעקציעס פאַר לערערס אויף דעם געביט.

די אייַנלאַדונג איז באַגלייט געוואָרן מיט אַן אויפנאַמע פאַר סילוויאַן. עס זייַנען געקומען חשובע פּאַרשטייער פון דער פּעדאַגאָגישער וועלט. מען האָט געהאַלטן רעדעס, געטרונקען טיי און געגעסן קוכן.

סילוויאַס עלטערן, פּאַרמעגלעכע אייַזנוואַרג־קרעמער, זייַנען געזעסן אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס אין נייע קליידער, און האָבן מורא געהאַט אויסצורײדן אַ וואָרט אויף זייער סוחרישן ענגליש, עס זאָל נישט קאַליע מאַכן סילוויאַס קאַריערע. בלויז ווען זיי האָבן געהערט, אַז סילוויאַס אַרבעט ווערט שטאַרק געלויבט פון מבֿינים, האָבן זיי פון צייט צו צייט געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— דו הערסט עפּעס?

און דער ענטפער איז געווען:

— שאַ, רייד נישט צופיל.

דאָס איז געווען אַן אָוונט, ווען זיי האָבן געהאַט נחת פון סילוויאַן.

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען אין זאַל איז אַריין סעמועל גלאַזער, וואָס סילוויאַ האָט אים שוין ניט געזען פיר יאָר.

זייַן פּלוצימדיקער קומען האָט סילוויאַן צעטומלט. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע חושים אויף צוהערן זיך וואָס מען רעדט, און וויסן וואָס צו ענטפערן.

זי האָט צו זיך אַליין אָנגעווענדט דעם זעלבן מיטל, וואָס זי ווענדט אָן צו אַן אָפּגעשטאַנענעם קינד, ווען דאָס קינד ווערט צעשטרייט. זי ווייזט אים אַ נייע זאַך. זי האָט גענומען באַטראַכטן די בלומען, וואָס זי האָט זיי ביז איצט ניט באַמערקט אויפן טיש. עס זייַנען געשטאַנען רויזן און גלאַדיאָלן. קוקנדיק אויף די בלומען האָט זי צוריק אָנגעהויבן הערן דעם רעדנער. זי איז געקומען צו זיך.

סילוויאַס מוטער, מיסיס גיטערמאַן, האָט אויך באַמערקט סעמועלס אַריינקומען. זי האָט אַ צי־געטאָן דעם מאַן פאַר אַן אַרבל און האָט צו אים שטיל אַ זאָג־געטאָן:

— סעמועל איז דאָך דאָ.

דער מאַן אירער, ניט־אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט פון אונטער אַן אַראָפּגעלאָזטן שטערן מיט די אויגן דורכגעזיפּט דעם עולם, געזען סעמועלן און שטיל געזאָגט צום ווייב:

— ער איז טאַקע דאָ.

איצט האָבן טאַטע־מאַמע מער ניט געהערט די רעדנער. זייער אויפמערקזאַמקייט האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו דעם אָרט, וואו עס איז געזעסן סעמועל, כאָטש זיי האָבן אויף אים ניט געקוקט.

מיט פינף יאָר צוריק איז סעמועל געווען ביי זיי אין שטוב אַן אייגענער מענטש. „סילוויאַ און סעמועל" פלעגן שטענדיק דערמאָנט ווערן צו־זאַמען. „סילוויאַ און סעמועל" זיינען אַוועק אין טעאַטער, „סילוויאַ און סעמועל" האָבן געקויפט ביכער, „סילוויאַ און סעמועל" זיינען אַוועקגעפאָרן צום ים.

עס איז ביי קיינעם קיין צווייפל ניט געווען, אַז סילוויאַ און סעמועל וועלן אייביק בלייבן צוזאַמען. ווי קען אַנדערש זיין?

און גענוי מיט פיר יאָר צוריק, ווינטער אויף די וואַקאַציעס, איז סעמועל אַוועקגעפאָרן צו זיינע עלטערן אין אַ קליין שטעטל לעבן באָסטאָן, און פון דאָרט אָנגעשריבן אַ בריוו צו סילוויאַן, אַז ער וועט „וואַרשיינלעך" זיך אַריבערציען אין אוניווערסיטעט אין באָסטאָן און דאָרט ענדיקן זיין שטודיום אין כעמיע.

ער איז געקומען צונעמען זיינע זאַכן. סילוויאַ האָט אים געהאָלפן אויסקלייבן זיינע ביכער, וואָס זיינען געשטאַנען ביי איר אויף די ביכער־פּאָליצעס. סילוויאַ האָט אים באַגלייט צו דער באַן, און האָט אים בלויז געפרעגט איין פראַגע:

פאַרוואָס האָט ער אַזוי פּלוצלינג באַשלאָסן זיך אַריבערציען קיין באָסטאָן?

— מער מעגלעכקייטן צו אַרבעטן — האָט ער איר געענטפערט, — און נעענטער צו דער היים.

ווען זי איז נאָך זיין אַוועקפאָרן אַרויס פון דער באַן־סטאַנציע אויף אומקערן זיך אַהיים, איז אין דרויסן געווען קאַלט. סילוויאַן האָט זיך גע־דוכט, אַז די קעלט וועט קיינמאָל ניט אויפהערן.

אין שטוב האָבן זי די עלטערן באַגעגנט ווי איינעם וואָס קומט פון אַ לוויה. און ווען סילוויאַ האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט זי די מאַמע געפרעגט, צי וויל זי ניט אַ „האַט וואָטער בעג".

— עס איז אַזוי קאַלט אין דרויסן — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר דער טאָכטער.

סילוויאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און האָט מיט אַ ציטעריק מויל אַ שמייכל געטאָן.

נאָך סעמועלס אַוועקפאָרן איז צווישן די משפּחות, די גיטערמאַנס און גלאַזערס, וואָס זיינען געווען קרובים און זיך געהאַלטן יאָרן־לאַנג נאָענט, דורכגעלאָפן די שוואַרצע קאַץ פון ברוגז. מען האָט זיך ניט געשריבן קיין בריוו און איינע צו די אַנדערע צו־גאַסט ניט געפאָרן. נאָר יעדעס יאָר, צו סילוויאַס געבורטסטאָג, זיינען אָנגעקומען בלומען פון סעמועלן.

סילוויאַס מאַמע האָט די בלומען מיט אימפּעט אַרויסגעוואָרפן פרישערהייט און געזאָגט צו סילוויאַן:

— בלומען שיקט ער! זאָל זיי זיין מאַמע, חנה־ביילקע, אויפעסן.

סילוויאַ האָט ניט פּראָטעסטירט, וואָס די מאַמע וואַרפט אַרויס סעמועלס בלומען און האָט קיינמאָל וועגן סעמועלן ניט גערעדט.

אין קאַלעדזש האָט זי געקראָגן אַ סקאָלערשיפּ. זי איז געגאַנגען אויף קאָנפערענצן און סעמינאַרן וועגן דערציאונג. אין שטוב האָט זי געבראַכט ביכער און האָט געלייענט. איר נאָמען האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די צייטונגען, זי האָלט אַ רעפעראַט, זי באַטייליקט זיך אין אַ סימפּאָזיום. די עלטערן האָבן זיך געגרויסט פאַר שכנים און באַקאַנטע מיט סילוויאַס מעלות, אָבער איבער דער שטוב איז געהאַנגען דער פאַרבאָרגענער טרויער: סילוויאַ בלייבט אַ פאַרזעסענע.

סילוויאַ האָט אויפגענומען באַקאַנטע, האָט געקויפט בילדער, איז געגאַנגען אויף אויסשטעלונגען, אַמאָל מיט פריינט און אַמאָל אַליין. זי האָט איינגעשטעלט איר לעבן מיט אַ פּלאַן, זי איז געווען — סילוויאַ, און קיינער האָט ניט געוואַגט זי פרעגן וועגן איר צוקונפט.

פונדעסטוועגן האָט מען אין שטוב ביי די גיטערמאַנס שטענדיק געוואוסט אַלץ, וואָס עס טוט סעמועל. באַהאַלטענערהייט איז געפירט געוואָרן דער חשבון פון סעמועלס לעבן אין באָסטאָן.

„סעמועל האָט געקראָגן זיין דאָקטאָר־טיטל, סעמועל גייט אַרום מיט אַ געגעטער פרוי, סעמועל האָט ניט חתונה געהאַט, סעמועל איז אַרויסגעפאָרן קיין וואַשינגטאָן צוליב אַרבעט. פונקט ווי צוזאַמען מיט זייער לעבן איז ווייט אין שאָטן מיטגעגאַנגען נאָך אַ לעבן, וואָס האָט אַ שייכות מיט זיי.

ווען סילוויאַ האָט צו איר דריי און צוואַנציקסטן געבורטסטאָג געקראָגן בלומען פון סעמועלן, האָט זי אים צום ערשטן מאָל אָנגעשריבן אַ בריוו.

„צוליב וואָס ציילסטו מיינע יאָרן, סעמועל, וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי צו דיר?"

סעמועל האָט איר אויפן בריוו ניט געענטפערט, נאָר גאָר אומגעריכט אַראָפּגעקומען צו דער אויפנאַמע, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט פאַר סילוויאַן.

ווען די צערעמאָניע פון דער אויפנאַמע האָט זיך געענדיקט, איז סעמועל צוגעגאַנגען צו סילוויאַן. ער האָט איר גראַטולירט מיט איר דערפאָלג און צוגעגעבן:

— ביסט שענער געוואָרן, סילוויאַ.

סילוויאַ איז רויט געוואָרן. זי האָט אים געענטפערט:

— אַ דאַנק, סעמועל, אַלע זאַכן זעען אויס שענער, ווען מען זעט זיי זעלטענער, און מיר האָבן זיך שוין פיר יאָר ניט געזען.

סילוויאַס עלטערן האָבן ניט געוואוסט, ווי זיי זאָלן זיך באַגיין מיט סעמועלן. סילוויאַס מאַמע האָט געזאָגט צום מאַן:

— כאַפּ זיך ניט אַרום מיט אים. זאָל ער זען, אַז מיר דאַרפן אים אויף כפּרות.

זיי זיינען געוואָרן פאַרוואונדערט ווען זיי האָבן געזען ווי סילוויאַ האָט אים, סעמועלן, געגעבן טראָגן איר טעקע און האָט צו אים געזאָגט היימיש:

„פאַרצי מיר די זיפּערס אויף די קאַלאָשן, סעמועל", פונקט ווי זי זאָל

אויף אים קיין שום פאַרדראָסן ניט האָבן און זאָל אים האָבן געזען ערשט געכטן.

סילוויאַ און סעמועל זיינען אַוועק פאָראויס און די עלטערן זיינען געגאַנגען הינטער זיי. סעמועל האָט געהאַלטן סילוויאַן ביים אָרעם, ווי מיט פיר יאָר צוריק, ווען זיי זיינען געגאַנגען צוזאַמען.

— אויף ווי לאַנג ביסטו געקומען, סעמועל? — האָט אים סילוויאַ געפרעגט און האָט זיך באַמיט, אַז איר שטים זאָל זיין נאַטירלעך, ווי מען פרעגט אַ געוויינלעכע פראַגע ביי אַ באַקאַנטן.

— אויף שטענדיק, סילוויאַ, — האָט איר סעמועל געענטפערט, און האָט שטיל צוגעגעבן: — איך האָב לאַנג געוואַרט אויף דיין בריוו.

די עלטערן זיינען אַוועק נעמען דעם אָטאָמאָביל. מיסיס גיטערמאַן האָט געזאָגט צום מאַן:

— אַזאַ אומגעריכטע זאַך, זיין קומען. ווי מיינסטו, עס האָט עפּעס אַ ממשות?

דער מאַן האָט איר געענטפערט:

— קיינער לייגט ניט קיין הוצאות אומזיסט. אָבער איצט וועל איך הייסן מאַכן חופּה וקדושין כדת משה וישראל. איך וויל ניט האָבן קיין „שאָטל־טרעין" צווישן ניו יאָרק און באָסטאָן.

זיי זיינען אַריין אין אָטאָמאָביל און האָבן דעריאָגט סילוויאַן מיט סעמועלן.

ניו יאָרק, 1954

# אַ שטראַל פון יוגנט

מיט אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק מענטשן פון די דייטשישע לאַגערן זיינען שרה און יואל און זייער דריי־יאָריק ייִנגעלע, אברהמל, אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

ווי אַ רעטונג־גאַרטל האָט שרה געטראָגן גוט באַהאַלטן אין איר טאַש די צוויי אַדרעסן פון אירע קרובים — איר פעטער חיים ברודער און אַן עלטער־מומע, חיה־איטע.

אין ניו יאָרק, ווען די שיף איז אָנגעקומען, האָט שרהן באַגעגנט איר פעטער, אַ ייִד מיט אַ הויכן שטערן און אַ לענגלעך פּנים, ענלעך צו איר פאָטער. ער איז שוין געווען ביי אַ פינף־און־דרייסיק יאָר אין אַמעריקע, און אין דער משפּחה האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ „מיליאָנשטשיק".

די באַגעגעניש איז געווען ניט קיין פייערדיקע — אין קוש פאַר יעדערן — אָן משפּחהדיקער וואַרעמקייט. דער פעטער האָט אַ ווײַלע באַ־טראַכט די דריי אָנגעקומענע — שרהן, יואלן און אברהמלען, און האָט געזאָגט: „נו, אָלראַיט, מיר פאָרן".

דעם באַגאַזש האָט דער פעטער אָפּגעשיקט און די דריי פּאַסאַזשירן גע־נומען צו זיך אין אַ גרויסער, רייכער מאַשין און זיי „אַריינגעפירט קיין אַמעריקע".

גערעדט האָט דער פעטער ווייניק. ער האָט פאַרנדיק אַ פרעג געטאָן: „ווי אַלט איז דאָס קינד? און ווי הייסט ער?" — און אַז ער האָט געהערט דעם נאָמען אברהמל, דער נאָמען פון זיין ברודער, שרהס פאָטער, וואָס די דייטשן האָבן אים דערשאָסן — האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שנעלער אַ טרייב געטאָן די מאַשין, ווי ער זאָל וועלן וואָס ווייטער אַנטלויפן פון דעם אומגליק.

נאָכדעם האָט זיך זיין נייגעריקייט אינגאַנצן אויסגעשעפּט. און בלויז אַז די זיינען אָפּגעפאָרן אַ שטיקל וועג, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— מיין פרוי איז ניט געזונט, זי קען ניט זיין מיט קיין פרעמדע מענטשן. איך פאַרפיר אייך צו חיה־איטען.

שרה און יואל זיינען געזעסן אָנגעשטרענגט, ווי מען זאָל זיי פירן ניט צו קרובים, נאָר אויף אַ פאַרהער. כדי איבערצורייסן די שטילקייט האָט יואל אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיינע שטאָט, ניו יאָרק.

— וואָס דען? ס'איז גאָלאָווינקע? — האָט זיך דער פעטער אָפּגערופן, ווי אים זאָל גאָר זיין אומפאַרשטענדלעך, אַז ניו־יאָרק דאַרף נאָך אַ לויב.

חיה־איטען האָט דער פעטער אַרויסגערופן פון הויז מיט עטלעכע ס־גנאַלן פון האָרן פון זיין אָטאָמאָביל. זי איז אַרויסגעלאָפן, האָט דערזען יואלן, שרהן און אברהמלען, האָט זי אַרויסגערעדט: „מיט אַ קינד זיינען זיי?" — פונדעסטוועגן האָט זי זיך מיט זיי צעקושט און צוגעוואונטשן: „זאָל אייך זיין מיט גליק אייער קומען".

דער פעטער איז ניט אַרויס פון דער מאַשין. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, האָט געזאָגט, אַז ער איז פאַרנומען, אַז זיין ווייב איז ניט געזונט, אַז די ביזנעס קענען אָן אים ניט זיין אַ מינוט, און אַז ער וועט קומען מאָרגן. אָט דאָס אַלץ האָט ער אָפּגעזאָגט ווי אַ קורצע שמונה־עשרה און איז אַוועקגעפאָרן.

— האָסטו זיך אַ פעטער... — האָט יואל אַ מורמל געטאָן צו שרהן, און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט.

חיה־איטע האָט זיי דורכגעפירט דורך אַ לאַנגער קראָם פון היטעלעך, און דורך אַ שמאָלער טיר זיינען זיי אַריין אין איר דירה, צוויי צימערן מיט אַ קיך. זי האָט זיי געגעבן אַ „קאַלטן לאָנטש" — קאַלטע פלייש, געדרויבערטע פיש, קעז, פוטער און אַ פלאַש קאַלטע מילך און דערצו אַ דערקלערונג: „דאָ האָט מען ניט קיין צייט צו קאָכן, מען עסט קאַלטע — אַזוי איז אַמעריקע".

איבער דער טיר פון חיה־איטעס קראָם איז געווען אַ זילבערנער אויפשריפט „זשאַנעטס", און חיה־איטע אַליין איז געווען אויסגעפּוצט, ווי זי זאָל נאָר וואָס קומען פון אַ חתונה — אין אַ זיידן קלייד, מיט קרעלן אויפן האַלדז, מיט בראַסלעטן אויף די הענט און דערצו נאָך מיט אַ קעמעלע פון דימענטלעך אין די האָר. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ לעבעדיקע ציר־ונג־אויסשטעלונג... שרהן האָט זי געגעבן אַ לעקציע: כדי צו פאַר־קויפן אַ הוט צו אַ שניידערס אַ ווייב, מוז מען אַליין זיין אָנגעטאָן ווי אַ קייסערינע — אַזוי איז אַמעריקע.

חיה־איטע האָט צו יעדערע צען ווערטער צוגעגעבן „אַזוי איז אַמע־ריקע". ווען מען האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געבראַכט זייער באַגאַזש, האָט חיה־איטע אַ קוק געטאָן אויף די טשעמאָדאַנעס און האָט אַרויסגע־טראָגן אַן אורטייל אויפן גאַנצן פאַרמעגן זייערן:

— ווערדליג ווי די וואַליזעס זעען אויס פון אויסווייניק, איז ניט כדאי זיי פאַנאַנדערצופּאַקן. דאָ האַלט מען ניט קיין שמאַטעס. אַזוי איז אַמעריקע.

חיה־איטע איז אין דער אמתן געווען ניט איין מענטש, נאָר צוויי חיה־איטעס — איינע אין קראָם, אין „די ביזנעס", און אַ צווייטע אין שטוב, אין די צוויי צימערן הינטער איר געשעפט.

אין „די ביזנעס" איז חיה־איטע געווען זשאַנעט. זי האָט גערעדט ענגליש און האָט גערעדט ווייניק. „וואָס ווייניקער גערעדט, אַלץ בעסער פאַרקויפט מען אַ היטעלע" — האָט חיה־איטע געזאָגט, „דער עיקר דאַרף מען קענען מאַכן אַ מינע און האַלטן פאַסאָן. אַזוי איז אַמעריקע". און אַז חיה־איטע האָט אָנגעפּאַסט אַ פרוי אַ היטעלע און האָט געזאָגט „עקסעלענט", איז דאָס געווען מיט אַזוי פיל אויטאָריטעט, ווי זי זאָל זיין דעם צווייטן טערמין אַ פּרעזידענט...

ביי זיך אין שטוב, אין איר דירה, איז חיה־איטע געווען ניט זשאַנעט, נאָר הונדערט־פּראָצענט חיה־איטע. זי האָט גערעדט און געשאָטן מיט ווערט־לעך, וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג, געשריען און געבייזערט זיך.

אָבער חיה־איטעס בייזקייט האָט ניט אָנגערירט, האָט ניט באַליידיקט, נאָר פּאַרקערט — וואָרעם געמאַכט אויפן האַרצן — ס'איז געווען אַ שטיק היימישע גאַלאָווינקע. אַז אברהמעלע האָט ביינאַכט געוויינט, האָט חיה־איטע צו־מאָרגנס אינדערפרי געזאָגט צו שרהן און צו יואלן:

— איך וועל אייך אַרויסוואַרפן מיט אייער בחור: דער קאָפּ טוט מיר וויי, אַז איך שלאָף זיך ניט אויס ביינאַכט. אָבער וואו זאָל איך אייך וואַרפן, אַז מען קריגט ניט קיין דירה? סיידן בוי פאַר זיי אַ מויער. אָט אַזוי איז אַמעריקע. פאַראַן אַ מיליאָן הייזער און מען קריגט ניט קיין קאָטוך, וואו צו וואוינען.

לכבוד די ניי־געקומענע האָט חיה־איטע אין אַ זונטיק פאַרבעטן קרובים, פריינט און לאַנדסלייט. מיט געבייזער און מיט געשרייען האָט זי צוגעגרייט די אויפנאַמע: טאָמער פעלט מיר אַרבעט האָט מיר גאָט צוגעשיקט געסט מיט אַ טאַראַראַם, נו? אָבער צוריקגערעדט, ווי מאַכט מען זיך ניט ווייסנדיק, אַז איר זענט שוין געקומען? מען דאַרף דאָך אייך ווייזן פאַר לייטן אויך! אַזוי איז אַמעריקע. — זי האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געטראַנקען, פרוכט, זיסוואַרג און עסנוואַרג און אַלץ מיט געשרייען: „אַזוי איז אַמעריקע!"

דער פעטער איז צו דער אויפנאַמע ניט געקומען. ער האָט אויפן טעלעפאָן אָפּגעזאָגט די קורצע שמונה־עשרה — זיין ווייב איז ניט געזונט, עס קומען צו אים ביזנעסלייט, ער איז פאַרנומען — ער וועט קומען אַ צווייטן זונטיק, אָבער ער האָט צוגעשיקט דורך אַ גאַלאָווינקער לאַנדסמאַן, מיסטער שעוויץ, אַ מתנה פאַר אברהמעלען, אַ מאַנטעלע און אַ היטל.

חיה־איטע האָט אויף אים אָפּגעזאָגט דעם פסוק: „דער פעטער איז שטענדיק פאַרנומען. ער גרייט זיך אַ גאָלדענע מצבה".

מר. שעוויץ האָט דערציילט מעשות און דער עולם האָט געלאַכט. דער־נאָך איז ער צוגעגאַנגען צו שרהן, האָט מיט איר געטרונקען לחיים, און האָט צו איר געזאָגט: איך בין צופרידן, וואָס איך בין היינט אַהער געקומען... באמת, פונקט ווי איך זאָל זיין צוריק אין גאַלאָווינקע... מיין יוגנט האָט זיך מיר דערמאָנט... באמת...

ווען די געסט זיינען אַוועק האָט יואל אַ פרעג געטאָן ביי שרהן:

— וואָס האָט ער געוואָלט פון דיר?

— ער האָט מיר דערציילט מעשות פון גאַלאָווינקע.

— פאַרגעס וועגן גאַלאָווינקע! — האָט יואל געזאָגט מיט אומצו־פרידנקייט, און שרה האָט זיך פאַרוואונדערט אויף דער אָנגעצויגנקייט פון זיין שטים. זי האָט אים גאָרניט געענטפערט.

יואל האָט זיך גלייך פון די ערשטע טעג פאַרלייגט „איינצונעמען אַמעריקע" מיט אַזאַ אימפּעט, ווי אַ זעלנער, וואָס קריגט אַ באַפעל צו גיין אויף אַטאַקע. ער איז די ערשטע וואָך דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן בלאָק און האָט געפרעגט ווער עס דאַרף פאַרריכטן די קראַנען, די וואַסער־רערן, די עלעקטרע. ער האָט געהאַט „גאָלדענע הענט" און באַלד האָט זיך ביי

אים באַוויזן אַ פאַרדינטער דאָלער אין קעשענע. חיה־איטע האָט אויף אים געזאָגט: „ער איז פאַרטיק״.

די גאַלאָווינקער לאַנדסלייט האָבן יואלן געגעבן אַן אַדרעס פון אַ שלאָסערײַ, וואָס האָט געהערט צו אַ לאַנדסמאַן. יואל איז אַהין אַוועק און האָט „באַוויזן וואָס ער קען״. ער איז געבליבן ביי דער אַרבעט. יעדן פרייטיק איז ער געקומען אַהיים מיט אַ טשעק און מיט אַ מתנה פאַר אברהמעלען: אַ פייפל, אַ טעדי־בער, אַ פויק. חיה־איטע האָט אים גע־לויבט — ער איז שוין אַן אַמעריקאַנער, פאַרדינט און גיט אויס.

יואל האָט גערעדט ווייניקער ווי געוויינלעך. פונקט ווי ער זאָל אַלע כוחות איינזאַמלען אויף איינאָרדענען זיך אין דעם נייעם לאַנד. אין שאַפּ האָט ער געקראָגן אַ העכערונג פון געהאַלט, און חיה־איטע האָט פאָראויס־געזאָגט, אַז ער וועט נאָך ווערן אַ פאָרמאַן. „אַ באָס, ניט קיין פאָרמאַן״ — האָט יואל זיך אָפּגערופן און האָט געשמייכלט.

דורך אַן אַרבעטער פון דער שלאָסערײַ האָט יואל געקראָגן אַ דירה אין אַ זייטיקער געגנט אין ברוקלין, און ער האָט אַריינגעשטעלט מעבל אויף אויסצאָלן. חיה־איטע האָט אים געוואָלט געבן אַ טיש, וואָס איז ביי איר געווען אַן איבעריקער, אַ בעט — אָבער יואל האָט געזאָגט: נייך, ער וויל נייע. יעדן פרייטיק האָט ער געבראַכט אַ צוגאָב צו דער ווירט־שאַפט — אַ ראַדיאָ, אַן עלעקטרישן ברוילער, אַ מאַשינקע אויף אויס־דריקן אָרענדזש־דזשוס, אַ פרעס־אייזן, אַ שפּיגל, אַ קאָרטן־טישל, עס איז דערגאַנגען צו אַ וואַש־מאַשין און צו אַ וואַקיום־קלינער. די נייע דירה איז געוואָרן פול מיט זאַכן — מיט מעבל, מיט געשיר, מיט קינדערשע שפּילעכלעך. שרה איז געווען פאַרנומען מיט וואַשן, מיט פרעסן, מיט שטויבן, מיט לופטערן, מיט אויסלייגן און מיט פאַנאַנדערלייגן שטוב־זאַכן.

צו זיי אין דער דירה זיינען אָפט אַריינגעקומען די פריינט זייערע פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד. מען האָט געבראַכט בשורות: יאַנקל זאַרעמבאַ האָט זיך שוין צוגעשלאָגן צו אַן אַרבעט. ער האָט געקראָגן אַ „דזשאַב״ ביי אַ קצב. סאַבינע איז אַוועק אַרבעטן אין אַ רעסטאָראַן. בערל דער פשיטיקער האָט געהאַט אַ נערוון־צוזאַמענברוך און מ׳האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל. אסתר מיט שלמהן זיינען אַוועק אַרבעטן אויף אַ פאַרם. אסתר האָט צעקלאַפּט אַ האַנט און איז געקומען צוריק. און צייליען האָט אַ גליק געטראָפן, זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ קוזין. אָט אַזוי זיינען געגאַנגען די בשורות פון איינעם צום אַנדערן. ווי אַ קליין שיפל אָנגעלאָדן מיט זאָרג, מיט נערוון־אָנשטרענגונג און מיט טראָפּנס פרייד, האָט זיך די קליינע גרופע איינוואַנדערער געראַנגלט אויף אַריינצושווי־מען אין דעם גרויסן ים פון אַמעריקע.

ביי־טאָג איז שרה געזעסן מיט אברהמלען אין פּאַרקל, וואו עס זיינען געווען עטלעכע ביימלעך, אַביסל גראָז און אַ צענדליק בענק. צווישן די יונגע ווייבלעך, וואָס האָבן דאָרט געהיט זייערע קינדער און זיינען געווען אָנגעטאָן אין סלעקס, געטראָגן לאַנגע אוירינגלעך, געהאַט לאַנגע

געפּאַרבטע בעגל און גערעדט צווישן זיך ענגליש — האָט זיך שרה גע־פילט ניט היימיש.

אין אַ זונטיק איז געקומען דער פעטער. ער האָט אַ קוק געטאָן די דירה, האָט געזען, אַז די שטוב איז פול מיט זאַכן און מיט מעבל, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, געזאָגט „אַלראַיט" און פאַרן אַוועקפאָרן איבערגעלאָזן אַ טשעק פון הונדערט דאָלער אַ מתנה.

נאָכן פעטערס אַוועקפאָרן האָט שרהן אַרומגעכאַפּט אַן איינזאַמקייט, ווי גאַנץ ניו יאָרק זאָל באַשטיין פון הייזער, פון וואַקיום־קלינערס און פון עטלעכע ווערטער: „ווי לאַנג זייט איר אין אַמעריקע?" און „אַלראַיט", ווי איר פעטער זאָגט.

איינמאָל, ווען שרה איז געזעסן מיטן קינד אין סקווערל, איז אומגעריכט צו איר צוגעקומען מיסטער שעווץ. זיין פּנים האָט געלויכטן פון פריידיקער פאַרוואונדערונג.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער זי געפרעגט, און האָט זיך צוגע־זעצט לעבן איר ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, וואָס האָט לאַנג געוואַרט אויף דער באַגעגעניש.

מיסטער שעווץ האָט איר דערציילט וועגן זיין קינדהייט, וועגן זיין אַמאָ־ליקן לעבן „אויף די בערגלעך" אין גאַלאָווינקע.

—איר קענט זיכער ניט אונדזער משפּחה, מיר זיינען דאָך ניט געווען פון די ברוידעס, מיר האָבן געוואוינט אויף די בערגלעך, מיט די קבצנים, איר ווייסט, היבטערן טייכל.

פון זיין רואיקער באַרימעריי, אַז ער האָט געוואוינט מיט „די קבצנים", האָט שרה פאַרשטאַנען, אַז איצט איז ער מסתם רייך, און די אַמאָליקע קבצנות זיינע איז פאַר אים אַן אָנגענעמע און אפילו אַ דימענטל אין זיין קרוין.

פּונקט ווי מיסטער שעווץ זאָל נאָכגיין איר טראַכטן — האָט ער צוגע־געבן: „איצט האָב איך אַ דראָגסטאָר דאָ אַנטקעגן סקווער".

מיסטער שעווץ איז אַ לאַנגע ווײַלע געזעסן מיט שרהן. ער האָט אַלע מאָל אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, נאָר ווידער זיך עפּעס דערמאָנט און איז ניט אַוועקגעגאַנגען. מיט גרויס הנאה האָט ער דערציילט, אַז זיין משפּחה האָט געהאַט אַ צונעמעניש „די קאָמעדיאַנשטשיקעס", נישט דערפאַר ווייל זיי זיינען, חלילה, געווען אַקטיאָרן, נאָר פּשוט, זיי האָבן געקענט זינגען. און פּורים זיינען זיין טאַטע און די פעטערס געווען די הויפּט־קאָמאַנדע פון די פּורים־שפּילער. פאַר דעם פּורים־געלט, וואָס זיי האָבן אויפגעזאַמלט אין די נגידישע הייזער, האָט מען אַריינגעבראַכט דעם פּסח, מיט מצות, מיט וויין, און אַמאָל נאָך מיט אַ פאָר שיך אויך. אַ גאַנץ יאָר זיינען זיי געווען שמאַטע־קלייבער, און דערפון האָט מען קיין פּסח ניט געקענט מאַכן.

ווען שרה איז צוריקגעגאַנגען פון פּאַרק פאַרבייגעגאַנגען לעבן דראָג־סטאָר, האָט זי מיסטער שעווץ דערזען דורך דער אָפענער טיר און האָט זי פאַרהאַלטן. ער האָט איר געגעבן אַ פלעשעלע אָדעקאָלאָן, און ווען שרה האָט ניט געוואָלט נעמען, האָט ער זיך געבייזערט:

— ביי אַ לאַנדסמאַן נעמט מען ניט אַ מתנה, איז אַ באַליידיקונג פאַר גאַנץ גאַלאָווינקע, האָט ער געזאָגט און האָט אַריינגעלייגט דעם אָדעקאַלאָן צום קינד אין וועגעלע.

שרה האָט געפילט אין דער קליינער מתנה אַ סך וואַרעמקייט און פריינטשאַפט, און די טיר פון דער דראַגסטאָר איז געוואָרן אַ היימישע טיר, וואָס האָט איינגעבראָכן די וואַנט פון איינזאַמקייט אַרום איר.

מיט אַ הויכער שטים, וואָס קומט פון אינערלעכער פרייד, האָט שרה דערציילט יואלן איר באַגעגעניש מיט מיסטער שעווץ און האָט אים באַוויזן דאָס פלעשעלע אָדעקאָלאָן.

— ס'איז ווערט אַ קוואָדער — האָט זי יואל אָפּגעקילט — און שרה האָט אים געענטפערט מיט פאַרדראָסיק־אַראָפּגעלאָזענע אויגן:

— ביי דיר איז דאָס ווערט אַ קוואָדער, און ביי מיר איז דאָס ווערט מער.

צומאָרגנס, גייענדיק פון דער אַרבעט, איז יואל אַריין אין דראַגסטאָר. ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל זען דעם מיסטער שעווץ, וואָס זיין מתנה איז ביי שרהן „ווערט מער". מיסטער שעווץ האָט אים באַגעגנט היימיש און העפלעך, און אַרויסגייענדיק פון דראַגסטאָר האָט יואל אַ טראַכט געטאָן: „פּונקט באַדאַרפט אויסזוכן אַ דירה לעבן אַ גאַלאָווינקער דראַגסטאָר. גיי זיי אַ חכם!"

גאַנץ אָפט אין צייט פון לאַנטש איז מיסטער שעווץ צוגעקומען צו שרהן אין פאַרקל וואו זי איז געזעסן מיטן קינד. ער האָט געבראַכט אייז־קרים, געבראַכט פאַר אברהמלען אַ לאַליפּאָפּ און דערציילט שפּאַסן און מעשיות פון גאַלאָווינקע און פון ניו־יאָרק. ער האָט דערציילט שרהן ווי ער האָט זיך געעגט מיט זיין פרוי אַכט וואָכן נאָך דער חתונה און פון דעמאָלט אָן איז ער אַליין. „אַ מענטש איז נישט קיין פיגור אויף אַ שאַך־ברעט, עס איז אים ניט גרינג איבערצושטעלן" — האָט ער דעמאָלט געזאָגט שרהן, און איבערהויפּט די משפּחה פון די „קאָמעדיאַנשטשיקעס" זיינען אַלע געווען גרויסע עקשנים.

מיסטער שעווץ פלעגט אָפּזיצן מיט שרהן אַ האַלבע שעה און אַמאָל מער, און דערנאָך אַוועקגיין „שקלאַפן" אין זיין דראַגסטאָר — אַזוי האָט ער אין אַ שפּאַס גערופן זיין אַרבעט.

נאָך זיין אַוועקגיין האָט דאָס פאַרקל אויסגעזען גרינער, היימישער, און אַפילו דאָס געפּלעדעריי פון די ווייבלעך אין די טלעקס האָט אויך געקלונגען ניט אַזוי פרעמד.

יואל האָט זיך אַמעריקאַניזירט מיט דער שנעלקייט פון אַן עקספּרעס־באַן. ער האָט געבראַכט אין שטוב אַן ענגלישע צייטונג מיט „פאַניס", און פאַר שרהן אַ „מעגעזין" מיט מואווי־אַקטריסעס און קליידער־מאָדעס.

— צו וואָס ברענגסטו די צייטונגען מיט די „פאַניס", מיט די „מעגע־זינס", אַז מיר קענען זיי ניט לייענען?

— אַלע קויפן דאָס, דאַרפן מיר אויך אַזוי טאָן, און דאָס לייענען וועט קומען אַליין פון זיך, וואָס איז דער געאייל?

ער האָט געבראַכט רעקאָרדס פון ענגלישע לידער און ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט הערן „דאָס וואָס אַלע הערן". שרהן האָט זיך געדאַכט, אַז יואל האָט איינגעשלונגען אַמעריקע מיט איין שלונג און ער ווייס געגוי, וואָס מען דאַרף טאָן און וואָס אַלע טוען. ער האָט אַ סך געאַרבעט, אָפט געבליבן שפּעט אויף איבערשטונדן, ער האָט גוט פאַרדינט, ער האָט גע־טראָגן אַ סך פּעקלעך מיט זאַכן אין שטוב אַריין, און האָט אַ סך געשוויגן פון מידקייט און אָנשטרענגונג.

איינמאָל, ווען שרה און אברהמעלע און מיסטער שעווץ האָבן אין גרינגן געמיט געגעסן דעם אייזקרים, וואָס מיסטער שעווץ האָט געבראַכט צו זיי אין פּאַרקל — האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי שרהן:

— ווי לאַנג איז נאָך אייער חתונה, שרה?

— פינף יאָר — האָט זי אים געענטפערט קורץ.

— אַ שאָד, וואָס איך האָב איך ניט געטראָפן מיט פינף יאָר צוריק — האָט ער געזאָגט.

שרה האָט די פּאָר ווערטער זיינע פאַרשוויגן, פּונקט ווי דער ווינט זאָל זיי פאַרבייטראָגן, און זיי זיינען געבליבן הענגען אויף די ביימלעך פון פּאַרק, ווי אַ יוגנט־חלום, ווי אַ דערמאָנונג פון גאָלאָווינקע, און בלויז זי אַליין זעט זיי און ווייטער קיינער ניט.

ווען אברהמעלע איז אַלט געוואָרן פיר יאָר, האָט אים מיסטער שעווץ צום געבורטסטאָג געבראַכט אַ הילצערנעם פערד און האָט דעם קליינעם אויסגעלערנט רייטן.

אברהמעלע איז געווען גליקלעך. ווען יואל איז געקומען פון דער אַרבעט, איז אים דאָס קינד געלאָפן אַנטקעגן און האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה: אָנקל שעווץ האָט אים געבראַכט אַ פערד.

יואל איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער.

— מען גיט ניט אַזעלכע מתנות אומזיסט, — האָט ער דורכגעזייט צווישן די ציין, — ווי קומט ער ברענגען אַהער אַזאַ מתנה?

— נו, מסתם זיינען נאָך דאָ מענטשן, וואָס גיבן אַזעלכע מתנות יאָ אומזיסט, און שעווץ איז אַזאַ מענטש. וואָס קענסטו אים טאָן דערפאַר? — האָט שרה געזאָגט און דאָס פּנים איז ביי איר געוואָרן אָנגעצונדן. דער הויכער שטערן איז געוואָרן ראָז און די גרויע אויגן האָבן געפלעמלט מיט שטראַלנדיקע פונקען.

יואל האָט אַ פּאָר מאָל דורכגעשפּאַנט איבערן צימער, און פאַרביי־גייענדיק לעבן דעם הילצערנעם פערד האָט ער אים מיטן פוס האַסטיק איבערגעקערט. ביים פערד האָט זיך אָפּגעבראָכן אַן אויער. אברהמעלע, אַ דערשראָקענער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און האָט ביטער געוויינט. יואל איז אַריין אין צווייטן צימער און מיט אַ שווער האַרץ

אַריינגעקוקט אין די „פּאָניס“. שרה האָט מיט געליימטע הענט געגרייט דעם אָונטברויט.

כדי אָוועקצוגיין וואָס ווייטער פון דער „גאַלאָווינקער דראָגסטאָר“, האָט יואל אויסגעזוכט אַ נייע דירה אויפן צווייטן עק ניו יאָרק. ער האָט ניט אימפּעט געפּאַקט די זאַכן און האָט געמורמלט: „אַנטלויף פון די לאַגערן, אַנטלויף פון דעם דראָגסטאָר, אַנטלויף פון דעם מזל“.

שרה האָט זיך ווי אַ שאָטן אַרומגעשלעפּט איבער די צימערן און גע־האָלפן פּאַקן די זאַכן. זי האָט געפילט ווי יואל פאַרטרייבט פון איר די לעצטע אויפלויכטן פון יוגנט, ווי עס פאַרגייט די היימישע גרינקייט פון די ביימלעך אין סקווערל און זי באַוועגט זיך אין אַ וועלט, וואו מען קריגט ניט קיין מתנות אומזיסט.

* * *

יואל האָט פון זיין מזל ניט געקענט אַנטלויפן. מיט צוויי יאָר שפּע־טער איז שרה געשטאַנען אין אַ ווייסן כאַלאַט און האָט געהאָלפן אַרבעטן אין דראָגסטאָר. מענטשן האָבן זי גערופן מיסיס שעוויץ. זי איז געקומען צוריק צו די ביימלעך פון פּאַרקל, וואו ס'האָט אייבמאָל אַ שיין געטאָן פאַר איר אַ חלום פון יוגנט.

יוני 27, 1954

# אייביקער זומער

טיני האָט זיך צוגעוואוינט צו איר צונעמעניש „די שוואַלב". זי איז געווען אַביסל קלענער אין וואוקס ווי די קינדער פון איר קלאַס אין „דזשוניאָר היי", דאָס בעזל אַביסעלע קירצער, די גאָמבע אַ קאַפּעלע שמעלער, און דער נאָמען שוואַלב האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט און איז געבליבן.

דאָס לערנען איז ביי טינין געווען ווי אַ זייטיקע זאַך. די היים־אַרבעט — ווי פון זיך אַליין איז עס פאַרטיק געוואָרן, און טיני איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען שלינג־און־שלאַנג אָן יאָכן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק אַז אין שול קומט זי בלויז כדי זאָגן די לערער גוט־מאָרגן, דערציילן מעשיות די קינדער און זינגען אויף די פּאַוזעס.

סאַמע אינמיטן ווינטער האָט טיני געהאַט זומער־שפּרינקעלעך אויפן פּנים, אויפן קורצן בעזל און אויף די באַקן. אין אַ פּראַסטיקן טאָג פלעגט טיני „אַריינפאָרן" אין קלאַס מיט אַ זומערדיקן פּנים און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער פרילינג גייט נאָך איר נאָך. הערי מיט די לאַנגע פיס האָט טינין שטענדיק שטילערהייט באַגריסט:

— טו אויס דעם סוועדער, עס איז אַ היץ!

אַז די לערערין האָט מיט אַ האַלבן אויער געכאַפּט אָט די שפּאַסיקע באַגריסונג, האָט זי אַ שמייכל געטאָן און דורכגעלאָזן הערין די שטיפעריי. איר אַליין האָט זיך אויך געדאַכט, אַז טיני קומט פון אַ פרילינג, און כדי צעטרייבן דעם ווינטערדיקן אומעט פלעגט זי אַ רוף טאָן טינין — זי זאָל דערציילן וועגן די קאַלטע לענדער. די קאַלטע לענדער האָבן ביי טינין געבליט מיט זומער־שפּרינקעלעך, און עס האָט אויסגעזען אַז טיני ענטפערט ניט אַ לערערין, נאָר זי דערציילט עס, כדי אַליין זיך צו פאַרווײלן און אויך אַנדערע פריילעכער מאַכן אין אַ ווינטערדיקן טאָג. און טאַקע דערפאַר אויך האָט מען זי גערופן „די שוואַלב".

דער לאַנגער הערי האָט געוואוינט אויף דער זעלבער גאַס וואָס טיני, אַ שטוב לעבן אַ שטוב, שכנים. ער איז געווען אַ גוטער, פלייסיקער שילער. די זאָרגלאָזיקייט פון דער שוואַלב, איר טאָן די גאַנצע שול־אַרבעט ווי דאָס זאָל זיין אַ ביי־זאַך — איז אים געלעגן אויפן האַרצן. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער איר אַ ריר טאָן דאָס קורצע בעזל און אַ זאָג טאָן:

— אַ לענגערע נאָז וואָלט דיר אָסור ניט געשאַדט, „אַי אַשור יו".

און איינמאָל אין אַ פרילינגדיקן רעגן, ווען אַלע שילער האָבן געוואַרט אויפן בריקל פון שול, אַז דער גאַס־רעגן זאָל אַריבער, האָט הערי אויסגעמאָסטן אַז די שוואַלב וואָס איז געשטאַנען לעבן אים דערגרייכט ביי אים פּונקט ביז אונטערן אָרעם. ער האָט זי אַ נעם געטאָן מיט איין האַנט און אין מיטן מבולדיקן רעגן איז ער אַוועק מיט איר צו דער באַס־סטאַנציע.

— קום, שוואַלב, איך וועל דיך אַריינזעצן אין באַס.

טיני האָט זיך נאָך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי ער האָט געשפּאַנט מיט

איר איבער די לוזשעס פון סקול־הויף. די קינדער האָבן געלאַכט הויך און זיך געוויצלט:

— וואָס אַרט דער שוואַלב? אירע שיך זײַנען טרוקן!

די מיידלעך, טיניס חברטעס, האָבן זי פונדעסטוועגן מקנא געווען, וואָס דער לאַנגער הערי, דער גוטער שילער פון קלאַס, גייט צוליב איר אונטערן רעגן און שפּאַנט איבער די לוזשעס. הערי האָט גייענדיק צו זיי אַ זאָג געטאָן:

— זי וועגט פינף פונט, די שוואַלב.

אַלע האָבן אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און טיני האָט זיך געקריגט מיט אים:

— דו זאָלסט זיך מער ניט דערוועגן טאָן אַזאַ זאַך, דו הערסט? און דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מײַן נאָמען איז טיני, און ניט שוואַלב.

הערי האָט איר געענטפערט טויט־ערנסט:

— שוויַיג בעסער, איך וועל דיך אַראָפּלאָזן אין אַ לוזשע. מיט דײַנע קליינע פיס וועסטו דערטרונקען ווערן.

עטלעכע טעג נאָכדעם האָט טיני ניט געענטפערט הערין אויף זײַן „האַלאָ”, אָבער הערי האָט אירע ביכער סיי־ווי צוגענומען ביי איר און צוגעטראָגן ביז דער שול.

— דו קענסט דען טראָגן אַזאַ פּאַק, אַז דו האָסט אַזעלכע קליינע הענט? — איז געווען דערביי זײַן באַליידיקנדיקע באַמערקונג.

ביי טינין האָבן די זומערשפּרינקלעך געגליט מיט צאָרן, און איר פּנים איז שוין געווען ניט ווי פרילינג, נאָר ווי אין אַ הייסן טאָג אין חודש יולי.

דער ברוגז איז אויסגעלאָשן געוואָרן פּלוצלינג, ווען הערי האָט דערהערט אין איינעם אַן אָוונט, ווי טיני רופט אים מיט יאָמערדיקע געשרייען:

— הערי! הערי, קום אַרויס, הערי!

הערי איז אַרויס אויף דער גאַס. טיני איז געשטאַנען אין אַ לייכטן פרילינג־קליידל און האָט אַ האַלב ברוגזע גערעדט צו אים:

— האָסט שוין געזען אַ זאַך? פונקט היינט, אַז „די אַלד פּיפּל” זײַנען אוועק אין די מואוויס, האָט זיך די עלעקטרע אויסגעלאָשן! פינצטער זאָג איך דיר — אַ שרעק!

ביז זיי זײַנען דערגאַנגען צו טיניס הויז האָט שוין די עלעקטרע גע־ברענט אויף אַלע לאָמפּן. נאָר דער ברוגז צווישן טינין מיט הערין האָט זיך טאַקע אויסגעלאָשן אויף שטענדיק. אין דער סאַמע מיטן ליכטיקייט האָט הערי אַרומגענומען טינין און האָט איר אַ קוש געטאָן. ער האָט דערביי ניט פאַרגעסן אַרייַנזאָגן איר אין ביין אַריין:

— דו מיינסט, עס איז אַ גרינגע זאַך דיר אַ קוש טאָן? מען דאַרף זיך דאָך אײַנבייגן!

טיני האָט אים אַרויסגעטריבן פון דער ליכטיקער שטוב, און פאַרהאַקנדיק די טיר אים נאָכגעשריען:

— קיינער בעט דיך ניט דו זאָלסט זיך איינבויגן! גיי צו העלען, דעם דראַנג, וועסטו קענען שטיין גלייך.

עס האָט טיבין דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַנג געטאָן, וואָס זי איז אַ קליינע.

די מיידלעך אין קלאַס זיינען אויסגעוואקסן און אָנגעהויבן פאַרבן די ליפּן. טיבי האָט זיך אויך אַביסל אַ צי געטאָן אַרויף, זי איז נאָך אָבער אַלץ געבליבן די קלענסטע, די שוואַלב.

ווי אין פרילינג ווערט דער פּאַרק מיטאַמאָל רייף־גרין און די בלעטלעך אויף דיביימער ווערן בלעטער, פרישע, גרינע, אויסגעשניצטע, אַזוי איז דער קלאַס מיט קינדער געוואָרן כמעט דערוואַקסן, יונג און סודותדיק. העלען איז געווען אַ הויכע מיט פולע ליפּן און געדיכטע שוואַרצע האָר, וואָס זיינען איר געפאַלן אויף די אַקסלען. העלען איז געווען אַזוי הויך ווי הערי. אַז טיבי האָט זיי געזען שטיין איינע לעבן דעם אַנדערן האָט העלענס הויכקייט טיבין באַנג געטאָן, כאָטש זי האָט געטראַכט: „וואָס גייט מיך אָן העלען? העלען איז נאַריש ווי אַ גאַנדז, זי קען קיין צוויי מיט צוויי ניט צונויפרעכענען".

דעם לעצטן יאָר אין היי־סקול האָט זיך טיבי פאַרמאָסטן מיטן בעסטן שילער פון קלאַס, מיט הערין. ער קען מאַטעמאַטיק און זי קען פיזיק. ער קען כעמיע און זי שרייבט די בעסטע קאָמפּאָזיציעס. הערי פלעגט איר אויפן אַלטן שטייגער אַריינזאָגן:

— דו בעסער וואַקס אַביסל שנעלער, שוואַלב!

איצט האָבן הערים שטעכווערטלעך טיבין געאַרט און זי האָט זיך ניט געקריגט מיט אים. זי פלעגט אים פאַרשווייגן און אַמאָל לויט דער אַלטער קינדערשער געוואוינהייט אים שטילערהייט אַרויסגעשטעלט אַ צונג, אָבער זי האָט אים מער ניט דערמאָנט העלען.

ביידע, טיבי און הערי, זיינען געווען די צוויי פון קלאַס וואָס האָבן גע־קראָגן סקאָלערשיפּס, און צום לעצטן מאָל אויף דער שול־באַנק זיך צעקריגט:

— דו מיינסט, זיי וואָלטן דיר געגעבן אַ סקאָלאַרשיפּ? נאָר ווייל דו ביסט אַ קליינע, איז דער וואונדער זייער גרויס! דו פאַרשטייסט?

טיבי האָט אים געענטפערט מיט ניט קיין קינדערשן שמייכל:

— שרייב זיי אַ „פּעטיציע", זאָלן זיי דאָס צוריקרופן...

עס האָט זיך געמאַכט אַז טיבי האָט אונטערגעהערט אַ שמועס צווישן איר טאַטע־מאַמע. דער טאַטע האָט געזאָגט:

— איך וואָלט צופרידענער געווען טיבי זאָל זיין אַביסל העכער און אָן אַ סקאָלערשיפּ.

די מאַמע האָט אים געענטפערט זאָרגלאָז:

מילא, אַן עסק! מען וועט דאַרפן אונטערשלאָגן מיט אַ פּאָר טויזנט דאָלער!

ביי טיבין אין זיכרון איז געבליבן דער מאַמעס מאָדנער זאָג: „אונטער־שלאָגן". טיבי איז אַוועק צו זיך אין צימער, איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע און האָט זיך אַליין באַטראַכט — וואו דאַרף מען זי „אונטערשלאָגן"? זי האָט

זיך אַפילו אָנגעקוקט אין שפּיגל. פֿון שפּיגל האָבן געלויכטן צו איר גרויע אויגן, שמייכלענדיקע און פֿאַרעקשנטע: ניין, איך וועל זיך ניט לאָזן „אונ־טערשלאָגן".

הערי איז אויך זומער אַוועקגעפֿאָרן אַרבעטן אין אַ קינדער־קעמפּ. ער האָט געזאָגט צו טיבין:

— איך מוז פֿאַרדינען אַביסל געלט. מיטן סקאָלערשיפּ וועל איך ניט קענען דורכקומען. — טיבי האָט זיך דערמאָנט איר מאַמעס ווערטל, אַז מען דאַרף זי „אונטערשלאָגן" מיט אַ פּאָר טויזנט דאָלער. אָבער הערין האָט זי געענטפֿערט זאָרגלאָז:

— ווען פֿאָרסטו? איך וועל קומען צו דער באַן דיך באַגלייטן.

— עס איז ניט כדאי — האָט איר הערי געענטפֿערט. — איך וועל פֿאָרן מיט אַ גרופּע קינדער... מאָרגן אינדערפֿרי... עס איז אַרבעט. עס איז נישט קיין אויספֿלוג.

טיבי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן הערלען, וועגן אירע פֿולע ליפּן און די שוואַרצע האָר, וואָס פֿאַלן איר איבער די אַקסלען. אפשר פֿאָרט אים הערלען באַגלייטן און דערפֿאַר איז „נישט כדאי"...

צומאָרגנס גאַנץ פֿרי איז טיבי צוגעפֿאָרן צו דער באַן־סטאַנציע. זי האָט געוואָלט זען, צי הערלען וועט דאָרט זיין. טיביס מאַמע האָט זיך איבער־געקוקט מיטן מאַן און האָט געזאָגט צו טיבין:

— נעם עטלעכע דאָלער, טיבי, אפשר וועסטו דאַרפֿן. — טיבי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און איז אַוועק. טיביס מאַמע, מיסיס עפּשטיין, האָט געזאָגט צום מאַן:

— אַ וואוילער בחור הערי, איך זאָג דיר אַ וואוילער בחור...

— אָ... — האָט זיך מיסטער עפּשטיין אַ קנייטש געטאָן, — דער טאַטע איז אַ בוכהאַלטער, אַן אָרעמאַן. מען לעבט אויפֿן געציילטן גראָשן... און די קינדער גייען נאָך די עלטערן.

מיסיס עפּשטיין האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— נו, און אַז דיין טאַטע איז געווען אַ מלמד? ביסטו נעבעך זייער הינטערשטעליק, האַ? אַ רחמנות אויף מיסטער עפּשטיין!

— איך בין עפּעס אַנדערש, — האָט איר דער מאַן געענטפֿערט אָנ־געבלאָזן...

הערלען איז ביי דער סטאַנציע ניט געווען. טיבי האָט געגעבן הערין אַ קעסטל שאָקאָלאַד און האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

— פֿאַרברענג גוט, הערי!

זי איז צוריקגעגאַנגען אַהיים מיט אַ גרינג האַרץ, מיטן גאַנצן פֿריילינג אויפֿן פּנים. די זומערשפּרינקעלעך האָבן געלויכטן ווי אָנגעצונדענע פֿון פֿרייד.

טיבי האָט דעם זומער זיך געגרייט צום קאָלעדזש. געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק. געלייענט. מיט דער מאַמען איז זי געגאַנגען אין די דעפּאַרט־

מענט סטאָרס אײַנקויפן קליידער. ערנסט, ווי מען טוט אַ וויכטיקע אַרבעט, האָט טיניס מאַמע באַטראַכט יעדעס קלייד וואָס טיני האָט אָנגעמאָסטן, און צוגערעדט טינין זי זאָל קויפן, ניט געזשאַלעוועט פאַר איר קיין געלט. טיני האָט געטראַכט: „דאָס איז מסתם דאָס ׳אונטערשלאָגן׳ " — און דער חשק צו קויפן די קליידער איז בײַ איר אויסגעוועפּט געוואָרן דערפון.

טיני איז אַוועקגעפאָרן אין אַ קליין קאַלעדזש־שטעטל, טשעריוואוד, אין ניו דזשוירזי, און הערי אין אַ קאַלעדזש אין ניו ענגלאַנד. עטלעכע קאַרטלעך האָט טיני געקראָגן פון אים און פון צײַט צו צײַט אַ בריוו. ער האָט געשריבן וועגן זײַן לערנען. דערמאָנט אַז ביכער קאָסטן טײַער. מען וואָלט אים באַדאַרפט „אונטערשלאָגן" — האָט טיני געטראַכט, און די אויגן האָבן בײַ איר עקשנותדיק געשמייכלט, ווי זי וואָלט זיך אַליין דער־לאַנגט מיט אַ בײַטש.

צום סוף פון שול־יאָר האָט טיני געקראָגן אַ בריוו פון הערין אונ־טערגעשריבן „וויט לאַוו", — מיט ליבשאַפט, — און צוגעגעבן שטיפעריש: „מאַך ניט מיט קיינעם קיין דעיט, שוואַלב!"

טיני איז געפאָרן אַהיים מיט העריס בריוו אין טאַש. אויף יעדער סטאַנציע, וואו די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט איז זי אַראָפּ אויף דער פּלאַטפאָרם. אויף איין ווײַלע אַראָפּ. די ערד איבער וועלכער מען גייט איז אַזאַ גוטע, אַ פולע, אַ זינגענדיקע ערד. עס איז אַ פרייד זי אָנצורירן מיט די טריט. שטיין אַ ווײַלע, אָפּשענקען עטלעכע לויכטנדיקע שמייכלען צו אומבאַקאַנטע מענטשן און קריגן בײַ זיי אַ שמייכל אויף צוריק, גלאַט אַזוי. ווײַל די מענטשן זינגען אויך וועגן עס זינגט די ערד. דער נאָמען פון יעדער סטאַנציע איז אונטערגעשריבן „וויט לאַוו". „סנאָהיל — וויט לאַוו", „יעלאָו קריק — וויט לאַוו". עס זײַנען דאָ ווערטער, וואָס צעשײַנען זיך ווי פונקען און לויכטן מיט אַ סך שטערנדיקע ליכט — אַזאַ וואָרט איז „וויט לאַוו".

אין שטוב אַהיים איז טיני אַרײַנגעפאַלן ווי פון אַ גליטש — אַ פריילעכע און דערפרישטע. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קײשל בלומען, וואָס זי האָט געקויפט אויף איינער פון די סטאַנציעס „וויט לאַוו".

דער טאַטע און די מאַמע האָבן טינין געקושט:

— ווי פילסטו זיך?

— גוט!

— ווי גייט דיר אין קאַלעדזש!

— זייער גוט!

די שטוב איז פול געוואָרן מיט פרייד און „זייער גוט".

באַלד נאָך טיניס אָנקומען האָט זיך צו איר אַרײַנגעכאַפּט העלען זאָגן „האַלאָ".

טיני האָט איצט ניט באַמערקט העלענס פולע ליפּן און די שוואַרצע האָר, וואָס זײַנען געפאַלן איבער די אַקסלען. אַרום טינין האָבן געשימערט די פונקען פון גליק, וואָס מאַכן אַ מענטשן פריילעך און בלינד.

— דו ווייסט, הערי איז שוין דאָ? — האָט איר העלען געזאָגט.
— איך ווייס. ער דאַרף שוין זיין. איך האָב געהאַט פון אים אַ בריוו.
— איך האָב אויך געהאַט פון אים אַ בריוו, — האָט איר העלען געזאָגט.
און צוגעגעבן מיט אַ שמייכל: — ער האָט מיר געשריבן איך זאָל מיט קיינעם ניט מאַכן קיין „דעיט״ — הערסט אַ חוצפּה! איך זאָל וואַרטן אויף אים!
העלען איז אַוועק.

פּונקט ווי דעמאָלט, ווען טיבי איז געווען אַ קינד און עס האָט זיך פּלוצלינג אויסגעלאָשן דאָס ליכט און זי איז געבליבן אין דער פינצטער — אַ שרעק, אַזוי האָט זיך טיבין איצט געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע ליכט פון טאָג האָט זיך אויסגעלאָשן און זי איז געבליבן אין דער פינצטער — אַ שרעק! און פּונקט ווי דעמאָלט איז זי אַרויסגעלאָפן פון שטוב און איז געלאָפן צו הערים הויז.

— הערי, הערי, קום אַרויס! הערי!

אַן איבעררעשטער איז הערי אַרויסגעלאָפן צו איר. זי איז געשטאַנען אין אַ גרינג פרילינג קליידל, אַ דערשראָקענע און האַלב ברוגזע.

— פאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? — האָט אים טיבי געזאָגט און אירע אויגן האָבן צוריקגעשאָטן אַלע פונקען, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט אין דעם ליכטיקן טאָג.

הערי איז געשטאַנען אַנטקעגן איר אַ געפּלעפּטער און ווען ער איז געקומען צו זיך האָט ער אַרויסגערעדט:

— זאָג מיר „האַלאָ״, טיבי.

— איך וויל ניט האָבן פון דיר קיין דובליקאַטן פון קיין בריוו — האָט זי אים געענטפערט. אירע גרויע אויגן זיינען געווען ליכטיק און ערנסט. דערנאָך האָט זי געזאָגט שטיל און ווייך, ווי איינער וואָס בעט פאַר זיין לעבן:

— מען דאַרף דאָס ניט, הערי... איך וויל דאָס ניט, הערי... שרייב ניט צו מיר. — זי האָט אַ מורמל געטאָן נאָך עטלעכע ווערטער, וואָס הערי האָט ניט דערהערט און ניט געוואָלט איבערפרעגן. ער האָט געזען איר פּנים, די אויגן, ווי זי וואָלט ריידן צו זיך, צו אים און צו דער גאַנצער אָפענער וועלט — זי וויל דאָס ניט...

הערי איז געווען צערודערט. אים האָט זיך געדאַכט אַז ער דערקאָנט ניט די מעין סטריט. צומאָרגנס איז ער אַוועקגעפאָרן אַרבעטן אין קינדער קעמפּ. דאָס יאָר האָט טיבי אים ניט באַגלייט צו זיין אַרבעט אין קעמפּ, ניט געבראַכט אים קיין שאָקאָלאַד צו דער באַן. זאָל אים באַגלייטן ווער עס וויל, ווער עס וויל — האָט טיבי געטראַכט.

דעם זומער האָט טיבי געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק און איז געגאַנגען מיט דער מאַמען אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס זיך „אונטערשלאָגן״ מיט קליידער. פון הערין האָט זי באַקומען אַ בריוו פון קעמפּ. — ער אַרבעט. אַ קאָונסעלערין איז דאָ פאַראַן, אַ שיין מיידל, טעלמאַ. זי זשאַלעוועט ניט קיין קוש. זי העלפט אים איבערלאַנגווייל דעם זומער.

טיני האָט אים געענטפערט מיט איין שורה: „אַ דאַנק פאַר אויפריכטי־קייט. טיני".

הערי האָט געקוקט אויף דער איינציקער שורה פון טיניס בריוו, און עס האָט אים באַנג געטאָן: „די שוואַלב איז אַוועקגעפלויגן, איין שורה האָט זי אָנגעשריבן".

מיט צוויי טעג פריער, איידער הערי האָט זיך אומגעקערט סוף זומער פון קעמפּ, איז טיני אַוועקגעפאָרן. זי דאַרף זיין מיט עטלעכע טעג פריער אין קאַלעדזש — האָט זי געזאָגט אין דער היים. די מאַמע האָט איר פאַר־געלייגט, זי זאָל וואַרטן נאָך אַ פּאָר טעג ביז הערי וועט קומען, האָט איר טיני געענטפערט קורץ: „איך האָב ניט ליב צו וואַרטן, מאַמע".

— זי דאַרף זיין מיט עטלעכע טעג פריער אין קאַלעדזש — האָט טיניס מאַמע געזאָגט הערין — פּינקטלעך מיט טיניס ווערטער — ווען ער האָט אָפּגערופן צו די עפּשטיינס, אָנקומענדיק פון קעמפּ.

„די שוואַלב איז אַוועקגעפלויגן" — האָט הערי געטראַכט, געבליבן שטיין אַ ווײַלע לעבן דעם אומפריינדלעכן טרייבל פון טעלעפאָן און געפילט — די מעין סטריט איז ליידיק געוואָרן.

הערי האָט אָפּגערופן הערין, טעלמאַ האָט אים גערופן. ער האָט גע־האַט „אַ לאַט אָוו וואָירק" און האָט זיי ניט געקענט זען. ער איז געלעגן אויסגעצויגן מיט די לאַנגע פיס אויף אַ שטרויענער קאַנאַפּע און האָט גע־טראַכט וועגן טיני: „אַלץ איז ביי איר אַ זייטיקע זאַך — אַ דאַנק פאַר דיין אויפריכטיקייט... אַוועקגעפלויגן... טעלמאַ איז אַ שיינע פּוטער־בולקע און הערי איז ,אַ דראַנג'." איצט איז אים געקומען אויפן זינען, ווי טיני האָט הערין אָנגערופן „אַ דראַנג". דאָס איז געווען מיט זעקס יאָר צוריק. טיני האָט אים אַרויסגעטריבן פון שטוב און געזאָגט: „גיי צום „דראַנג", צו הערין, וועסטו זיך ניט דאַרפן איינבויגן".

הערי איז אַוועקגעפאָרן אין קאַלעדזש. פאַר די ווינטער וואַקאַציעס האָט ער אָנגעשריבן אַ קאַרטל צו טיני:

— שוועלבל, איך וועל אָפּשטייגן אין טשעריוואוד, וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אַהיים, אויף מעין סטריט.

טיני האָט געלאַכט: „אָפּשטייגן אין טשעריוואוד!" פּונקט ווי טשערי־וואוד זאָל ליגן ביי אים אויפן וועג. זי האָט געלאַכט פאַר פרייד. זיך אויס־געצויגן אויפן דיל און געלאַכט.

טיני האָט באַגעגנט הערין ביי דער באַן־סטאַנציע אין טשעריוואוד. די זומער־שפּרינקלעך האָבן געבליט, און דאָס צו קורצע בעזל איז געווען איינגאַנצן קינדיש. „אַ שוואַלב" — האָט אַ טראַכט געטאָן הערי — און האָט זי אַרומגענומען. עס איז געווען פון די געדיכטע ווינטער־רעגנס. ביים טראָטואַר זיינען אויפגעשוואָלן וואַסער־שטראָמען, ווי גאַנץ טשעריוואוד וואָלט געווען אַ נעץ פון טייכן. הערי האָט מיט אַן ערנסטן פּנים געזאָגט צו טיני:

— טיני, איך וועל דיך אַריבערטראָגן איבער די וואַסער־שטראָמען. —

דאָס האָט זייביידן דערמאָנט וועגן זייערע קינדערשע שטיפערייען. עס איז זיי געווען פריילעך, די פולע פרײלעכקייט פון יוגנט.

* * *

אויף דער מעין־סטריט האָבן זיך ביידע מאַמעס, שוין פינף און צוואַנציק יאָר שכנות, באַגעגנט איינמיטן וועג מיט די טעלעגראַמעס אין די הענט. טיביס מאַמע האָט אַ צעפּלאָמטע גערעדט:

— אַ חוצפּה פון היינטיקע קינדער! מען זאָגט ניט און מען פרעגט ניט — אויס טאַטע־מאַמע! — זי איז געווען שטאַרק גליקלעך, וואָס טיבי האָט חתונה געהאַט, אַפילו ניט „אונטערגעשלאָגן".

העריס מאַמע האָט געטענהט:

— גיי פיר אַ זון צו דער חופּה! אַז מען דאַרף דיך גאָרניט! אַ טעלע־גראַמע, און גענוג! — זי איז געווען גליקלעך, וואָס העדי איז אַריינגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב, און וועט האָבן אַ גאָלדענע ווייב — טיבי — און זי האָט געוויינט פאַר פרייד.

די עלטערן, די מחותנים, האָבן געגעסן אָוונטברויט צוזאַמען, און געשריען אויף די קינדער. געטרונקען לחיים — און געשריען אויף די קינדער. געווען גליקלעך און געשריען: „היינטיקע קינדער!"

אויף דער מעין סטריט איז ניט געווען קיין טראָפּן רעגן. עס איז געווען סאַמע זון.

# אַראָפּ פון וועג

אַלע דריי טעג, וואָס זלמן ווינער איז געזעסן שבעה נאָך זיין פאָטער, איז זיין ווייב, מאַלי, אַרומגעגאַנגען אַן אויפגעקאָכטע: „געהערט, אַ מענטש זאָל זיך פאַרלייגן אָפּצוזיצן אַלע זיבן טעג שבעה, און דער געשעפט זאָל שטיין אַ פאַרמאַכטער! מען קען דאָך בדלות ווערן!"

צו שטילן איר צאָרן האָט מאַלי אויסגעזוכט אַלע אַרבעטן וואָס עס איז מעגלעך צו טאָן אין אַ שטוב — געפּרעסט פאָרהאַנגען, איבערגעשייערט די זילבער, גערייניקט די טעפּיכער. דער וואַקיום־קלינער האָט גערוישט און געזשומעט, ווי דער גאַנצער צאָרן פון מיסיס ווינער וואָלט באַהערשט זיין עלעקטרישע נשמה.

איר מאַן, זלמן ווינער, איז געזעסן אויף אַ נידעריקן בענקעלע אין ליווינג רום. לעבן אים אויף אַ טישל האָט געברענט אין אַ גלאָז אַ ליכט, וואָס ער האָט אָנגעצונדן נאָך זיין טאַטנס טויט. דער טומל וואָס זיין ווייב האָט אויפגעהויבן מיט איר אַרבעט האָט צו אים ניט דערגרייכט. אַרום אים איז געווען אַ שטילקייט, ווי ער זאָל זיין אין אַן אַנדער וואוינונג.

מיסיס ווינער איז אַריין און האָט געעפנט די ראַדיאָ:

— זאָל מען כאָטש הערן עפּעס נייעס! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און אין צימער האָט זיך אַריינגעריסן אַ געזאַנג, דערנאָך אַ גרילצעריי, און דערנאָך אַ באַסאָווע מענערישע שטים.

זלמן ווינער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט די ראַדיאָ אַריבערגעטראָגן אין קיך, וואו זיין ווייב האָט גערייניקט די פּאָליצעס פון אַ שאַפע.

— דו קענסט זיך הערן די נייעס — האָט ער געזאָגט — איך האָב געגוג נייעס...

— ווילסטו ניט, איז ניט — האָט זי געענטפערט, און האָט האַסטיק פאַרדרייט די ראַדיאָ.

אין דער שטילקייט פון דער שטוב האָט מען געהערט אירע אָפּצאָסן, וואָס האָבן צאָרנדיק ווי העמערלעך געשלאָגן איבער דער פּאָדלאָגע פון קיך היין און צוריק.

ווען מען האָט זיך געזעצט עסן אָונטברויט האָט מיסיס ווינער געמאַכט אַ חשבון פאַרן מאַן:

— צוויי מענטשן אין געשעפט אַרבעטן ניט שוין דריי טעג און מען צאָלט זיי. דירה קאָסט, טעקסעס צאָלט מען און לייזט מען ניט... ווען אַלע וואָלטן פאַרמאַכט זייערע געשעפטן, ווען ביי זיי „טרעפט זיך עפּעס", וואָלט האַלב ניו יאָרק געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע טירן...

מיסיס ווינער האָט אויסגעצויגן די הענט צום מאַן:

— עס אַרט מיר שוין ניט דער שאָדן. עס פאַרדריסט מיר אויף די מענטשן — אי זיי אַרבעטן ניט, אי זיי באַקומען געלט. באַשערט זיי אַ

„וואַקעישאַן״ אינמיטן דערינען. צום ערשטן מאָל אויף מיין לעבן הער איך אַזאַ זאַך!

זלמן ווינער האָט זיין ווייב ניט געענטפערט. ער האָט געקייט אַ שטיקל ברויט אָן אַפּעטיט און האָט געהערט אירע רייד אַזוי גלייכגילטיק, ווי מען וואָלט גערעדט ניט צו אים, נאָר ווי ערגעץ פון דרויסן וואָלט געקומען אַ שטימע און דער שמועס גייט אים ניט אָן.

מיסיס ווינער איז געבליבן אַ ווײַלע שטיל. עס האָט אין איר געקאָכט דער צאָרן, וואָס דער מאַן ענטפערט איר ניט. זי איז צוגעגאַנגען צו אים אַ טראָט נענטער און האָט פאַרגעזעצט:

— און דו מיינסט, מען וועט וואַרטן אויף דיר? די וואָס וועלן דאַרפן קנעפּלעך, אָדער פּאָדעם, אָדער טאַשמעס, אָדער אונטערשלאַק, אָדער שפּיצן, אָדער גאָלד־געניי, אָדער האַטשיקעס, אָדער גומעלאַסטיק, אָדער באַמבעל־קעס, אָדער פּאַטשערקעס... (צוליב דעם אימפּעט, וואָס האָט אין איר געברענט, האָבן זיך ביי איר די ווערטער געקייקלט איינס נאָכן אַנדערן, ווי אַ האָגל, און זי האָט אויסגערעכנט אַלע אַרטיקלען, וואָס זיינען דאָ ביי אים אין געשעפט) — זיי וועלן דאָס קריגן אין אַנדערע פּלעצער, נישט אַזעלכע פּרומע ווי דו! מיר וועלן האָבן אַ היזק וואָס וועט אונדז אַריינטרייבן אפשר אין זיבן הונדערט דאַלער!...

איר פּנים האָט געפלאַמט און אירע קיילעכדיקע פולע הענט האָבן זיך באַוועגט מיט אַזוי פיל לעבן און גיריקייט, ווי דער טויט פון אַ מענטשן וואָלט צו איר קיין שום שייכות ניט געהאַט, און דאָס זיצן שבעה איז אַן אומגעריכטע אָנשיקעניש.

זלמן האָט אַ בליק געטאָן אויפן ווייב און אַרויסגערעדט איין וואָרט: „שאַ!״ — ווי דאָס איין וואָרט וואָלט אים אויך שווער אָנגעקומען צו זאָגן.

זיין „שאַ!״ האָט אָפּגעהאַקט מיסיס ווינערס רייד. זי האָט אַראָפּגענומען פון טיש און האָט זיך געשטעלט איבערשווענקען דאָס געפעס. די טעלער, די לעפל און די גאָפּלען האָבן געבראַזגעט און געזעצט איינס אָן דעם אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך געקריגט, יעדער זעץ איז געווען ווי אַ געפעכט אויף אַ שלאַכטפעלד.

ווען מיסיס ווינער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער „מלחמה״ מיט די טעלער, האָט זי זיך איבערגעטאָן און האָט זיך געקליבן אַוועקגיין פון הויז. זי האָט אויסגעגלעט די הענטשקעס אויף די פינגער און האָט געזאָגט צום מאַן:

— אַז אילעין וועט ברענגען מעקסעלען, זאָלסטו אים געבן אַ גלאָז מילך און לייגן שלאָפן. איך וועל זיך אַ ביסל דורכגיין. דער קאָפּ טוט מיר וויי פון די אַלע גליקן.

זלמן ווינער האָט אַ שמייכל געטאָן ווען זיין ווייב האָט געזאָגט „די גליקן״, און האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט לעבן דעם ברענענדיקן ליכט.

מיסיס ווינער איז אַרויס פון שטוב, נאָר זי האָט זיך אומגעקערט און

האָט נאָכאַמאָל דערמאָנט דעם מאַן, ער זאָל ניט פאַרגעסן געבן מילך מעק־סעלען פאַרן שלאָפן גיין.

— זאָרגסטו דאָך אויך וועגן דיין קדיש — האָט איר דער מאַן גע־זאָגט ניט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ.

מיסיס ווינער האָט אים שאַרף אָנגעקוקט, ווי זי זאָל זיך וועלן איבערצייגן צי ער איז ביים פולן זינען:

— איך וויל דאָס קינד זאָל טרינקען מילך, וואָס האָט עס צו טאָן מיט קדיש־שמאַדיש? — האָט זי זיך אַ בייזער געטאָן אויף איר מאַן.

זי איז אַראָפּ פון די שטיגן מיט אַ שווער געפיל, ווי דער מאַן וואָלט אויסגעטראַכט אויף איר אַ בלבול, אַז זי וועט אויך אַמאָל שטאַרבן. טאַקע, וואָס עפּעס אינמיטן דערינען אַ געשיכטע מיט אַ קדיש?

מיסיס ווינער איז אַריין צו איר שוועסטער העלען, וואָס האָט גע־וואוינט אויפן זעלבן בלאָק. זי איז שטענדיק אַריין צו איר שוועסטער, ווען זי האָט געוואָלט זיך אַראָפּריידן פון האַרצן די פאַרדראָסן אויפן מאַן.

— ער וויל אָפּזיצן אַלע זיבן טעג שבעה, האָסט שוין געהערט אַזוינס אין אַמעריקע? און ער לאָזט ניט, אַז דער געשעפט זאָל זיין אָפן, די מענטשן זאָלן כאַטש אַרבעטן. ניין, ער וויל אָפּגעבן כבוד זיין טאַטן! האָסט שוין געהערט אַזוינס אין אַמעריקע? ווי איז אָבער, אַז דער כבוד דאַרף מיך קאָסטן אין די שווערע הונדערטער?! און די מענטשן — אי זיי אַרבעטן ניט, אי זיי כאַפּן אַריין די פּאָר סענט און עס איז פּונקט אין סעזאָן, אַ צייט וואָס מען לייזט — אָט פּונקט איצט שטאַרבט אים דער טאַטע!

די שוועסטער האָט אָוועקגעלייגט דעם סוועדער, וואָס זי האָט געשטריקט, האָט עטלעכע מאָל מיט די פינגער אויסגעגלייכט די ראָגן פון דעם אויסגע־שטריקטן אַרבל און האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען:

— אַ בייעס ביי דיר, אַז ביי דיין זלמנען איז אַביסל „אַריבערגעכאַפּט די מאָס״? אָט איז ביי שוואַרצן געשטאָרבן די מוטער — נו, האָט ער פאַר־מאַכט דעם געשעפט? אָט איז ביי גרינשטיינען, ניט דאָ געדאַכט, דאָס ווייב אַוועק פון דער וועלט — נו, האָבן די מענטשן ניט געאַרבעט אין זיין לאָנ־משענעט? נאָר גאָרניט, דיין זלמן איז דאָך „יודל מיט די אַרנטלעכע עמער״. געדענקסט יודל דעם וואַסערטרעגער? מען האָט אים באַצאָלט פאַר דריי פּאָר עמער, מעג זיך דאָס וואַסער פון פּאַס איבערגיסן — ער טוט זיינס, ער גיסט אַריין זעקס עמער! עס איז אַביסל אַריבערגעכאַפּט די מאָס, אַביסל אַראָפּ פון וועג.

די שוועסטער האָבן אייגע די אַנדערע צוגעגעבן היץ און מיסיס ווינער איז אַוועק אַהיים אַן אָנגעלאָדענע מיט פאַרדראָס.

ווען מיסיס ווינער איז געקומען אַהיים, איז שוין מעקסעלע געשלאָפן. זלמן איז געלעגן אויף דער קאָשעטקע און האָט געדרימלט. פון דעם קלאַפּ מיט דער טיר און פון די העמערלעך פון מאַליס אָפּצאַסן איבער דער

פּאָדלאָגע האָט ער זיך אויפגעוועקט. מיסיס ווינער האָט אָנגעהויבן ריידן, ווי צו זיך אַליין.

— אַז אַ מענטש כאַפּט איבער די מאָס, טויג ניט. אָט איז ביי שוואַרצן געשטאָרבן די מאַמע, נו, האָט ער פאַרמאַכט דעם געשעפט? אָט איז ביי גרינשטיינען, ניט דאָ געדאַכט, דאָס ווייב אַוועק פון דער וועלט — די אָנגעשטעלטע האָבן געאַרבעט, און די מענטשן וואָס אַרבעטן ביי דיר, פאַר וואָס קומט זיי „וואַקעישאַן”? גאַרניט, אַביסל אַראָפּ פון וועג — יודל מיט די אַרנטלעכע עמער!

זלמן ווינער האָט פאַרריכט דעם קנויט פון דעם ליכט אין גלאָז און האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

— מאַלי, איך זאָג דיר צו, אַז מער קיין טאַטע וועט ביי מיר ניט שטאַרבן...

אויף מאָרגן אינדערפרי איז מיסיס ווינער אַראָפּ אין דראַג־סטאָר און פון דאָרטן האָט זי אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן דזשעקן, דעם עלטערן אַר־בעטער ביי איר מאַן אין געשעפט. זי האָט ניט געוואָלט רופן פון דער היים, כדי איר מאַן זאָל ניט הערן דעם שמועס.

— דזשעק, איר וועט דאָך געוויס אַריינקומען זען מיין מאַן.. איך ווייס... עס קאָסט דאָך געלט... אפשר וועט ער אייך הערן... און איר וועט שוין זיין ביים מנין... מען דאַוונט... מען דאַוונט... וואָס דען? מען דאַוונט... דזשעק, איר וועט שוין אָפּרופן דיקן... איר וועט קומען צוזאַמען...

מיסיס ווינער האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל און האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— אָט אַזוי... גלאַט אַ וואַקעישאַן... זאָלן זיי כאָטש קומען דאַווענען!...

פאַרנאַכט זיינען געקומען דזשעק און דיק. אויפן וועג האָט דער ייִנ־גערער אָנגעשטעלטער, דיק, גערעדט צו דזשעקן:

— לויט דער יוניע דאַרפן מיר אַרבעטן ביי אים אין סטאָר, פאַר דעם קריגן מיר געצאָלט! אָבער מיר דאַרפן ניט גיין צו אים דאַווענען! דאָס איז ניט אונדזער אַרבעט! איך בין אַ יוניעמאַן. איך בין נישט קיין דאַווענער... אַן איינפאַל פון אַ יידענע!

זלמן ווינער האָט געדאַנקט די אָנגעשטעלטע פאַר זייער באַזוך. ער האָט זיי דערציילט וועגן זיין פאָטער... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט מיט זיי גערעדט וועגן אַ זאַך וואָס איז אויסער געשעפט. זיי האָבן זיך ביידע צוגעהערט און האָבן געשוויגן. דיק האָט זיך אַנטשולדיקט, ער האָט געזאָגט, אַז זיין מוטער איז ניט געזונט און איז אַוועק. דזשעק איז געבליבן צום מנין. ער האָט מיטגעהאַלטן מיט די יידן ביים דאַווענען מיט דער זעלבער געשעפטסמעסיקייט ווי ער שטייט אין סטאָר. ער האָט אַפילו, אויס גע־וואוינהייט, אַ כאַפּ געטאָן אַ בליק אויפן זייגער, זען ווי שפּעט עס איז. מיסיס ווינער האָט אַ פּאָר מאָל אַ קוק געטאָן ווי דזשעק שטייט און דאַוונט און עס האָט איר הנאה געטאָן:

— אָט אַזוי... כאָטש עפּעס!

עס איז געווען מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער ווי זלמן איז אויפגעשטאַנען פון שבעה־זיצן, האָט מיסיס ווינער דערהערט, ווי איר מאַן שרייט אויף זייער פּיריאָריקן מעקסעלען:

— אַזאַ יונג ווי דו שמירט זיך אויס דאָס פּנים מיט אַ „פּיטש״? איך צאָל פאַר דיר אַזוי פיל שכר לימוד און דו פּירסט זיך אויף ווי אַ קליינער באָם! אומזיסט מיינסטו וועל איך צאָלן פאַר דיר געלט. איך וועל דערציילן דעם רבין...

ביי מיסיס ווינער זיינען גרויס געוואָרן די אויגן פון איבעררעשונג. „וואָס רעדט ער? וואָס פאַר אַ שכר לימוד?״ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, און אַן אַנגסט איז איר צוגעפאַלן צום האַרצן. — וואָס איז מיט זלמנען? — אויף די שפּיץ־פינגער איז זי צוגעגאַנגען צו דער טיר פון ליווינג־רום און פאַר־זיכטיק, ווי מען גייט־צו צו אַ קראַנקן, איז זי צוגעגאַנגען צום מאַן:

— זלמן, צו וועמען רעדסטו? — האָט זי אים געפרעגט.

דער מאַן האָט איר געענטפערט גאַנץ פּשוט:

— צו מעקסעלען.

מיסיס ווינער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן פון געפּלעפטקייט.

— וואָס הייסט... — האָט זי געזאָגט — וואָס הייסט צו מעקסעלען?...

— איך האָב אים פאַרשריבן אין אַ ישיבה.

— וועמען? — האָט מיסיס ווינער איבערגעפרעגט.

— מעקסעלען...

אַ היפּשע ווײַלע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט מיסיס ווינער אָנ־געהויבן שטאַמלען:

— ער איז דאָך נאָך אַ פּיצל... אַזאַ... וואָס הייסט!...

דער מאַן אירער האָט געשוויגן פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ער איז געזעסן שבעה און זי האָט גערעדט צו אים ער זאָל עפּענען דעם געשעפט. זי האָט זיך דערפילט אַ באַליידיקטע און זי האָט כמעט אויסגעשריען:

— פונדעסטוועגן האָסטו דאָך מיר געמעגט זאָגן!... איך האָלט טאַקע ניט דערפון, אָבער פונדעסטוועגן...

דער מאַן האָט איר איבערגעריסן מיט אַזאַ האַרבקייט, וואָס איז זעלטן געווען ביי אים:

— נישטאָ קיין „פונדעסטוועגן״, מאַלי... אַז מען דאַרף שוין קיין שבעה ניט זיצן — איז נישטאָ קיין פונדעסטוועגן. אָט אַזוי האָב איך געטאָן...

— וועסטו אַרויסוואַרפן געלט אויפן ווינט? דאָס קינד איז אַ פּיצל... אַז, אַז, אַז עס איז גאָרניט געהערט געוואָרן... אַלעמען געבן אַ „וואַ־קעישאָן״...

מיסיס ווינער האָט דערפילט אַ רחמנות צו זיך אַליין, וואָס איר מזל איז אַנדערש ווי ביי אַלע שכנות אין הויז און ביי אירע אַלע באַקאַנטע. טרערן זיינען ביי איר אָנגעלאָפן אין די אויגן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַנטל און איז אַוועקגעלאָפן צו איר שוועסטער העלען אויסגיסן איר ביטער האַרץ.

— אַז מיך אַרט שוין ניט, וואָס ער וואַרפט אַרויס געלט אויפן ווינט —

האָט מיסיס ווינער גערעדט צו דער שוועסטער — נאָר פּאַרוואָס זאָל ביי מיר זיין אַנדערש ווי ביי אַלעמען? אַנדערש ווי ביי די רובינשטיינס, אַנדערש ווי ביי די איידעלמאַנס, אַנדערש ווי ביי די זינגערס... — מיסיס ווינער האָט אויסגערעכנט די נעמען פון אַלע באַקאַנטע, און וואָס מער דער צעטל איז געוואַקסן, איז אין איר שטאַרקער געוואָרן די ביטערקייט אויפן מאַן. די שוועסטער האָט איר צוגעגעבן היץ:

— טאַקע, אַ קינד, אַ פּיצל, מעקסעלע... עס איז נאָך יאָרן ביז ער וועט אָנהויבן לערנען... צאָל פאַר אים... לייג „לעבעדיקע דאלארן" אויף אַ משוגעת!...

ווען די שוועסטער האָט דערמאָנט די „לעבעדיקע דאלארן", האָט זיך מיסיס ווינער מער ניט געקענט איינהאַלטן. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און האָט געזאָגט:

— נייך, איך גיי אים זאָגן... ער וועט ביי מיר ניט זיין קיין באָק, וואָס אַנטלויפט פון דער סטאַדע! איך וויל ניט זיין אַנדערש ווי אַנדערע....

זי איז געלאָפן איבער דער גאַס מיט אַן אימפּעט, ווי מען לויפט לעשן אַ פייער.

ניו יאָרק, 1946

# אליהו זאַלקינדס בוכהאַלטעריע

אַלע יאָרן, וואָס אליהו זאַלקינד איז אין אַמעריקע, דערציילט ער מיט גרויס התלהבות וועגן זיין שיף־ברודער, מיסטער קאַרפּל.

— דער מיסטער קאַרפּל איז געווען אַ ייד אי אַ חכם, אי אַ בעל טובה, אי... איך ווייס גאָרניט וואָס. און דער עיקר — ער האָט געקענט אַמעריקע! — אַזוי זאָגט אליהו זאַלקינד אין די רואיקע מינוטן, ווען ער דערמאָנט זיך ווי ער איז געקומען מיט אַ יאָר פערציק צוריק פון אַ קליין שטעטל אין דער ליטע און אַריינגעפאַלן גלייך אין דעם גרויסן כרך ניו יאָרק.

אין זיין שטעטל איז אליהו זאַלקינד געווען דער „שרייבער" אין דער ליי־קאַסע, — דאָס איז געווען אַזאַ מין סאָרט באַנק, וואו יידן האָבן געקענט נעמען אַ גמילת חסד, ווען עס האָט זיי צוגעקלעמט אין קעשענע. אליהו זאַלקינד איז געווען דער בוכהאַלטער, דער איינמאָנער פון די חובות, דער שליסל־טראָגער פון דער ליי־קאַסע. און צוויי מאָל אַ וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטאָק, האָט ער מיט אַ באַרשט אויף אַ לאַנגן שטעקן פאַרקערט די שטוב פון דער ליי־קאַסע. אַלע באַלעבאָסטעס פון שטעטל האָבן געקערט מיט אַ בעזעם, נאָר ער, אליהו זאַלקינד, האָט געקערט די ליי־קאַסע מיט אַ באַרשט. און דעריבער איז די אַרבעט ניט געווען קיין דערנידעריקונג פאַר זיין אַמט. קערן מיט אַ בעזעם — איז איין זאַך, און קערן מיט אַ באַרשט — קערט מען די ליי־קאַסע.

די ביכער פון דער ליי־קאַסע האָט אליהו זאַלקינד געפירט מיט פּינקט־לעכקייט און מיט ליבשאַפט. די ביכער זיינען טאַקע געווען בוכהאַלטעריע, אָבער אַביסל אויך דער פּינקס פון שטעטל. איבערהויפּט איז די ליי־קאַסע געווען אין גאַנג ערב יום־טוב, ערב אַ יאַריד, ערב אַ פּריזיוו, ערב ווינטער, ערב אַ חתונה, בכלל יעדער ערב. אליהו זאַלקינד האָט דעמאָלט אַריינגעשריבן אין זיינע ביכער:

„יום כ' לחודש תמוז. אַ גמילת חסד פון סך פינף און צוואַנציק רובל, צו רבי אברהם קאַרנפיין לכבוד דער חתונה פון זיין מיזינקע הבתולה חיה גיטל, זאָל זיין מיט מזל".

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט אליהו זאַלקינד אַריינגעשריבן אויף דער אַנטקעגנדיקער זייט פון דעם בוכהאַלטעריע־בוך: „קבלתי סך פינף רובל על חשבון פון דעם גמילת חסד פון ר' אברהם קאַרנפיין לכבוד דער חתונה פון זיין מיזינקע חיה גיטל, וואָס איז מיט מזל געווען ביום י"ג לחודש אָב."

„יום ג', ט"ו לחודש אלול. אַ גמילת חסד פון סך דרייסיק רובל צו ר' שמעון דעם תבואה הענדלער צום גרויסן יאַריד וואָס פאַר סוכות, גאָט זאָל אים געבן הצלחה. ער איז אַ נצרך". אויף דער אַנטקעגנדיקער זייט איז געווען פאַרשריבן: „יום ה', כ"ז לחודש שבט. ר' שמעון דער קאַרנהענדלער האָט בעזרת השם אָפּגעבראַכט די גאַנצע דרייסיק רובל. ער האָט, געלויבט השם יתברך, געהאַט אַ גוטן יאַריד."

די שכירות, וואָס אליהו זאַלקינד האָט באַקומען פאַר זיין אַרבעט, איז

געוועזן געגנבֿי אויסגערעכנט פֿון די בעלי־בתּים פֿון שטאָט: ער זאָל האָבן אויף דער וואָך לעבן, אויף מאַכן שבת, און אין משך פֿון אַ פּופֿצן, זעכצן יאָר זאָל ער קענען אָפּלייגן נדן פֿאַר זיין טאָכטער. געלעבט האָט זיך אים מאַקע ממש קייסערלעך, און אין שטעטל האָט מען געזאָגט.

— אָט דאָס איז אַ שטעלע! אָבער וויפֿיל ליי־קאַסעס זיינען דאָ?

נאָר, זעט אויס, אַז האָבן צו טאָן מיט געלט מאַכט פֿון אַ מענטשן אַ בעל־גאווה. אליהו זאַלקינד, ווען אים אַליין האָט איינמאָל צוגעקלעמט אין קעשענע, אין ער האָט ניט געקענט זיך אויסשטאַטן אַ נייעם בגד אויף פּסח — האָט ער באַלד נאָך יום טובֿ אַ זאָג געטאָן: ער פֿאָרט קיין אַמעריקע! דאָרט קען מען מאַכן אַ „קאַפּיטאַל", און נישט זיצן אַלע יאָרן און קערן די ליי־קאַסע מיט דער באַרשט צוויי מאָל אַ וואָך, מאַנטיק און דאָנערשטיק. אַרויסגעפֿאָרן איז ער טאַקע באַלד מיט דער גאַנצער משפּחה, מיטן ווייב און מיט דער קליינער טעכטערל, וואָס פֿאַר איר האָט ער באַדאַרפֿט אָנקלייבן נדן אין אַ פּופֿצן, זעכצן יאָר.

אויף דער שיף מיט זיי איז געפֿאָרן מיסטער קאַרפּל, אַ ייד וואָס איז שוין איין מאָל געווען אין אַמעריקע, געפֿאָרן צוריק אַהיים, זיך אומגעקערט ווידער קיין אַמעריקע, און געטראָגן אויפֿן האַלדז אַ קעסטלדיקן שאַליקל, וואו עס איז געווען אָפּגעדרוקט מיט אַ שטעמפּל: „אָל וואָל". דער מיסטער קאַרפּל איז געווען אויף דער שיף מער פּראָפֿעסאָר, ווי פּאַסאַזשיר. אַלע עמי־גראַנטן האָבן זיך געקלעפּט צו אים, געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס איז די אַמעריקע? וואָס איז דער כּח אירער, און וואָס איז דער שׂכל אין איר, וואָס אַלע ציען זיך קיין אַמעריקע?

מיסטער קאַרפּל האָט קודם כּל דערציילט, אַז אין אַמעריקע הייסט יעדער איינער „מיסטער", דאָס הייסט כּמעט — פּריץ. מעג ער זיין אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ גאַסנקערער, אַ פּאַקן־טרעגער, אַ פּעדלער, — יעדן קומט דער טיטול „מיסטער". אָן קיין שום פּראַגעס — ער הייסט „מיסטער". אָט, צוםביישפּיל, ער אַליין, אַ קנעפּל־מאַכער — וועט קיינער ניט וואַגן רופֿן אים סתּם קאַרפּל, נאָר טאַקע מיסטער קאַרפּל. און אַזוי האָבן אים טאַקע די עמיגראַנטן אויף דער שיף גערופֿן: „מיסטער קאַרפּל".

אליהו זאַלקינד האָט זיך גאָר שטאַרק צוגעטוליעט צו דעם מיסטער קאַרפּל. איינמאָל פֿאַרנאַכט — די שיף האָט זיך קוים געפּליושקעט, ווי אַ פּוילע קאַטשקע אויפֿן וואַסער. דער ים איז כּמעט געשלאָפֿן, די שטערן האָבן זיך צעלייגט איבערן הימל, ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן, דאָ אַ צווייגל שטערן, דאָרט אַ הענגל שטערן, דאָ גאָר אַ גרויסער שטערנגאַץ שיסט סאַמע אין מיטן הימל מיט ליכטיקייטן — הכּלל, דער אמתער שיינער אויף־דער־נאַכט! און די לבֿנה האָט זיך גאָר מיישבֿ געווען, זיך געכפּלט אויף צוויי לבֿנות, איינע אין הימל, און איינע האָט זיך צעשאָטן אויף לבֿנה־ראַגאַליקעס איבער די כוואַליעס — אָט אין דעם אויף־דער־נאַכט האָט זיך אליהו זאַלקינד צוגעזעצט לעבן מיסטער קאַרפּל און מיסטער קאַרפּל האָט אים אויסגעזאָגט דעם סוד פֿון אַמעריקע:

— ליבער מענטש, — האָט ער געזאָגט, — איר זאָלט וויסן קאָלומבוס האָט געפונען אַמעריקע, איז עס אַזאַ לאַנד, אַז אַט־אָ האָט איר דעם דאָלער און אַט־אָ גייט ער אַוועק. אַט־אָ האָט איר אים, און אַט־אָ האָט ער זיך אַוועקגעקייקלט — איז דעריבער אַ שטענדיקער געיעג — איר פאַרשטייט? ווייל אַט־אָ האָט איר אים, און אַט־אָ איז ער שוין ואיננו. דער גאַנצער קונץ איז — זיך יאָגן אַזוי שטאַרק, אַז איר זאָלט אים שטענדיק האָבן אין האַנט, און נאָך בלייבן אַ מענטש דערצו.

אליהו זאַלקינד האָט צוליב זיכערקייט איבערגעפרעגט:

— וועמען? וועמען האָבן אין האַנט?

מיסטער קאַרפּל האָט פאַרריכט דאָס קעסטלדיקע שאַליקל אויפן האַלדז, זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט אויפן ים, דערנאָך אויף זיין מיט־שמועסער, דערנאָך געענטפערט מיט געלאַסענער און אומבאַשטרייטבאַרער זיכערקייט:

— אַז מען רעדט, מיינט מען דעם דאָלער. איר פאַרשטייט? קאָלומבוס האָט געפונען אַזאַ לאַנד. עס האָט זיינע אייגענע דרכים. ניט איר פאַרשטייט זיי, און ניט איר קענט זיי איבערמאַכן. איר גייט מיטן ראָד, ליבער מענטש, מיטן ראָד...

די שיף האָט זיך געפּליושקעט ווי אַ פּוילע קאַטשקע אויפן וואַסער, דער ים איז געשלאָפן, די שטערן אין הימל האָבן זיך צעלייגט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, די לבנה האָט זיך געכפלט. איין לבנה אין הימל און אַ סך לבנה־ראָגאַליקעס צעשאָטן איבער די כוואַליעס, און אליהו זאַלקינד האָט באַגריפן דעם סוד פון אַמעריקע.

אין ניו יאָרק האָט אליהו זאַלקינד איינגעזען, אַז אַלץ, וואָס מיסטער קאַרפּל האָט געזאָגט, איז געווען כלו אמת. ער האָט זיך נאָך ניט באַוויזן אַרומקוקן, האָט מען אים שוין גערופן מיסטער זאַלקינד. מיטן דאָלער איז אויך געווען ממש ווי מיסטער קאַרפּל האָט אים געזאָגט. אַט־אָ האָט ער אים און אַט־אָ איז ער שוין ואיננו, און עס איז אַ געיעג, מען געדענקט קוים אַז מען איז אַ מענטש.

געוואָלט האָט אליהו זאַלקינד ווערן אַ בוכהאַלטער, אַזוי ווי ער איז געווען אין דער לייַ־קאַסע. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון דער בוכהאַלטעריע אין דער לייַ־קאַסע ביז דער בוכהאַלטעריע אין אַמעריקע איז אַזאַ מהלך, נאָך ווייטער ווי פון זיין שטעטל ביז ניו יאָרק. אַפילו די ציפערן זיינען אַנדערע. דאַכט זיך די זעלביקע, און פונדעסטוועגן אַנדערע. אין דער היים, צום ביישפּיל, איז אַ צוויי — אַ צוויי, אַ ציפער. עס שטייט. עס האָט אַ קעפּל, אַ פאַרדרייטן פוס — עס איז אַ ממשותדיקער צוויי. און דאָ — גיט מען אַ כאַפּ אָפּ, אָן אַ קאָפּ, אָן אַ פוס, עפּעס ווי אַ פליגענע פיסל, און עס איז אין אַמעריקע אַ צוויי. די זעלבע זאַך איז מיטן פינף, און מיטן זיבן, און מיט אַלץ און מיט אַלעמען. עס איז אַ געיעג.

אַז פון דער בוכהאַלטעריע איז גאָרניט געוואָרן, האָט זיך אליהו זאַלקינד דערמאָנט פון דער באַרשט. אויף בערשטלעך האָט ער זיך פאַרשטאַנען נאָך פון די צייטן פון דער לייַ־קאַסע. ער האָט געוואוסט, וואָס פאַר אַ באַרשט

עס קערט, און וואָס פאַר אַ באַרשט עס קערט ניט. ער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט בערשטלעך און ער האָט זיך דערקונדיקט, אַז בערשטלעך זיינען אין אַמעריקע אַן עניך, אַ גרויסער עניך. צו יעדער זאַך איז דאָ אַ בערשטל: צו די דילן אַ בערשטל, צו די כלים אַ בערשטל, צו די שויבן אַ בערשטל, צו די טעפּעכער אַן אַנדער בערשטל, צו דער וואַנע אַ בערשטל, צו די נעגל אַ בערשטעלע, צו די גלעזער אַ באַזונדער בערשטל. זיין באַרשט פון דער לייקאַסע איז ווי גאָרנישט־מיט־נישט אַנטקעגן די אַמעריקאַנער בערשטלעך. אָט די בערשטלעך האָבן אים אַזוי אָפּגעקליקט, אַז פּאַמעלעך האָט זיך זיין בערשטל־געשעפט אויסגעצויגן אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס האָט פאַרנו־מען אַ האַלבן בלאָק. פון געוואוינהייט וועגן האָט ער אַליין, אליהו זאַלגינד, מיט זיינע אייגענע הענט זיין בערשטל־געשעפט אויסגעקערט צוויי מאָל אַ וואָך, מאַנטיק און דאָנערשטיק, פּונקט ווי ער האָט עס געטאָן אין דער לייקאַסע.

נאָר אַ גרויסע בענקשאַפט איז ביי אים געבליבן צו דער בוכהאַלטעריע. אין זיין באַרשט־געשעפט איז געווען אַ בוכהאַלטער, וואָס האָט געפירט די ביכער אויף אַזאַ אופן, אַז אליהו זאַלקינד האָט דאָרט גאָרניט פאַרשטאַנען, אויסער דעם יערלעכן סך־הכל. די בוכהאַלטעריע ביכער פון זיין געשעפט זיינען אים לחלוטין פרעמד. זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט קאָלומבוסן, וואָס האָט געפונען אַמעריקע. עס איז זיין לאַנד, זיין בוכהאַלטער און זיין בוכ־האַלטעריע, וואָס איז אפשר גאָר קיין בוכהאַלטעריע ניט.

האָט זיך אליהו זאַלקינד מיישב געווען: פאַרוואָס קען אַ מענטש ניט האָבן צוויי בוכהאַלטעריעס? איינע זאָל זיין קאָלומבוסעס, און איינע זאָל זיין טאַקע זיינע? האָט אליהו זאַלקינד פאַרלייגט אין זיין לאַנדסמאַנשאַפט אַ לייקאַסע. ער אַליין האָט דאָרט אַריינגעלייגט די שיינע פאַר דאלער, אָבער דערפאַר איז ער געווען קאַסירער, ער האָט געהיט די ביכער, ער האָט איינגעמאָנט די געלטער, און ער האָט געפירט די בוכהאַלטעריע.

ער האָט זיך געקויפט אַ בוך, וואָס איז געווען ענלעך, ווי צוויי טראָפּן וואַסער, צו זיינע אַמאָליקע ביכער אין דער לייקאַסע. דאָרט האָט ער געשריבן אויפן אַלטן שטייגער, מיט פייגע ציפערן, וואָס האָבן געהאַט אַ פּנים — אַ צוויי איז אַ צוויי, און נישט אַ לאַפּקע פון אַ פליג, אַ פינף איז געווען — אַ פינף, אַ זיבן — אַ זיבן. אַריינגעשריבן האָט אליהו זאַלקינד די חשבונות אויפן אַלטן נוסח:

„צו מיסטער ר' מאָריס הוירשמאַן, בשביל אַ געפערלעכן אָפּעריישאָן אַ גמילת חסד פון צוויי הונדערט דאלער. גאָט זאָל אים העלפן עס זאָל אַריבערגיין בשלום".

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט אליהו זאַלקינד פאַרצייכנט אויף דער אַנט־קעגנדיקער זייט פון דעם בוכהאַלטעריע־בוך: „מאת מיסטער ר' מאָריס הוירשמאַן וואָס איז, ברוך השם, אַרויס בשלום פון דעם געפערלעכן אָפּעריי־שאָן, באַקומען על חשבון פון חוב 50 דאלער".

אין זיין באַרשט־געשעפט, אין אַ קליינער שאַפּקע זיינען געלעגן די ביכער

פון דער ליי־קאַסע. אַלע זונטיק, ווען דער סמבטיון פון ניו יאָרק האָט גערוט, עס האָבן גערוט די פאַבריקן, די קראָמען, די בענק, די אַרבעטער און די אָנגעשטעלטע — דעמאָלט האָט געאַרבעט די ליי־קאַסע ביי אליהו זאַלקינד. ער האָט אַרויסגענומען די ביכער, זיי אויסגעלייגט אויפן טישל, און אונטער־געפירט אַלע סך־הכלען, אויסגעגלייכט די אויסגעצאָלטע חובות. ער האָט געפירט די בוכהאַלטעריע, וואָס האָט געהאַט אַ זין און אַן אויסזען...

ווי־זשע האָט אָבער געזאָגט זיין שיף־ברודער מיסטער קאַרפּל? קאָלומ־בוסעס מדינה האָט זיך איר דרך. האָבן די יידן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט געגעבן פאַר דער ליי־קאַסע „דאָניישאָנס". די ליי־קאַסע איז רייך געוואָרן, כמעט אַ באַנק. אים, אליהו זאַלקינד, האָט מען געלויבט און געהויבן אין הימל און געדאַנקט, און אַנערקענט, און געמאַכט פאַר פרעזידענט פון דער ליי־קאַסע, אָבער אַ בוכהאַלטער האָט מען באַשטימט אַן אַנדערן — אַן אַקאַונטענט. אליהו זאַלקינד האָט זיך גאָרניט אַרומגעזען, ווי צווישן די אַלע לויבערייען, און שבחים, און ברכות, און יישר־כוחס האָט מען ביי אים אַרויסגענומען די בוכהאַלטעריע פון די הענט.

איצט פירט די ביכער פון דער ליי־קאַסע אַן אַקאַונטענט. אַנשטאָט ריכטיקע ציפערן, שטייען אין מערקווירדיק גלייכע רייען אָט די פליענדיקע פליגן־פיסלעך — אַ בוכהאַלטעריע אָן אַ זין און אָן פאַרשטאַנד, צוליב וואָס דאָס געלט גייט, און אויף וואָס פאַר אַ צוועק, וועמען העלפט עס און וואָס טוט עס אויף. די בוכהאַלטעריע פון דער ליי־קאַסע איז אליהו זאַלקינדן געוואָרן אַזוי אומפאַרשטענדלעך און פרעמד, ווי די בוכהאַלטעריע פון זיין באַרשט־געשעפט.

ער דערמאָנט זיך אָפּט פון זיין שיף־ברודער מיסטער קאַרפּל, וואָס האָט אים דערציילט דעם סוד פון אַמעריקע: קאָלומבוס האָט געפונען אַזאַ לאַנד, וואָס האָט זיינע אייגענע דרכים. איר גייט מיטן ראָד, ליבער מענטש, מיטן ראָד...

און די בעסטע ראיה איז די בוכהאַלטעריע פון זיין ליי־קאַסע.

אליהו זאַלקינד האָט גוט געדענקט דעם שמועס. ער האָט אַפילו גע־דענקט דעם געקעסטלטן שאַליק פון מיסטער קאַרפּל, דעם שטילן אויף־דער־נאַכט, ווען די שיף האָט זיך געפּליושקעט ווי אַ פוילע קאַטשקע אויפן וואַסער, דער ים איז געשלאָפן, די שטערן האָבן זיך צעלייגט ווי ביים טאַטן אין וויינ־גאָרטן און די לבנה האָט זיך געכפּלט, איין לבנה אין הימל, און איינע האָט זיך צעשאָטן אויף אַ סך לבנה־ראַגאַליקעס אויף די כוואַליעס.

— אַ חכם אַ ייד געווען דער מיסטער קאַרפּל, אַ חכם אַ ייד!

ניו יאָרק, 1947

# חתונה געמאַכט

גאַנצע פיר וואָכן פאַר דעם דריטן סדר פון דעם קלוב „כרמליה" האָט עלקע נוסבוים געאַרבעט טעג און אָוונטן. זי האָט גערופן אויפן טעלעפאָן צו באַקאַנטע, זי האָט געשריבן בריוו, זי איז געפאָרן צו פריינט, צו קרובים, באַגעגנט זיך מיט מענטשן אין לאַביס פון האָטעלן, זי איז געווען פאַרנומען ביז איבער די אויערן. זי האָט געהאַט אַ באַטור שטיין אַ צען־פופצן מינוט און ענדיקן אַ שמועס נאָכדעם ווי זי האָט זיך שוין געזעגנט און געהאַלטן די קליאַמקע פון טיר אויף אַוועקגיין. זי איז געווען הייזעריק פון ריידן און די פיס האָבן איר וויי געטאָן.

אַ טאָג פאַר דער פייערונג האָט זי זיך געלייגט אין בעט און האָט גערוט. זי האָט גערעדט צו איר מאַן, צו שלמהן:

— די גאַנצע צייט האָב איך גאָר קיין מידקייט ניט געפילט, נאָר איצט בעטן זיך אַלע גלידער שלאָפן.

— קיין זאַך קומט ניט אָן גרינג, עלקע, — האָט איר שלמה געענטפערט. ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט, וואָס זיין ווייב איז אַ גרויסע טוערקע אין „כרמליה"־קלוב און פון פאַרגעניגן צעפודלט ער איר די האָר אויפן קאָפּ.

ליגנדיק מיט צעשויבערטע האָר אָנגעשפּאַרט אויפן קישן, האָט עלקע געזאָגט צום מאַן:

— מען שמועסט אַז אין קלוב „יונג־כרמליה" האָבן זיך עטלעכע חברה צונויפגערעדט אויף פאָרן קיין ארץ־ישראל. דו האָסט געהערט דערפון?

— זאָלן זיי פאָרן — האָט שלמה געענטפערט געלאַסן — אונדז גייט עס ניט אָן. אונדזער אַלעק דאַרף נאָך צוויי יאָר לערנען כעמיע, און אַ יאָר פיזיק, און דערנאָך שרייבן אַן אַרבעט... אונדז גייט עס ניט אָן.

עלקע האָט גאָרניט געענטפערט דעם מאַן. זי האָט נאָכגעקוקט אַ גריבעם פלאַטערל, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט די פליגלען אָן דער סטעלע.

— ער וויל דורכברעכן די סטעליע, — האָט זי געזאָגט, האָט געלאַכט און אָנגעוויזן דעם מאַן אויפן נאַרישן פלאַטערל.

צום דריטן סדר איז עלקע געקומען אַן אויסגעפּוצטע מיט אַ „פויר־מאַנענט וועיוו". זיצנדיק אינדערהויך ביים הויפּט־טיש, ביים דאַיעס, האָט זי מיטן בליק דורכגעזיפּט אַלע טישן, געזען ווער פון אירע „טיקעטס" עס זיינען געקומען. זי איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן קאָנטראָל, אַז זי האָט ניט געהערט די רעדע פון דער פּאָרזיצערין, מיסיס ענשל, וואָס האָט באַגריסט דעם עולם.

יעדן „טיקעט" אירן האָט עלקע באַטראַכט מיט אַ פאַרליבטן בליק און געפּאָכעט צו די מענטשן מיט דער האַנט. די, וואָס זיינען ניט געקומען, האָט זי שטיל אין האַרצן זיך מיט זיי אָפּגערעכנט: — די „גרינס־ליידי" מיינע, אַ צרה פון אַ יידענע, ניט געקומען! געגעבן מיר די פּאָר דאָלער אויף זיך אָפּטשעפּען און זיצט אין דער היים. איך דאַרף האָבן אויף כפרות אירע

פאַר דאָלער, אַז זי קומט ניט אַליין, זיצט און „וואַטשט״״ די טעלעוויזשאָן, אַזאַ קלאָץ! וויכטיקער ווי דער כרמליה־קלוב...

דערפאַר האָט זי הנאה געהאַט פון איר קצב וואָס איז געקומען מיטן ווייב און מיט דער טאָכטער און געזעסן יום־טובדיקעביים דריטן טיש. עלקע האָט זיי געשיקט אַ לופט־קוש. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו זיי און געזאָגט:

— איך האָף, אַז איר וועט ווערן כרמליה מענטשן. דאָס איז קיינמאָל פאַר אַ יידן קיין חיסרון ניט.

אין כרמליה־קלוב איז עלקע געווען דאָס אייבערשטע פון שטייסל און דאָס אונטערשטע פון דעק. זינט זי און איר מאַן שלמה האָבן מיט דרייסיק יאָר צוריק געגרינדעט דעם קלוב „כרמליה״, איז זי פיר מאָל געוויילט געוואָרן פאַר פרעזידענטקע. און אַז עלקע ווערט אויס כלה וויטער מויד, אויס פרעזידענטקע, טוט זי די שווערסטע אַרבעט. זי פאַרקויפט בילעטן, ברענגט אַריין זאַכן פאַרן באַזאַר. זי איז עלקע. און וואָס מען דאַרף טאָן פאַרן כרמליה קלוב איז עס איר אַרבעט.

די זעקס הונדערט מענטשן וואָס זיינען געקומען צום דריטן סדר האָבן ז׳ערוואַרעמט איר האַרץ. אָט זיצן זיי אַלע ווי איין משפחה, יום־טובדיקע, מען זינגט צוזאַמען, מען פרייט זיך צוזאַמען, מען בויט צוזאַמען ארץ־ישראל.

דער בעסטער רעדנער האָט ניט געקענט מאַכן קיין אַפּיל בעסער פון עלקען. זי האָט כמעט ניט גערעדט. זי פלעגט אויסשיסן באַזונדערע ווער־טער, וואָס האָבן זיך ווייניק געקלעפּט איינע מיט די אַנדערע. זי האָט אינמיטן דערינען פאַרגעסן, וואָס זי האָט געהאַט צו זאָגן, זיך אַ כאַפּ טאָן צוריק און זיך דערמאָנען און גלייך צוגעבן „איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן״. דער עולם האָט געלאַכט פון איר אומבאַהאָלפנקייט, נאָר די עטלעכע אויסגעשאָסענע ווערטער פלעגן בלייבן אין זיכרון און אַפילו אָנרירן ביים האַרצן.

ביים דריטן סדר, ווייל זי איז געווען זייער גערירט, כמעט גליקלעך מיטן גרויסן באַזוך, האָט זי זיך איינגאַנצן פאַרפּלאָנטערט אין איר רעדע און האָט געזאָגט צום עולם, ווי זיי אַלע וואָלטן געווען אירע באָענטע שוועס־טערקינדער: איך האָב צוגעגרייט, גלויבט מיר, זייער אַ שיינע רעדע, נאָר איך האָב זי פאַרגעסן פון קאָפּ ביז די פיס... לאָזט מיר אַביסל קוקן אויף אייך. דער עולם האָט האַרציק געלאַכט. עלקעס בלויע אויגן האָבן מיט לויטערקייט, כמעט פאַרטראַכטקייט, דורכגעגאַנגען איבער די טישלעך און זי האָט געזאָגט:

„זאָל יעדער איינער איבערלייענען וואָס ער האָט ביי זיך אין האַרצן, קיין שענערס פון דעם וואָס איר טראָגט אין אייערע הערצער קען איך ניט זאָגן סיי־ווי״...

דער אַפּיל האָט זיך איינגעגעבן. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

די פאַרזיצערין האָט געדאַנקט די פּאַרזאַמלטע, געלויבט עלקען, און זיך גע־ווײַצלט. עס איז געווען פריילעך.

אין דער רגע האָט אין זאַל אַרײַנגעשוועבט מיסיס שאַפּיראָ אין אַ ווײַסער הוט מיט צוויי הויכע גרינע פעדערן. זי איז געווען די אָנפירערין פון דעם יוגנט קלוב „יונג כרמליה". איר העלע פרילינג קלייד האָט דורכגעפּאַכעט צווישן די טישלעך און זי איז צוגעקומען צום דאַיִעס. מיט אַ הויכער שטים און שטאַרק געהויבענע ווערטער האָט זי געמאָלדן אַז זי האָט געבראַכט אַ מתנה צום קלוב: אַכט יוגנטלעכע בחורים און מיידלעך האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. דער עולם האָט די מעלדונג אויפֿ־גענומען מיט אַן אַפּלאָדז. מיסיס שאַפּיראָ האָט אָנגעוויזן אויף דער פאָר־זיצערין, מיסיס ענשל, און האָט געזאָגט:

— איך וויל אײַך ביי דער געלעגנהייט אָנזאָגן, אַז ראָוז, די טאָכטער פון אונדזער פאָרזיצערין, איז די אָנפירערין פון דער גרופּע. דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון דעם בוימעלע.

מען האָט געמאַכט אַן אָוואַציע דער מיסיס ענשל. זי האָט געשמייכלט, נאָר איר פּנים איז געווען בלאַס און די געפאַרבטע ליפּן איינגעקלעמט.

עלקע האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר זון, אַלעקן. ער איז אַ הײַץ־קאָפּ. ווער ווייס, צי ער האָט זיך ניט פאַרשריבן? און זיצנדיק ביים הויפּט־טיש האָט זי פאַרגעסן וועגן דעם גרויסן עולם אין זאַל. דאָס האַרץ האָט איר געקלעמט וועגן איר אַלעקן און זי האָט שטאַרק געוואָלט וויסן וואו ער געפינט זיך איצט און וואָס ער טוט.

אַהיים איז עלקע געפאָרן אַן אומרואיקע און אַ צעשטרייטע. איינע פון די פריינדינס אירע, וואָס איז מיט איר צוזאַמען געפאָרן אין באָס, האָט געזאָגט איינפאַך:

— אונדזער פאָרזיצערין, מיסיס ענשל, האָט גאַרניט אויסגעזען אַזוי גליקלעך, וואָס איר ראָוז האָט זיך פאַרשריבן. איך זאָג אײַך דעם אמת... איך וואָלט עס אויך ניט געוואָלט ליידן... מען האָדעוועט קינדער וויל מען זיי זאָלן זײַן אין דער היים... וואָס הייסט שיקן אַ קינד? ס'איז אַ „פּעקעדזש"?

זי האָט גערעדט און איר פולער פּנים האָט אויסגעדריקט אַ געזונטע מאַמעשקייט און צוגעבונדנקייט צו איר משפּחה.

עלקע האָט איר געענטפערט כמעט ניט־הערנדיק אירע רייד:

— געוויס... איך פאַרשטיי אײַך... געוויס...

אין דער היים האָט עלקע געטראָפן דעם מאַן און דעם זון, אַלעקן, אינמיטן אַ קריגערײַ. שלמה איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנט ביים טיש און מיט דער צווייטער האַנט געפּאָכעט אין דער לופטן, ווי ער זאָל זיך דאָרט וועלן אָן עפּעס אָנכאַפּן. אַלעק איז געזעסן אינמיטן צימער רייטנדיק אויף אַ בענקל און די יונגע גאָמבעלע עקשנותדיק אָנגעשפּאַרט אויפן ווענטל פון שטול.

— מזל טוב דיר, עלקע! — האָט דער מאַן זי באַגעגנט — דײַן

זון דאַרף ניט קיין טאַטן און קיין מאַמען. ניט קיין עצה, און ניט קיין חשבון, ער איז אַ פרייער מענטש פאַר זיך און ער טוט וואָס ער וויל... ביי אים איז הפקר אַ וועלט... ער איז אַליין דער באַלעבאָס, ער דאַרף קיינעמס דעה ניט אָננעמען...

אינמיטן דריבען האָט ער זיך צעשריען אויפן זון:

— און זיץ ניט רייטנדיק אויפן בענקל, אַז דו רעדסט מיט אַ מענטשן! דאָס איז עפּעס, עפּעס... דו האָסט אַזוי אויך גענוג חוצפּה! פאַרוואָס ביסטו אַ ציוניסט, פרעגט ער מיך! אויף איין פוס זאָל איך אים גלייך ענטפערן! ער וועט זיצן רייטנדיק אויפן בענקל און איך זאָל אים אויסלייגן באַלד פאַרוואָס איך בין אַ ציוניסט!

עלקע האָט קיינמאָל ניט געזען איר מאַן אַזאַ צעקאָכטן. זי האָט קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ צעהיצטן געלאַף פון ווערטער ביי אים.

דער זון איז געזעסן און האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן מיט אַזאַ פאַרוואונדערטער בייגעריקייט, ווי ער זאָל דערזען, אַז די זון פון הימל לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ קאַשיק און ער קען ניט פאַרשטיין וואָס איז דאָרט מיטן גאַנצן הימל פאַרגעקומען.

עלקע האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלעק איז צווישן די אַכט וואָס קלייבן זיך פאָרן. זי איז געבליבן שטיין צווישן דעם זון און דעם מאַן און האָט געטראַכט, וואָס זאָל זי טאָן, וואָס זאָל זי דאָ אָנהויבן צו טאָן און וואָס זאָל זי זאָגן?

זי האָט גאַנץ פאַמעלעך אויסגעטאָן די הוט און אַראָפּגענומען דעם מאַנטל. דער זון האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער מאַמען און האָט געזאָגט צו איר:

— איך האָב זיך פאַרשריבן אויף פאָרן קיין ארץ־ישראל.

קיין בייעס איז דאָס פאַר עלקען ניט געווען. זי איז צוגעגאַנגען צום זון און מיט ליבער פריינטלעכקייט, ווי ער זאָל קויפן אַ טיקעט צו אירער אַן אונטערנעמונג, האָט זי אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל און געזאָגט:

— איך בין זייער צופרידן, וואָס דו האָסט אַזאַ פאַרלאַנג, אַלעק... צענדליקער טויזנטער קינדער פון דיין עלטער טראַכטן אַפילו ניט, אַז זיי זיינען יידן... פאַרוואָס זאָל איך ניט זיין צופרידן מיט דיר?

דער מאַמעס ווערטער האָבן באַרואיקט אַלעקן. ער האָט זיך דערפילט טאַקע ווי אַן אויסגעצייכנטער צווישן צענדליקער טויזנטער און עס איז אים געווען אַנגענעם. דער מאַמעס גוטע האַנט איז נאָך אַלץ געלעגן אויף זיין אַקסל, ווי זי זאָל איר זון נאָכאַנאַנד באַוואונדערן.

שלמה, אַן אויפגערעגטער, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן די אומגעריכטע ליבע־דערקלערונג צווישן זיין ווייב מיטן זון און האָט אַ זאָג געטאָן:

— צעקושט זיך! אַ סוף אַן עק, צעקושט זיך!

שפּעטער האָט שלמה זיך געבייזערט אויפן ווייב:

— אַן איינפאַל! אַלעק באַשליסט און ער רעגיסטרירט זיך! וואָס וועט ער דאָרט ווערן אין ארץ־ישראל? אַ שטיינהאַקער? אָפּגעלעבט אַ לעבן און מאַכן דעם זון פאַר אַ שטיינהאַקער! דאָס איז געווען גוט מיט דרייסיק יאָר צוריק... דעמאָלט זיינען אַלע געווען שטיינהעקער... אָבער איצט טויג עס ניט...

ער איז אַ נאַר, אַלעק! און דו אויך! וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט מיט אים גלעטן? איך האָב ניט ליב קיין זייטיקע וועגן. זאָג: יע, אָדער ניט! אַ גלעטעניש אינמיטן דערינען...

— איך ווייס בעסער פון דיר ווי צו ריידן מיט אַלעקן — האָט אים עלקע געענטפערט און זי האָט זיך אַ ריר געטאָן אויפן בענקל מיט אַזאַ שווערקייט, ווי זי זאָל וועגן צען פוד.

שלמה האָט זיך אַ ריס געטאָן און איז אַרויס פון צימער.

עלקע האָט געמאַכט אַ טריט נאָכן מאַן און האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיט אים דאַרף מען זיך אויך ניט קריגן — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. זיך קריגן מיט שלמהן איז אַזוי ווי זיך קריגן מיט אַלעקן — מען קומט צו גאָר־ניט... צו גאָרניט.

מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ בלינדע, וואָס טאַפּט דעם וועג מיט די פיס, איז עלקע צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט אָפּגערופן איר קוזינע סאָפי. זי האָט זיך אַליין פאַרוואונדערט, וואָס איר שטים איז געווען הייטער און אַפילו פריילעך.

— סאָפי־דאַל, פאַרוואָס ביסטו היינט ניט געווען צום דריטן סדר? איך האָב דיר געשריבן צוויי בריוו... עס איז געווען אַ וואונדערלעכער סדר... זעקס הונדערט מענטשן...

סאָפי האָט זיך לאַנג פאַרענטפערט: די צוויי מיידלעך אירע, מילדי און עוועלין, האָבן זיך איינגעשפּאַרט פאָרן צום ים. עוועלין איז זייער פאַר־קאָכט אין שווימען מיט אַ שיפל... נאָר שווימען...

עלקע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט איין ווײַלע עפּעס אַ טראַכט געטאָן. זי האָט געזאָגט צו סאָפין:

— סאָפי־דאַל, מיר איז איינגעפאַלן, לאָמיר דעם זומער אַרויספאָרן צוזאַמען צום ים. עוועלין, מילדי, מיין אַלעק — מיר וועלן אַלע זייער גוט פאַרברענגען. יע... איך דאַרף זיך אָפּרוען, מען מוז זיך אָפּרוען, סאָפי־דאַל...

אַביסל זיך אַרויסקלאָפּן דעם טומל פון קאָפּ, האָט עלקע געטראַכט אַוועק־גייענדיק פון טעלעפאָן, פאַר שלמהן איז דאָס גוט און פאַר אַלעקן... פאַר אַלעקן... אַביסל אַרויסקלאָפּן דעם טומל פון קאָפּ...

זיך לייגנדיק שלאָפן האָט עלקע זיך אָנגערופן צום מאַן:

— אָפּגעשמועסט מיט סאָפין, אַז מיר פאָרן דעם זומער צוזאַמען צום ים.

— וואָס עפּעס מיצקע דערינען?

— אַביסל זיך אַרויסשלאָגן דעם טומל פון קאָפּ... בעסער ווי זיך קריגן מיט אַלעקן... זאָל ער אַביסל שווימען... מילדי וועט זיין, עוועלין... די מיידלעך וועלן אים איין קליין אַרויסשלאָגן פון קאָפּ און אַ צווייטן אַריינשלאָגן... אַז מען איז אַלט צוואַנציק יאָר איז בעסער שווימען איי־דער זיך קריגן...

— ווייבערשע געננ! — האָט שלמה געענטפערט אומצופרידן — האַצע־יאַצע־קאָפּאַצע... גאָר שווימען...

סאָפי איז געקומען מיט בײדע טעכטער, עוועלין און מילדי, זיך צו־נויפריידן וועגן דעם אַרויספאָר צום ים. עוועלין, אין אַ ברייטן קרינאָלינע־קליידל און אַ שמאָלער בלוזקעלע אָן אַרבל האָט אַרומגעפלאַטערט ביי אַלעקן אין צימער, באַטראַכט די ארץ־ישראל בילדער אויף די ווענט און גערעדט צו אַלעקן:

— אַלעק, דו וועסט מיטנעמען די בילדער צום ים און דו וועסט מיר דערציילן וועגן זיי... אַלעק, דיין צימער זעט אויס ווי אין איזראַעל...

עוועלין האָט געקוקט אויף אַלעקן מיט יונגער אַנטציקטער פרייד. אַלעק איז נאָכגעגאַנגען נאָך איר פלאַטערדיקער קרינאָלינע אַ באַרוישטער פון איר אַנטציקונג...

— זע, עוועלין, זע ווי מען אַקערט... זע, עוועלין, זע ווי מען כאַפּט פיש.

עוועלין האָט געשמייכלט מיט די שמאָלע אויגן פון אַ יאַפּאַנעזישער טענצערין און איז צעגאַנגען פאַר פרייד.

* * *

דעם זומער ביים ים האָבן זיי גוט פאַרבראַכט. אַלעק איז געווען פאַר־נומען מיט עוועלינען: עוועלין איז געווען, עוועלין איז אַוועק, עוועלין וויל, עוועלין וויל ניט. צו די זיצונגען פון יונג־כרמליה קלוב איז אַלעק געפאָרן מיט עוועלינען.

עוועלין האָט ליב געהאַט שווימען פון סאַמע אינדערפרי. זי פלעגט אַראָפּ־טויכן אונטערן וואַסער, אַרויסשווימען פון אַ צווייטער זייט, אַרומנעמען אַלעקן מיט נאַסע ברויגע הענט און זאָגן מיט אַ ברומענדיקער שטים: „קום מיט מיר אין די אָפּגרונטן פון ים, דאָרט וואו עס געפינט זיך דער „פּאַראַדייז"! זיי האָבן אַ סך געלאַכט. עס איז געווען יונגער, זוניקער געלעכטער.

עוועלין האָט געזאָגט אַלעקן, ער זאָל ניט איבעררייסן זיין לערנען אין קאָלעדזש. זי האָט אים געבראַכט אַן אייזערנעם באַווייז אַז אַזוי דאַרף ער טאָן:

— אונדזער פּראָפעסאָר פון כאַרעאָגראַפיע האָט אונדז געזאָגט, אַז מען רייסט איבער דאָס לערנען בלייבט מען אַ טויגעניכטס דאָס גאַנצע לעבן. און אונדזער פּראָפעסאָר איז אַן איירישמען, אַ חכם. ער האָט וואָנצעס אַ האַלבן מייל די לענג.

— עוועלין, דו פאַרפירסט מיך... איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל.

עוועלין האָט זיך געשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און האָט געענטפערט אַלעקן: — איך וויל אויך פאָרן קיין ארץ־ישראל! אָבער פריער דאַרף מען ענדיקן דעם קאָלעדזש. דער איירישמען האָט געזאָגט...

אַלעק האָט געפאָלגט עוועלינען און דעם איירישמען.

זיצנדיק אויפן ברעג פון ים האָט עלקע אַרומגעשאַרט די פיס מיטן הייסן זאַמד און געזאָגט צום מאַן:

— עס איז געווען אַ גליק וואָס מיר זיינען אַרויסגעפאָרן צום ים... אַלעק האָט זיך אַביסל אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ זיין פאָרן קיין ארץ־ישראל. דערווייל ענדיקט ער קאָלעדזש... ווייטער, זאָל מיט אים עוועלין קאָמאַנדעווען...

זי וועט ער בעסער פאָלגן ווי דיך און ווי מיך... סאָפי זאָגט מיר זי וויל אַלעק זאָל חתונה האָבן מיט עוועלינען. איך בין צופרידן... עוועלין... פאַר־וואָס ניט?

שלמה האָט געקוקט אויף די כוואַליעס, ווי ער זאָל ניט הערן ווי עלקע רעדט צו אים. ער איז פאַמעלעך מיטן בליק נאָכגעגאַנגען זייער געלאַף, הין און צוריק, ווי זיי זאָלן אייביק אָן עפּעס חרטה האָבן און זיך אומקערן. גאַנץ רואיק, ווי מען זאָגט די געוויינלעכסטע זאַך, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— דו ווייסט, אַלעק קוקט ניט אויף מיר... ער קוקט מיר ניט גלייך אין די אויגן... ער האָט ליב עוועלינען, אָבער, אָבער... ער האַלט אונדז פאַר ליגנער, עלקע... אַזוי, ער קוקט ניט אויף מיר...

עלקע האָט האַסטיק אַראָפּגעטרייסלט דעם זאַמד פון אירע פיס און האָט זיך אויפגעשטעלט:

— וואָס איז מיט דיר? איך האָב אויף מיין לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט, און דו דערציילסט מיר אַ מעשה — ער האַלט אונדז פאַר ליגנער... גיי באָד זיך אויס! וועסט זיך אַרויסשלאָגן די היץ פון קאָפּ! די גלייכסטע זאַך פאַר דיר, שלמה!

אין האַרבסט האָט עלקע אַ סך געאַרבעט פאַרן ראַפּל־אָוונט. זיצנ־דיק אינדערהויך ביים הויפּט־טיש האָט זי מיטן בליק דורכגעזיפּט אַלע טישן, געזען ווער פון אירע „טיקעטס" זיינען געקומען. יעדן בילעט אירן האָט עלקע באַטראַכט מיט אַ פאַרליבטן בליק און געפּאַכעט צו די מענטשן מיט דער האַנט.

צום ראַפּל־אָוונט איז געקומען די גרינס־לײדי אויך. זי און איר מאַן. עלקע איז צוגעקומען צו איר, האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל און האָט צו איר זייער פריינדלעך געזאָגט:

— איך האָף, אַז איר וועט ווערן „כרמליה"־מענטשן. דאָס איז קיינמאָל פאַר אַ יידן קיין חיסרון ניט. גלויבט מיר...

אַרום חנוכה־צייט האָט עלקע געפּראַוועט די חתונה פון איר זון אַלעק מיט עוועלין. נאָך דער חופּה, ווען דאָס יונגע פּאָרל האָט געטאַנצט, האָט עלקע אַ צופרידענע געזאָגט צו איר מאַן:

— נו, שלמה, דאַרף מען זיך קריגן מיט אַ קינד? דו זעסט וואָס מען קען מאַכן מיט גוטסקייט?!

שלמה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט געשוויגן.

# אַהיים אויף פסח

מיסיס מילער האָט ניט געגלויבט אַז די ערד דרייט זיך. פיר־און־דרייסיק יאָר איז זי אָפּגעזעסן אין איר געשעפט פון פּרויען־קליידער אויף סענטער סטריט; זומער, ווען עס איז געווען אויס סעזאָן, האָט זי געהאַט גענוג צייט צו זיצן אין דרויסן און זען וואָס טוט זיך, און זי האָט געוואוסט — די ערד שטייט פעסט.

אירע צוויי טעכטער, סערע און בעסי, וואָס האָבן ביידע געענדיקט הײַ־סקול און בעסי איז געגאַנגען אין קאָלעדזש, האָבן איינמאָל אַ פּלאָפּל געטאָן וועגן דעם אַז די ערד דרייט זיך — האָט מרס. מילער דערפילט אַז זי איז אַ פאַרלאָרענע: אירע טעכטער וועלן שוין קיין ביזנעס־לעידיס ניט זיין און זי האָט צו זיי אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב נאָך ניט געזען אַז עס זאָל זיך עפּעס אַ ריר טאָן... פיר־און־דרייסיק יאָר שטיי איך אויף דעם פּלאַץ, אויף סענטער סטריט, און עס האָט זיך אַפילו ניט אַ ריר געטאָן קיין ציגל אין אַ וואַנט — אויסער וואָס שוואַרץ האָט איבערגעבויט זיין הויז באַכן פייער און דעם פּאָסט־אָפיס האָט מען איבערגעטראָגן. איין קלייניקייט! די ערד זאָל זיך אַ דריי טאָן! מיר וואָלטן אַלע צעשאָטן געוואָרן אַז קיין ביינדל וואָלט פון אונדז ניט געבליבן. זעקס יאָר אַז עס הענגט ביי מיר אַ „סטיקער" — אַ קלייד וואָס איך קען עס ניט פאַרקויפן. אָט אַזוי ווי איך האָב עס אויפגעהאַנגען, הענגט עס. האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. איין קלייניקייט, די ערד זאָל זיך אַ דריי טאָן!...

די עלטערע טאָכטער אירע, בעסי, אַ שוואַרצינקע מיט אַ שפּיציקן שמייכלענדיקן נעזל, האָט זייער ליב געהאַט די מאַמע און זי האָט זיך באַמיט זי באַרואיקן:

— מאַם, אויף געוויס ווייס מען דאָס ניט... קיין זאַך ווייס מען ניט אויף געוויס...

אויפן דיבינקן נעזל ביי בעסין איז געהאַנגען אַ שמייכעלע. נאָר מרס. מילער האָט זיך באַרואיקט:

— וואָס דען? מען ווייס? מען לערנט זיך אָן גענוג זאַכן אין די קאָלעדזשעס, און פון גרויס חכמה קען מען דערנאָך קיין קליידל ניט פאַרקויפן.

פאַר די פיר־און־דרייסיק יאָר אין איר קליידער־געשעפט אויף סענ־טער סטריט איז מרס. מילער רייך געוואָרן. פאַר איר איז ניט געווען קיין שבת און קיין זונטיק, קיין יום־טוב און קיין אָפּרו. אויסער ראש השנה און יום כיפור. שכנים האָבן געשאַצט אַז זי „איז ווערט" אַ פערטל מיליאָן דאָלער.

אַז מען פלעגט קומען צו איר נאָך אַ נדבה, אַ קאָנטריביושאָן, און מרס. מילער פלעגט אויסציילן ציטערדיקע עטלעכע דאָלער און די שכנים פלעגן איר זאָגן, אַמאָל מיט שפּאַס און אַמאָל ערנסט, — מרס. מילער,

מען זאָגט אויף אייך אַז איר פאַרמאָגט, קיין עין הרע, אַ היפּשע אַפּאָטיקע — האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געענטפערט מיט אַ זייטיקער זאַך:

— אונדזערע מענטשן, מען זאָל ניט היטן דעם דאָלער, דאַרף מען זיך לאָזן איבער די הייזער.

איין מאָל אויף איר לעבן האָט מרס. מילער פאַרזוכט דעם טעם פון אַ דאָלער וואָס מען דאַרף אים און מען האָט אים ניט. דאָס איז געווען מיט צוויי און צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איר מאַן איז געשטאָרבן. די קינדער זיינען נאָך געווען קליין. די „בילס" זיינען אָנגעלאָפן און עס איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן. דעם מאַנס ברודער האָט „גראַד" ניט געהאַט קיין געלט — אַזוי האָט ער געזאָגט. איר אייגענע שוועסטער האָט זיך אויך ניט געאײַלט צו עפענען דעם טייסטער... כאָטש וואַרף זיך אין פייער אַריין. די גרינס־קרעמערקע, מרס. דזשאַפּע, האָט דעמאָלט אויף איר רחמנות געהאַט און איר געבאָרגט אַ הונדערטער. ווי אַ מלאך האָט מרס. דזשאַפּע אויסגעזען אין אירע אויגן. דאָס איבעריקע געלט האָט זי אויפגעקלאַפּט, פאַרזעצט אירע געפּרעסטע פּערל — זיך אַרויסגעראַטעוועט.

יעדן יאָר, ערב פּסח, טראָגט מרס. מילער אַוועק צו דער גרינס־הענדלערקע, מרס. דזשאַפּע, אַ פלעשל וויין, כשר לפּסח. שוין אַ מעשה פון צוואַנציק יאָר, זי האָט נאָך קיין איין יאָר ניט פאַרפעלט צו ברענגען אַ פלעשל וויין דער גרינס־הענדלערקע צום סדר.

אַמאָל מאַכט מרס. מילער מיט זיך אַליין דעם חשבון: צוויי און צוואַנציק פלעשלעך וויין איז אַ קיימאַ־לן פון זעקס און דרייסיק דאָלער — אַ צו־גרויסער פּראָצענט פאַר אַ הונדערטער וואָס זי האָט געהאַלטן איין יאָר צייט. אָבער עס אַרט זי ניט. זי האָט פאַרגעניגן דערפון.

יעדן יאָר דאַנקט איר מרס. דזשאַפּע און בײדע פרויען לאָזן אַפילו אַ טרער. מרס. דזשאַפּע איז פאַר די צוויי און צוואַנציק יאָר דיק געוואָרן, שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן און איז ניט רייכער געוואָרן ווי זי איז געווען אַמאָל. מרס. מילער, פאַרקערט, זי איז רייך געוואָרן, זי איז דאַר געוואָרן, טראָגט די געפּרעסטע פּערל אויפן האַלדז און פאַרשטעלן די קנייטשן וואָס די עלטער האָט אַרויפגעצויגן אויף איר. בײדע פרויען, ווינטשנדיק אײנע די אַנדערע אַ פריילעכן יום־טוב, לאָזן אַ טרער אויף צוויי און צוואַנציק פאַרגאַנגענע יאָר און אויף דעם וואָס דאָס לעבן גייט אַריבער.

ווען דער סעזאָן איז געווען ניט קיין געראָטענער, פלעגט מרס. מילער אַרויסגיין אויפן טראָטואַר „אַריינצוברענגען קונים". זי האָט געהאַט די ווערטער וואָס האָבן איבערצייגט, אַז מען זאָל צו איר אַריינגיין. די אַרומיקע קרעמער האָבן ניט געקענט פאַרשטיין מיט וואָס זי ציט זיי צו, אָבער מענטשן זיינען געגאַנגען צו איר. די קרעמער האָבן זי באַרעדט:

— עס פעלט איר, נעבעך, אויף שבת! אַן אָרעמע אלמנה!

מרס. מילער האָט ניט געקענט לעבן, אַז זי האָט אַ טאָג ניט געלייזט קיין געלט. עס איז ניט געווען אַזוי ווייט צוליבן פאַרדינסט, נאָר עס מוז זיך רודערן. אויב אין איר קראָם פון קליידער האָט זיך אויפגעהערט „רו־

דערן״, איז מרס. מילער געוואָרן צעטראָגן, פונקט ווי אַלע הענגערס מיט די קליידער זאָלן שרייען צו איר: „פאַרקויף אונדז, פאַרקויף פאַר יעדן פרייז! מיר דאַרפן גיין פון דאַנען!״

שעהען לאַנג האָט זי געקענט אָפּשטיין אין גאַס און ריידן צו די פאַר־בייגייער. אין אָוונט זיינען ביי איר שטיף געווען די גיס, אָבער זי האָט הנאה געהאַט דערפון: די קראָם רוט ניט.

די קליידער אויף די הענגערס זיינען פאַר מרס. מילער געווען די לעבעדיקסטע זאַך אויף דער וועלט. זי האָט געוואוסט יעדעס קלייד „ווי אַלט עס איז״ צוויי וואָכן, צוויי חדשים, אַ יאָר. עס זיינען געווען קליידער, וואָס זי האָט זיי ניט געקענט פאַרקויפן, „סטיקערס״. זי האָט זיי פיינט געהאַט ווי מען האָט פיינט אַן אַלטע מויד וואָס מען קען זי ניט חתונה מאַכן. אַ רחמנות וואָס ברענגט צו שנאה. אַזאַ געפיל האָט זי געהאַט צו אירע „סטיקערס״. עס הענגט און עס הענגט און קיינער וויל זיי ניט.

ווען די טעכטער, בעסי און סערע, זיינען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי וואָכעדיק געמאַכט דער מאַמעס קראָם. בעסי מיטן שפּיציקן, שמייכלענדיקן נעזל פלעגט אַראָפּנעמען אַ קלייד פון אַ הענגער ווי מען נעמט אַראָפּ אַ ברעקל פון אַ טיש. גאַרניט, גענומען אָנגעטאָן אַ קלייד אַ צוויי־דריי מאָל און געלאָזן זיך וואַלגערן, גענומען אַ בייע, געלאָזן זיך וואַלגערן...

סערע איז געווען נאָך ערגער. זי האָט דער מאַמעס קליידער קיינמאָל ניט אָנגעטאָן. זי איז געגאַנגען קויפן קליידער פאַר זיך אין אַ דעפּאַרט־מענט־סטאָר...

מרס. מילער פלעגט ריידן צו די טעכטער:

— ביי אייך איז דאָס גאָרניט, אַ קלייד, נאָך אַ קלייד, די ערד דרייט זיך דאָך ביי אייך... וואָס פאַר אַ ווערט האָט ביי אייך אַ קלייד? אַי, וואָס יעדעס קלייד טראָגט אויף זיך אַ „ביל״ — דאָס גייט אייך ניט אָן.

דער מרס. מילער האָט ווי געטאָן וואָס די טעכטער האָבן ניט קיין אָפּשיי פאַר איר אויפטו, פאַר דעם געשעפט. זי איז דערפון דאַרער געוואָרן. די געפּרעסטע פערל אויפן האַלדז האָבן ניט געקענט פאַרשטעלן מער די טיפע קנייטשן. מרס. מילער האָט זיך באַשטעלט אַ בלוזע מיט אַ הויכן קראַגן און די געפּרעסטע פערל געטראָגן פון אויבן. זאָל מען ניט זען ווי דער לוקסוס פון אירע טעכטער עסט זי אויף אַ לעבעדיקע. מען איז ניט קיין גוטע סעילסלעידי מיט אַ דאַרן האַלדז. בויט — פאַרקויפט ניט; בויט — איז אָפּשטויסנדיק.

בעסי מיט דעם שפּיציקן נעזל האָט געענדיקט קאָלעדזש. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגן אינזשיניער אוירוווינגג, וואָס האָט ווייניק גערעדט און שטענדיק געפייפט אַ לידל. בעסיס קאָלעדזש און איר חתונה האָבן מיט אוירווינגן האָבן געמאַכט אַ היפּשן שפּאַלט אין מרס. מילערס פאַרמעגן. „מען קען אַוועקגיין איבער די הייזער פון אַזאַ חתונה״ — פלעגט זי זאָגן.

איינמאָל זיינען בעסי מיט אוירווינגן געקומען צו דער מאַמען און איר געזאָגט, אַז זיי בויען אַ „רענטש־הויז״.

צום ערשטן מאָל אויף איר לעבן האָט מרס. מילער געהערט דאָס וואָרט „אַ רענטש־הויז" און זי האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס. זי האָט געפילט, אַז איר קעשענע האָט אַ ציטער געטאָן און זי האָט גע־פרעגט:

— וואָס איז דאָס אַ „רענטש־הויז" ? דאָס איז אַזאַ סאָרט ציגל ?

בעסי מיט דעם שפּיציקן בעזל וואָס האָט געשמייכלט, האָט דער מאַמען באַרואיקט:

— ניין, עס איז ניט קיין אַנדערע ציגל, עס איז אַזאַ אַרכיטעקטור.

מרס. מילער איז געוואוינט געווען צו הערן פון אירע טעכטער און פון איר איידעם ווערטער וואָס זי פאַרשטייט ניט, אָבער וואָס קאָסטן איר געלט. זי האָט גאַנץ איינפאַך געזאָגט מיט אַ זייטיקן בליק צו איר טאָכטער און צום איידעם:

— אָבער אַ דאַך איז כאָטש דאָ אין אַ „רענטש־הויז" ?

בעסי האָט אַ קוש געטאָן דער מאַמען און האָט פריילעך געלאַכט. אוירווינג האָט געלאַכט און געפּייפט אַ לידל.

צוליב דעם „רענטש־הויז" איז מרס. מילער צום ערשטן מאָל אויף איר לעבן אַרויסגעפאָרן קיין מיאַמי, כדי זיך אַביסל צו צעשלאָגן די גע־דאַנקען. דאָס בויען האָט געגעסן געלט ווי אַ קו עסט גראָז. אין אַ האַלב יאָר האָט מרס. מילער אַוועקגעלייגט זיבן און זעכציק הונדערט דאָלער און דריי הונדערט אויף אַ „באַרבעקו אויוון".

ווען עס איז געקומען צום „באַרבעקו־אויוון" האָט מרס. מילער דער־פילט, אַז זי איז קראַנק. זי איז אַפילו שוין ניט אַרויס אין דרויסן „אַריינ־ברענגען" די קונים.

די קינדער: בעסי און אוירווינג, סערע און איר באָי־פרענד — אַלע האָבן איר איינגערעדט, אַז זי זאָל פאָרן צוזאַמען מיט אוירווינגס מוטער, מרס. פּוירל, קיין מיאַמי זיך אָפּרוען. מרס. מילער האָט זיך געלאָזט איינרעדן. זאָל זיך איר דאַכטן — עס איז נאָך אַ „באַרבעקו־אויוון".

מרס. מילער האָט אָנגעטאָן אַ בלוזע מיט אַ הויכן קראַגן מיט די גע־פרעסטע פערל פון אויבן, האָט אַרויפגעטאָן אויף די הענט עטלעכע גאָלדענע בראַסלעטן וואָס האָבן געראַשט און זיך געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע און זי איז געווען אויסגעשטאַט צו פאָרן קיין מיאַמי.

אַ לאַנגע ווײַלע איז זי געשטאַנען לעבן דער פאַרשלאָסענער טיר פון איר קראָם און האָט געלייענט דעם צעטל: „פאַרשלאָסן אויף אַ מאָנאַט פאַר ווינטער־וואַקאַציע". מרס. מילער האָט ניט דערקענט די טיר פון איר קראָם. אַפילו די גאַס האָט איר אויסגעזען אַנדערש. דער גאַנצער אַרום האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

אין באַן, פאַרנדיק מיט איר מחותנת׳טע, מרס. פּוירל, האָט זי זיך געוואונדערט, וואָס יענע גייט אין וואַגאָן־רעסטאָראַן ווי מ׳גייט אַריין אין אַן אייגענער קיך. מרס. פּוירל איז ניט געווען קיין רייכע פרוי. זי איז געווען אַ „ביזנעס־ווּמען" און האָט קיינמאָל קיין איבעריקן דאָלער ניט געהאַט. מרס.

מילער האָט זי געהאַלטן פאַר אַ קבצנטע. מרס. פוירל האָט באַשטעלט איין געריכט און אַ צווייטן. דער קעלנער, אַ פריילעך מענטשל מיט אַ טאָפּל־טער גאָמבע, האָט דערלאַנגט אַ טעלער אויסגעפּוצט מיט גרינע צוויגעלעך, ווי אַ גויאישע כלה. אין וואַגאָן־רעסטאָראַן האָבן געפּלאַצט אַ פּאָר דאָלער ווי אַ זייפנבלאָז. בלויז מרס. פוירל און דער פריילעכער קעלנער האָבן הנאה געהאַט. דער מרס. מילער איז דער וועג ניט איינגעגאַנגען. מען שאַבט די קעשענעס אַז עס ציטערן די רעדער.

אין מיאַמי איז מרס. מילער אויסגעזעסן פיר טעג און איז קראַנק געוואָרן. זי האָט אויסגערעכנט אַז יעדע שעה שלאָפן אין האָטעל קאָסט איר דריי דאָלער. דער ים האָט געררוישט, געשיפּעט און זיך געבייזערט. מרס. מילער איז געלעגן, האָט געטראַכט און זיך געוואונדערט ווי קען די קבצנטע, די מחותנתטע אירע, איינשלאָפן, אַז מיט יעדער שעה שלאָפט זי אַוועק דריי דאָלער? שלאָפן — אַ זאַך וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבן איינגאַנצן אומזיסט, אַזוי ווי לופט און וואַסער — שלאָפן דאָ, אין מיאַמי, קאָסט געלט. פון אַזאַ שלאָפן „קען מען זיך לאָזן איבער די הייזער" — האָט מרס. מילער געטראַכט. עס איז איר געקומען אויפן זינען וואָס אירע געבילדעטע טעכטער האָבן אַמאָל געפּלאַפּלט, אַז די ערד דרייט זיך. אפשר זיינען זיי גערעכט... ווען די ערד וואָלט געשטאַנען געזונט און פעסט, וואָלטן ניט געווען אַזעלכע זאַכן... און דער ים, דאָס שרייען זיינס! אפשר דרייט זי זיך טאַקע, די ערד, נאָר אין דער היים באַמערקט מען דאָס ניט.

זי האָט אָנגעהויבן ליידן פון קאָפּ־ווייטיקן. זי האָט געזאָגט דער מרס. פוירל, אַז זי קען ניט אויפנעמען דעם קלימאַט אין מיאַמי. זי קען ניט ליידן קיין ווינטערדיקן זומער. ווינטער דאַרף זיין ווינטער. דער מיאַמישער זומער איז ניט פאַר איר געזונט.

אין שרעק איז בעסי געקומען באַגעגענען דער מאַמען ביי דער באַן, ווען זי האָט זיך אומגעקערט פון מיאַמי. זי האָט זי גענומען צו זיך אין „רענטש־הויז".

אין „רענטש־הויז" האָבן זיך די טירן געעפנט מיט איין ריר. די פענצטער האָבן זיך באַוועגט רעכטס און לינקס. די פּאַליצעס אין די שאַפעס האָבן זיך געדרייט אין אַלע זייטן. אוירוווינג האָט עס אַלץ געוויזן דער שוויגער, געפּייפט אַ לידל און שטאַרק הנאה געהאַט דערפון.

בעסי מיט אַ שמייכעלע איבער דעם שפּיציקן נעזל האָט געזען, אַז די מאַמע איז פון די אַלע קונצן — פון די פענצטער, פון די טישלעך אויף רעדלעך און פון די פּאַליצעס וואָס דרייען זיך אין די שאַפעס — שטאַרק צעטומלט. זי האָט זי באַרואיקט:

— עס איז גאָרניט, מאַם, אַ שרייפל דרייט זיך.

אַ קראַנקע פון מיאַמי און פון דעם „רענטש־הויז", איז מרס. מילער געקומען צו זיך אין הויז אויף פּסח.

מיט אַ באַזונדער געפיל פון ליבשאַפט האָט זי געטראָגן צו דער גרינס־הענדלערקע דאָס פלעשל וויין, כשר לפּסח, צום סדר.

ביי דער גריבס־הענדלערקע האָט געשמעקט מיט פרישע און מיט צו־געלייגטע עפּל. עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון גריבעם פעפער. עס איז געווען ווי אין אַ גאָרטן האַרבסט־צייט: פרישקייט און וועלקונג אויסגעמישט אין דער לופט.

מרס. דזשאַפע האָט געדאַנקט דער מרס. מילער פאַרן וויין, און ווי יעדעס יאָר זיינען איר טרערן געקומען אין די אויגן. ביידע פרויען האָבן אַ וויין געטאָן וואָס דריי און צוואַנציק יאָר האָט מען שוין אָפּגעשטופּט, און דאָס לעבן גייט אַוועק.

מרס. מילער האָט געווײנט כמעט מיט פרייד. איצט, דאָ, אין דעם גריבס־געשעפט פון מרס. דזשאַפע, איז זי געקומען צו זיך. דאָ איז אַלץ געווען ווי פאַראַיאָרן, ווי פאַר צוויי יאָרן, ווי מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק. דאָ איז געווען אַ טראָפּן שטאַנדהאַפטיקייט, אַ דערינערונג פון גוטס־קייט. דאָ האָט זיך די ערד ניט געדרייט. די סענטער סטריט און מרס. מילער זיינען געשטאַנען אויף זייער באָדן.

ניו יאָרק, 1956

# אילעין

אילעין האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען דער פּראָפעסאָר האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט בלייבן אַרבעטן מיט אים אין דער לאַבאָראַטאָריע אויפן קומענדיקן יאָר. זי איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין פאַרלעגנהייט.

— איך דאַנק אייך — האָט זי אַרויסגעמורמלט און האָט זיך באַמיט קומען צו זיך און ניט אויסזען ווי אַן אויפגערודערטע.

זי האָט אָפּגערופן מאַרווינען, אַ בחור וואָס זי האָט זיך מיט אים אָפּט געטראָפן שוין אַ צוויי יאָר, און האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה. מאַרווין האָט איר געענטפערט כמעט אומצופרידן: „וואָס איז די פרייד? ווי קען מען אַרבעטן מיט אַזאַ בופלאָקס?" מאַרווין האָט ניט ליב געהאַט פּראָפעסאָר שאַפּיראָ און האָט אים, אַן אַ פאַרוואָס, גערופן „דער בופלאָקס".

דער פּראָפעסאָר, אדם שאַפּירא, אַן אַלטער בחור, וואָס האָט אָפּט גערעדט צו זיך אַליין, האָט זיך ווייניק צוגעקוקט צו די מיידלעך, זיינע סטודענטקעס. ער האָט ניט צופיל געגלויבט אין זייער חשק צום לערנען, און ווען איינע פון זיי האָט געאַרבעט נאַכלעסיק, פלעגט ער מאַכן פאַר־וואורף אַלעמען מיט אַ שטענדיקן ווערטל: „מיידלעך, אויב איר זיינט געקומען אַהער אויף כאַפּן אַ „באָי־פרענד", כאַפּט אים און גייט צו דער חופה. מיט כעמיע האָט עס ניט צו טאָן..."

נאָך דעם זאָגעלע האָט דער פּראָפעסאָר געשמייכלט גוטמוטיק און געהיימניספול, וואָס האָט געקענט באַדייטן: איך קען אייך צו גוט, מיך וועט איר ניט פאַרפירן.

די סטודענטקעס האָבן מיטגעשמייכלט מיט אים און זיך ניט באַ־לייִדיקט. זיי האָבן זיינע רייד אויפגענומען, ווי מען נעמט אויף אַ ליקוי־חמה — עס ווערט טאַקע טונקל, אָבער מען ווערט ניט אין כעס דערפאַר.

אילעין איז געווען שטאָלץ, וואָס פּראָפעסאָר שאַפּירא האָט זי אויס־געקליבן צו העלפן אים אין דער לאַבאָראַטאָריע און אַפילו באַשטימט פאַר איר אַ קליינעם געהאַלט. זי האָט אָנגעטאָן שיך מיט נידעריקע אָפּ־צאַסן, נאָכדעם ווי דער פּראָפעסאָר האָט צו איר איינמאָל ביי דער אַרבעט אַ זאָג געטאָן:

— איך באַגרייף ניט ווי אַזוי קען מען שטיין אויף אַזעלכע צוויי הויכע צעדער־בוימער...

דערביי האָט ער אַ וויז־געטאָן אויף די הויכע קנאַפּל פון אירע שיך.

גלייך אויף מאָרגן איז אילעין געקומען אין נידעריקע שיך און דאָס האָט אַן ווערטער באַדייט: זי פאָלגט.

דער פּראָפעסאָר שאַפּירא איז געווען באַרימט מיט צוויי זאַכן: ערשטנס איז ער געווען אַ קפדן. יעדע זאַך האָט געמוזט ליגן אויפן אָרט, אַפילו אַ בלייפעדער. די שריפטלעכע אַרבעט פון די סטודענטן פלעגט ער זיי גלייך אָפּגעבן צוריק, ניט אַריינקוקנדיק אין דעם, אויב אויפן העפט איז

געווען אַ פּלעק, אָדער אַן אויסגעמעקטע שורה. ער אַליין איז גראָד געווען ניט צו־פֿינקטלעך אָנגעטאָן. די פּאָלעס פֿון זײַן רעקל אַביסל אַראָפּגעצויגן און דער קראַוואַט האָט געקוקט אָן אַ זײַט. אָבער דאָס געהערט ניט, הייסט עס, צו דער אַרבעט.

כאָטש ער איז געווען אַ שטיקל פּרא אָדם האָבן אים די סטודענטקעס ליב געהאַט. זיי פֿלעגן אים גיין באַגלייטן צום באָס, ברענגען אים קאַווע צו זײַן טישל אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואו ער האָט געאַרבעט, און עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז זיי פֿלעגן אים ברענגען אַ ניי העמד מיט אַן אויסבינדער, ווען זײַן וועש איז געווען צופֿיל צוקנייטשט.

פּראָפֿעסאָר שאַפּיראָ האָט גענומען די מתנות, קיינמאָל ניט געדענקט ווער עס האָט זיי אים געגעבן, און אָפּגעזאָגט זײַן דאַנק אַ צווייטער שילע־ריק. יענע האָט עס אָנגענומען ווי איר קומט עס, און דערנאָך דערציילט פֿאַר אַלע אירע חברטעס, אַז זי האָט שוין אָפּגענומען דעם דאַנק ביי פּראָ־פֿעסאָר שאַפּיראָ. אַפֿילו אילעין, וואָס האָט מיט אים צוזאַמען געאַרבעט און ער האָט זי גוט געקענט, האָט שוין אויך ביי אים אָפּגענומען עטלעכע דאַנקען פֿאַר אַנדערע. קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט. עס איז דאָך פּראָפֿעסאָר שאַפּיראָ.

ווען אילעין האָט דערציילט אינדערהיים, אַז זי וועט דעם קומענדיקן יאָר אַרבעטן מיט פּראָפֿעסאָר שאַפּיראָ, האָט איר מאַמע, מיסיס פֿינקעל, אָנגעצונדן אַ זייטיקן לאָמפּ אויף אַ טישל, עס זאָל זײַן ליכטיק, פּונקט ווי זי טוט עס ווען עס קומען געסט. און דער טאַטע, מיסטער פֿינקעל, איז אַליין אַראָפּ און האָט געבראַכט אייז־קרים. די מאַמע האָט ביי איר אַ פֿרעג געטאָן:

— דו האָסט שוין געזאָגט מאַרווינען?

— יע! — האָט אילעין געענטפֿערט קורץ און אויף דער פֿיין־אויס־געשניצטער אויבערשטער ליפּ פֿון איר מויל, מיט אַ שפּיצעלע אַרויף, איז געבליבן הענגען אַ שמייכל: זי האָט זיך דערמאָנט ווי מאַרווין האָט געזאָגט אויפֿן פּראָפֿעסאָר „בופֿלאָקס״.

מיט אַ קורצע פֿאַר וואָכן שפּעטער האָט מאַרווין געזאָגט צו אילעינען, אַז ער גיט אויף זײַן לערנען אין אוניווערזיטעט. ער וועט אָנהייבן אַרבעטן מיטן ברודער אין זײַן כעמישער פֿאַבריק, וואו מען מאַכט פֿאַרבן פֿאַר טעק־סטיל. ער וועט זיך דאָרט בעסער פֿאַרפֿאָלקאָמען — האָט ער געזאָגט. ער וויל חתונה האָבן און ווערן אַ מענטש מיט אַ „פּאָזישאָן״.

מאַרווין האָט גערעדט זייער געשעפֿטמעסיק. ער האָט אַ זאָג געטאָן צו אילעין גרינג, ווי מען רעדט וועגן אַ קלייניקייט: דו וועסט ניט האָבן קיין צייט פֿאַר דער לאַבאָראַטאָריע... איך מיין, אַז דו דאַרפֿסט דאָס זאָגן דײַן פּראָפֿעסאָר.

עטלעכע נעכט נאָך דעם האָט אילעין ניט געקענט שלאָפֿן. עס האָט זיך איר ניט געוואָלט אָפּזאָגן פֿון דער אַרבעט מיט פּראָפֿעסאָר שאַפּיראָ.

זי האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג און ניט געזאָגט שאַפּיראָן, אַז זי קען ניט אַרבעטן מיט אים דעם קומענדיקן יאָר.

ער האָט זי איינמאָל געטראָפן, ווי זי איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין מאַנטל אין דער לאַבאָראַטאָריע און האָט געקוקט דורכן פענצטער, ווי זי זאָל זיך ישובן וועגן עפּעס. דאָס פּנים איז ביי איר געווען איינגעשרומפּן פון אָנשטרענגונג.

פּראָפעסאָר שאַפּיראָ איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל און האָט צו איר געזאָגט:

— אילעין... וואָס פעלט דיר, אילעין?

צו זיין גרויסער איבערראַשונג האָט זיך אילעין פאַנאַנדערגעוויינט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויפן ברעטל פון פענצטער און האָט שטיל אונטערגעכליפּעט.

שאַפּיראָ איז געבליבן שטיין, האָט געקוקט מיט די ליפּן, און איר ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ער האָט אַ מורמל געטאָן:

— וויינען דאַרף מען ניט.

ער איז געשטאַנען לעבן איר, געקוקט אויף אירע יונגע אַקסלען, וואָס האָבן אונטערגעציטערט, און האָט געפילט צו איר אַ שטאַרקע צערט־לעכקייט.

— אילעין, — האָט ער צו איר געזאָגט, און האָט אויסגעווישט דאָס גלעזל פון זיין האַנט־זייגערל (דאָס האָט ער, געוויינלעך, געטאָן, ווען ער האָט געדאַרפט דערקלערן אַ שווערע פאָרמולע פאַר די „גראָבע קעפּ").

— אילעין, דו זאָלסט ניט אונטערנעמען קיין שום „ביזנעס" וויינענדיק.

אָט אַזוי האָט ער אָפּגעזאָגט, און ווי קיינמאָל גאָרניט, פאַמעלעך אָנ־געטאָן דעם מאַנטל, גענומען אילעין אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַרויס פון דער לאַבאָראַטאָריע.

ווי עס פלעגט אויך פריער טרעפן, האָט אים אילעין באַגלייט צום באָס, זיך מיט אים געזעגנט און איז געגאַנגען צוריק.

מאָרגן איז געווען צודריגלעך. די ערשטע פראַגע וואָס ער האָט געפרעגט אילעין יעדעס מאָל ווען ער האָט זי געטראָפן איז געווען אין האַלבע ווערטער: וואָס הערט זיך? האָסט גערעדט מיט פּראָפעסאָר שאַפּיראָ?

אילעין האָט אים איין מאָל געענטפערט אַן אויפגערעגטע: וואָס איז דער געאייל? איך האָב נאָך צייט... ער וועט קריגן אַן אַרויסהעלפערין אין דער לאַבאָראַטאָריע.

מאָרגן האָט אַ פייער־געטאָן מיט די אויגן אויף אילעין און האָט איר גאָרניט געזאָגט. דאָך איז דאָס געווען די ערשטע קריגעריי זייערע, אַ קריגעריי אָן רייד, אָן פאָרוואורף, אָבער דאָך — אַ ריס.

פּראָפעסאָר שאַפּיראָ האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט אילעין וועגן איר וויינען. ער האָט זיך געמאַכט ווי ער זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם, ווי עס וואָלט קיינמאָל ניט פאָרגעקומען.

אילעין האָט געפילט, אַז אַוועקגיין פון דער לאַבאָראַטאָריע איז פאַר

איר שווער. זי האָט זיך צוגעוואוינט צו איר טישל, צו פּראָפעסאָר שאַפּיראָ, וואָס דרייט זיך אַרום און רעדט אַליין צו זיך, צו די שטילע קלאַנגען פון די גלעזלעך און רערלעך אויף איר טיש, און צום בילד פון גיוטאָגען אויף דער וואַנט. אָן דעם אַלעמען וועט איר זיין אומעטיק. זי האָט אייגמאָל אַ זאָג געטאָן צו מאַרווינען:

— צוליב וואָס מוז איך פאַרלאָזן מיין אַרבעט, מאַרווין? עס איז גאָר־ניט בויטיק.

מאַרווין האָט איר געענטפערט מיט גוואַלדיקן אימפּעט:

— איך דיסקוטיר ניט וועגן דעם... מען וועט דאַרפן איינשטעלן אַ שטוב, מען דאַרף...

אילעין איז געגאַנגען לעבן אים און האָט געקוקט אויף זיין פּנים, וואָס איז געווען פאַרוואַלקנט. אַ פרעמד פּנים כמעט. זי האָט אַזאַ ביי מאַרווינען קיינמאָל ניט געזען. גייענדיק האָט זי אים אַרומגענומען מיט דער האַנט אַרום האַלדז און האָט געזאָגט:

— גיב אַ שמייכל, מאַרווין. זיי ניט אַזוי צעטראָגן...

— אָלרייט, — האָט ער איר געענטפערט, און אין דעם אָלרייט איז געווען אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, ווי ער זאָל איר זאָגן: אַהין, אָדער אַהער.

אילעין האָט פאַרמאַכט דעם קאָלנער אַרום האַלדז, עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז עס איז איר קאַלט געוואָרן. זי האָט פאַרשפּיליעט איר מאַנטל און האָט אויסגעצויגן די האַנט צו מאַרווינס מאַנטל אויף צו פאַרשפּיליען אויך זיין קאָלנער. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און האָט אָפּגעווענדט איר האַנט.

ביי אילעין זיינען צוגעקומען טרערן צו די אויגן. זי האָט זיך אָן אַ וואָרט אויסגעדרייט און איז אַוועק. מאַרווין האָט זי ניט צוריקגערופן. ער איז געגאַנגען מיט פאַרעקשנטע טריט פאָראויס, ווי ער זאָל גיין איבער רעלסן.

אין איינעם אַ טאָג, ווען זי איז געקומען אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט איר פּראָפעסאָר שאַפּיראָ דערלאַנגט אַ בריוו. ער האָט איר געגעבן דעם בריוו, ניט קוקנדיק אויף איר. זי האָט דערקאָנט מאַרווינס האַנטשריפט און עס האָט ביי איר אַ קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ. וואָס האָט מאַרווין צו שרייבן צו פּראָפעסאָר שאַפּיראָ? זי האָט איבערגעלייענט דעם בריוו. מאַרווין האָט געשריבן, אַז פּראָפעסאָר שאַפּיראָ זאָל זוכן אַן אַנדער געהילף אין דער לאַבאָראַטאָריע, אילעין האָט חתונה, און זי מוז אויפגעבן די אַרבעט. זי דאַרף זיך אָפּגעבן מיט איר היים.

לויט אילעינס שטיין־בלייבן ווי אַ פאַרגליווערטע, האָט שאַפּיראָ פאַר־שטאַנען, אַז דעם בריוו האָט מאַרווין געשריבן אָן איר וויסן. ער האָט איר גאָרניט געזאָגט, און ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איר טיש אַרבעטן — האָט ער זיך אַרומגעדרייט און גערעדט צו זיך אַליין ווי געוויינלעך.

ווען זי האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל אויף אַוועקגיין, האָט זי געזאָגט צו שאַפּיראָן:

— איר גייט אַהיים, פּראָפעסאָר? איך וועל אייך באַגלייטן.

שווייגנדיק האָט ער אָנגעטאָן דעם מאַנטל, ער האָט אָנגענומען אילעין ביי דער גאָמבע און האָט איר געפרעגט אָנווייזנדיק אויף מאַרווינס בריוו, וואָס איז געלעגן אויפן טיש:

— נו?

אילעין האָט אים אָנגעקוקט אַ היפּשע ווײַלע, ווי דאָס וואָס זי קלייבט זיך אים זאָגן איז זייער וויכטיק פאַר איר.

— איך קלייב זיך ניט חתונה צו האָבן, פּראָפעסאָר... נאָך ניט אַזוי גיך...

ווי אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרצן, ווען זי האָט עס אַרויסגערעדט. פּראָפעסאָר שאַפּיראָ האָט עפּעס געמורמלט אַליין צו זיך, ווען ער איז מיט איר אַראָפּ פון די שטיגן.

עס איז געווען גאַנץ טומלדיק אין קאַלעדזש ווען אילעין האָט איינגעלאַדן אירע חברטעס אויף אַן אויפנאַמע צו זיך אַהיים אויף צו פייערן איר חתונה מיט פּראָפעסאָר שאַפּיראָ. ער איז געקומען צו דער אויפנאַמע אין זיין געוויינלעכן אָנצוג, נאָר מיט אַ בלום אין לאַץ. אילעין האָט זיך פאַרהאַלטן, ווי געוויינלעך, ווען זי טרעפט זיך מיט אירע חברטעס. מען האָט געטרונקען, געוואונטשן, געשמועסט און זיך צעגאַנגען. צומאָרגנס איז אילעין געגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע, ווי אַלע טאָג. זי איז אַריין אַהין און האָט זיך געפילט אין דער היים — אַ גוטע היים, אַ געטרייע, אַ שטילע, וואו עס גייט אַרום פּראָפעסאָר שאַפּיראָ און רעדט צו זיך אַליין, און אויף דער וואַנט הענגט דער פּאָרטרעט פון ניוטאָן.

יאַנואַר, 1956

# ב ר י ד ע ר

איזראַעל פּרעסמאַן איז געפאָרן צום מיטינג פון די טיטקאָווער לאַנדס־לייט אַ גוט אויפגעלייגטער. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ פלעשל בראָנפן צו מאַכן אַ לחיים מיט די ברידער פון דער פאַרוואַלטונג און מיט אַנדערע טיטקאָווער וואָס וועלן קומען פרי צו דער פאַרזאַמלונג. עס איז דעמאָ־קראַטיע, מען טרינקט מיט יעדערן — האָט ער געטראַכט, — און עס שאַדט ניט צו די וואַלן אויך.

זיבן יאָר איז ער געווען פּרעזידענט פון דער טיטקאָווער סאָסייעטי און איז דאָרט געווען באַלעבאָס, ווי ביי זיך אין שטוב. אין דער ליי־און־הילף קאַסע פון די טיטקאָווער האָט געאַרבעט זיין שוועסטערס טאָכטער, פלאָרענס, און אַלע טיטקאָווער האָבן זי גערופן „אונדזער פלאָרענס״. דעם כּאָר פון די טיטקאָווער האָט אָנגעפירט זיין ווייבס ברודער, בען. די באַנקעטן פון די טיטקאָווער האָט מען געמאַכט אין רעסטאָראַן ביי שימקאָ־וויטשן, „אונדזער פלאָרענסעס שווער״. איזראַעל פּרעסמאַן איז געווען דער גרויסער קעניג פון דער קליינער אימפּעריע, וואָס האָט געהייסן — די טיטקאָווער סאָסייעטי. ער האָט קיין שום צווייפל ניט געהאַט, אַז קיינער וועט ביי אים דעם האַמער פון האַנט ניט אַרויסנעמען.

פאָרנדיק צום מיטינג האָט ער געטראַכט פון וואָלף סאָלאָמאָן, וואָס איז אין די לעצטע צוויי יאָר רייך געוואָרן. אַלע יאָרן איז סאָלאָמאָן געווען אַן אָרעמאַן מיט אַ קאָקאַרדע. אַ האַלבער דירעקטאָר אין אַ האַלב באַנקראָטירטן אַנטיקן־געשעפט. האָט אים גאָט געהאָלפן, ער האָט זיך „אָנגערירט״ אָן ריעל־עסטייט, און אין צוויי יאָר איז ער אַרויפגעשפּרונגען און איז געוואָרן אַ גביר. ער האָט זיך אָנגעהויבן לאָזן קאָסטן אויף דער סאָסייעטי, און ווען ער קומט צו אַ מיטינג דערלאַנגט ער יעדערן די האַנט. די טיטקאָווער האָבן געקראָגן דרך ארץ פאַר אים. פּינקוס מאָזעס האָט זיך שוין אַפילו איינמאָל אויפגעשטעלט און געלאָזן זיין פּלאַץ סאָלאָמאָנען אויף זיך זעצן. גלאַט אַזוי אים אָפּגעגעבן כּבוד. פאַר גאָרניט. וואָלף סאָלאָמאָן האָט אים דערפאַר גע־נומען דערנאָך אין זיין מאַשין און אים אָפּגעפירט אַהיים, אַזש אין די בראָנקס. אַ גליק, וואָס וואָלף סאָלאָמאָן קען אַ מויל ניט עפענען און דערפאַר וועט מען אים פאַר קיין פּרעזידענט ניט קלייבן. ווען זיין זון איז געוואָרן בר־מצווה און די טיטקאָווער לאַנדסלייט האָבן געמאַכט פאַר די סאָלאָמאָנס אַ יום־טובֿל, האָט זיין ווייב סאָניע געהאַלטן די רעדע. וואָלף סאָלאָמאָן איז געזעסן, זיך געשפּילט מיט זיין גאָלדענער פּען און האָט געשמייכלט.

פונדעסטוועגן — האָט איזראַעל פּרעסמאַן באַשלאָסן — וועט מען אים דאַרפן אונטערשטופּן פאַר אַ וויִס־פּרעזידענט. געלט רעדט אַפילו אָן אַ צונג. און פאַר אַן אונטערשריפט אויף אַ פּאַפּיר איז דער נאָמען „וואָלף סאָלאָמאָן״ גאַנץ שיין.

איזראַעל פּרעסמאַן איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זיינע טראַכטונגען. מיסיס פּרעסמאַן האָט אים אַ פּאָר מאָל געמוזט דערמאָנען:

— שטעל זיך אָפּ! עס זיינען דאָך רויטע פייערן!
אויף דעם האָט איר דער מאַן געענטפערט:
— מען וועט אים מוזן מאַכן פאַר וויס־פּרעזידענט.
מיסיס פּרעסמאַן האָט באַלד פאַרשטאַנען וועגן וואָס איר מאַן רעדט און האָט אים קורץ געענטפערט:
— סאָלאָמאָנען? יע.

מיסיס פּרעסמאַן האָט מיט אַלע כוחות געהאָלפן דעם מאַן פירן די טיטקאָווער סאָסייעטי. זי האָט יעדן טאָג טעלעפאָנירט צו לאַנדסלעידיס. זי האָט געוואוסט ווער עס דאַרף גיין צו אַ דאָקטאָר, וועמענס קינדער עס האַלטן עקזאַמענעס, וואו מען פאָרט זען אַ זומער־וואַקיישאַן, ביי וועמען עס איז געבאָרן געוואָרן אַן אייניקל. זי האָט געשיקט טעלעגראַמעס מיט „קאָנגראַטולעישאַנס", זי איז געגאַנגען באַזוכן אין שפּיטאָל, זי האָט געשיקט בלומען צו אַ קינפּעטאָרין. איבערהויפּט האָט זיך איר אַרבעט פאַרשטאַרקט פאַר די וואַלן אין דער סאָסייעטי. מען קען זאָגן, אַז זי האָט געפירט אַן אָפּיס פון אַ „פוירסט לעידי" פון די טיטקאָווער.

איזראַעל פּרעסמאַן האָט אָפּגעשאַצט זיין ווייבס פעאיקייטן און ביי פייערלעכע געלעגנהייטן האָט ער זי גערופן „מיסיס פּרעסמאַן".
— מיסיס פּרעסמאַן וועט זיין ביים באַנקעט און זי וועט אייך באַגריסן „פוירסט לעידי" פון די טיטקאָווער.

פאַר די זיבן יאָר וואָס איר מאַן איז געווען פּרעזידענט האָט זיך מיסיס פּרעסמאַן אויפּריכטיק צוגעבונדן צו אירע לאַנדסלייט. ווען זי איז געזעסן מיט איר מאַן ביים הויפּט־טיש אויבנאָן, אָנגעטאָן אין אַ הוט מיט סאַמעטענע בלומען, האָט זי מיט אמתער ליבשאַפט געקוקט אויף די אַרומיקע. זי האָט געפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט, וואָס זיי זיינען אַלע טיטקאָווער און וואָס זי איז זייער פּרעזידענטין.

ווען די פּרעסמאַנס זיינען אָנגעקומען צום מיטינג, זיינען שוין אין זאַל געווען עטלעכע פאַרלעך. ביי אַ זייטיקן טישל איז געזעסן דער נייער מיט־גליד, פיליפּ אייבראַמס, וואָס האָט זיך ניט לאַנג איבערגעצויגן פון לעיק־וואוד קיין ניו יאָרק. ער האָט היציק גערעדט מיט וואָלף סאָלאָמאָן, און יענער איז געזעסן, זיך געשפּילט מיט זיין גאָלדענער פען און געשמייכלט. מיט זיי ביים טישל איז געווען פּינקוס מאָזעס און דער הויכער צבי ראַטנער מיט זיין קליינטשיקער ווייבל, בעל.

צבי ראַטנער האָט שוין אַ פאַר יאָר געטראָגן אַ שטיין אין קעשענע קעגן דעם פּרעזידענט איזראַעל פּרעסמאַן. מיט דריי יאָר צוריק, ווען די טיטקאָווער האָבן אַרויסגעגעבן דעם סאָווענירזשורנאַל און אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך צעלייגט מיט גרויסע פאָטאָגראַפיעס און אויפשריפטן, איז זיין בילד געווען גרויס ווי אַ גראָשן און פאַרדרוקט אָן אַ זייט. צבי ראַטנער איז דעמאָלט ניט געשלאָפן אַ נאַכט פון האַרצווייטיק, און ווי אַ שטיין אין האַרצן איז ביי אים געבליבן דער פאַרדראָס אויף פּרעסמאַנען.

יעדן מאָל ווען ער טרעפט אים ווערט ראַטנער אויסגעצויגן נאָך העכער, פּונקט ווי דער כעס זאָל אים אויסשטרעקן אויף אַרויף.

איזראַעל פּרעסמאַן איז צוגעקומען צו זייער טישל. דער היציקער שמועס איז געוואָרן צוגעדעמפּט, ווי מען זאָל אַרויפוואַרפן אויף אים אַ דעקל. צבי ראַטנער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אָפּגערופן אָן אַ זייט וואָלף סאָלאָמאָנען, געשטאַנען מיט אים, געפּאָכעט מיט די לאַנגע הענט און זיך געסודעט:

— פּרעסמאַן טויג ניט!

מיסיס פּרעסמאַן איז צוגעגאַנגען צום מאַן און האָט אים קורץ אַ זאָגגעטאָן:

— דאָ קאָכט זיך עפּעס מיט די וואַלן...

זי האָט פאַרריכט ביים מאַן דעם קראַוואַט און איז סטראַטעגיש אַוועקגעשוואומען צו מיסיס סאָלאָמאָן.

ביים מיטינג האָט מען אויפגענומען דעם נייעם מיטגליד פּיליפּ אייבראַמס, וואָס איז אַריבערגעקומען פון לעיקוואוד. אייבראַמס האָט געדאַנקט די טיטקאָווער, און יעדן איינעם פון זיי אַ״פגעהויבן אין הימל. דעם פּרעזידענט האָט ער געזאָגט, אַז זיין פאָטער שמעון העשל פּרעסמאַן, האָט באַשיינט טיטקאָווע, פּונקט ווי זיין זון, איזראַעל פּרעסמאַן, באַשיינט די טיטקאָווער סאָסייעטי אין ניו יאָרק. צבי ראַטנערס קליינטשינקע ווייבעלע האָט ער דערמאָנט איר עלטער־פעטער, וואָס האָט געהאַט אַ קרעטשמע און אָרעמע יידן האָבן דאָרטן גענעכטיקט אומזיסט. ביי דער קליינטשינקער ווייבעלע זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן פאַר אַנטציקונג. פּינקוס מאַזעסן האָט ער דערמאָנט זייער צוויי־שטאָקיקן מויער אין טיטקאָווע, וואו זיין זיידע האָט געהאַט אַן אייגענעם בית־מדרש. און אַזוי האָט אייבראַמס אַרויפגעבראַכט טיטקאָווע מיט שיינע משפּחות, מיט די גוטע יידן, מיט די פרומע יידן, מיט די קרעטשמעס, מיט די קראָמען, און מיט יעדערנס יחוס. די טיטקאָווער זיינען צעגאַנגען פון נחת און האָבן ניט געפילט ווי די צייט גייט פאַרביי.

איזראַעל פּרעסמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— מיר דאַרפן נאָך דורכפירן וואַלן, — האָט ער געזאָגט.

איצט האָט צבי ראַטנער אַרויסגענומען דעם שטיין און האָט אים אַ וואָרף געטאָן:

— די וואַלן זיינען ניט קיין ציג, זיי וועלן ניט אַנטלויפן. זאָלן יידן אַביסל זיצן און פאַרברענגען. — זיין קליין ווייבעלע האָט אים אונטערגעהאַלטן:

— יע, טאַקע, זאָל מען אַמאָל הנאה האָבן.

— האָבן אַביסל פאַרגעניגן — האָט צוגעלייגט מיסיס סאָלאָמאָן — און איר וואָרט איז געווען וואָגיק. זיי זיינען אין דעם לעצטן יאָר געווען די גרעסטע ביישטייערער אויף אַלע אונטערנעמונגען פון דער סאָסייעטי.

ביי צבי ראַטנערן האָבן געשפּרונגען צוויי שמייכלענדיקע פלעמלעך אין די אויגן, ווי צוויי קליינע שדימלעך. ער האָט זיך געקילט דאָס האַרץ, וואָס מען פאָלגט ניט דעם פּרעזידענט.

איזראַעל פּרעסמאַן האָט דערפּילט אַ קלעמעניש אין האַרצן. ער האָט מער ניט געהערט, ווי אייבראַמס הוידעט די טיטקאָווער אויף די וואָלקנס פון אַמאַליקן יחוס. ער האָט זיך גאַר דערמאָנט וועגן יוספן, וואָס די ברידער האָבן אים פֿאַרקויפט צו די ישמעאלים. ער האָט געזען די אַרומיקע, זיינע ברידער לאַנדסלייט, און זיי האָבן אים אויסגעזען אַזעלכע פרעמדע, ווייטע, אַפילו די וואָס ער האָט זיי געדענקט פון זיין קינדהייט האָבן איצט געהאַט אַנדערע פּנימער — ניט די זעלבע, — ער קען זיי ניט דערקענען.

וואָלף סאָלאָמאָן האָט אַראָפּגעשיקט נאָך קאָקאַ־קאָלאַ. די פלעשלעך האָבן געקלונגען, און דער עולם האָט געטרונקען, און מען האָט געלאַכט. פון זייער געלעכטער האָט זיך איזראַעל פּרעסמאַנען געדאַכט, אַז אונטער אים, ערגעץ טיף אין באָדן, קומט פֿאָר אַן ערד־ציטעריניש, וואָס שטערט אים צו זיצן רואיק.

די וואָלן זיינען ניט פֿאַרגעקומען.

ער איז צוריקגעקומען אַהיים פון מיטינג אַ צעקאָכטער. רויטע פלעקן זיינען ביי אים געשטאַנען אויף די באַקן, ווי מען וואָלט אים נאָר וואָס אויסגעפּאַטשט. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן איבער זיין אייגענער שטוב ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער, ווי איינער וואָס שטייט ביי אַ שייד־וועג און ווייס ניט וואוהין ער זאָל זיך פֿאַרקירעווען.

זיין ווייב, מיסיס פּרעסמאַן, האָט פֿאַמעלעך אַראָפּגענומען דאָס היטעלע מיט די בלומען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פֿאַרוועלקטע. זי האָט אויסגעטאָן די אויערינגלעך, וואָס האָבן איר געצויגן די אויערן. זי האָט זיך צוגע־זעצט אויף אַ שטול און האָט אַ פֿאַר מאָל אַ פיר געטאָן מיט די הענט איבער די קני. זי איז געקומען צו זיך. זי האָט זיך געלאָזט גיין צום טעלעפאָן. דער מאַן האָט זי געוואָלט פֿאַרהאַלטן:

— וואוהין גייסטו? וועמען ווילסטו רופן? אַמעראַצים, פּרעסער, קאָקאַ־קאָלאַ גיב זיי! ליגנער! מאָזעסעס זיידע האָט גאַרניט געהאַט קיין בית־מדרש אין זיין מויער! פעיקער, באַרימער... — און נאָך און נאָך באַלייידיקנ־דיקע ווערטער האָט איזראַעל פּרעסמאַן געשאָטן אויף זיינע ברידער, די טיט־קאָווער לאַנדסלייט, ביז מיסיס פּרעסמאַן האָט אים אָפּגעשטעלט:

— טאַ־טאַ־טאַ־טאַ! וואָס טויגן מיר אָן די טיטקאָווער יידן? נו, גענוג שוין, גענוג! און אַז אַ מענטש זאָגט אַמאָל אַ ליגן — איז ער שוין אַ ליג־נער? הער אַ מעשה! און אַז אַ מענטש כאַפּט אַמאָל אַביסל אַריבער די מאָס — איז ער שוין אַ באַרימער? אַ פעיקער? הער אַ מעשה! זאָלסט וועלן אויס־קלייבן די ווערעמדיקע אַרבעס, בלייבסטו אינגאַנצן אָן אַ געקעכץ. די טיט־קאָווער געפעלן אים ניט! הער אַ מעשה!

מיסיס פּרעסמאַן איז געשטאַנען אַ ווײַלע מיט צוגעמאַכטע אויגן, דער־נאָך האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צום טעלעפאָן, ווי אַ דאַרשטיקער וואָס דער־הערט אַ וואַסער־קוואַל ריזלען. איזראַעל פּרעסמאַן האָט זי ניט אָפּגעהאַלטן. ער איז געוואָרן בייגעריק צו זען, וואָס זי גייט דאָ טאָן. ער האָט אויפגעלויכטן, ווען ער האָט דערהערט זיין ווייב ריידן:

— פלאָרענס, מאַרגן גאַנץ פרי זאָלסטו צוגרייטן אַ בריוו. מען מאַכט אַ „סורפּראַיז פּאַרטי" פאַר צבי ראַטנער. שרייב אָן אַ פיינעם בריוו. די געלעגנהייט? כ'ווייס... ער איז צען יאָר אין דער סאָסייעטי... ער איז אַלט געווארן פופציק יאָר? נו, גוט. ער איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר... אַ חשובער מיטגליד, אַ טוער... פלאָרענס, שטילערהייט דערצייל דער מיסיס ראַטנער... זאָג איר, אַ סוד פאַרטרוי איר... פלאָרענס. זאָג איר אַז איך אַרבעט אויף דעם... פאַרשטייסט? יאָ־אָ!

די קליינינקע בעל ראַטנער איז ווייך געוואָרן ווי זומערדיקער שאָקאָלאַד, ווען פלאָרענס האָט איר פאַרטרויט דעם סוד וועגן דער סורפּראַיז פּאַרטי. דאָס טרייבל פון טעלעפאָן האָט זיך נאָך ניט אָפּגעקילט, האָט זי אָפּגערופן איר מאַן, צבי ראַטנער, אין געשעפט, און אים איבערפאַרטרויט פלאָרענסעס סוד.

— און דו ווייסט ווער עס אַרבעט אַרום דעם? מיסיס פרעסמאַן.

צבי ראַטנערן איז וואַרעם געוואָרן אויפן האַרצן. אַז ער האָט דערנאָך באַגעגנט איזראַעל פרעסמאַנען האָט ביי אים אויפגעבליט אַ שמייכל אויפן פּנים. ער האָט אים דערמאָנט, אַז זיי זיינען אַמאָל געגאַנגען אין איין חדר און צוזאַמען געריסן בערעלעך ערב תשעה־באב צו וואַרפן די מיידלעך אין די צעפּ.

ווען מיסיס פרעסמאַן האָט אָנגעטאָן איר היטעלע אויף גיין צו צבי ראַטנערס „סורפּראַיז פּאַרטי", האָט זי געזאָגט צו איר מאַן:

— נאָר גוטע פריינט זאָל מען האָבן. צוליב וואָס דאַרף מען האָבן שונאים? אַז אַ קלייד ווערט צעקנייטשט דאַרף מען עס אַ גלעט טאָן מיט אַ פּרעס־אייזן, און אַז אַ מענטש גיט זיך אַ קנייטש, — דאַרף מען אים אַ גלעט טאָן מיט אַ „סורפּראַיז־פּאַרטי". ס'איז ניט געפערלעך! מיט אונדזערע טיט־קאָווער ברידער קען מען אויסקומען.

ביי די וואַלן האָט צבי ראַטנער מיטן גאַנצן האַרצן אונטערגעהאַלטן איזראַעל פרעסמאַנען פאַר פּרעזידענט. ער האָט אָפּגערופן אָן אַ זייט וואָלף סאָלאָמאָן, האָט געפּאָכעט מיט די לאַנגע הענט און האָט זיך מיט אים געסודעט.

— זאָל זיין פרעסמאַן! מיר האָבן ניט קיין בעסערן פון אים!

וואָלף סאָלאָמאָן האָט פון זיין דערפאַרונג אין דעם אַנטיקן־געשעפט געוואוסט, אַז אַנטיקלעך זיינען דאָ אמתע, פאַלשע, נאָכגעמאַכטע און איבער־געמאַכטע. ער האָט געקוקט אויף ראַטנערן, ווי ער פּאָכעט מיט די הענט, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט גערעדט קעגן פרעסמאַנען און ער האָט געטראַכט: „ער איז אַן אַנטיקל, וואָס מען קען איבערמאַכן". ער האָט זיך געשפּילט מיט זיין גאָלדענער פּען און האָט געשמייכלט.

איזראַעל פרעסמאַן איז דערוויילט געוואָרן צום אַכטן מאָל פאַר פּרע־זידענט פון דער טיטקאָווער סאָסייעטי. מיסיס פרעסמאַן איז געזעסן לעבן אים ביים הויפּט־טיש אויבנאָן. די סאַמעטענע בלומען אויף איר נייער היטעלע זיינען געווען אַזוי פריש, אַז זיי האָבן כמעט געשמעקט. זי האָט געקוקט

מיט אויפריכטיקער ליבשאַפט אויף די אַרומיקע. זי האָט געפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו זיי, וואָס זיי זיינען אַלע טיטקאָווער און זי איז זייער פרעזידענטקע.

לעבן איר איז געזעסן דער וויס־פרעזידענט, וואָלף סאָלאָמאָן, האָט זיך געשפילט מיט דער גאָלדענער פען און האָט געשמייכלט. זיין ווייב, סאָניע, האָט לכבוד איר מאַנס דערוויילט־ווערן פאַר וויס־פרעזידענט, געהאַלטן אַזאַ האַרציקע רעדע, אַז ביי דער קלייניקער בעל ראַטנער זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

עס איז געווען אַ רירנדיקע פאַרזאַמלונג.

אויגוסט, 1954

# ערב דער נסיעה

— נו, וואָס זאָגסטו צו דיין זון? — האָט וויליאַם חיימסאָן זיך געווענדט צו זיין ווייב אינמיטן דערינען, עסנדיק פרישטיק.

מערע האָט דעם מאַן ניט געענטפערט, ניט איבערגעפרעגט, און אַפילו די אויגן ניט אויפגעהויבן אויף דערוווידערן מיט אַ בליק.

זי האָט זיך געשעמט נאָכאַמאָל שמועסן וועגן דעם גאַנצן ענין, צוליב וועלכן זיי האָבן זיך נעכטן אָפּגעאַמפּערט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און היינט אַ גאַנצן פרימאָרגן אויסגעמיטן צו ריידן.

כאָטש מערע האָט דעם מאַן ניט געענטפערט, האָט ער גערעדט צו איר אַזוי, פּונקט ווי זי זאָל אים עפּעס אַנטקעגן זאָגן:

— איך בין דען קעגן דעם, אַז ער זאָל פאָרן? אדרבא, איך בין צופרידן, וואָס ער האָט אַזאַ פּאַרלאַנג, אָבער מען דאַרף דאָך ניט זיין קיין היץ־קאָפּ! פּאַרשטייסט? אָט אין דעם איז בען געראָטן אין דיר. ביי דיר איז באַלד — זיך אָנגעצונדן, ווי אַ שוועבעלע! אָט דאָס איז ביי אים דער מאַמעס ירושה — זיך אָנגעצונדן ווי אַ שוועבעלע! אָן חשבון און אָן לאָגיק.

מערע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, וואָס דאָס האָט געזאָלט באַדייטן: „זאָל זיין אַזוי". זי האָט דערלאַנגט דעם מאַן די קאַשע מיט מילך, נאָר דער אויפן, ווי זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם טעלער פון דער זייט, האָט דעם מאַן פאַרדראָסן: וואָס איז דאָס פאַר אַן אופן אַ שטעל־צו־טאָן אַ טעלער פון דער זייט? וואָס זיינען דאָס פאַר אַ וויבערשע אַרגומענטן אָן ווערטער? און ער האָט צו איר אַ זאָג געטאָן:

— אַוודאי האָבן מיר אים אַזוי דערצויגן! — און ער האָט געוויזן אויף דער וואַנט, וואו עס זיינען געהאַנגען די בילדער פון דר. הערצל און פון ח. נ. ביאַליק — אַזוי האָבן מיר אים דערצויגן, און איך האָב קיין חרטה נישט! ער איז אַ מענטש, אונדזער בען, אַ מענטש און אַ ייד — ניטאָ קיין סך אַזעלכע בחורים אין אַמעריקע! אָבער קאַלעדזש דאַרף מען ענדיקן? אָדער מען דאַרף לאָזן שווימען צום טייוול פיר יאָר אַרבעט, געלט — און דער עיקר, צייט; דער עיקר — די יאָרן! ער וועט דאָך ווערן אַ ליידיקגייער, אַ מענטש אָן אַ פאַך, אַז ער וועט אינמיטן דערינען אַרויסשפּרינגען פון קאַלעדזש!

מערע האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַן. זי האָט געפילט, אַז ער דערזאָגט ניט, וואָס ער טראַכט. זי איז געוועזן פול מיט אַ ווייטיק, וואָס האָט איר שווער געמאַכט די הענט און אָנגעטראָגן אַ היץ איבער די אויגן. זי האָט פאַרזיכטיק אַן אָטעם געטאָן, כדי עס זאָל ניט זיין קאָנטיק, אַז עס איז אַ זיפץ.

וויליאַם חיימסאָן האָט געשלונגען די קאַשע מיט אַזאַ אימפּעט, ווי דאָרט, אין דער שיסעלע, וואָלט געלעגן די גאַנצע עקשנות פון זיין זון, בען, און די שווייגעניש פון זיין ווייב, מערע. האַם, האַם — האָט ער געשלונגען און גערעדט צום ווייב מיט כעס:

— דאָס ערגסטע איז, ווען מענטשן פאַרשטייען זאַכן בוכשטעבלעך:

פאָרן אין ארץ־ישראל דאַרף מען טאַקע, אָבער דאָס הייסט ניט — „כאַפּן און פאָרן“! כאַפּן טויג ניט!

ער האָט אַ נעם געטאָן אַ שטיקל ברויט און האָט עס באַלד אָוועקגעלייגט צוריק פּונקט ווי דערמיט זאָל ער וועלן באַווייזן, אַז „כאַפּן“ טויג ניט.

— אַזעלכע זאַכן דאַרף מען גוט איבעררעכענען. מען דאַרף די צוקונפט פון אַ קינד פאַרזאָרגן. דער וואָס פאַרשטייט ניט ווי אַזוי זיך אַליין צו פאַרזאָרגן, קען זיין פאָלק אַוודאי ניט העלפן!

ער האָט גערעדט מיט ערגערניש, מיט כעס, פונקט ווי עמעצער זאָל זיך מיט אים רייצן, אים אַנטקעגן זאָגן ביטערע פאַרוואָרפן, וואָס ער קען זיי ניט בייקומען. ער האָט כמעט געשריען:

— די ערגסטע זאַך איז, אַז אַ מענטש האָט קיין שכל ניט! דעמאָלט העלפט ניט קיין שום רפואה. זיין אַן אידעאַליסט און אַ נאַר — איז פונקט אַזוי אומנוצלעך — — —

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט אים פאַרפעלט אַ פאַרגלייך, און ער האָט זיך פאַרוואונדערט.

וויליאַם חיימסאָן איז אַ גוטער רעדנער, אים פעלט קיינמאָל ניט אויס קיין שפּריכוואָרט, קיין משל, קיין וויץ. זיינע קעגנער — די אויסערלעכע און אינערלעכע — צעשמעטערט ער מיט אַ ווערטל, אָדער מיט אַ פּסוק, אַז עס בלייבט פון זיי גאָרניט, אויסער אַ פאַרלוירענער גוף מיט אַ צעשפּאָלטענער נשמה. — און דאָ, אינמיטן דערינען, ביי זיך אין שטוב, ביים אייגענעם טיש, וואו עס איז דאָ בלויז איין איינציקער צוהערער — דאָס אייגענע ווייב — אָט דאָ האָט וויליאַם חיימסאָנען פאַרפעלט אָטעם צו דערפירן זיין געדאַנק ביזן סוף.

מערע האָט געקוקט אויפן מאַן, געזען ווי ער האָט זיך געהיצט, זיין שטערן איז פאַרלאָפן מיט ראָזער פאַרב, און זי האָט ניט געוואָלט אים נאָך מער ערגערן. זי האָט געשוויגן. וואָס וועט זי אים זאָגן? — האָט זי געטראַכט — דער בחור וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל, דער בחור זאָגט, אַז קאָלעדזש איז גאָרניט מיט גאָרניט אַנטקעגן איין ישוב אין נגב — און זי וויל ניט דער מאַן זאָל איר דאַרפן אויף דעם ענטפערן.

זי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווילי, ווערסט עסן קאָמפּאָט?

וויליאַם האָט זיך אַ ריס געטאָן, ווי דאָס ווייב זאָל אים זאָגן דאָס ערגסטע. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון טיש און האָט גערעדט שטיל מיט איראָניע:

— איך פאַרשטיי אַז דו ביסט דו גוטע מאַמע. מיט דיר איז ער שוין פאַרטיק! דו ביסט די גרויסע ציוניסטקע, און איך בין דער רשע, דער אָפּאָרטוניסט... דער, דער, דער...

אים האָבן ווידער פאַרפעלט ווערטער אויף ענדיקן די פראַזע, און ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער אַ פאַרטראַכטער: וואָס האָט ער צו מערען?

זיין ווייב, פונקט ווי זי זאָל הערן וואָס ער טראַכט — האָט אים געגני׳ געזאָגט די ווערטער:

— צו וועמען האָסטו טענות? טך הכל האָסטו מיך געמאַכט פאַר אַ ציוניסטקע!

זי האָט אַ לאַך געטאָן. ביי אים איז די אויפרעגונג אַריבער און ער האָט אָנגעהויבן שמייכלען:

— זיך דערמאָנט אַ געשיכטע מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק.

מערע האָט געזאָגט שמייכלענדיק:

— זעקס וואָכן נאָכאַנאַנד האָסטו מיט מיר געלערנט „מדינת היהודים״ — געדענקסט? — זעקס וואָכן נאָכאַנאַנד! באמת, איך ווייס ניט, ווי האָב איך דאָס געקענט אויסהאַלטן!

זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט, ווי די יונגט זאָל זיך זיי באַווייזן און פאַרלאַנגען — פרייד און געלעכטער.

מיט אַ שמייכל האָט וויליאַם חיימסאָן אַ הויב געטאָן די האַנט צו דר. הערצלס פאָרטרעט און האָט געזאָגט:

— ער איז אויך ניט געפאָרן... עס זיינען שוין דעמאָלט געווען יידישע קאָלאָניעס, די בילויים האָבן געאַקערט די ערד מיט דער נאָז. ער איז ניט געפאָרן. ער האָט געגרינדעט די יידישע מדינה אין באַזעל...

מערע האָט זיך דערשראָקן פאַרן מאַנס אפיקורסות און האָט אַ געשריי געטאָן:

— שווייג! שווייג!

זיי זיינען ביידע שטיל געוואָרן. בען איז אַריינגעקומען. ער האָט דער־פילט, אַז עס איז געווען אַ שמועס וועגן אים, האָט אַ שמייכל געטאָן, אַ זאָג געטאָן „האַנגרי״ און האָט זיך געזעצט צום טיש עסן.

דער טאַטע האָט זיך אַ וויצל געטאָן מיטן זון:

— נו, ווען פאָרסטו?

בען האָט רואיק געשמירט פומער אויפן ברויט, פון צייט צו צייט אַ קוק געטאָן אויפן טאַטן און געזאָגט:

— פאַ, איך וואָלט ניט געוואָלט טראַכטן, אַז דו ביסט אויסן אַנדערע זאָלן שיקן זייערע קינדער קיין ארץ ישראל... — איך דענק ניט אַזוי וועגן דיר, פאַ.

אין שטוב איז געווען אַזוי שטיל, אַז ווען עמעצער וואָלט אויסגערעדט אַ וואָרט, וואָלטן זיך אַלע פאַרוואונדערט. עס איז געווען די שטילקייט, וואָס מען קען זי איבעררייסן בלויז מיט אַ ליגן, ווייל דער לעצטער אמת איז שוין געזאָגט געוואָרן. דאָס האָבן אַלע געפילט, און אַלע האָבן געשוויגן. אויף דער וואַנט זיינען געהאַנגען די בילדער פון דר. הערצל און ביאַליק, ווי זיי וואָלטן בפירוש אָנטיילגענומען אין דער שווייגעניש.

יולי 25, 1948

# די בשותפותדיקע סוכה

די הינטערטיר פון אָשר פרידמאַנס הויז איז געווען פונקט אַנטקעגן דער הינטערטיר פון ר׳ שמואל דעם נאמנס הויז. צווישן די צוויי הייזער איז געשטאַנען אַ נידעריקער פלויט פון ברעטלעך, וואָס האָט דערגרייכט ביז העלפט פון די טירן. אָשר פרידמאַן איז געווען אַ שניט־קרעמער מיט אַ גרויסער קראָם אין מאַרק, און אין שטוב האָט מען זיך געפירט ברייטלעך: אַ הון אויף שבת און פיש אויך.

ר׳ שמואל דער נאמן האָט געצויגן זיין חיונה פון דער לייַ־קאַסע. ער האָט דאָרט געפירט די רעכענונגען, אויסגעשריבן די צעטלען פון די הלוואות און איינגעמאָנט די חובות. אין שטוב האָט מען געפירט אַן איינגעהאַלטענעם באַלעבאַטישן לעבן, כמעט אַן אָרעמען. די קינדער האָבן געטרונקען טיי איינדערפרי, אָבער מיט אַ האַלב שטיקל צוקער — געענוג פאַר אַ קינד. — מען דאַרף ניט אויסטרינקען די גאַנצע פושקע צוקער אויף אַ מאָל.

און פונקט ווי די הייזער זיינען געשטאַנען מיט די הינטערטירן איינע צו די אַנדערע, אַזוי זיינען די משפחות אויך געשטאַנען אַביסל מיט דער פלייצע איינע צו דער אַנדערער. פונדערווייטן — גוט שבת און גוט יום־טוב — מען מישט זיך ניט צופיל איינע מיט די אַנדערע. דער פלויט איז געשטאַנען צווישן זיי.

אָשר פרידמאַנס באָרד איז טאַקע געווען אַ ברייטערע ווי ר׳ שמואל דעם נאמנס, און די קעשענע איז אויך געווען אַ ברייטערע, דערפאַר אָבער האָט אָשר פרידמאַן מיט זיין גאַנצער גבירישקייט ניט געקענט זיך דערשלאָגן, אַז מען זאָל אים אין שטאָט רופן ר׳ אָשר. און ר׳ שמואל דעם נאמן האָט מען פון זיך אַליין גערופן — ר׳ שמואל. ער האָט געקענט לערנען און איז געווען זייער אַן אָרנטלעכער ייד און דערפאַר טאַקע האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ נאמן פון דער לייַ־קאַסע, און מען האָט אים גערופן ר׳ שמואל, ניט אַנדערש ווי ר׳ שמואל. אַז אַ שטאָט שפּאַרט זיך איין קען מען זי ניט איבערשפּאַרן און מען קען איר קיין דעה ניט זאָגן. גיי טענה זיך אויס מיט אַ שטאָט.

אַלע יאָר ערב סוכות האָבן אָשר פרידמאַן און ר׳ שמואל דער נאמן געבויט זייער סוכה איינע לעבן דער אַנדערער, ביים פלויט. אָשר פרידמאַן פלעגט צוואוואַרפן עטלעכע ברעטער צום פלויט עס זאָל זיין אַ וואַנט פאַר דער סוכה, און פלעגט אַריבערשרייען צו ר׳ שמואל דעם נאמן דורך דער הינטערטיר:

— ר׳ שמואל, איר קענט צובויען אייער סוכה צו דער וואַנט, וועט איר פאַרשפּאָרן עטלעכע ברעטער.

ר׳ שמואל דער נאמן פלעגט אים ענטפערן אַלע יאָר דאָס זעלבע:

— נו, נו, אוודאי גוט. מיר זאָלן דערלעבן איבער אַ יאָר.

דאָס איז געווען כמעט די איינציקע יערלעכע פאַרבינדונג צווישן די

שכנים. אַביסל גוטע־פֿריינטשאַפֿט און אַ שטיקל טובה פֿון רייכערן צום אָרעמערן.

און אַלע יאָר האָבן די צוויי משפּחות געפּראַוועט יום־טוב אין זייער סוכה מיט אַ בשותפותדיקער וואַנט, וואָס האָט געהערט צו אָשר פֿרידמאַן.

מער פֿון אַלעמען האָבן פֿון דער וואַנט הנאה געהאַט ר׳ שמואל נאמנס מיידעלע, כינקע, און אָשר פֿרידמאַנס ייִנגל, ברוכל.

נאָכן עסן, ווען די דערוואַקסענע פֿלעגן אַוועקגיין פֿון דער סוכה, פֿלעגן די קינדער, כינקע און ברוכל, שטיין מיט די נעזלעך צוגעפּלעטשעט צו די שיטערע ברעטער פֿון דער בשותפֿותדיקער וואַנט און זיך אויספֿרעגן איינע ביי די אַנדערע:

— וואָס האָט איר היינט געגעסן? — האָט געפֿרעגט ברוכל און צו־געדריקט זיין נאָז צו אַ שפּאַלט אין די ברעטער סאַמע לעבן כינקעס נעזל.

כינקע האָט אויסגערעכנט אַלע גוטע יום־טובדיקע עסנס, די פֿיש מיט די פֿלייש, מיטן צימעס און צוגעגעבן מיט אַ ביסל באַרימעריי:

— און וואָס האָט איר היינט געגעסן?

ברוכל האָט אויסגערעכנט אַלע יום־טובדיקע עסנס מיט די פֿיש, מיט די פֿלייש מיטן צימעס און צוגעגעבן מיט אַ ביסל באַרימעריי:

— מיר האָבן נאָך געגעסן וויינטרויבן און געטריקנטע טייטלען אויך.

כינקע פֿלעגט אַוועקנעמען דעם נעזל פֿון פּלויט און זאָגן:

— איך האָב גאָרניט ליב קיין וויינטרויבן און קיין געטריקנטע טייטלען.

און יעדן יאָר איז כינקע אַוועק פֿון דער וואַנט מיט אַ קלעמעניש, ניט פֿאַר די וויינטרויבן און געטריקנטע טייטלען, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט, נאָר וואָס ברוכל איז העכער פֿון איר, העכער מיט די וויינטרויבן און מיט די טייטלען.

יעדעס מאָל האָט זי ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז זי וועט שוין מער ניט פֿרעגן ביי ברוכלען וואָס זיי האָבן געגעסן, אָבער זי האָט זיך ניט געקענט איינ־האַלטן. עס האָט איר געצויגן זיך דורכריידן מיט ברוכלען פֿון הינטער דער בשותפֿותדיקער וואַנט. דאָס איז געווען די גאַנצע שיינקייט פֿון דעם סוכות.

ר׳ שמואל דער נאמן האָט זיך דורך זיין שוואָגער, אַ וואַלד־הענדלער, צוגערוקט צו אַ שותּפֿות אין אַ וואַלד. פֿריער מיט אַ קליינעם פּראָצענט פֿאַר אַכטונג געבן אויף דער בוכהאַלטעריע און דערנאָך מיט אַ שטיקל חלק אין די געשעפֿטן. דער וואַלד האָט געהערט צו עטלעכע ייִדן. זיי האָבן שטענדיק געהאַט קריגערייען צוליב די חשבונות. ר׳ שמואל דער נאמן האָט די רעכענונגען געפֿירט פּינקטלעך ביז אַ קאָפּיקע, און זיי האָבן אים אַריינ־גענומען אין געשעפֿט — ער איז געוואָרן אַ שותּף.

דער וואַלד איז געגאַנגען גוט און אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז ר׳ שמואל דער נאמן ווערט אַ נגיד.

פֿרילינג, ווען אָשר פֿרידמאַנס ווייב, זיסל, האָט פֿאַרפּלאַנצט בלומען אונטערן פֿענצטער האָט זי פֿון דער הינטערטיר אַ רוף געטאָן חנה־ליבען, ר׳ שמואל דעם נאמנס ווייב:

— חנה־ליבע, ביי מיר זיינען געבליבן עטלעכע קאַרטשעלעך בלומען, אפשר ווילט איר זיי פאַרפלאַנצן ביי אייך אונטערן פענצטער?

חנה־ליבע האָט דעמאָלט דערפילט, אַז זי איז געוואָרן אַ גבירטע: זיסל וויל אַז ביי איר, ביי חנה־ליבען, זאָלן וואַקסן די זעלבע בלומען אונטערן פענצטער.

— יע, פאַרוואָס ניט? — האָט זי געענטפערט זיסלען — איך וועל אייך באַצאָלן אויך. טאַקע גאַנץ גוט בלומען אונטערן פענצטער.

און חנה ליבע האָט פאַרפלאַנצט אונטערן פענצטער בלומען. איבער זו־מער זיינען די בלומען אויסגעוואקסן העכער ווי דער פלויט. דער פלויט צווישן די הייזער איז ווי בידעריקער געוואָרן. די זעלבע בלומען ביי אָשר פרידמאַן און ביי ר׳ שמואל דעם נאמן, ווי אַ צייכן פון פריינטשאַפט צווישן די משפחות.

ערב סוכות איז ר׳ שמואל דער נאמן געשטאַנען לעבן דעם פענצטער מיט די בלומען און האָט געטראַכט, אַז עס איז צייט צו בויען אַ סוכה מיט אייגענע ברעטער — אַן אָשר פרידמאַנס וואָנט. אָבער ווי גייט מען דאָס זאָגן אַזאַ זאַך צו אַ שכן? מען איז שוין צוגעוואוינט פון אַלע יאָרן אַז מען בויט צו די סוכה צו אָשרס וואַנט. עס איז אָשרס אַ חזקה. טראַכטנדיק אַזוי האָט ער דערזען, אַז אָשר פרידמאַן שטייט אויך אין פענצטער און ער האָט צו אים געזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נישט אַהין, נישט אַהער:

— ר׳ אָשר, שוין צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ סוכה...

אָשר פרידמאַן האָט זיך צעשמייכלט אין דער ברייטער באָרד אַריין און האָט אים געענטפערט:

— נו, נו, אדרבא, איר האָט דאָך עפּעס אַ וואַלד...

ר׳ שמואל נאמן האָט אים געענטפערט פּונקט דאָס זעלבע ווי שטענדיק:

— נו, אוודאי גוט, לאָמיר דערלעבן איבער אַ יאָר.

אויפן הויף ביי ר׳ שמואל נאמן איז קאָנטיק געווען, אַז ער איז געוואָרן אַ וואַלד־סוחר. פאַר דער סוכה האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ גרויסן שטויס מיט ברעטער — נייע, געהובלעוועטע — זיי האָבן פאַרלויכטן דעם הויף.

ביי אָשר פרידמאַן איז גראָד געווען אַ פאַרנומענער ערב יום טוב. די טעג זיינען געשטאַנען שיינע, זוניקע און אין דער שניט־קראָם האָבן זיך געדרייט קונים, גויים פון די דערפער און פריצים פון די פאָלוואַרקעס. מען האָט זיך געאיילט פאַרן אין שטאָט איינקויפן איידער עס הויבן זיך אָן די רעגנס.

אָשר פרידמאַן האָט געשמאַק געלייזט און איז געווען אויפגעלייגט. מיט אַ ברייטן שמייכל האָט ער אין אַ פרימאָרגן אַריבערגעשריען צו ר׳ שמואל דעם נאָמען איבערן פלויט:

— ר׳ שמואל, האַקט אויף אַ ביסל אַ גרעסערע סוכה — ברעטער, זע איך, האָט איר גענוג — וועלן מיר זיין ביי אייך שכנים אין דער סוכה. איך בין פאַרנומען אין קראָם, קיין עין הרע.

— מיטן גרעסטן כבוד, ר׳ אָשר, מיטן גרעסטן כבוד.

מען האָט ניט געקענט אָשר פרידמאַנען מער אָפּקויפן, ווי אָנרופן אים

„ר׳ אָשר". ווייל ער איז געווען אַ רייכער ייד האָט מען אים גערופן פּאַניע פרידמאַן. אָבער ר׳ אָשר — דאָס האָט ער זעלטן געהערט. אַ צופרידענער האָט ער געזאָגט צו ר׳ שמואל דעם נאמן:

— איז אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט, מען זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר.

זיסל האָט זיך אַביסל אַ קנייטש געטאָן און האָט געזאָגט צום מאַן:

— וואָס עפּעס עסן ביי יענעם אין סוכה? מ'עט נעמען אַ יידן וועט ער אויפהאַקן אַ סוכה....

— נא, נו... נא, נו... — האָט אָשר פרידמאַן געשמייכלט — זאָל ער הנאה האָבן... ווען דו וואָלסט געזען ווי ער האָט אויפגעלויכטן און האָט מיר געזאָגט: מיטן גרעסטן כבוד, רב אָשר, מיטן גרעסטן כבוד... אַזוי האָט ער געזאָגט. אַלע יאָרן געווען אַן אָרעמאַן, זאָל ער אַביסל הנאה האָבן פון זיין געלט... פאַרדינט אַן אים אַ מצווה מער ווי מיט בויען אַ סוכה, מער ווי בויען אַ סוכה.

— ווייס איך וואָס — האָט זיסל געזאָגט — גאָר עסן אין אַ פרעמדער סוכה...

— אַ סוכה איז אַ סוכה... עס איז ניט קיין שטוב. יידן עסן צוזאַמען אין אַ סוכה... עס איז דאָך אַ סוכה.

ר׳ שמואל נאמן האָט געגעבן אַ שטעל־אויף אַ סוכה פון די נייע ברעטער — אַ פּאַלאַץ. אַ סטאָליער איז געקומען אויף מאַכן אין דער סוכה צוויי טירן. פון דעם פּלויט האָט מען אַרויסגענומען דריי ברעטלעך און דאָרט האָט מען געהאַקט איין טיר פאַר זיסלען גלייך אַנטקעגן איר היינטערטיר; די צווייטע טיר פון דער סוכה האָט מען געהאַקט גלייך אַנטקעגן חנה ליבעס טיר. ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק האָבן זיך זיסל און חנה ליבע געשטעלט יעדערע לעבן איר טיר און אויסגעמאַרקירט וואו די טישן וועלן שטיין.

— מען קען דאָ אַוועקשטעלן טישן ווי אויף אַ חתונה — האָט זיסל געזאָגט און געטראַכט ווי דער מאַן אירער: זאָל זי הנאה האָבן... דאָס גאַנצע לעבן זיך געפּלאָגט, זאָל זי אַביסל הנאה האָבן ערב יום טוב.

— עס וועט אונדז, חלילה, ניט זיין ענג — האָט חנה ליבע געזאָגט — און געפילט דעם טעם פון זיין אַ גבירטע.

ביידע פרויען זיינען אַוועק צופרידענע פון דער בשותפותדיקער סוכה. שכנים האָבן געשמועסט:

— גבירים ריידן זיך צונויף.

— אָשר פרידמאַן איז אַלע יאָרן געווען אַ גביר, און ר׳ שמואל דעם נאמן האָט אָפּגעגליקט.

— איין גביר האָט ליב דעם אַנדערן.

— וואָס דען? מיט אַן אָרעמאַן וועט מען גיין זיצן? קוקן אויף די פּלאָטקעס ביי אים אין טעלער? אַזוי שטעלט מען זיך אַרויס איינע אַנטקעגן די אַנדערע מיט די קאַרפּן קעפּ.

בינקע איז געווען אַ צעטומלטע פאַר פרייד. דער גרינער פרישער סכך

איבער דער סוכה האָט מיט געדיכטע צווייגן געבויגן זיך איבער די ווענט. אין דער סוכה זײַנען געשטאַנען צוויי טישן — איין טיש וואָס זיסל האָט אַרײַנגעשטעלט און דער צווייטער — חנה־ליבעס.

די סוכה האָט כינקען אויסגעזען ווי אַ וועלט פון פרייד. זי האָט געפילט דעם גרויסן יום טוב. אין אָוונט וועט מען אין דער סוכה מאַכן קידוש, און ברוכל וועט זען איר בײַיע קלייד מיט די פּערלמוטערנע קנעפּלעך.

ווי אַ פלאַטערל האָט כינקע אַ גאַנצן טאָג זיך געדרייט אַרום דער סוכה. ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז די סוכה זאָל ניט פאַרשווינדן. זי איז אַלע מאָל געקומען צו דער מאַמע מיט אַ בשורה. „זיסל האָט שוין אַרײַנגעשטעלט אַ באַנק. זיסל האָט אויפגעהאַנגען אַ לאָמפּ".

כינקע האָט אויסגעשפּרייט אויפן טיש פון דער סוכה אַ ווייסן סערוועט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז אויסגעשפּרייט געוואָרן מיט אַ ווייסער ליכטיקייט און מיט דער פרישער גרינקייט פון די צווייגן איבערן דאַך.

אין אָוונט איז כינקע געזעסן ביים טיש אַנטקעגן די ברענענדיקע ליכט. זי האָט ניט אַ קוק געטאָן צום צווייטן טיש וואו עס איז געזעסן ברוכל, נאָר דורך אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט זי געזען, ווי ברוכל האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. די פּערלמוטערנע קנעפּלעך האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן אויך וועלן געפעלן ווערן ברוכלען. די לייכטער, די חלות, די לעפל און די גאָפּלען — אַלץ האָט געלויכטן מיט אַזאַ פרייד, וואָס קיינמאָל האָט נאָך אַ יום טוב מיט אַזאַ פרייד ניט געלויכטן.

נאָכן עסן, ווען אַלע זײַנען אַוועק פון סוכה איז ברוכל צוגעגאַנגען צו כינקען:

— כינקע, בעט דײַן טאַטן ער זאָל ניט צענעמען די סוכה, וועלן מיר שטענדיק זיצן צוזאַמען אין איין סוכה, — האָט ברוך געזאָגט.

— יע, ברוכל, איך וועל אים זאָגן — האָט כינקע געענטפערט.

זי האָט ניט געקוקט אויף ברוכלען, נאָר אויף די פּערלמוטערנע קנעפּלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן בליען.

— און דײַן טאַטע וועט וועלן? — האָט ברוכל געפרעגט.

— ער וועט וועלן... איך וועל אים בעטן.

— עס איז אַ שיינע סוכה — האָט ברוכל געזאָגט און זײַנע אויגן זײַנען געווען ליכטיק אָנגעצונדן מיט אַ שמייכל פון גליק.

— עס איז אַ שיינע סוכה — האָט כינקע שטיל אים נאָכגעזאָגט און האָט אַ קוק געטאָן אויף ברוכלען. אויך אירע אויגן זײַנען געווען ליכטיק מיט דעם ליכט פון גליק.

די אָפּגעשניטענע צווייגן פון דעם סכך האָבן געגרינט מיט זייער לעצטער גרינקייט איבער דעם ערשטן אויפגאַנג פון יונגן גליק.

# די ראַשקאָוויטשער חתונה

— טאַטע, פונדאַנען וועט דיר זיין ווייט צו גיין אין בית־מדרש. אפשר צען בלאָק, אַ מהלך, זאָג איך דיר, אַ מהלך. ווי קען מען זיך אַלע טאָג אַזוי ווייט שלעפן? אַפילו פאַר מיר איז שווער צו גיין אַזאַ שטיקל וועג. איז נאָך גוט ווען עס איז אַ שיינער וועטער. און אַז עס טרעפט זיך אַ רעגן? אַמאָל אַ שניי? און די ניו־יאָרקער ווינטן — זיי קענען דאָך אַ מענטשן אויפהויבן!

אַזוי האָט מיסיס וואַפעלניק גערעדט צו איר אַלטן טאַטן, גערעדט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, און דאָס פּנים איז געווען דורך און דורך קיילעכדיק און בלאָנד — די ברעמען, די פּוכעלעך איבער דער אויבערשטער ליפּ און די קרייזלעך אויפן שטערן. אַלץ צוזאַמען סאַמע קיילעכדיקייט און סאַמע בלאָנדקייט, ווי ביי אַ מלאך.

מיסיס וואַפעלניק האָט זייער ליב געהאַט היימישן וויין. נישט אַזוי צוליב זיך, נאָר סתם, עס זאָל זיין אין שטוב. עס איז גוט אַ זופּ טאָן, עס איז גוט מכבד זיין געסט, עס איז אַ פולע שטוב — ווען עס איז דאָ אַביסל היימישער וויין.

זי איז געשטאַנען איבער אַ ברייטן טאָפּ מיט פרישע וויינטרויבן און האָט, ריידנדיק צום טאַטן, מיט חשק געאַרבעט מיט דער קאַטשעלקע, צעריבן די וויינטרויבן. די שטייפע פלאַצנדיקע הייטלעך פון די גרויסע שוואַרצע טרויבן האָבן אַלע מאָל אויסגעשאָסן מיט שטילע אויפרייסן. מיסיס וואַפעלניקס פולע און קיילעכדיקע אָרעמס האָבן געהאַט עפּעס אַן ענלעכקייט צו דער קורצער, קיילעכדיקער קאַטשעלקע, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע דריי זיינען דורכגענומען מיט אַ פרייילעכער פלייסיגקייט, וואָס צעגיסט זיך אין אַ שטילער זשומענדיקער זינגעריי פון די טרויבן.

— זע, נחום, — האָט מיסיס וואַפעלניק געזאָגט צום מאַן — פונוואַנען נעמען זיך טאַקע אין ניו יאָרק אַזעלכע שטאַרקע ווינטן?

— ווינטן! ווער ווייס פון וואַנען זיי קומען?! — האָט דער מאַן געענטפערט און איז אַרויס אין אַ צווייטן צימער. עס איז אים שווער געווען צו הערן, ווי זיין ווייב רעדט אָפּ איר טאַטן, ער זאָל זיך ניט אַריבערקלייבן צו זיי אין דער נייער דירה.

— דאָס איז צוליבן ים, איך בין זיכער, אַז צוליבן ים, — האָט מיסיס וואַפעלניק געמאַכט אַ געאָגראַפישע סברה, — אינדערהיים זיינען גאָרניט געווען אַזעלכע ווינטן, אַזעלכע פאַרדרייעניש.

מיסיס וואַפעלניק האָט ניט אויפגעהערט צו ריידן, פונקט ווי אין איין ווילע פון שטילקייט וואָלט קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז זי וויל ניט, אַז דער טאַטע זאָל זיך אַריבערקלייבן צו איר אין הויז.

דער פאָטער אירער, מיסטער ראַבינאָוויטש, מיט אַ קורץ בערדל — חצי באָרד און חצי אונטערגעשאָרן, האָט געראויכערט אַ סיגאַרעט, ניט געקוקט אויף דער טאָכטער, זיך געשעמט פאַרן איידעם און אַלע מאָל מסכים געווען מיט אירע רייד:

— יע, אוודאי איז דאָ ווייט פון אַ בית־מדרש.
— יע, די ווינטן זיינען אין ניו־יאָרק מוראדיקע.
— די רעגנס מסוכן.

ער האָט ניט געוואָלט ברוגז ווערן אויף דער טאָכטער — דער עיקר ניט געוואָלט אַריבערטראָגן די שפלות פון אַ קריגערייַ, עס זאָל בולט ווערן אַז די טאָכטער האָט אים פאַרצאַמט דעם וועג צו איר אין שטוב אַריין.

— ביי סערען איז נענטער צו אַ בית־מדרש, — האָט מיסיס וואַפּעלניק גערעדט. — פון סערעס הויז ביסטו צוויי טריט פון אַ בית־מדרש. עס איז דאָרטן טאַקע אַ מער יידישע געגנט. די שכנים זיינען אַנדערע, וועסט האָבן גיכער מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן — אַזוי האָט גערעדט מיסיס וואַפּעלניק, צוגערעדט דעם פאָטער ער זאָל וואוינען ביי דער צווייטער טאָכטער, ביי סערען.

— צו סערען דאַרף מען גיין באַרג־אַרויף. סערע זאָגט, אַז איך וועל מיד ווערן. סערע זאָגט, אַז אַפילו פאַר איר איז שווער צו גיין באַרג־אַרויף.

מיסיס וואַפּעלניק איז אַ ווײלע שטיל געוואָרן און האָט אַ מורמל געטאָן:

— באַרג אַרויף איז טאַקע אויך ניט גוט, און ווייט פון אַ בית־מדרש טויג אַוודאי ניט.

פון צווייטן צימער איז צוריק אַריינגעקומען מיסטער וואַפּעלניק און מיט אים צוזאַמען דער קליינער זון זייערער, דייוויד, אַ דרייאָריקער יונג, וואָס האָט זיך באַלד אַ נעם געטאָן צום זיידנס באָרד, אַ טאַפּ געטאָן אים ביידע באַקן און שטאַרק הנאה געהאַט, וואָס עס איז דאָ פאַר וואָס אָנצונעמען.

דער זיידע האָט דעם קליינעם אַרומגענומען, אַ קלאַפּ געטאָן אים איבער דער פּלייצקע, נאָר קיין ווערטער ניט געפונען פאַר אים. די זשומענדיקע פּלאַצעניש פון די ווינטערויבן ביי דער טאָכטער אונטער די צוויי הענט מיט דער קאָטשעלקע האָט אים פול געמאַכט די אויערן, און אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער הערט נאָך אַלץ וועגן די ניו־יאָרקער ווינטן, וואָס צוליב זיי און צוליב דער ווייטקייט פון בית־מדרש איז אים אוממעגלעך צו געפינען אַ ווינקל ביי זיין יינגסטער טאָכטער אין הויז.

מיסיס וואַפּעלניק איז פּלוצלינג אין כעס געוואָרן אויפן קינד:

— אַ וואָרט לאָזט ער ניט אויסריידן! אַזא קלעק אַ קינד!

זי האָט געוואָלט דעם קליינעם איינלייגן שלאָפן, נאָר ער האָט ניט געוואָלט גיין, זיך געיאָגט אַרום טיש, זיך באַהאַלטן ביים זיידן אונטער די פּיס, און פול געמאַכט דעם צימער מיט קוויטשערייען און געלעכטער, וואָס האָבן זיך ניט געפּאַסט צו דער כעסנדיקער מאַמע און דעם שטיל פאַרשוויגענעם זיידן.

— אָט גיי איך נעמען דעם וואַקיום־קלינער! — האָט מיסיס וואַפּעלניק אָנגעשראָקן דעם זון.

דער קליינער האָט אַ צאַפּל געטאָן און האָט אָנגעהויבן וויינען. פאַרן וואַקיום־קלינער האָט ער מורא געהאַט. ער האָט געזען, אַז דער וואַקיום־קלינער שלינגט איין אַ פּאַפּירל, אַ שוועבעלע, דעם שטויב, אַ שטיקל האָלץ,

און די מאַמע האָט אים געזאָגט, אַז דער וואַקיום־קלינער וועט ווערן אין כעס, קען ער אַ קינד אויך איינשלינגען, און דייוויד האָט ניט געוואָלט ליגן אין זאַק פון וואַקיום־קלינער.

דער זיידע האָט דעם וויינענדיקן אייניקל אַוועקגעטראָגן שלאָפן אין זיין בעטל. דאָס קינד האָט געכליפּעט. דער זיידע האָט אים צערטלעך געקלאַפּט אין פּלייצקע און באַרואיקט:

— נו, נו, דער וואַקיום־קלינער וועט דיך ניט איינשלינגען.

ער האָט איינלייגנדיק דאָס וויינענדיקע קינד אַ טראַכט געטאָן: פאַרן קליינעם איז דער וואַקיום־קלינער, און פאַר אַן אַלטן טאַטן זיינען די „ווינטן", די רעגנס און דער ווייטער בית־מדרש. ער האָט גערעדט צום אייניקל:

— דער וואַקיום־קלינער, די ווינטן... נאַרישקייטן. שלאָף... נאַרישקייטן.

זיין שטים איז געווען אַ צעבראָכענע, אַ ווייכע, אַן איבערצייגנדיקע. דער קליינער האָט דערפילט נאָך אַ באַעוולהטן, האָט אים אַ גלעט געטאָן איבער דער באָרד, האָט אַ לאַך געטאָן און מסכים געווען איינצושלאָפן.

דער אַלטער האָט זיך געקליבן אַוועקגיין, נאָר די מיסיס וואַפּעלניק האָט דעם פאָטער ניט געלאָזט. זי האָט שוין פאַרענדיקט די אַרבעט מיט די ווינטרויבן. דער ברייטער טאָפּ איז אַוועק אין קיך, און פון דאָרט האָט מיסיס וואַפּעלניק גערעדט צום פאָטער:

— טאַטע, וואָס הייסט? אָן עסן וועסטו פונדאַנען אַוועקגיין?

זי האָט אויסגערעכנט אַלע מאכלים וואָס זי האָט פאַר אים, ווי זיי זיינען געמאַכט און ווי אַזוי זיי זיינען געקאָכט. זי האָט ניט אויפגעהערט ריידן:

— טעם גן־עדן, — האָט זי איינגערעדט דעם פאָטער — וואָס הייסט דו וועסט אַוועקגיין אָן עסן?

אים האָט ניט געפּאַסט זיך אָפּזאָגן. גראד היינט, נאָכן שמועס וועגן „די ווינטן", איז גלייכער אָפּעסן דעם „טעם גן עדן" ביי דער טאָכטער. וואָס ווייניקער רוגז. אַביסל פאַרדראָס טראָגט מען אַריבער, אָבער קיין שפלות, קיין געפאַלנקייט, ווייל ער ניט אָנרוקן אויף זיך, און רוגז איז שפלות.

ער האָט געגעסן, אויף יעדן מאכל מסכים געווען, אַז עס איז טעם גן־עדן, און ווען די טאָכטער האָט אים איבערגעפרעגט:

— אָבער די פלוימען? ביסט אַ מבין ווי די פלוימען זיינען אָפּגע־קאָכט? — האָט ער זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען, אַז ער האָט געגעסן פלוימען.

ווען ער איז שפּעטער אַרויס אין גאַס, האָט גערעגנט. דער רעגן האָט געזשומעט, ווי די ווינטרויבן אונטער דער קאַטשעלקע. די זשומעריי האָט אָנגעיאָגט אויף אים אַן עלנט. עס האָט זיך אים ניט געוואָלט גיין אַהיים, וואו ער וואוינט שוין צוויי יאָר אַליין, זינט עס איז געשטאָרבן זיין ווייב, און ער איז געבליבן מיט די צוויי טעכטער. „יע, מען קען זאָגן אַליין, כאָטש מיט צוויי טעכטער", האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ביי דער סאָבווע האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דעם אָוונט קומט פאָר אַ מיטינג פון דער ראַשקאָוויטשער סאָסייעטי, זיינע לאַנדסלייט.

— מען וועט גיין זען אייגענע מענטשן, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אים האָט זיך געוואָלט שטופּן די צייט אויף צוריק, ווען די שטוב איז געווען אַ היים, דאָס שטעטל — אַ היים, און אַלע אַרום זייַנען געווען היימישע מענטשן.

— מען וועט זען אייגענע מענטשן, ראַשקאָוויטשער, אין ראַשקאָוויטש איז דער בית־מדרש אויך ניט געווען אַזוי נאָענט, אָבער עס איז געווען גאַנץ נאָענט אויף צוצוגיין. עס זייַנען געווען ווינטן — איז אויך ניט קיין גוואַלד — פאַרשפּיליעט מען דעם קאָלנער — היימישע ווינטן. יע, יע, מען וועט זען אייגענע מענטשן, ראַשקאָוויטשער.

אין לענגלעכן צימער, וואו דער מיטינג איז פאָרגעקומען, איז געווען שטאַרק ליכטיק, פּונקט ווי גאַנץ ראַשקאָוויטש זאָל אָהין אַנברענגען זייערע לאָמפּן און אָנצינדן. ביי דער טיר האָט אים געטראָפן מיסטער ריבאַק, אַ היימישער מענטש:

— מיסטער ראַבינאָוויטש! איך האָב אויסגעקוקט איר זאָלט הייַנט קומען! מייַן אייניקל ווערט בר־מצווה, איז ערשטנס דאַרף איך אַ טלית, אַ ראַשקאָוויטשער וועט דאָך ניט גיין קויפן אַ טלית ערגעץ אַנדערש אויב נישט ביי אייך. און צווייטנס, וועט איר דעם בחור אַביסל צולערנען, אַ פּאָר יידישע ווערטער, אַ בר־מצווה בחור דאַרף וויסן... אַ ברכה... איך ווייס?... וואָס מען דאַרף, אויף לשון קודש... איר ווייסט שוין וואָס.

דער אַלטער האָט אויפגעלעבט. אַ היים, אַ שטיקל היים — די ראַש־קאָוויטשער.

— נו, נו, — האָט ער געענטפערט אויף אַ היימישן לשון — בין איך דאָך געקומען.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט. זייַנע פיר און זעכציק יאָר האָבן זיך אים אויסגעוויזן אַ סך יינגער, ווי מיט אַ שעה צוריק ביי דער טאָכטער אין הויז.

מיסטער ריבאַק האָט פאָרגעשטעלט פאַרן עולם אַ גאַסט פון שיקאַגאָ, מיסיס וואָלף, טאָקע אַ ראַשקאָוויטשער, חיה־איידל „פון מויער". (זייער הויז איז געווען דאָס איינציקע געמויערטע הויז אין שטאָט, האָט מען זיי אַלעמען גערופן „פון מויער". בערל „פון מויער", חיה־איידל „פון מויער" און שימ־טשיק „פון מויער").

חיה־איידל האָט באַדאַרפט אָפּדאַנקען פאַר דער אויפנאַמע. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט אַ לאַך געטאָן אין פאַרלעגנהייט, צוויי ליכטיקע פייער־לעך האָבן ביי איר אַ שיין געטאָן אין די אויגן און זי האָט ווייבעריש אַ צי געטאָן מיט די פּולע, פון עלטער פאַררונדיקטע אַקסלען.

— וואָס קען איך זאָגן? קיין ספּיטשעס האַלטן קען איך ניט... עס האָט זיך פאַרוואָלט זען לאַנדסלייט, די ראַשקאָוויטשער. מען איז אַליין, טאַקע געצוג עלנט, די קינדער חתונה געמאַכט, גאָט צו דאַנקען... בין איך געקומען צו די ראַשקאָוויטשער... און מיר זאָלן אַלע געזונט זיין.

דאָ האָט זיך חיה־איידל פאַרהאַקט, ניט געקענט מער אָנכאַפּן קיין וואָרט און האָט זיך אַוועקגעזעצט.

די ראַשקאָוויטשער זײַנען געווען געריִרט. זיי האָבן דערהערט זייער לשון, די פּשוטע ווערטער פֿון דער היים, דעם ראַשקאָוויטשער ניגון, דאָס בלײַבן שטעקן אינמיטן דערינען און ניט קענען אַנכאַפּן אַ וואָרט, כאָטש טרינק זיך. זיי האָבן חיה־איידלען געמאַכט אַזאַ אָוואַציע, וואָס דער בעסטער רעדנער וואָלט ביי זיי ניט געקענט פֿאַרדינען.

דער אַלטער מיסטער ראַבינאָוויטש האָט געקוקט אויף חיה־איידלען און געבענקט נאָך אַ היים.

— אַ פֿיינע פֿרוי, האָט ער געטראַכט, אַ וואוילע פֿרוי, אַן איידעלע פֿרוי, אַ שטילע ווי אַ טויב.

ער האָט געזאָגט, אַז ער פֿאַרט מיטן זעלבן וועג און ער האָט חיה־איידלען באַגלייט אַהיים. אויפֿן וועג האָבן זיי גערעדט פֿון ראַשקאָוויטש, פֿון בלייבן אַליין, און פֿון עלנט. ער האָט איר דערמאָנט אַז מען האָט זיי אַמאָל געוואָלט רייִדן אַ שידוך אין ראַשקאָוויטש, נאָר זי איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און עס איז גאָרניט געוואָרן.

— דער טאַטע האָט זיך געשעמט דערציילן — עס איז קיין נדן ניט געווען. דער מויער איז טאַקע געווען אַ מויער, אָבער בייסן האָט מען אים ניט געקענט, בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע.

מיסטער ראַבינאָוויטש האָט אַ טראַכט געטאָן פֿון זיין טאָכטער, פֿון דעם ברייטן טאָפּ מיט די ווײַנטרויבן, וואָס האָבן געפּלאַצט אונטער דער פֿריילעכער קאָטשעלקע. פֿון די ניו־יאָרקער „ווינטן" — און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַרויסגיין פֿון דער סאָבווײ, וועט אים באַגעגענען אַן עלנטער רעגן, אַ הימל, וואָס עס דאַכט זיך, אַז ער דאַרף אַליין אַ דאַך, און אַ דרויסן מיט ווינטן.

דאָ, מיט חיה־איידלען אין דער סאָבווײ איז געווען היימלעכער. מען רעדט אַ וואָרט, מען זעט אַ שמייכל, און דאָס ווייסע באַזשיטכל וואָס זי נעמט אַרויס פֿון איר טעשל און גיט אַ וויש די ליפּן — דערמאָנט היימישע רואיקייט, געמיטלעכקייט.

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר און געזאָגט גאַנץ אומגעריכט:

— אויב איר ווילט, חיה־איידל, וועלן מיר שטעלן אַ חופּה, איצט וועל איך ניט פֿרעגן אויף אייער נדן. איך האָב, גאָט צו דאַנקען, פּרנסה'גען צו לעבן. איך פֿאַרקויף טליתים, אַביסל ספֿרים...

חיה־איידל האָט אַ לאַך געטאָן אין פֿאַרלעגנהייט.

— וואָס קען איך זאָגן ?... — זי האָט אַ הייב געטאָן מיט די רונדיקע אַקסלען — אפֿשר איז געווען באַשערט מיין פֿאָרן קיין ניו יאָרק...

חיה־איידל האָט געוואָלט ביי אַזאַ ערנסטער געלעגנהייט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט ניט געקענט אָנכאַפּן קיין וואָרט, כאָטש טרינק זיך. זי האָט אַרויסגענומען דאָס ווייסע טיכעלע, אָפּגעווישט די ליפּן און געשמייכלט.

מיסטער ראַבינאָוויטש האָט געזען פֿאַר זיך אַ היים, און אַ היים האָט אַ גאָלדענעם דאַך, און עס גרייכן אַהין ניט קיין ווינטן און קיין רעגנס.

# פורים צו דער מגילה

יעדן יאָר ערב פורים פאַרמאַכט אָשר גרעבניק זיין גלאָז־געשעפט און לאָזט זיך פאָרן פון ברוקלין קיין בראנקס אין קליינעם בית־מדרש „אהבת אחים" הערן די מגילה. ער פאָרט אַהין מיט זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער. אַ מהלך פון אַ שעה מיט דער מאַשין. הערט די מגילה, לאָזט איבער אַ היפּשע נדבה פאַרן בית־מדרש און פאַרשווינדט ביז איבער אַ יאָר פורים. פאַר די מתפּללים פון „אהבת אחים" דערציילט אָשר גרעבניק יאָר־איין יאָר־אויס די מעשה פאַרוואָס ער קומט הערן די מגילה אין „אהבת אחים", און אַז מען זאָל אים געבן אַ מיליאָן דאָלער, וועט ער ערגעץ אַנדערש די מגילה ניט הערן. די אַלטע מתפּללים פון „אהבת אחים" קענען שוין אָשר גרעבניקס מעשה וואָרט ביי וואָרט, פונדעסטוועגן שטייען זיי אַרום אים, הערן זיך איין און האָבן הנאה פון זייער בית־מדרש — „אהבת אַחים". אָשר גרעבניק הויבט שטענדיק אָן מיט די זעלביקע ווערטער:

ראָש השנה און יום כפּור זיינען צו גאָט — קען מען דאַוונען אין יעדן בית מדרש, אָבער פּורים איז צו מענטשן. קום איך אין „אהבת אַחים", ווייל דאָ האָב איך געטראָפן אַ מענטשן, טאַקע אַ מענטש, וואָס מען זאָגט — אַ מענטש זאָל מען זיין.

ווען אָשר גרעבניק קומט צו דעם וואָרט, כאַפּט אים דער שמש אונטער:

— ר' ישראל יפה! איין קליניקייט, ר' ישראל יפה. ער זאָגט עס גאַנץ שטיל, כדי ניט איבערהאַקן אָשר גרעבניקס מעשה:

— געקומען בין איך קיין אַמעריקע צו אַן עלטער־פעטער, אַ ייד, וואָס איז געווען אַנגעשטאָפּט מיט געלט און מיט פּחד פאַר דער עלטער. ער פלעגט זיך אָוועקזעצן און אָנהויבן אויסרעכענען, וואָס מיט אַ מענטשן קען אַלץ פּאַסירן אויף דער עלטער. כל־מיני קראַנקהייטן, פּאַראַליטשן, עלנט־קייט, איינזאַמקייט — דער צעטל פון די צרות איז טאַקע געווען אַ גרויסער, און דער עלטער־פעטער האָט עס געזען פאַר די אויגן מיט אַלע פּרטים: אָט ליגט מען, חלילה, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער; אָט שטייט מען און מען קען ניט אַליין אריבערגיין די גאַס; אָט זיצט מען און מען קען ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אויס פּחד איז דער פעטער געוואָרן זייער קאַרג — טאָמער וועט ער דאַרפן אויף דער עלטער. ער האָט מיר אַפילו ניט געוואָלט אויסבאָרגן די פאַר דאָלער אויף אַראָפּברענגען מיין משפּחה. געענוג פאַר אים, האָט ער געטענהט, וואָס ער האָט געשיקט איין שיפסקאַרטע פאַר מיר. ער האָט דאָס אויך ניט געטאָרט טאָן. וועגן דער משפּחה זאָל איך אַליין זאָרגן און זוכן עצות, ווי זיי צו ברענגען. און אגב, וואָס איז דאָ זיך צו איילן? די משפּחה קען מען אַריבערברענגען מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער.

געהייסן האָב איך נאָך דעמאָלט מיט מיין אמתן נאָמען נאָוואָגרעבני־קאָווסקי. מיין פעטער וואָס איז געווען קאַרג אויף געלט איז געווען קאַרג אויף צייט אויך. ער האָט מיר אָנגערעדט, אַז אַ לאַנגער נאָמען טויג ניט —

ניטאָ קיין צייט אים אַרויסצורייךן. האָב איך געפאָלגט, און צעשפּאָלטן דעם נאָמען אויף דרייען. די ערשטע טייל אַראָפּגעוואָרפן, די לעצטע טייל אַראָפּגעוואָרפן און געבליבן ביים מיטלסטן שטיקל נאָמען — גרעבניק. עד היום האָב איך חרטה, וואָס איך האָב געשפּאָלטן מיין נאָמען. נאָר מען קען שוין צוריק ניט כאַפּן.

דעם פּעטערס עצה און מיין נייער אונטערגעשאָרענער נאָמען האָבן מיר גאָרניט געהאָלפן און איך האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו ברענגען מיין משפּחה קיין אַמעריקע.

איך בין אַ מענטש, וואָס האָט זייער גיך חרטה. האָב איך שוין איבּגאַנצן חרטה געהאַט, וואָס איך בין געקומען קיין אַמעריקע. אָבער מען קען שוין צוריק ניט כאַפּן. עס איז געווען אסתר תענית, בין איך אַריין אין בית מדרש „אהבת אַחים” דאַוונען מנחה און הערן די מגילה. אויפן האַרצן איז דאָך מיר ניט געווען גאָר יום־טובדיק. בין איך מסתם געזעסן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. איז צו מיר צוגעקומען אַ ייד און פרעגט זיך ביי מיר:

— איר זיינט אַ גרינער?

— אַ גרינער — האָב איך געענטפערט, כאָטש עס האָט מיר ניט געשמעקט וואָס ער האָט מיר באַלד אויסגעלייגט מיין נייעם אַמעריקאַנער יחוס.

דער ייד האָט זיך מיט מיר פאַנאַנדערגערעדט, און ווען איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט מיין עלטער־פּעטער דאָ, און מיט מיין משפּחה אויף יענער זייט, האָט ער מיך אָנגעקוקט און האָט געזאָגט:

— עס איז גאָרניט מיט גאָרניט. איך וועל אייך ברענגען די משפּחה. כאַפּט זיך אַריין מאָרגן אין דער צייט, וועלן מיר דאָס מאַכן.

ווען דער ייד איז אַוועק, האָב איך, דעם אמת זאָגנדיק, געטראַכט אַז עס איז אַ שטיקל חוזק. מען האָט מיר דערציילט, אַז אין אַמעריקע זיינען דאָ כל מיני פאַרשוינען, ווי מען רופט זיי דאָ, פעיקערס, און אַ ייד אַ למד־וואָווניק איז דאָ גאַנץ שווער צו באַגעגענען. האָב איך שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה וואָס איך האָב אים דערציילט, טאָמער שלעפּ איך זיך אַריין אין אַ צרה. נאָר פאַרפאַלן, צוריק קען מען שוין ניט כאַפּן.

אויף מאָרגן, אַז איך בין געקומען אין בית מדרש, האָב איך געמיינט, אַז עס וועט זיין לא דובים ולא יער. ערשט דער ייד איז טאַקע געקומען, און האָט מיר געבראַכט אַ טשעק:

— דאָס איז האַנט־געלט אויף שיפקאַרטעס.

דאָס איז געווען דער ערשטער טשעק, וואָס איך האָב געזען אין אַמעריקע, און איך האָב זיך פּשוט דערשראָקן. פון גרויס צעטומלעניש האָב איך אָנגעהויבן טענהן מיטן יידן:

— וואָס הייסט? אָט אַזוי־אָ גלאַט גיט מען דאָס געלט? און אָט אַזוי־אָ גלאַט נעמט מען דאָס געלט? ניט איר קענט מיך און ניט איך קען אייך. לאָמיר גיין צום רב און לאָמיר זיך כאָטש אָפּשרייבן, זאָל זיין אַן עדות.

דער ייד האָט מיך אָנגעקוקט און האָט געענטפערט פּונקט ווי נעכטן:

— עס איז גאָרניט מיט גאָרניט. איר וועט מיר אָפּגעבן.

אַז איך בין געקומען אַהיים מיטן טשעק אין קעשענע, האָב איך מורא געהאַט אויף אים אַ קוק צו טאָן. איך בין געווען זייער ניט געניט אין טשעקס, און איך האָב פשוט מורא געהאַט — וואָס דערפון קען אַרויסקומען. אָבער עס איז געווען פאַרפאַלן, צוריק קען מען שוין ניט כאַפּן.

טאַקע מיטן זעלביקן טשעק האָב איך אין קורצע עטלעכע חדשים אַראָפּ־געבראַכט די משפחה קיין אַמעריקע.

אומקערן דעם יידן דאָס געלט איז מיר גאָרניט אָנגעקומען אַזוי גרינג, כאָטש איך האָב שוין געהאַט, גאָט צו דאַנקען, מיט וואָס אים אָפּצוגעבן. אויב עס איז געווען פאַר אַ פּסח, אָדער פאַר סוכות, האָט דער ייד געזאָגט:

— גאָרניט מיט גאָרניט. האַלט עס דערווייל, עס וועט איך צוניץ קומען אויף יום טוב.

ביז איין טאָג האָב איך זיך אויסגעקליבן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, און איך בין אַוועק — אים אָפּצוגעבן דעם חוב. דער ייד האָט זיך דערווייל אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער געגנט. אין דעם בית מדרש איז ער שוין מער ניט געקומען. בין איך אַוועק צו אים אין שטוב.

אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויפן טיש, צוגעווינטשעוועט, אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין, אָבער דער ייד האָט מיך אויפגענומען קידער־ווידער, האָט זיך ערגעץ געאיילט, אַפילו קיין מעשה ניט געוואָלט אויסהערן — גאָר אַן אַנדער ייד, עס איז מיר אַזש געוואָרן פאַרדראָסיק. איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איך האָב אים געזאָגט:

— במה חטאתי? איך האָב געדאַרפט געלט, האָט איר מיר געבאָרגט און טאַקע אַ טובה געטאָן, וואָס שייך אַ טובה? אַ גרויסע טובה. איצט, אַז איך האָב אייך אָפּגעבראַכט דעם חוב, זיינט איר גאָר אַן אַנדער ייד, גאָר באמת אַזוי ווי ברוגז, חלילה! במה חטאתי?

דער ייד האָט אַ שמייכל געטאָן — טאַקע נאָר ווי אַ ייד קען — אַביסל אומעטיק, אַביסל שפּאַסיק — און האָט מיר געזאָגט:

— איר פאַרשטייט, מיסטער גרעבניק, אין אַמעריקע איז אַ ייד פאַר־נומען. גיין זוכן מעשים טובים האָט ער קיין צייט ניט. דעריבער, אַז ער איז זוכה, און עס קומט אים אונטער צו דער האַנט — איז ער צופרידן, און אַז אַ מענטש איז צופרידן, האָט ער ליב צו שמועסן. אָבער איצט, זייט מיר מוחל, אַז איר זיינט געקומען — וואָס האָב איך דערפון? גאָרניט מיט גאָרניט. טאָ זייט מיר געזונט.

אָט אַזוי האָט מיר געזאָגט דער ייד, און געהייסן האָט ער ר׳ ישראל יפה, און געטראָפן האָב איך אים טאַקע אָט־דאָ אין „אהבת אחים״. פאַר מיר איז דאָס דעמאָלט געווען דער גרויסער נס פון פורים. איז קיין בע־סער אָרט ניטאָ וואו צו קומען הערן די מגילה, נאָר דאָ אין „אהבת אַחים״.

אויגוסט 14, 1946

# מלכהלע עשמאַן

עס איז געווען אַ רוישיקע פאַמיליע־פאַרזאַמלונג פון די עשמאַנס. די משפּחה איז באַשטאַנען פון העכער פערציק נפשות. די פיר ברידער עשמאַן מיט זייערע ווייבער, זין און טעכטער, איידעמס און אייניקלעך, און די אַלטע מאַמע, מלכהלע עשמאַן, וואָס אַלע קינדער האָבן זי גערופן „מאַמעלע" — אין די אויגן, און אונטער די אויגן: „זי".

כאָטש מען האָט זיך געווענדט צו איר מיטן פאַרצויגענעם נאָמען „מאַ־מעלע", האָט מען מורא געהאַט פאַר איר. זי איז געווען די באַלעבאָסטע פון דעם געשעפט „עשמאַן ענד סאָנס", מעבל געשעפטן אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט.

מלכהלע עשמאַן האָט אַלע אירע זין, שניר און אייניקלעך גערופן מיט פאַרצויגענע נעמען — דודקע, ברוכל, סעמקעלע, דזשולקעלע, האָט יעדערן געלויכטן אַנטקעגן מיט צוויי קיילעכדיקע אויגן ווי שיינענדיקע קערשע־לעך, אָבער זי האָט די זין געצאָלט געהאַלט, ווי פרעמדע, און די באַלע־באָסטע אין געשעפט איז זי געווען.

די פאַמיליע־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען געוויינלעך ווינטער, דעם ערשטן טאָג חנוכּה. מען האָט דעמאָלט געמאַכט דעם יאָר־חשבון, מען האָט באַשטימט צדקה פאַר פאַרשידענע אַנשטאַלטן, וואָס די עשמאַנס האָבן גע־צאָלט יערלעך, און מען האָט געגעסן צוזאַמען וועטשערע.

דערנאָך האָט מען באַשטימט דעם פּרעזידענט פון „עשמאַן ענד סאָנס" געוויינלעך דעם עלטערן זון, דוד.

— דער קייסער האָט מער ליב די קרוין ווי דאָס מלכות — פלעגט מלכהלע לויכטן מיט די קאַרשנדיקע אייגעלעך צו די אַנדערע דריי זין (אַן אָנוואונק, אַז דוד האָט זייער ליב זיין טיטול — פּרעזידענט) און זי האָט גראַטולירט דעם „פּרעזידענט" פון „עשמאַן ענד סאָנס", וואָס זי האָט אים געצאָלט געהאַלט ווי אַ פרעמדן.

די פּראָגראַם פון די פאַמיליע־פאַרזאַמלונגען האָט זיך אַלע יאָר גע־ענדיקט מיט די מתּנות, וואָס מלכהלע האָט געגעבן די אייניקלעך, און, אויב צווישן זיי איז געווען אַ ייִנגל, וואָס דאַרף ווערן בר מצווה, האָט אים מלכהלע דערלאַנגט אַ זיידענעם טלית און צוגעוואונטשן:

— קיין פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס קענסטו ניט ווערן, זאָלסטו כאָטש זיין, מיט גאָטס הילף, אַ פּרעזידענט פון „עשמאַן ענד סאָנס".

פערצן יאָר נאָכאַנאַנד, זינט עס איז געשטאָרבן מלכהלעס מאַן אָשר עשמאַן, איז דוד געווען פּרעזידענט פון „עשמאַן ענד סאָנס".

מלכהלע אַליין האָט אים אָפּגעגעבן כּבוד דערפאַר. ער האָט אונטער־געשריבן אַלע טשעקס (אונטער דער סומע פון צוויי הונדערט דאָלער), ער האָט געחתמעט אַלע קאָנטראַקטן מיט די קונים. ער האָט זיך אויסגע־גלייכט מיט די בעלי־חובות.

די ברידער האָבן געמורמלט, אַז ער פירט די געשעפטן אויף אַן אַלט־מאָדישן שטייגער, און זיי זיינען געווען ניט צופרידן, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

די טיר ביי אים אין אָפיס האָט אַלע ווײַלע געקלונגען, מענטשן זיינען געקומען אים זען. אַז ער איז אַרויסגעפאָרן אויף עטלעכע טעג זיך אָפרוען, האָט דאָס אָפיס־מיידל געקליבן אַלע פּאַפּירן אויף זיין טיש אונטער אַ פּרעס — אַ מעשענע קאַץ.

זיין ווייב, בעסיע, אַ קיילעכדיקע ווי אַן עפּל, אַ רויטינקע ווי אַן עפּל, האָט געטראָגן אַ שטייפן קאָרסעט, וואָס האָט איר אונטערגעשפּאַרט קישעלעך אונטער די אָרעמס, נאָר וואָס האָט בשום אופן ניט געמאַכט קיין ענדערונג אין איר אויסזען: די קיילעכדיקייט איז דערפון ניט געמינערט געוואָרן.

זי האָט זיך אָפט אַריינגעכאַפּט צום מאַן אין אָפיס, אָנגעשפּאַרט איר קיילעכדיקע פולקייט ביי אים לעבן טיש און געזאָגט:

— וויפיל איז דער שיעור צו אַרבעטן פאַר די עשמאַנס? מען נעמט און מען פאָרט אַרויס אויף עטלעכע טעג.

צווישן זיך האָבן די שניר גערעדט וועגן דער שוויגער:

„זי איז נאָך מויער שטאַרק".

איינמאָל, ווען מלכהלע האָט געהערט ווי בעסיע און די ייִנגערע שנור שפּאַרן זיך, ווער פון זייערע מאַנען אַרבעט שווערער, און בעסיע האָט געזאָגט: „זיין אַ פּרעזידענט פון „עשמאַן ענד סאָנס" איז עפּעס אַ גרינגע אַרבעט? בלויז הערן ווי דאָס גלעקל קלינגט אַ גאַנצן טאָג ווערן די נערוון געשוואָלן".

מלכהלע האָט אַ לויכט געטאָן מיט די שיינענדיקע קערשעלעך.

— ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער סטאָלעריי אין אַ ציגן־שטאַל, טאַקע מיט די ציגן בשותפות, געהאַט דעם „אָפיס", מיר פון איין זייט ווענטל, און די ציגן פון דער צווייטער זייט — איז אָשר ע"ה קיין פּרעזידענט ניט געווען, זיינען טאַקע די נערוון ניט געווען געשוואָלן.

ביידע שניר, די פּרעזידענטקע און די ייִנגערע שנור, האָבן זיך גלייך אַרויסגעשאַרט פון צימער טאַקע ניט געסטאַיעט אין איין רגע.

מלכהלע האָט זיי נאָכגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ מורמל געטאָן: „די לייִדיס פון עשמאַן ענד סאָנס, אַ סך האָבן זיי צוגעטראָגן! די נערוון ווערן ביי זיי געשוואָלן!"

נאָר מלכהלע האָט פיינט געהאַט זיין ברוגז מיט די שניר. זי האָט זיי אומגעקערט פון צווייטן צימער:

„ווייבער", — האָט זי זיי אַ רוף געטאָן (זי האָט די שניר גערופן „ווייבער", ווען זי האָט געוואָלט מיט זיי אויסגלייכן אַ שטיקל ברוגז), „מיינט ניט, אַז איך פאַרגין ניט דער פירמע „עשמאַן ענד סאָנס" קיין עין הרע. וואָס אַמאָל געווען — איז אַמאָל, און איצט — איז גאָט צו דאַנקען. און די נערוון זיינען אַזוי ווי אַ זייגער. ווי מען שטעלט זיי אָן, אַזוי גייען זיי".

נאָך דער דרשה פון דער שוויגער האָבן די „ווייבער" ניט געוואוסט, צי זאָלן זיי אַוועקגיין, צי ניט. מלכהלע האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווען מען טרינקט איצט אַ גלעזל טיי, וואָלט עס געווען זייער גוט, זייער גוט. — אירע קאַרשנדיקע אייגעלעך האָבן געקוקט פריילעך און כיטרע, און ביידע שניר זיינען אַוועק מאַכן טיי, זיך קוים אַרויסגעכאַפּט.

דער אָוונט־ברויט, נאָך דער פאַמיליע־פאַרזאַמלונג, איז געווען אַ פריי־לעכער. דער יאָר־באַלאַנס איז געווען אַ גוטער. די יינגסטע שנור, דזשולקעלע, האָט געטראָגן צום טיש געפּילטע הינער, געבאַקטע און געבראָטענע, חנוכה־לאַטקעס געבאַקטע און געפּרעגלטע, פּאַרשידענע קוגעלעך און גרינסן.

נאָכן עסן, ווען מען האָט באַדאַרפט קלייבן דעם פּרעזידענט פאַר „עשמאַן ענד סאָנס" האָט מלכהלע געזען, אַז די יינגערע זין סודען זיך. וויליאַם און סעם זיינען אַריין אין אַ זייטיקן צימער. דערנאָך — ברוך און סעם, דערנאָך — וויליאַם און ברוך.

מלכהלע האָט אָן עפּן געטאָן די טיר און איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל:

— וואָס איז? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

וויליאַם האָט געצופּט אַ קנעפּל פון זיין וועסט און האָט זיך געקאָכט:

— פּערצן יאָר זיין פּרעזידענט איז גענוג! מען דאַרף האָבן „מאָדערן אַדווערטאַיזמענטס"! די געשעפטן ליידן! ער מיינט עס איז נאָך די ציגן־שטאַל!

מלכהלע האָט אַ שפּאַן געטאָן צו זיי. אירע אויגן, די שיינענדיקע קער־שעלעך, זיינען געוואָרן גרויסע, שוואַרצע, צאָרנדיקע.

— אָן שפיכת דמים! — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — איר הערט! אָן שפיכת דמים!

די זין זיינען שטיל געבליבן, וויליאַם האָט נאָך אַ מורמל געטאָן: — די געשעפטן ליידן... פּוירסט אָוו אָל, ביזנעס...

מלכהלע האָט אַ וואונק געטאָן צום זון: „וויליאַמקע, מאַלע וואָס מענטשן ריידן ערב עלעקשאָנס. דודל איז פּרעזידענט! און טאָמער וועגן די „מאָטערן אַדווערטאַיזמענטס" (מלכהלע האָט בשום אופן ניט געקענט אויסריידן „מאָ־דערן", נאָר געזאָגט עס פּשוט אויף יידיש . „מאָטערן") וועסטו דאָס טאָן, און מיט די קונים וועט זיך אַרומקריגן סעמקע! אָבער אָן שפיכת דמים — האָב איך געזאָגט! דודל איז פּרעזידענט, ער זהתמעט.

ווען זי האָט שפּעטער, ווי געווייגלעך, געגעבן „קאָנגראַטוליישאָנס" דודן, דעם פּרעזידענט, האָט ער איר שלאָבערדיק אַ דריק געטאָן די האַנט און גאָרניט געענטפערט.

עס האָט זיך קיין זאַך ניט געענדערט ביי דוד עשמאַן, דעם פּרעזידענט פון „עשמאַן ענד סאָנס", אין זיין אָפיס. עס איז געשטאַנען דער זעלבער סאָלידער טיש מיט דער מעשענער קאַץ. זיין אָפיס־מיידל הינטער אַ גלעזערנעם ווענטל האָט געשטעפּט אויף דער שרייב־מאַשינקע, נאָר דאָס גלעקל פון זיין טיר האָט

אויפגעהערט קלינגען, און דער טעלעפאָן איז געשטאַנען לעבן אים ווי אַ פאַרחלשטער, נאָר ווען־ניט־ווען אַ צאַפּל געטאָן.

אַ בענקשאַפט צום גלעקל פון דער טיר האָט זיך דערוועקט ביי דוד עשמאַן. ער האָט געלייענט די צייטונג און זיך צוגעהערט, געשריבן אַ בריוו און זיך צוגעהערט. ער האָט יעדעס מאָל געהערט, ווי עס קלאַפּט די טיר ביי וויליאַמען אין אָפיס. ער האָט עס געהערט, פונקט ווי דאָרטן זאָל שלאָגן זיין האַרץ, און דאָ איז עס טויט געוואָרן. „דער מלך פון די קאָרטן" — האָט ער געטראַכט וועגן זיך.

ער האָט געהאַלטן די צייטונג פאַר די אויגן, אַזוי אַז זי האָט אים פאַרשטעלט דאָס פּנים, פונקט ווי ער זאָל ניט וועלן זיך באַגעגענען מיט וועמען עס איז מיטן בליק. פון הינטער דער צייטונג האָט ער געזען, ווי זיין ברודער כאַפּט זיך אַריין דורך דער צווייטער טיר צום אָפיס־מיידל און זאָגט איר עטלעכע ווערטער, ווי מען רוימט איין אַ סוד. דאָס מיידל שאָקלט מיטן קאָפּ, אירע אָנדולירטע האָר שאָקלען זיך אויך צו אויף יאָ. זי איז איינגאַנצן איין שטיק יאָ־זאָגעניש, ווען וויליאַם קומט צו צו איר.

— וואָס פאַר אַ טריפהנע ביינער זיי זיינען, אָט די אָפיס־ליאַלקעס — האָט דוד עשמאַן געטראַכט און געקוקט אויפן מיידלס פּלייצע מיט דערווידער, ווי זי זאָל זיין זיינע אַ ביטערער שונא. ער איז אָפּט אַוועק פון זיין אָפיס אויף עטלעכע שעה.

אַהיים קומט דוד עשמאַן אַ מידער, ווי ער זאָל אָפּאַרבעטן אַ טאָג ביי אַ שמעלצאויוון. עד גיט אַ זאָג צום ווייב:

— עפן די פענצטער! דער רוח ווייס, וואָס פאַר אַ ריחות דאָ טראָגן זיך אַרום אין שטוב.

איינמאָל איז וויליאַם אַריין צו דודן אין אָפיס מיט אַ נייעם קונה שוין נאָכן שליסן מיט אים דעם קאָנטראַקט. ער האָט פאַרגעשטעלט פאַר אים דעם ברודער: — אונדזער פּרעזידענט, מיסטער דעיוויד עשמאַן. ער דאַרף חתמענען.

ביי דודן האָט אַ שפּרונג געטאָן דאָס האַרץ, וואָס די ברידער האָבן געשלאָסן אַ קאָנטראַקט אָן אים. „איר וועט ביי מיר טאַנצן," האָט ער אַ טראַכט געטאָן און האָט געזאָגט צום קונה:

— איך וועל דורכקוקן דעם קאָנטראַקט און מיר וועלן אייך אים אַרויסשיקן דורך פּאָסט.

וויליאַם האָט בלאַנק אַ קוק געטאָן דעם ברודער אין די אויגן און פאַר גרויס צעטראָגנקייט זיך פּשוט אויסגעריסן אַ קנעפּל פון זיין אייגענעם וועסטל. ער האָט דערזען, אַז ער האַלט אַ קנעפּל אין האַנט און האָט ניט געקענט פאַרשטיין פונוואַנען קומט צו אים אַ קנעפּל? אָבער דאָס איז געווען דער קנעפּל פון זיין אייגענער קאַמיזעלקע.

ווען דער קונה, אַ שטאַרק פאַרוואונדערטער, איז אַוועק, האָט דוד אַ ריטשע געטאָן, אַז ער האָט ניט דערקענט זיין אייגענע שטים:

— טראָג זיך אַרויס פון דאַנען, אויב דו ווילסט ניט איך זאָל דיר צע־

זעצן דעם קאָפּ! — און ער האָט אַ לייג געטאָן די האַנט אויף דער מעשענער קאַץ, וואָס איז געשטאַנען ביי אים אויפן טיש.

דאָס אָפּיס־מיידל אויף יענער זייט פון גלעזערנעם ווענטל איז פאַרשוואונדן ווי אַ שד זאָל זי אַוועקטראָגן.

אין טיר האָט זיך באַוויזן מלכהלע. מיט די קיילעכדיקע קאַרשן־אויגן האָט זי אַ קוק געטאָן פריער אויפן יינגערן זון דערנאָך אויפן עלטערן און ביידע זין האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף זייערע ערטער.

— מיינע יורשים — האָט זי געזאָגט — מען שלאָגט זיך שוין! דערווייל שפּילט איר נאָך אַלע אויף מיין פידל! סוחרים! „מאַטערן אַדווערטאַיזמענט״! פּרעזידענטן!

זי האָט נאָכאַמאָל מיט די קיילעכדיקע קאַרשן־אויגן אָפּגעמאָסטן די זין פריער דעם יינגערן און דערנאָך דעם עלטערן, און ביידע האָבן זיך אַ רוק געטאָן אויף די בענקלעך, ווי מען זאָל זיי אַ שאַר טאָן.

— ווען אָשר ע״ה און איך האָבן נאָך ניט געהאַט וואָס רעכט אָפּצועסן, האָבן מיר יעדן יאָר אַרויסגענומען אַלע אונדזערע קונים אין „טריאַטער״, אָן אייערע קריגערייען און אָן „מאַטערן אַדווערטאַיזמענט״. איך האָב געלאָזט אויסמאָלן אַ מלאכל איבער אַ קינדעריש וויגעלע און דאָס קאַרטל צעשיקט צו אַלע אונדזערע קונים! וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן מיטן מלאכל! וויפל וויגעלעך מען האָט באַשטעלט ביי אונדז! אָן „מאַטערן אַדווערטאַיזמענט״. איך האָב איינע אַליין אָפּגעבאַקט זיבן און צוואַנציק טאָרטן און דאָס אָפּגעשיקט שלח מנות צו אונדזערע שטענדיקע קויפער אָן „מאַטערן אַדווערטאַיזמענט״. מיינע שניר טוען דאָס ניט!

ווען זי האָט זיך דערמאָנט וועגן די טאָרטן האָבן זיך אירע קאַרשן־אויגן צעשמייכלט מיט לוסטיקייט און ליבשאַפט צו אַ וייטן אַמאָל. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די זין און האָט צוגעגעבן:

— חשק דאַרף מען האָבן, ניט קנאה! דערווייל זיינט איר נאָך קנאַפּע סוחרים — פּרעזידענטן! און „מאַטערן אַדווערטאַיזמענט״! און שטיל זאָל מיר דאָ זיין! איר הערט? ווילוול, דו הערסט?

וויליאַם האָט אַ קוק געטאָן אויפן קנעפּל וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין האַנט און האָט ברוגזלעך געענטפערט:

— איך הער... — ער האָט געוואַרט, אַז די מאַמע זאָל אויך זאָגן עפּעס צו דודן, נאָר זי האָט מער גאָרניט געזאָגט. זי האָט אַ ווילע געשוויגן און מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן פאַרדראָסיק באַטראַכט אירע זין.

מלכהלע האָט זיך אויפגעהויבן, איז מיט אַ בייסיקן געלעכטערל צוגע־גאַנגען צו דודס טיש און האָט צוגענומען די מעשענע קאַץ:

— עס וועט זיין רעכט ביי מיר אָן מעשענע קעץ — האָט זי געזאָגט און איז אַרויס פון צימער.

די ברידער זיינען געבליבן זיצן און ניט געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן.

— זי איז אַ גרויסע „אַדוועדטאַיזינג ליידי״, — האָט וויליאַם מיט אָנטצי־קונג אַ מורמל געטאָן, — אַן „אַדוועדטאַיזינג לעידי פוירסט קלעס״. — דוד האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט גענומען דעם קאָנטראַקט, האָט אים אויבנאויפיק אַ קוק געטאָן און האָט אים אונטער־געשריבן.

— שיק עס אָפּ דורך דער פּאָסט, — האָט ער געזאָגט, כמעט ווי אָפּ־געבנדיק אַ באַפעל. וויליאַם האָט גענומען דעם קאָנטראַקט און איז שווייגנדיק אַרויס פון צימער. עס איז געווען איינגעשטעלט אָרדענונג ביי „עשמאַן ענד סאָנס״.

יוני 18, 1948

# דער פאַרלאָרענער שבת

מיסיס הײַנעס כאַפּט זיך אַרײַן צו שרה שאַפּיראָ, איר שכנה, אַמווײניקסטן אַ צוויי מאָל אַ טאָג. זי טוט עס פֿון גוטסקייט. זי לערנט שרה שאַפּיראָ, וואָס איז סך־הכל צוויי יאָר אין לאַנד — זיך געשלעפּט דורך סיביר, דורך יאַפּאַן און דערפֿאָרן קיין ניו־יאָרק — לערנט זי מיסיס הײַנעס ווי אַזוי מען דאַרף אין אַמעריקע פֿירן אַווירטשאַפֿט און האָבן אין זינען די וויטאַמינען, די „וויי־טאַמינס". זי שטעקט אַרײַן אין טיר דעם קאָפּ מיטן רויטן שלײַפֿעלע, וואָס זי נעמט אים קיינמאָל ניט אַרויס פֿון די האָר, און אײדער וואָס איידער ווען — רעדט זי פֿון „וויטאַמינס". זי רעדט מיט חשק, מיט האַרץ, ווי זי וואָלט דערמיט איר שכנה, חנה שאַפּיראָ, דערהאַלטן בײַם לעבן.

דאָס רויטע שלײַפֿעלע אין די האָר בײַ דער מיסיס הײַנעס זעט אויס ווי לעבעדיק, ווי עס וואָלט אײַנגעשלונגען אַלע וויטאַמינען פֿאַר אַ מאָל און איז דערפֿון געוואָרן צונטער־פֿײַערדיק.

מיט מיסעס הײַנעס קומט אַרײַן איר זעקס־יאָריק מיידעלע, טערעזע־פֿיליפּינע. ווען די מאַמע איז פֿאַרנומען מיט דער טעאָריע פֿון די וויטאַמינען, דרייט זיך אַרום טערעזע־פֿיליפּינע אין קיך און פּרובירט אויס די קראַנען: צי גייט פֿון זיי וואַסער, ווען מען דרייט זיי אָפּ. מיסיס הײַנעס רופֿט אַלע ווײַלע דאָס קינד צו זיך.

— טערעזע פֿיליפּינע! **שלימזל איינער** — גיט זי צו ווען זי זעט, אַז דאָס קינד איז נאָס.

— צו וואָס רופֿן אַזאַ קליין קינד מיט אַזאַ לאַנגן נאָמען, מיסיס הײַנעס?

— וואָס קען מען טאָן? מײַן מאַמע האָט געהייסן טויבע פֿייגל, און אַ האַלבן נאָמען טאָר מען ניט געבן, מען זאָגט אַז דער מת איז דערפֿון זייער „דיזאַפּוינטעט".

שרה שאַפּיראָ רופֿט דאָס קינד מיטן יידישן נאָמען טויבע־פֿייגעלע, גיט איר עסן אַ טרוקענע פֿלוים און לערנט זי אויס אַ גראַם.

— טויבע פֿייגעלע אַ מויד ווי אַ בייגעלע.

די קליינע זאָגט נאָך דעם גראַם, גריזשעט די פֿלוים און לאַכט.

— טויבע פֿייגעלע, — רופֿט טערעזע־פֿיליפּינען דער זיידע. ער קומט צו זיי אַלע פֿרײַטיק צו נאַכט, און ברענגט איר אַ לאַליפּאַפּ, און טערעזע פֿיליפּינע פֿאַרשטייט, אַז דער זיידע און די שכנה מיסיס שאַפּיראָ האָבן ביידע אַ שייכות צו פֿרײַטיק צו נאַכט און צו איר יידישן נאָמען טויבע פֿייגעלע.

די קליינע כאַפּט זיך אַמאָל אַרײַן צו מיסיס שאַפּיראָ אַליין, אָן דער מאַמען. זי קלאַפּט אָן איר טיר, און נאָך איידער מען פֿרעגט ווער עס איז זאָגט זי איר יידישן נאָמען: טויבע פֿייגעלע. שרה שאַפּיראָ גיט איר אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און רעדט צו איר אויף יידיש, ווי דער זיידע:

— עס, טויבע פֿייגעלע! עס! אַ קלייניקייט, מען קאָרמעט עס שטענדיק מיט „וויטאַמינס".

טערעזע פֿיליפּינע זיצט אויף אַ שטול און עסט זאַבלעך, מיט גרויס

הנאה, אויך דאָס שטיקל ברויט מיט פּוטער וואָס זי עסט ביי מיסיס שאַפּיראָ האָט צו טאָן מיט איר יידישן נאָמען, מיטן זיידן און מיט פרייטיק־צו־נאַכט, ווען דער זיידע ברענגט איר אַ לאַליפּאָפּ. טערעזע פיליפּינע איז מקיים דאָס עסן געהאָרכזאַם און ערנסט מיט קינדערשער דערהויבנקייט.

ווען די מאַמע קוקט זיך אַרום, אַז דאָס קינד איז פאַרשוואונדן, רופט זי דורכן אָפענעם פענצטער איבער דער גאַנצער גאַס:

— טערעזע פיליפּינעלע! קאָם היר! וואו ביסטו, שלימזל?

טערעזע פיליפּינע דערהערט דאָס וואָרט „שלימזל", ווייסט זי, אַז די מאַמע איז אין כעס. מיט אַ ביטערע שמייכעלע לייגט זי אַוועק דאָס שטיקל ברויט מיט פּוטער אויפן טיש, זי ווערט אויס טויבע פייגעלע און הויבט גלייך אָן ריידן אויף ענגליש:

— אָם היר, מאַ... — און אירע קליינע טריטעלעך קלאַפּן שנעל איבערן שטיינערנעם קאָרידאָר.

מיסיס היינעס בעט זיך ביי שרה שאַפּיראָ מיט פריינטלעכן פאָרוואורף:

— פּליז, גיט ניט טערעזע פיליפּינען קיין ברויט מיט פּוטער, וואָס האָט זי דערפון? אַביסל „סטאַרטש", קראָכמאַל? דאָס קינד דאַרף פּראָטעאין.

אָבער טערעזע פיליפּינע ווייסט נישט וואָס זי דאַרף. ווען די מאַמע גייט אַרויס פון דער שכנהס הויז, כאַפּט זיך די קליינע אַריין, ווערט אין איין רגע צוריק טויבע פייגעלע און פאַרענדיקט עסן דאָס שטיקל ברויט מיט פּוטער וואָס זי האָט איבערגעלאָזן אויפן טיש. זי עסט מיט געהאָרכזאַמער ערנסט־קייט, ביזן לעצטן ברעקל, ווי מען פאַרענדיקט אַ דאַווענען.

פרייטיק צו נאַכט צינדט אָן טערעזע פיליפּינעס מאַמע פיר ליכט. זי טוט אָן סאַמעטענע סלעקס, שטעקט אַריין אַ רויט טיכעלע אין דער קעשענע פון דער ווייסער בלוזקע, דאָס רויטע שלייפעלע אין די האָר ווערט אַנטקעגן שיין פון די ליכט געלבלעך פלאַמיק. טערעזע פיליפּינע שטייט, קוקט אויף דער מאַמעס פינגער, ווען זי צינדט די ליכט. באַלד וועט קומען דער זיידע, וועט איר געבן אַ לאַליפּאָפּ, וועט זי רופן טויבע פייגעלע — און דאָס איז שבת.

אין איינעם אַ פרייטיק צו נאַכט, נאָכדעם ווי די מאַמע האָט אָנגעטאָן די סאַמעטענע סלעקס און אָנגעצונדן די ליכט, האָט זי געזאָגט טערעזע פילי־פּינען, אַז דער זיידע וועט ניט קומען. ער איז קראַנק און ליגט אין שפּיטאָל. טערעזע פיליפּינע איז אומעטיק געוואָרן: אָן דעם זיידן, אָן דעם זיידנס לאַליפּאָפּ און אָן דעם יידישן נאָמען טויבע פייגעלע, איז זי געבליבן מיט אַ האַלבן שבת. זי האָט זיך דערמאָנט וועגן דער שכנה, מיסיס שאַפּיראָ. זי איז אַוועק און אָנגעקלאַפּט צו איר אין טיר, געזוכט דעם צווייטן האַלבן שבת.

— טויבע פייגעלע, — האָט זי זיך געמאָלדן נאָך איידער מען האָט געפרעגט ווער עס קלאַפּט.

ביי דער מיסיס שאַפּיראָ זיינען קיין ליכט אויפן טיש ניט געווען. זי אַליין איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שטוביקן כאַלאַט און ניט אין קיין סאַמעטענע סלעקס: עס איז געווען ווי אַלע טאָג.

— אָ, טויבע פייגעלע! קום אַריין, טויבע פייגעלע!

טערעזע פיליפּינע איז געשטאַנען אינמיטן צימער און האָט זיך אַרומגעקוקט. זי איז פּאַמעלעך אַריין אין קיך, אַ קוק געטאָן אויפן טיש, זיך צוריק אומגעקערט און איז אַ צעקלעמטע אַוועק צו דער טיר.

— וואָס זוכסטו, טויבע פייגעלע? — האָט די שכנה אַ פרעג געטאָן און איז איר נאָכגעגאַנגען.

— נאָטהינג — האָט טערעזע פיליפּינע געענטפערט אויף ענגליש.

— טאָ וואָס ביסטו געקומען?

דאָס קינד האָט ניט געענטפערט, זיך פּאַמעלעך געדרוקט צום אַרויסגאַנג.

פון דער צווייטער דירה האָט אין דער זומערדיקער לופט געהילכט מיסיס היינעס שטימע:

— טערעזע פיליפּינע! ווער אַר יו? — און שוין מיט כעס איז צוגעפאַלן דאָס וואָרט „שלימזל”.

עס איז אַלץ געווען זייער וואָכעדיק.

דאָס מאָל איז טערעזע פיליפּינע ניט געלאָפן צו דער מאַמען. אירע קליינע טריטלעך האָבן פּאַמעלעך זיך געקלאַפּט אָן דעם שטיינערנעם דיל פון קאָרידאָר. זי איז אַראָפּ מיט אַ שטאָק נידעריקער, זיך געזעצט אויף אַ שטיינערנעם טרעפּל, און געוויינט.

ניו יאָרק, 1948

# ראָזעלע

אַ פּאָר מאָל אַ וואָך קומט אַריין ראָזעלע אויפראַמען די צוויי צימערן מיט אַ קיך ביי שמעון ווײַנסטאָק. אַזוי ווי די טיר ביי ווײַנסטאָקן איז ניט פאַרשלאָסן — ער וואוינט שוין אין דעם הויז אַ יאָר צוואַנציק, די שכנים זיינען ווי אייגענע משפחה — קלאַפּט ראָזעלע ניט אָן אין טיר, זי בלייבט פּשוט שטיין אויף דער שוועל. מיסטער ווײַנסטאָק, וואָס האָט נאָך עד היום ליב צו ריידן מיט רוסישע ווערטלעך, כאָטש ער איז שוין אַ יאָר פערציק אין אַמעריקע, זאָגט אויף ראָזעלען: „זי פּאַיאַוועט זיך". אויף דער שוועל בלייבט זי שטיין אַ ווײַלע, ווי זי זאָל זיך ישובן וואָס צו זאָגן, און לסוף זאָגט זי גאָרניט. זי לייגט אַוועק אויפן טיש אַ פּאָר זעמל, אַ שטיקל פּוטער אין אַ פּאַפּיר, קעז — און דעמאָלט קומט פאָר אַ קורצער שמועס צווישן איר און ווײַנסטאָקן:

— וויפיל האָט איר באַצאָלט, ראָזעלע?

ראָזעלע שמייכלט און זאָגט גאַנץ שטיל וויפיל זי האָט באַצאָלט. ווײַנ־סטאָק לייגט אַוועק אויפן טיש דאָס קליינגעלט, ראָזעלע נעמט עס צו, און דעמאָלט טראָגט זי אַוועק אין קיך אַלץ, וואָס זי האָט געבראַכט און לייגט עס אַוועק, וואו מען דאַרף אַוועקלייגן. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום, ווען ראָזעלע איז שוין אין קיך, זאָגט איר ווײַנסטאָק פון צווייטן צימער:

— אַ דאַנק, ראָזעלע.

קיין ענטפער קריגט ער ניט, ווייל ראָזעלע שאָקלט צו מיטן קאָפּ, כאָטש ווײַנסטאָק איז אין צווייטן צימער און זעט עס ניט. ראָזעלע באַוועגט זיך אַזוי שטיל, אַז קוים מען הערט, אַז אַ מענטש איז דאָ אין הויז, נאָר ווען עס גיט אַמאָל אַ קלונג אין קיך אַ גלאָז, אָדער עס רוישט דאָס לויפנדיקע וואַסער פון קראַן, גיט ביי מיסטער ווײַנסטאָקן אַ קלעם דאָס האַרץ:

— ניטאָ גאָלדע, — און ער איז דאַנקבאַר ראָזעלען, וואָס זי קומט אַריין און לעבט אויף דאָס הויז, זינט זיין ווייב, גאָלדע, איז געשטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק.

צו ראָזעלעס שטילקייט איז שמעון ווײַנסטאָק צוגעוואוינט. ווען ביי ראָזעלען איז געשטאָרבן דער מאַן, האָט זי ביי די ווײַנסטאָקס געדונגען אַ צימער און אָפּגעוואוינט אַכט יאָר. פאַר די אַכט יאָר האָט מען פון איר קיין הויך וואָרט ניט געהערט, — פאַרשווינדן צו דער אַרבעט און זיך „פּאַיאַוועט" נאָך דער אַרבעט. מען האָט זי גערופן ראָזעלע, כאָטש דער פאַרצוייגענער נאָמען פּאַסט זיך גאָר ניט צו איר. זי איז אַ נידעריקע, אַ קיילעכדיקע, מיט שטאַרק געדיכטע האָר, וואָס וויפל זי זאָל זיי ניט קעמען, שטייען זיי ווי אַ זיפּעלע אַרום קאָפּ. דאָס איז, אייגנטלעך, דאָס איינציק „אַגרעסיווע" אין דער גאַנצער ראָזעלע: די האָר אירע. מען קען זיי ניט איינלייגן, אַפילו ווען זי צוואָגט זיי אויס גיבן זיי זיך אויף שנעל אַ טריקן, און זיי שטייען שוין ווייטער ווי אַ זיפּ אויפן קאָפּ.

אַז ראָזעלע ענדיקט אויפראַמען די צימערן, בלייבט זי שטיין אויף דער

שוועל צווישן קיך און צווייטן צימער. שטייט און שווייגט. שווייגן איז פאַר ראָזעלען דאָס געוויינלעכסטע. וואָס איז דאָ צו ריידן? אַ מענטש אַרבעט אָפּ זיין טאָג — דערמיט איז אַלץ געזאָגט. העלפט אימעצן אַריבערטראָגן אַ שווערע צייט — דערמיט איז אַלץ געזאָגט. צו וואָס דאַרף מען רייד?

פאַרן אַוועקגיין גיט ראָזעלע אַ פרעג:

— אפשר דאַרפט איר עפּעס? וועל איך אַריינברענגען.

וויינסטאָק וויס — דאָס הייסט, אַז ראָזעלע קלייבט זיך אַוועקגיין. און עס איז אים אַ שאָד, פאָרט אַ מענטש אין שטוב, פילט מען ניט אַזוי שטאַרק די ליידיקייט נאָך גאָלדעס טויט.

צוויי מאָל אַ וואָך, דינסטיק אין אָוונט און שבת צו נאַכט, קומען צו וויינסטאָקן רובינשטיין און אַרעלע שפּילן אין קאָרטן. זיי ברענגען ביידע יידישע צייטונגען. אײדער מען זעצט זיך שפּילן אין קאָרטן קריגן זיך אַרעלע און רובינשטיין דורך צווישן זיך, פונקט ווי עס קריגן זיך דורך זייערע צייטונגען. עס דערגייט אַפילו אַמאָל אַזוי ווייט, אַז רובינשטיין זאָגט אַרעלען:

— דו ביסט אַ רעאַקציאָנער!

אַרעלע פאַרשוויגט אים ניט. נאָר אַרעלע האָט אַ באַזונדערן אופן פון קריגן זיך. ער זאָגט זיין קעגנער פּשוט:

— דו האָסט קיין שכל ניט, — און דערמיט זיינען געענדיקט אַלע ויכוחים.

אַזוי אַרום באַקומט זיך, אַז רובינשטיין רעדט כמעט די גאַנצע צייט. ווען גאָלדע האָט געלעבט האָט זי זיך צוגעהערט צו די קריגערייען ביז עס איז פאַרטיק געוואָרן אין קיך די קאַווע, דערנאָך האָט זי דערלאַנגט די קאַווע און זיך ווידער צוגעהערט צו די קריגערייען. זי האָט זייער הנאה געהאַט דערפון.

— קריגט זיך, קריגט זיך, — פלעגט זי זאָגן — איר וועט סיי ווי די וועלט ניט איבערמאַכן.

גאָלדע איז געשטאָרבן אַזוי פּלוצלינג, אַז אַרעלע איז אַפילו ניט געווען ביי איר לויה. קיין טעלעפאָן האָט ער ניט. אַ ייִנגל איז געקומען אָנזאָגן די בייזע בשורה, רופן צו דער לויה, איז אַרעלע גראָד אין הויז ניט געווען, און ער האָט פאַרשפּעטיקט טאָן דעם חסד של אמת צו אַ פרוי אַ פריינט, וואָס ער איז צוואַנציק יאָר ביי איר אין הויז געווען פּינקטלעך צוויי מאָל אַ וואָך: דינסטיק און שבת צו נאַכט.

איצט, אַז גאָלדע איז נישטאָ, האָט זיך אין די צוזאַמענקונפטן דינסטיק און שבת ווייניק וואָס געענדערט. אַרעלע מאַכט די קאַווע. ער געפינט שטענדיק דעם קאַווע־טעפּל אויסגערייניקט, די קאַווע שוין אַריינגעטאָן און צוגעדעקט מיט אַ טעלער. דאָס גרייט צו ראָזעלע.

אַרעלע קאָכט אין קיך די קאַווע, הערט זיך צו צו רובינשטיינען, ווי ער ברענגט אַרויס די טענות פון זיין צייטונג, ענטפערט אים פון צייט צו צייט אַ וואָרט, און ווען רובינשטיין ווערט גוט אין כעס און רופט אים אָן: „רעאַקציאָנער", און אַמאָל גיט ער נאָך צו: „דו ביסט אַ פינצטערער רעאַק־

ציאָנער", דעמאָלט לאָזט ראַזעלע איבער דאָס קאַווע־קאָכן, גייט אַריין אין צימער און זאָגט אָפּ אויף צוריק:

— דו האָסט קיין שכל ניט. אַ רעאַקציאָנער איז איינער, וואָס איז טאַקע אַ רעאַקציאָנער! אָבער איך? ווי־אַ־ס? ווי־אַ־ס אַ שטייגער?

ער שמייכלט מיט ביטול און גייט אַריין צוריק אין קיך.

דעמאָלט פילן אַלע זאַלבעדריט, אַז עס איז ניטאָ גאָלדע, און צוליב דעם דאַרף ראַזעלע שטיין אין קיך און קאָכן די קאַווע און קען אַפילו זייַן ציַיטונג ווי געהעריק ניט פאַרטיידיקן. איבערהויפּט פילט עס וויינסטאָק. ער דרייט זיך אַרום מיט אַזאַ עלענטקייט איבער דער שטוב, אַז כדי די עלנטקייט צו פאַרטרייבן גיט ער אַ פרעג אין מיטן דערינען:

— אפשר זאָל איך אַראָפּגיין ברענגען אַ שטיקל קעיק?

רובינשטיין גיט זיך דעמאָלט אַ כאַפּ:

— מיין ווייב האָט דאָך מיר מיטגעגעבן! גאָר פאַרגעסן! — און ער שלעפּט אַרויס פון קעשענע פון מאַנטל אַ זעקעלע קיכלעך, וואָס זיין ווייב שיקט־מיט אַלע שבת אין אָוונט זינט גאָלדע איז אַוועק. דערביי גיט רובינ־שטיין שטענדיק צו אַ וויץ:

— אַ שאָד, אַזעלכע גוטע קיכלעך, דער רעאַקציאָנער זאָל זיי עסן.

דעמאָלט לויפט ראַזעלע אַריין פון קיך און זאָגט אָפּ:

— דו ביסט טריף, אָבער דיין ווייבס קיכלעך זיינען כשר.

עס אַרט אים ניט אַ האָר, וואָס זיין ענטפער שטימט ניט צופיל מיט דער לאָגיק. ער האָט אָפּגעזאָגט זיינס, און איז צופרידן.

וויינסטאָק, וואָס אַרבעט שוין אַ יאָר פינף און צוואַנציק אין אַ מעבל פאַבריק צוזאַמען מיט רובינשטיינען און ראַזעלען, און געדענקט נאָך זיי ביידן, ווען זיי זיינען געווען יונגעלייט, און איצט אַלט געוואָרן ביי דער אַרבעט — נעמט זיך ווייניק וואָס איבער מיט זייערע קריגערייען. ער האָט אייביק געהאַט זיין טענה:

— איר קענט די וועלט ניט קירעווען. זי קירעוועט זיך אַליין, און אַזאַ פּנים האָט זי.

זינט גאָלדע איז געשטאָרבן זאָגט ער שוין אַפילו דאָס אויך ניט. ער הערט זיך צו, ווי זיי אַמפּערן זיך ביידע און איז צופרידן, וואָס כאָטש עפּעס אין זיין שטוב האָט זיך ניט געענדערט — אָט די קריגערייען אַלע דינסטיק און שבת צו נאַכט. ער דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב און פילט ווי אַלע ווינקעלעך זיינען ליידיק.

איינמאָל, זומער, ווען ראַזעלע האָט געענדיקט אויפראַמען די צוויי צי־מערן מיט דער קיך, איז וויינסטאָק אַראָפּ מיט איר צוזאַמען, און זיי זיינען אַוועק שפּאַצירן אין אַ פּאַרק.

— קומט, ראַזעלע, מיר וועלן זיך אַביסל איבערגיין — האָט וויינסטאָק געזאָגט, — עס איז הייס אין שטוב.

ראַזעלע איז געגאַנגען לעבן אים און האָט געשוויגן. זיי האָבן זיך אין פּאַרק צוגעזעצט אויף אַ באַנק. וויינסטאָק האָט געוואָלט זאָגן ראַזעלען, ווי

שטאַרק ער איז איר דאַנקבאַר, וואָס זי לאָזט זיין שטוב ניט פאַרחרובט ווערן, אָבער ער האָט זיך גראד דערמאָנט, ווי אַזוי ער האָט צום ערשטן מאָל באַ־געגנט זיין ווייב, גאָלדע. דאָס איז אַזוי קלאָר אויפגעשוואומען אין זיין זכרון, אַז ער האָט געדענקט יעדן פּרט, און ער האָט עס אָנגעהויבן דערציילן ראָזעלען.

— דאָס איז נאָך געווען דעמאָלט, ווען די וויליאַמסבורגער בריק איז נאָך ניט געווען און אויף קומען פון ברוקלין אין מאַנהעטן האָט מען באַדאַרפט פאָרן מיט דער גרענד סטריט פערי. שוין אַ היפּש ביסל צייט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אינגאַנצן זיבעצן יאָר. אַרויסגעפאָרן מיט דער פערי בין איך שבת נאָך הבדלה. די פערי האָט ניט געקענט רירן זיך פון אָרט. עס איז געווען אַ שניי, קריעס זיינען געווען אויפן וואַסער, האָט זיך די פערי געשלעפּט ביז פינף פאַרטאָג. אַז איך בין אַראָפּ פון דער פערי בין איך געווען אַזוי דערפראָרן, אַז איך האָב ניט געקענט רירן מיט אַ האַנט און מיט אַ פוס... קוים דערגאַנגען צו דער מומעס הויז. דאָרט האָב איך באַ־געגנט גאָלדען...

די פּרטים פון יענער נסיעה זיינען איצט געווען אַזוי טייער און אַזוי וויכטיק פאַר וויינסטאָקן, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן ראָזעלען. זי איז געזעסן און די געדיכטע האָר אויף איר קאָפּ האָבן זיך געפינצטערט ווי אַ פלעק אין דעם העלן זומערדיקן אויף דער נאַכט. וויינסטאָק האָט גערעדט, און די וויטקייט פון אַמאָל איז פאַרשוואונדן, עס איז געוואָרן ווי נעכטן, עס איז געוואָרן כמעט ווי היינט, ווי איצט.

וויינסטאָק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט דערזען, אַז ער זיצט אַליין אויף דער באַנק. ראָזעלע איז געגאַנגען מיט דער אַלעיע צום אַרויסגאַנג פון פאַרק. זייער פּאַמעלעך איז זי געגאַנגען. איר קאָפּ מיט די געדיכטע האָר, ווי אַ פלעק אין העלן זומערדיקן אויף דער נאַכט, איז געווען איינ־געבויגן. וויינסטאָק האָט זיך אַליין אָנגערופן: „אייזל״, און האָט זיך געלאָזט דעריאָגן ראָזעלען. ביים אַרויסגאַנג פון פאַרק האָט ער זיך אויסגעגליכן מיט איר און האָט דערזען, אַז זי וויינט. ער איז ניט צוגעגאַנגען צו איר, און האָט זיך אומגעקערט צו דער באַנק.

אַ וואָך־צוויי איז ראָזעלע ניט געקומען אויפראַמען די צוויי צימערן מיט דער קיך ביי וויינסטאָקן. ערשט דעמאָלט האָט ער דערפילט, אַז זיין שטוב איז אינגאַנצן חרוב. טאַקע לחלוטין חרוב. אויף דער דריטער וואָך איז ראָזעלע געבליבן שטיין אויף דער שוועל, זיך „פּאַיאָוועט״. זי האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש עטלעכע פרישע זעמל, אַ שטיקל פּוטער אין אַ פּאַפּירל, קעז, — און אָן ווערטער אַוועק אויפראַמען די קיך און צוגרייטן קאַווע אין קאַווע־טעפּל.

וויינסטאָק איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און עס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז ער האָט געפילט — עס איז ניט פּוסט אין די ווינקלען. אַ מענטש איז דאָ אין שטוב. אַן אייגענער מענטש, וואָס טוט זיין אַרבעט,

די שטילע ראָזעלע, וואָס האָט געוויינט אין פּאַרק, גייענדיק צום טויער פון אַרויסגאַנג.

דאָס מאָל האָט ער איר ניט געזאָגט, ווי געוויינלעך: „אַ דאַנק, ראָזעלע", נאָר ער איז אַריין צו איר אין קיך:

— איר וועט דאָ בלייבן, ראָזעלע, וואָס איז די פּעולה פון זיין אַליין?

מער האָט ער ניט באַוויזן צו זאָגן. עס איז געווען דער מזלדיקער טאָג — דינסטיק. עס זיינען אָנגעקומען רובינשטיין און אַרעלע. זיי האָבן זיך, וואַרשיינלעך, אויפן וועג שוין צעקריגט צוליב זייערע צייטונגען, ווייל רובינשטיין איז איבערגעטראָטן די שוועל מיט די ווערטער:

— דו ביסט אַ פינצטערער רעאַקציאָנער! ווי איך בין אַ ייד, אַ רעאַקציאָנער ביסטו!

די קאַווע האָט זיך געקאָכט. אַרעלע און רובינשטיין האָבן זיך געקריגט. וויינסטאָק איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און האָט געטראַכט, אַז זיין שטוב איז ניט חרוב. און ראָזעלע האָט זיך געזעצט ביים טיש, זיך איינגעהערט און מיט טיפער פרייד געשוויגן.

ניו יאָרק, 1947

# אין אַ ייִדישער שטוב

ביי די פלאַקסערס אין הויז, כאָטש עס איז געווען אַ פּשוטער מיטוואָך, האָט אויסגעזען ווי ערב פּסח. מיסיס פלאַקסער, אָנגעטאָן מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, אין אַ ברייטן פאַרטעך, האָט געווישט דעם שטויב פון די ווינקעלעך, געשייערט אַלע מעשענע שלעסער אויף די טירן, זיי זאָלן גלאַנצן ווי גאָלד. זי האָט גערייניקט די שויבן, די שטולן זיינען געשטאַנען מיט די פיסלעך אַרויף איבערגעקערט, און מיסיס פלאַקסער איז בודק געווען, צי זיינען זיי אַלע ריין — הכלל ערב פּסח.

מיסטער פלאַקסער איז געזעסן, געלייענט אַ צייטונג, ווי דער גאַנצער ענין זאָל אים ניט אָנגיין, נאָר ווען זיין ווייב האָט אָנגעהויבן אַרומווישן די ווענט מיט אַ פלעדערוויש, האָט ער, לייענענדיק די צייטונג, אַ זאָג געטאָן, גלאַט אין דער וועלט אַריין:

— מען דאַרף אָפּרופן אין אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר מען זאָל אַהער ברענגען אַ נייע טאַטע־מאַמע פאַר דיין טאָכטער. גלויב מיר, עטע, עס וועט ניט שאַטן.

מיסיס פלאַקסער איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטע. אין אַזעלכע פאַלן האָט זי שטענדיק געניצט איין אויסדרוק — „אַן אַנדערער אויף דיין אָרט״ — און דערמיט האָט זי טאַקע אָנגעהויבן:

— אַן אַנדערער אויף דיין אָרט וואָלט ניט געזעסן מיט אַ צייטונג אין האַנט און געלאַדעט די וועלט, צי טשוירטשיל איז גערעכט, צי וויצמאַן איז גערעכט. אַן אַנדערער אויף דיין אָרט וואָלט געזאָרגט, אַז די פאָרהאַנגען זאָלן הענגען גלייך — אָט גיב אַ קוק, איין זייט איז לענגער און איין זייט איז קירצער, און אַז מען וויל חתונה מאַכן אַ טאָכטער, דאַרף מען פאַרגעסן פון וויצמאַנען און פון טשוירטשילן און מען דאַרף...

זי האָט ניט געענדיקט, ווייל זי האָט ניט געוואוסט גענוי, וואָס מען „דאַרף״. זי האָט בלויז מיט מער אימפּעט געפּאָכעט מיטן פלעדערוויש איבער די ווענט און האָט געמורמלט:

— פּעני איז שוין אַלט אַכצן יאָר, מען וועט זיך ניט אַרומקוקן, וועט זי אַלט ווערן ביינצן, און אָט אַזוי ווי דו זיצסט און דו לייענסט אַ צייטונג, וועט זי אַלט ווערן צוואַנציק אויך. אַן עסק זיצן און לייענען וויצמאַנס דרשות! ער האָט שוין, מן הסתם, חתונה געמאַכט אַלע קינדער, מעג ער טאָן וואָס ער וויל, און טשוירטשלען בין איך אוודאי ניט מחויב צו באַזאָרגן. ער האָט אַ „גאָווערנמענט דזשאַב״, און זאָל ער אַליין זאָרגן וועגן זיינע זאַכן.

מיסטער פלאַקסער האָט אָפּגעלייגט די צייטונג אַן אַ זייט, און האָט קלאָר געמאַכט זיין ווייב, אַז טשוירטשלען האָט זי דאָ אינגאַנצן פאַרפלאָנטערט אומזיסט. זי האָט אויסגעמישט אים מיט בעווינען. בעווין האָט צו טאָן מיט וויצמאַנען און ניט טשוירטשיל. טשוירטשיל איז שוין אַן אָפּגעשפּילטע פידל, וואָס הענגט אויף דער וואַנט.

מיסיס פלאַקסער איז פון דעם מאַנס ענטפער אַזוי בייז געוואָרן, אַז

זי האָט אויפגעהערט פּאַכען מיטן פלעדערוויש איבער די ווענט, זי האָט אָנ־געהויבן ריידן צו אים מיט גוטן.

— שמעון, פעני קומט היינט מיט אַ בחור, וואָס עס איז כדאי אַ טראַכט טאָן וועגן אים. אַז אין שטוב וועט זיין שטיב, קען ער מיינען, אַז מיר זיינען, חלילה, אָרעמעלייט און דאָס טויג ניט. אַז אַ פאַרהאַנג הענגט קרום, איז עס נישט פּאַסנדיק, פאַרשטייסט? עס איז נישט פאַסנדיק. אָט נעם, שטעל זיך אויף אַ בענקל און גלייך אויס די פאָרהאַנגען. ער איז אַ בחור, וואָס ניט אַלע טאָג טרעפט זיך אַזאַ. אַרבעט אין אַ דראָגסטאָר. נישט קיין קלייניקייט. אַ באַדייטנגספולער, גרויסער מענטש, מיט אַ קאַלעדזש, אַ סטאַטנער באָי. דו ווילסט דאָך ניט, אַז דיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַבי־וועמען, נאָר טאַקע מיט אַזאַ, וועלכער ווייס וואָס אויף דער וועלט טוט זיך.

ריידנדיק האָט מיסיס פלאַקסער צוגערוקט אַ בענקל צום פענצטער, און מיסטער פלאַקסער האָט זיך געשטעלט אויפן בענקל אויסגלייכן די פאָרהאַנ־גען, און געזאָגט, פאַרענדיקנדיק זיין אַרבעט:

— נו, איצט מעג שוין אַהער קומען אפילו אַ פּרינץ, דער פּרינץ אָוו וועילס מעג שוין אַהער קומען, נישט נאָר אַ דראָגסטאָר־באָי.

מיסיס פלאַקסער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט זייער ניט ליב געהאַט, ווען איר מאַן דערמאָנט נעמען פון די צייטונגען, וואָס אירע אבות אבותינו האָבן עס ניט געהערט. אַז ער דערמאָנט אָט די נעמען, דער־פילט זי, אַז ער איז ניט קיין געטרייער טאַטע, אַז אים גייט נישט אָן פעני, וואָס איז שוין אַלט אַכצן יאָר, און אָט־אָט, מען וועט זיך ניט אַרומקוקן, ווערט זי ניינצן, און שפּעטער צוואַנציק.

וואָס עס וועט זיין נאָך די צוואַנציק האָט מיסיס פלאַקסער מורא געהאַט צו טראַכטן. פאַר שרעק, אַז פעני זאָל ניט אַריבערכאַפּן די צוואַנציק יאָר, האָט מען פאַר איר געקויפט אַ פוטערנעם מאַנטל פון דיניבקן קאַראַקול פאַר אַ סך הונדערטער דאָלאַרן. פעני קוקט אין אים אויס ווי אַ רייכע דאַמע, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַן אָרעמער געגנט. מען האָט איר געקויפט אַ הוט פון מאַטן סאַמעט מיט אַ פליגל — עס דאַכט זיך, אַז פעני דאַרף באַלד אַרויס אויף אַ גרויסער סצענע און הונדערטער מענטשן וועלן זיך צוקוקן און באַוואונדערן די שיינקייט פון איר הוט. מען האָט איר געקויפט אַ טאַש פון עכטער שלאַנגען־הויט, מען קען זאָגן, אַ העלפט פון די פלאַקסערס פאַר־מעגן גייט פעני אָנגעטאָן אויף זיך.

מיסיס פלאַקסער טענהט:

— אַז אַ מיידל איז שיין אָנגעטאָן, האָט זי אַן אַנדער אויסזען אויף דער וועלט.

מיסטער פלאַקסער ענטפערט זיין ווייב, געוויינלעך לייענענדיק אַ צייטונג:

— די וועלט דערשרעקט זיך ניט פאַר אַ פוטערנעם מאַנטל, יעטע, די וועלט האָט אַנדערע זאָרגן, ווי פעניס מאַנטל.

מיסיס פלאַקסער ווערט אַנגעצונדן:

— וועגן וועלכער וועלט רעדסטו?

— און וועגן וועלכער וועלט רעדסטו?

— איך האָב ניט דערמאָנט די וועלט. די וועלט וועט מיר ניט חתונה מאַכן פעניין! אַן אַנדערער אויף דיין אָרט...

און מיסיס פלאַקסער בלייבט שטיין, ווייל זי קען זיך אויף דער רגע ניט דערשלאָגן צום געדאַנק, וואָס אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געטאָן, און זי מורמלט צו זיך אַליין:

— פעני איז שוין אַלט אַכצן יאָר, מען וועט זיך ניט אַרומקוקן, וועט זי אַלט ווערן ביינצן...

ווען אַלע בענקלעך זיינען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט, דער פאָרהאַנג אויסגעגלייכט, מיסיס פלאַקסער האָט אויסגעטאָן דאָס טיכל פון קאָפּ און דאָס פאַרטעך, — איז אָנגעקומען פעני אין דעם קאַראַקולענעם מאַנטל מיט דער הוט מיטן סאַמעטענעם פליגל, מיטן טאַש פון שלאַנגען־פעל און מיטן יונגן מאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין דראָגסטאָר און וואָס עס איז כדאי אַ טראַכט טאָן וועגן אים.

מיסיס פלאַקסער האָט געקראָגן אַ פּנים פון אַ פרומען יידן, וואָס שטייט אויס שמונה עשרה. מיט אַ תפילהדיק פּנים האָט זי באַטראַכט די טאָכטער און דעם גאַסט. זי האָט אַ וואונק געטאָן צום מאַן, ער זאָל אַרויסגיין פון צימער, ער זאָל ניט שטערן פעניען, ניט זאָגן קיין איבעריק וואָרט.

מיסטער פלאַקסער איז געזעסן אין קיך און האָט געלייענט די צייטונג.

מיסיס פלאַקסער האָט געטראָגן אויף טעצעלעך, אויף בייע, נאָר־וואָס גע־קויפטע טעצעלעך, כיבוד פאַר דער טאָכטער מיטן יונגן מאַן פון דראָג־סטאָר: פרוכט און זיסוואַרג, און ניס, און כל מיני מטעמים. ווען די פּראָצעסיע פון די זיסקייטן האָט זיך פאַרענדיקט, האָט זיך מיסיס פלאַקסער באַמיט הערן, וואָס פעני רעדט מיט איר פריינד:

— לייג אַוועק די צייטונג, שמעון, לייג אַוועק די צייטונג, ווי קענסטו איצט לייענען? ער האָט איר געזאָגט „דאַרלינג!", אויב איך האָב קיין טעות ניט געמאַכט. דאַכט זיך, אַז איך האָב אַזוי געהערט — דאַרלינג. ווי קענסטו איצט לייענען אַ צייטונג? אויב עס האַלט אַזוי — קען דאָך טאַקע צו עפּעס קומען, — האָט מיסיס פלאַקסער גערעדט טרוימעריש מער צו זיך, ווי צום מאַן. — אויב עס האַלט שוין ביי „דאַרלינג", איז דאָך טאַקע גאַנץ גוט.

אַ וואַרעמע מילדקייט האָט זיך צעגאָסן איבער מיסיס פלאַקסערס פּנים, פּונקט ווי אָט איצט אין מיטן ווינטער איז מיטאַמאָל געוואָרן זומער, און אַ האָניקדיקע זיסקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דער וועלט. נאָר אינמיטן דעריבען האָט זיך מיסיס פלאַקסער אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ:

— פאַרגעסן! קיין סאָדע־וואַסער ניט צוגעגרייט! וואָס וועט זיין, אויב זיי וועלן פאַרלאַנגען אַ טרונק? וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַ הויז, וואו עס איז נישטאָ קיין פלעשל סאָדאַ? עס פּאַסט ניט, פּשוט, עס פּאַסט ניט.

— שמעון, טו מיר אַ טובה, און האָב רחמנות אויף דיין קינד: גיי

אַראָפּ און ברענג אַריין אַ פלעשל סאָדאַ. וועסט שפּעטער לייענען די צייטונג — און זי האָט מיט ביטול אַ נעם געטאָן די צייטונג, געוואָלט זי אַרויסנעמען פון מאַנס האַנט.

מיסטער פלאַקסער האָט זיך אַ צונד־געטאָן, און האָט זיין ווייב געענטפערט אַזוי ניט צו דער זאַך, אַז זי איז געבליבן שטיין נשתומם און האָט לכתחילה ניט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט:

— מיין גאַנצע משפּחה האָט מען אויסגעהרגעט, דו ווייסט דאָס, יעטע... און דיר גייט אין לעבן דאָס פלעשל סאָדאַ! עס וועט זיין רעכט טיי, עס וועט זיין רעכט קאַווע, עס וועט זיין רעכט מילך, עס וועט זיין רעכט וואַסער, עס וועט זיין רעכט...

מיסטער פלאַקסער האָט זיך מיט אַ בלייך־געוואָרענער נאָז צוריק אַוועק־געזעצט לייענען די צייטונג, מיסיס פלאַקסער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און איז געגאַנגען אַרויפברענגען אַ פלעשל סאָדאַ.

ביי דער טיר האָט זי זיך אומגעדרייט צום מאַן און האָט אים געזאָגט:

— שמעון, אויב פּעני וועט עפּעס דאַרפן, זאָלסטו איר דערלאַנגען. אַזעלכע געלעגנהייטן טרעפן זיך ניט אַלע טאָג.

אַפּריל, 1947

# אַ חתונה

די געסט און די קרובים, וואָס זיינען געקומען צו ווילי פישמאַנס חתונה, זיינען געווען אין פאַרלעגנהייט, ווען מען האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט די כלה, פּרענטיס. אין די ווינקלען פון ברייטן זאַל און לעבן די זיילן, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט די הויכע סטעליע, האָבן הייפלעך מענטשן זיך געסודעט, געשמועסט מער מיט די הענט און מיט די אויגן, ווי מיט רייד, און וואו ניט וואו האָט מען געקענט איבערכאַפּן אַ וואָרט:

— פאַרביטן די כלה! שוין געזען אַזוינס?

ווילים מאַמע, עטל, מיט שמייכלענדיקע אויגן און אין אַ טאַפּעטן קלייד, וואָס האָט געראַשט טאַקע ווי ביי אַ גליקלעכער מחותנתטע, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ טאַץ כּיבוד צווישן די געסט און האָט זיך געבעטן:

— נעמט עפּעס.

זי האָט אָנגעוויזן אויף פאַרשיידענע טאָרטן און קיכלעך און דערציילט פאַרבייגייענדיק:

— דאָס האָב איך אַליין געבאַקן... נעמט.

אין איר אומדרייען זיך מיט דער טאַץ אין האַנט און אויסלויבן איר געבעקס האָט זי אין פאַרנומענקייט אויסגעפילט די גאַנצע צייט און אויסגעמיטן אַריינצוגיין אין אַ לענגערן שמועס מיט עמעצן פון אירע פריינט, קרובים און באַקאַנטע.

עטלס עלטערע שוועסטער, וואָס אין דער משפּחה האָט מען זי גערופן מיט איר היימישן נאָמען שרה רבקה, איז געקומען צו דער חתונה פון אַ שטעטל פון ניו דזשוירזי וואו זי האָט געוואוינט. אויפן וועג איר מאַשין אָנגעהויבן כראָפּען און סאָפּען און זיך אָפּשטעלן. און שרה רבקה איז אָנגעקומען צו דער חתונה מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג, שוין נאָך דער חופּה.

ווען זי איז אַריין אין זאַל און האָט דערזען די כלה (כאָטש זי האָט מיט עטלעכע טעג פריער געקראָגן אַ בריוו פון עטלען אַז „ביי ווילין האָבן זיך אַ סך זאַכן געענדערט, און עס איז געשען אַ פאַרפאַל, און דאָס איבעריקע וועל איך דיר דערציילן ווען מיר וועלן זיך זען") האָט זי עטלעכע מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ ווי זי זאָל פּלוצלינג פאַרלירן די ראיה. זי איז געבליבן שטיין שטייף אויף אַן אָרט, ווי לוטס ווייב וואָס איז געוואָרן אַ שטיק זאַלץ. זי האָט דערזען איר שוועסטער, עטלען, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אָרעם, אַ ציי געטאָן צו זיך און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרייִדן, בלויז מיטן האַסטיקן אָטעם צוזאַמען האָט זי אויסגעהויכט:

— ע־ט־ל...

עטל האָט אַ קנייטש געטאָן מיט אַן אַקסל און מיט שטייפע ליפּן איר געענטפערט:

— דו זעסט דאָך... נו, שאַ...

עטל האָט דערביי ניט אויפגעהערט שמייכלען, ווי דער שמייכל זאָל ביי

איר זיין אַן אַרויפגעשמירטער אויפן פּנים צוזאַמען מיטן פּודער און מיט דער פאַרב אויף די באַקן און אויפן שטערן. עטל האָט דער שוועסטער צו־געפירט צו דער כלה און גייענדיק איר אַריינגערוימט אין אויער:

— שרה רבקה, צעקוש זיך מיט איר...

שרה רבקה, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ שטיינערן פּנים, ווי לוטס וויב, האָט אַרויפגעבראַכט אַ שמייכל אויף אירע צוויי פאַרעלטערטע גוידער־לעך און גאַנץ פּאַמעלעך זיך גערוקט צו דער כלה, ווי זי זאָל מורא האָבן זיך אַן עפּעס צו צעשטעכן. זי האָט זיך צעקושט מיט איר פּלימעניק, ווילין, אים אָפּגעגעבן מזל טוב, און ווען זי האָט דערזען זיין פּנים מיט אַן אָפּענעם פריידיקן שמייכל, האָט זי זיך צעוואַרעמט און זיך צעקושט מיט דער כלה צוויי מאָל און אַפילו מיט האַרציקייט.

די כלה, פּרענסיס, אַ יונגע, אַ הויכע, האָט געהאַלטן מיט איר דינער וואַרעמער האַנט מיט אַ סך בראַסלעטן שרה רבקהס פולע ברוינלעכע פינגער מיט זומערשפּרינקלעך. אַ היפּשע ווײַלע האָט זי געהאַלטן איר האַנט און שרה רבקה האָט זיך דערפילט ווי אַ מומע, אַן אמתע מומע. פונדעסטוועגן איז זי געווען ווי אין הינערפּלעט, האָט פאַרגעסן אַלע ווערטער וואָס מען דאַרף זאָגן דער כלה און האָט אָנגעהויבן זוכן אין זיידענעם טעשל איר באַזשיכל. די כלה, פּרענסיס, איז גראַד געווען אויפגערעגט ביי זיך און האָט ניט פאַרגעסן פרעגן ביי שרה רבקהן פאַרוואָס זי איז אַזוי שפּעט געקומען און איז ניט בייגעווען ביי דער חופּה.

— האָסט שוין געזען בערישן? — האָט עטל געפרעגט ביי דער שוועס־טער — און שרה רבקה איז מיט דערלייכטערונג אַוועק פון דער כלה און איז געגאַנגען זאָגן מזל־טוב דעם שוואָגער, עטלס מאַן.

בעריש, אַ ייד אַן אייזנקרעמער מיט פאַרהאָרעוועטע הענט און אַ טונקעלן פּנים, אַזוי ווי צוגעזשאַווערט פון שטענדיקן פאַרען זיך אַרום דעם אייזן, האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט צו דער שווערגערין אויפן אַקסל און האָט צו איר געזאָגט מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכעלע:

— נו, שרה רבקה, ווי געפעלט דיר די כלה? אַ וועלט מיט וועלטעלעך, האַ? — און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער איר דערלאַנגט אַ גלעזל וויין. — נו, לאָמיר טרינקען לחיים! — ער האָט גערעדט איינפאַך, סוחריש, האַרטלעך, ווי ער זאָל שטיין אויף דער שטיינערנער פּאַדלאָגע ביי זיך אין קראָם און ניט אין זאַל אויף אַ ווייכן פּלושענעם טעפּעך וואָס האָט זיך געוויגט און אונטערגעגעבן אונטער די פיס.

שרה רבקה האָט הויך אָפּגעצויגן דעם אָטעם און נאָכן אויסטרינקען דעם וויין אַ פרעג געטאָן ביים שוואָגער:

— און וואו איז סערע?

דאָס מויל איז ביי איר געבליבן אָפן און די גאַנצע פאַרוואונדערונג פון אַן אומפאַרשטענדלעכער געשעעניש איז ביי איר געלעגן אויף די ליפּן, וואָס האָבן אויסגעזען כמעט קינדיש.

בעריש האָט טיף אין האַלדז אַ לאַך געטאָן, האָט אויפגעהויבן די אַקסלען און האָט געזאָגט:

— וואו זאָל זי זיין? אין ניו יאָרק! פרעג ניט, שרה רבקה... אַמאָל פלעגט אַ מעסער זשאַווערן. איצט זשאַווערן ניט קיין מעסערס און דער מענטש איז אויך „סטעינלעס" — וואָס ער זאָל ניט אָפּטאָן, ער זשאַווערט ניט, ער פינקלט, עס אַרט אים גאָרניט.

בעריש איז אַוועק צו די קלעזמאָרים באַשטעלן ביי זיי אַ ניגון, און שרה רבקה איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, ווי זי זאָל וואַרטן אַז עמעצער זאָל איר ענטפערן אויף איר פראַגע וועגן טערעזן, וואָס זי האָט זי אַ סך מאָל געטראָפן ביי דער שוועסטער אין שטוב, האָט זי ליב געהאַט, געהאַלטן פאַר אַ פלימעניצע, און איר איינמאָל אַפילו געגעבן אַ מתנה אַ באָד־קאָסטיום.

די הויכע, דינינקע פרענסיס, די כלה, האָט געטראָגן אַ בלומען־קרענצעלע אויפן קאָפּ מיט אַ קורצער ווייסער וואָאַלקע ביזן האַלבן שטערן, בלויז אַ סימן פון אַ כלה־שלייער. אירע אויגן — גרויע, שטראַלנדיקע, געביפּטע — האָבן געשמייכלט מיט וואַרעמקייט צו די געסט. ניט ווייט פון איר זיינען געזעסן איר פאָטער, דער לאָיער דזשייקאָב שטיינהעקער, וואָס האָט געהאַט פונקט אַזעלכע אויגן ווי זיין טאָכטער, און מיסיס שטיינהעקער, דער כלהס מאַמע, מיט געפאַרבטע העל־בלאָנדע האָר.

פרענסיס איז צוגעגאַנגען צו עטלען — זי איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון דער שוויגער — זי האָט צוגעבויגן אירע שטראַלנדיקע אויגן נאָענט, כמעט סאָמע צו עטלס פנים, און האָט געזאָגט:

— מאַ, אַרבעט ניט אַזויפיל, וועסט מיד ווערן... זיי וועלן אַליין נעמען, אַז זיי וועלן וועלן. עס איז געווען כמעט ווי זי זאָל איר זאָגן: „פיל זיך ניט שולדיק אַנטקעגן זיי. עס איז אַ חתונה ווי אַלע חתונות".

עטל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט איר געענטפערט „ביסט גערעכט" און האָט ניט אויפגעהערט אַרומגיין מיט דער טאַץ, ווי זי זאָל דאַרפן זיך אָנהאַלטן אָן עפּעס. און די טאַץ מיטן כיבוד איז געווען איר אָנהאַלט.

ווילי איז ניט אָפּגעטראָטן פון דער כלה. ער האָט עטלעכע מאָל פאַרריכט דעם ווייסן שלייערל אויף איר שטערן, איר אַריינגעזאָגט עפּעס אין אויער, און פרענסיס האָט געשמייכלט מיט די שטראַלנדיקע אויגן און די סך בראַסלעטן אויף איר האַנט האָבן שטיל געקלימפּערט און געלאַכט.

בעריש האָט באַשטעלט ביי די קלעזמאָרים אַ פריילעכן ניגון, אַן אַלטן ניגון, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון זיין אייגענער חתונה. (דער פידלער האָט אים געזאָגט: „האַ! האַ! דאָס איז נאָך פון פאַר קאָלומבוסן!") די געסט האָבן זיך אַ צי געטאָן נאָכן ניגון און אַוועק אין קאַראַהאָד. ווען די געסט זיינען געשמאַק אַריין אין דער האָפּקע און פרענסיס מיט ווילין האָבן זיך געדרייט אינמיטן פון דער טאַנצנדיקער ראָד, יונגע, גרינגע און פריילעכע, האָט שרה רבקה אַרויסגענומען די טאַץ ביי דער שוועסטער פון האַנט און זיי זיינען אַריין אין דעם זייטיקן צימערל, וואו עס זיינען געשטאַנען אויף

אַ טיש נאָך נישט קיין געעפנטע פלעשער ווײַן און ביר און עס זײַנען געלעגן נאָך נישט קיין צעשניטענע טאָרטן.

שרה רבקה האָט היפּש געפינטלט מיט די אויגן און געפרעגט בײַ דער שוועסטער, האַלטנדיק זי פעסט בײַ בײדע הענט:

— עטל, וואָס איז דאָ געשען? אַ פאַרשרפּעטע ליבע? עס איז דאָך עפּעס אַ... אַ... אַזאַ זאַך... דאָס איז אַזאַ „ליובאָוו״?

עטל האָט אויסגעטאָן דעם שמייכל, ווי אײנער וואָס וואַרפט אַראָפּ אַ צו וואַרעמען מאַנטל אין אַ הייסן טאָג. זי האָט אַפילו אויסגעווישט די אויגן, וואָס זײַנען געווען מיד פון צופיל אָנזאַפּן זיך מיט פרעמדע נײַגעריקע בליקן, און זי האָט געזאָגט צו דער שוועסטער קוים רירנדיק מיט דער צונג:

— איך ווייס? ער זאָגט, ער איז פאַרליבט... איך קען אים אײנהאַלטן? ער איז אַ מענטש פאַר זיך... ער האָט שוין אַ שותפות אין דעם דראַג־סטאָר. גוט־גוט, ווען ניט — וואָס דאַרף מען אַ מאַמע? איך האָב זיך געבעטן בײַ אים ער זאָל אָפּלײגן די חתונה כאָטש אויף אַ האַלב יאָר, ניט מאַכן אין דער זעלבער וואָך, וואָס עס איז געווען אָפּגערעדט מיט סערען...

שרה רבקה האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט בײדע הענט פאַר די באַקן און האָט זיי אויף אַן אמת אַ קניפּ געטאָן. בײדע פאַרעלטערטע גוידערלעך האָבן בײַ איר געציטערט.

— נו, — האָט זי געפרעגט.

— נו! האָט ער ניט געוואָלט... איצט, זאָגט ער, האָט ער וואַקאַציע. עס איז זומער, מענטשן קרענקען ווייניקער. ער האָט צייט, זאָגט ער, פאָרן אויף אַ „האָני־מון״...

— אָט דאָס קומט אַרויס פון די „האָנימונס״ — האָט שרה רבקה גע־זאָגט און האָט אַ קרעכץ געטאָן — מען זאָל אָפּגעהיט ווערן פון אַזאַ בלוט־צאַפּעניש...

מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי זיך אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אָן טיש און האָט צעדריקט אַ טאָרט.

— זע וואָס דו טוסט? — האָט עטל האַסטיק אַ זאָג געטאָן צו דער שוועסטער און מיט צופרידנקייט וואָס זי האָט צוגעקראָגן אַ שטיקל אַרבעט האָט זי זיך געשטעלט אַרומשניידן דעם געשעדיקטן טאָרט און אָפּראַטעווען די שטיקלעך, וואָס זײַנען גאַנץ געבליבן, עס זאָל ניט זײַן קיין היזק. שנײַדנדיק דעם טאָרט האָט שוין עטל געהאַט דעם שמייכל, ווי פריער, ווי דעם גאַנצן אָוונט פון דער חתונה, און האָט דעם שמייכל אַרויסגעטראָגן צוזאַמען מיט די צעשניטענע שטיקלעך טאָרט צו די געסט.

סערע, ווילים פריערדיקע כלה, וואָס ער האָט זי פאַרלאָזן זעקס וואָכן פאַר דער חתונה, איז די לעצטע צוויי יאָר געווען בײַ זײַנע עלטערן אין שטוב ווי אַן אײגענע. פון איר פאָטערס אַנטיקן־געשעפט פלעגט זי אָפט ברענגען מתנות צו די פישמאַנס אין הויז. אַ בילד, אַ זילבערנע ציגאַרן־פושקע פאַרן צוקונפטיקן שווער, פאַר בערושן; אַ בראָשקע פאַר עטלען, אַ טאַץ, אַ פרײלעכע

מיט צעוואָרפענע לאָקן ביי די אויערן האָט זי זיך געלאַשטשעט צו בערושן, צו עטלען און אַפילו צו שׂרה רבקהן, ווען יענע פלעגט קומען צו גאַסט צו דער שוועסטער. סערע האָט ליב געהאַט אַלץ וואָס עס האָט געהאַט אַ שייכות מיט ווילין, — זיין טאַטן, זיין מאַמען, זיינע מומעס. ווילי האָט זי גע־רופן „מיין פלאַטערל" און אין איר גאַנג איז טאַקע געווען עפּעס פלאַטערדיקס. עס האָט זיך קיינער ניט געוואונדערט, אַז סערע פלעגט זיך אַריינכאַפּן אינמיטן דערינען און רופן ווילין, אַז ער זאָל זי באַגלייטן צו איר פּאַטערס לאָיער, אָדער ער זאָל פאָרן מיט איר קויפן אַ מתנה פאַר איר מאַמע צו „מאַטהערס דעי", אָדער פאַר איר פאָטער צו זיין געבורטסטאָג. ווילי איז שטענדיק געווען גרייט, ווען סערע האָט אים ערגעץ גערופן. „סערע בעט מיך", אָדער, „סערע וויל" — דאָס זיינען געווען געוויינלעכע ווערטער, וואָס מען פלעגט הערן פון ווילין אין שטוב.

און טאַקע ביי איר פאָטערס לאָיער אין אָפיס האָט זי, צוזאַמען מיט ווילין וואָס האָט זי באַגלייט אַהין, צום ערשטן מאָל געזען פּרענסיסן. דאָס ערשטע וואָס סערע האָט באַמערקט בײַ פּרענסיסן זיינען געווען פּרענסיסעס דינע הענט מיט אַ סך בראַסלעטן. פּרענסיסעס פּנים האָט זי ניט געזען. פּרענסיס איז געשטאַנען מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אָן פענצטער־ראַם און האָט געקוקט צו דער גאַס.

פּרענסיסעס פאָטער, דזשייקאָב שטיינהעקער, האָט אַ רוף געטאָן די טאָכטער:

— פּרענסיס, באַקען זיך מיט מיינע יונגע קליענטן.

— אָ! — האָט פּרענסיס זיך אָפּגערופן לוסטיק. זי האָט זיך אומגעדרייט צו זיי און זיי באַגריסט. זי האָט אויפגעהויבן די האַנט צום שטערן, ווי זי זאָל אָן עפּעס זיך דערמאָנען און האָט געזאָגט צו ווילין מיט אַ שמייכל פון איינעם וואָס פרעגט אַ רעטעניש:

— דאַכט זיך, אַז איר האָט ביי מיר אַמאָל צוגענומען אַ בלייפעדער און ניט געוואָלט אָפּגעבן.

פּרענסיסעס פאָטער האָט זיך אַ דריי געטאָן אויף זיין באַוועגלעכן שטול און מיט זיינע שטראַלנדיקע אויגן נייגעריק געקוקט אויף זיין טאָכטער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווילי און פּרענסיס האָבן אַמאָל געלערנט צוזאַמען אין פּאַבליק סקול. זיי האָבן זיך דערמאָנט וועגן די אַמאָליקע קינ־דערשע שפּילערייען און געלאַכט ווען פּרענסיס האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון זייערער אַ לערערקע: „זי פלעגט קומען אין קלאַס אין די שטעק־שיך. איר געדענקט?" — האָט פּרענסיס געזאָגט — „מיר האָבן אַלע מורא געהאַט פאַר איר".

סערע האָט געזען ווי ווילי איז געשטאַנען אָנגעבויגן מיטן גאַנצן גוף צו פּרענסיסן. ער האָט אַפילו אַ ריר געטאָן אירע בראַסלעטן. סערע האָט געקוקט אויף פּרענסיסעס פּנים, וואָס איז געווען לענגלעך, כמעט דאַר און טונקל אָפּגעברענט, ווי אָפּגעשמירט מיט אַ קופּער־פאַרב. סערע האָט דערפילט

אַ נאָגעניש, און האָט חרטה געהאַט וואָס זי האָט געבעטן ווילין ער זאָל זי באַגלייטן צום לאָיער.

ווען סערע און ווילי זיינען אַרויס פון דזשייקאָב שטיינהעקערס אָפיס האָבן זיי ביידע געשוויגן, ווי אַ פאַרפאָלק וואָס גייט אַרויס פון רבס שטוב נאָך אַ גט. סערע האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח און האָט געזאָגט צו ווילין:

— זי איז ניט קיין איבעריק שיינע, דיין אַמאָליקע שול־חברטע.

ווילי האָט אַ ריר געטאָן מיט אַ האַנט, ווי ער וואָלט אָפּגעשטופּט אירע ווערטער און האָט איר גאָרניט געענטפערט. ער האָט געקוקט גלייך פאָרויס און האָט געשמייכלט, און סערע האָט געפילט אַז דער שמייכל געהערט ניט צו איר.

עס איז געווען אַ צוויי וואָכן נאָכדעם ווי ווילי און סערע זיינען געווען אין אָפיס ביי דזשייקאָב שטיינהעקער, האָט עטל אַ פרעג געטאָן ביי איר זון:

— ווילי, פאַרוואָס זעט מען ניט סערען?

ווילי איז געשטאַנען, האָט אויסגעבונדן זיין קראַוואַט אַנטקעגן שפּיגל, און האָט געענטפערט דער מאַמען ניט קוקנדיק אויף איר:

— איך ווייס ניט...

— דו זעסט זי גאָרניט?

ווילי האָט ניט געענטפערט עטלען אויף איר פראַגע, ער האָט אַ זאָג געטאָן קאַלטלעך:

— אויב דו דאַרפסט זי, רוף זי אָפּ.

עטל האָט אים מער גאָרניט געפרעגט, נאָר זי האָט געהאַט אַ שווערן געפיל פון שולד אַנטקעגן סערען און פאַרדראָס אויף ווילין, וואָס האָט אַזוי רואיק געשלייפט זיין קראַוואַט און האָט איר אַפילו ניט געענטפערט אויף איר פראַגע.

צוויי מאָל איז סערע אַריין צו די פישמאַנס זען ווילין — זי האָט אים ניט געטראָפן.

— איך וועל וואַרטן אויף אים, — האָט זי געזאָגט צו עטלען, און האָט זיך אַוועקגעזעצט. האָט געבלעטערט אַ בוך, בלויז געבלעטערט, אַפילו ניט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי לייענט.

עטל איז צוגעגאַנגען צו איר, געשטאַנען אַ ווײַלע שטיל, ווי מען שטייט לעבן אַן אבל און מען ווייס ניט וואָס אָנצוהייבן אים זאָגן, דערנאָך האָט זי אַרויסגעמורמלט דאָס ערשטע וואָרט:

— סערע...

— סערע האָט פאַרמאַכט דאָס בוך און איז געבליבן זיצן אָן באַוועגונג. עטל האָט געזאָגט:

— סערע, איך ווייס גאָרניט וואָס מיט ווילין איז... איך ווייס גאָרניט... איך קען דיר גאָרניט זאָגן...

סערע האָט זיך אויפגעהויבן, איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער

און איז אַוועק. זי האָט געוואָלט פאַרמאַכן די טיר, נאָר עטל האָט די טיר צוגעהאַלטן, זי איז אַרויס נאָך סערען און איז מיט איר אַראָפּגעגאַנגען פון די צוויי שטאָק שטיגן. זיי האָבן קיין וואָרט איינע צו דער אַנדערער ניט אַרויסגערעדט, נאָר געגאַנגען איין טרעפּ נאָכן אַנדערן, איין טרעפּ נאָכן אַנדערן, ווי מען זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין אַ הייל. ביי דער טיר פון אַרויסגאַנג צו דער גאַס האָט עטל געזאָגט קוים אויפהויבנדיק די אויגן צו דער יונגער מיידל:

— דו ווייסט, סערע, ווי איך האָב דיך ליב, און בעריש, דו ווייסט...

סערע איז אַרויס אַזוי שטיל, אַפילו קיין גוטע נאַכט ניט געזאָגט, נאָר די ליפּן האָבן זיך ביי איר ווי אַ ריר געטאָן. עס איז געווען אַ פרילינג אויפדערנאַכט. ביי דער טיר פון דעם הויז איז געשטאַנען אַ גאַסן־קלעזמער און האָט געשפּילט אויף אַ פידל. ער איז געווען אַ קאַליקע מיט אַ הילצערנעם פוס. סערע איז צוגעגאַנגען צו אים, האָט אים געגעבן אַ מטבע און האָט זיך געטרייסט מיט נאָך אַן אומגליק ביי נאָך אַ מענטשן.

די חתונה־וועטשערע האָט דער עולם געגעסן מיט אַפּעטיט. די נייגעריקייט ביי די געסט איז שוין געשטילט געוואָרן מיט די סודות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט און אָנדערציילט וועגן ווילים נייער כלה און וועגן סערען. זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו פרעגנסיסן מיט איר קורצן חתונה־שלייער און דינער פיגור. אויסער דעם האָט מען שוין אַריינגעכאַפּט אַ היפּש ביסל לחיימס, און די שאַרפע געטראַנקען האָבן זיי געמאַכט ברייטהאַרציקער און פאַרגיביקער.

חתן־כלה זיינען גלייך נאָכן אָונטערוויט אַוועקגעפאָרן אויפן „האָנימון״. שרה רבקה האָט אַ פרעג געטאָן ביי איר שוועסטער:

— וואָס איז דאָ דער געאייל? דער „האָנימון״ וועט אַנטלויפן?

— עס איז אַזאַ מאָדע, זאָגן זיי... — האָט עטל געענטפערט אומגערן.

— נו, אפשר איז דאָס אַלץ אַ מאָדע, — האָט שרה רבקה געזאָגט, און ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז דער גאַנצער זאָל מיט דער חתונה, מיט אַלעמען וואָס עס קומט דאָ פאָר, געפינט זיך אויף אַ גוואַלדיק ברוינזנדיקן טייך, וואָס מען ווייס ניט, וואו מען וועט פון די כוואַליעס פאַרטראָגן ווערן.

שפּעט, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן ליכטיקן אויף פאַרטאָג, זיינען עטל און בעריש און שרה רבקה געקומען אַהיים. בעריש איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, אַראָפּגענומען אַ בילדל, וואָס סערע האָט געבראַכט פון איר טאַטנס אַנטיקן־געשעפט, האָט אַ ווילע געטראַכט וואו עס אַהינצוטאָן און דערנאָך אַוועקגעטראָגן אין דער שאַפע, וואו עס ליגן אַלטע זאַכן.

— זאָל עס ניט הענגען פאַר די אויגן — האָט ער געזאָגט — אַ האַרצווייטיק...

אויף דער וואַנט איז געבליבן אַ בלייכער פלעק מיט אַ שטויביקער טונקעלער רעמל אַרום, וואָס עטל האָט עס געפּרואווט אַראָפּוואַשן און האָט ניט געקענט. זיי האָבן אויף דעם אָרט אויפגעהאַנגען די פאָטאָגראַפיע פון ווילין און פרעגנסיסן אין זייערע חתונה־קליידער.

# הערשל אייזנגאָלד

דאָס איז געווען אַ משפּחה־אייגנשאַפט ביי אַלע אייזנגאָלדס: אַז זיי קריכן אַריין אין אַן אַרבעט איז מיט לייב און לעבן.

הערשל אייזנגאָלד, אַן אַרומפאָרנדיקער צירונג־פאַרקויפער ביי דער גרויסער פירמע „עקסעלענט", איז געווען פאַרטאָן אין זיין אַרבעט נאָך מער ווי מיט לייב און לעבן, מחמת מיט אים איז פאַרלאָפן אַ פּאַסירונג: ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ביי דער „עקסעלענט" האָט אים איינער פון די וויים־פּרעזידענטן פון דער פירמע געזאָגט — „מיסטער אייזנגאָלד, איר ווייסט ווי צו ריידן מיט אַ קונה". דערצו האָט דער וויים־פּרעזידענט צוגעלייגט אַ שמייכל און אַ וואונק מיטן לינקן אויג.

הערשל אייזנגאָלד האָט די פּאַסירונג ניט פאַרגעסן דאָס גאַנצע לעבן.

אין הויז ביי אים איז געווען, קאָן מען זאָגן, אַן אוניווערזיטעט. זיין ווייב, די צוויי טעכטער, די שכנים אַפילו — אַלע האָבן תמיד געהערט פון אים, אַז פאַרקויפן צירונג איז אַ באַזונדערע קענטעניש, וואָס אויב מען קאָן עס ניט — טויג ניט.

— יעדע פּרנסה, — האָט הערשל אייזנגאָלד גערעדט, — פאָדערט ניט נאָר פאַך־קענטעניש, נאָר אַ באַזונדערע שטימונג, אַ געמיט, וואָס מען טאָר פון אים קיינמאָל ניט „אַרויספאַלן". דאָס פאַרקויפן צירונג פאַרלאַנגט אַן איידעלן שמועס און גראָד וועגן העכסט פריילעכע זאַכן, וועגן חתונות, בריתן, בר־מצוות. אַזאַ שמועס ברענגט געוויינלעך אַרויף אויפן זינען די מתנות, וואָס מען דאַרף קויפן צו די אַלע געלעגנהייטן — זייגערלעך, שפּילקעס, פינגערלעך, אויערינגלעך. איר פאַרשטייט? אָט־אָט־אָט, דאָס איז די זאַך! דער עיקר איז, מען טאָר ניט דערלאָזן, בשום אופן ניט, דער שמועס זאָל זיך אַראָפּרוקן אויף אומעטיקע זאַכן... מען טאָר ניט דערמאָנען קיין מלחמות, קיין שחיטות, קיין אַנטיסעמיטיזם, קיין האָלד־אַפּס און גנבֿעכעס, ווייל וואָס איז צירונג? צירונג איז פרייד, צירונג איז גוטער געמיט, און דאָס פאַרקויפן אַ שטיקל צירונג קאָן זיך צעקריכן, ווי אַ גרינגער וואָלקענדל. אָט איז ער דאָ, און אָט פאַרשווינדט ער. אַזוי איז מיט צירונג — אָט דאַרף מען דאָס און אָט קאָן מען זיך באַגיין אָן דעם.

די געוואוינהייט צו האַלטן די קונים שטענדיק אויף אַן איידעלען שמועס וועגן העכסט פריילעכע פּאַסירונגען, האָט הערשל אייזנגאָלד אַריבערגעטראָגן אויך צו זיך אין שטוב. נאָר דאָ האָט ער גערעדט צו די צוהערער פון זיין אוניווערזיטעט. ער דערציילט זיי וועגן זיינע „געשעפטן", ער איז אויפגעהייטערט, פּונקט ווי ער זאָל זען דעם קונה נאָכאַמאָל פאַר די אויגן.

— אָט צום ביישפּיל, האָב איך היינט פאַרקויפט אַ פּאָר אויערינגלעך דער אַלמנה. אַן אשה אָנגעשטאָפּט מיט דאָלאַרן, מיט הייזער, און טאַקע מיט לייב אויך. ווי נעמט מען איין אַזאַ פעסטונג? אַז ריידן רעדט זי פּאַמעלעך, גיין גייט זי פּאַמעלעך, הערן הערט זי פּאַמעלעך, און אינמיטן דעריבער גיט זי אַ ריר מיט אַ ליפּ, וויל עפּעס זאָגן און בלייבט שטיל — ניט יע,

ניט ביין. ווי בעמט מען איין אַזאַ פעסטונג? אָבער מען בעמט זי איין. אָט דאָס איז די זאַך!

דאָ קומט געוויינלעך אונטער די מעשה מיטן ווייס־פּרעזידענט, וואָס האָט אים מיט פּופצן יאָר צוריק געזאָגט, אַז ער ווייס, ווי צוריידן מיט אַ קונה.

די שכנים, ווען זיי דערהערן די מעשה מיטן ווייס־פּרעזידענט, געפינען זיי אַ פּאַסיקן תירוץ, שמייכלען אַ ווײַלע, רירן זיך הינטערווײַלעכץ צו דער טיר און גייען אַוועק.

די טעכטער, אויסגעהערט אַ שטיקל לעקציע פון דעם טאַטנס צירונג־אוניווערזיטעט, כאַפּן זיי אַרויף די גרינגע שאַלעכלעך אויף די קעפּ און לויפן אַוועק אין גאַס, וואו מען לערנט ניט קיין פּרנסה־קענטעניש, נאָר עס רוישט אַ וועלט, טומלט, קלאַפּט, זינגט און יאָגט.

ווען הערשל אייזנגאָלד בלייבט אַליין מיטן ווייב, דערציילט ער איר די באַזונדערע פאַלן, וואָס עס טרעפן זיך אין זיין פאַך.

— אָט מאַכט זיך גאָר אַמאָל, דו קומסט אַריין אין אַ הויז, וואו עס זיינען קיין קינדער ניטאָ. אַ משפּחה אָן קינדער הייסט — אָן באַדערפעניש, אָן שמחות, אָן מתנות — אַ נאַקעטע שטוב. וואָס טוט מען אין אַזאַ פאַל? ווי קאָן מען פון אַזעלכע מענטשן מאַכן קונים?

אָט די אַקאַדעמישע פראַגע שטעלט הערשל אייזנגאָלד פאַר זיין ווייב און קוקט זי אָן מיט אַזאַ געהיימניספולן בליק, ווי ביי אים אין האַנט זאָל ער האַלטן אַ כישוף־רינגעלע, וואָס קיינער אויסער אים קאָן עס קיין ריר ניט טאָן.

— ווי טוט מען אין אַזאַ פאַל? אדרבא?

זיין ווייב, אסתר, ענטפערט ניט, ווייל איר מאַן בויטיקט זיך לחלוטין ניט אין איר ענטפער. פאַר אים איז גענוג אין זיין פּרנסה־אוניווערזיטעט איין שטומער צוהערער. עס שטערט אים ניט, אויב דער צוהערער דרימלט, אָדער געגעצט. הערשל אייזנגאָלד זעט פאַר זיך דעם קונה, וואָס ער דאַרף אים פאַרקויפן זיין סחורה, און מיט אויסערגעוויינלעכער קלוגשאַפט שמועסט ער מיט אים, פירט אָן „אײדעלן געשפּרעך".

— אַ מענטש דאַרף האָבן פריינט. ווי זאָגן אונדזערע חכמים — חבר טוב. אַ גוטער פריינט איז דאָס טייערסטע, וואָס אַ מענטש קאָן זיך דערוואַרבן. און אַ פריינט דאַרף מען קאָנען היטן. היטן ווי אָן אויג אין קאָפּ. מען דאַרף פאַרצייכענען זיין געבורטסטאָג און טאַקע אים געבן אַ מתנה אויך. מען דאַרף וויסן ווען עס איז זיין זילבערנע אָדער גאָלדענע חתונה, מען דאַרף ניט פאַרגעסן, ווען זיין זון אָדער אייניקל ווערט בר־מצוה. מיט אַ קליינער מתנה, וואָס קאָסט סך־הכל אַ פּאָר דאָלער, קויפט איר זיך אַ פריינט אויפן גאַנצן לעבן. יע! מען דאַרף קאָנען אָנהאַלטן אַן אײדעלען שמועס, און זיי קויפן! אָט דאָס איז די זאַך!

זיין ווייב, מיט מידע אויגן, הערט זיך צו. עס דאַכט זיך איר, אַז זי הערט עס שוין פון לאַנג, פון לאַנג, נאָך פון קינדערוייז אָן, ווי מען פאַרקויפט זייגערלעך, שפּילקעס, אויערינגלעך, פינגערלעך...

אַמאָל פּרואווט זי איבעררייסן דעם מאַן:

— אונדזער איירין, נאָך קיין פּופּצן יאָר ניט אַלט, גייט שוין אַרום מיט בחורים. — וואָס זאָגסטו וועגן דעם?

הערשל אייזנגאָלד הויבט אָן מיט אַ פינגער רייניקן די ווינקלען פון זיינע אויגן, ביידע ווינקלען פון רעכטן אויג, דערנאָך ביידע ווינקלען פון לינקן אויג... דערנאָך זוכט ער גוואַלדיק נאָך אַ באַשעפטיקונג, געפינט די אויערן, האָרעוועט איבער זיי מיט צוויי פינגער און גיט אַ זאָג צום ווייב:

— אַזוי? זי גייט, האַ? זי גייט?

הערשל אייזנגאָלד רייניקט אויס גרינטלעך די אויערן, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, שמייכלט און זאָגט צום ווייב:

— אסתר, עס איז טשיקאַווע צו הערן, ווי איך האָב הייגט אָן אַלמן פאַרקויפט אַ רינג, פּשוט אַן אַלמן. ער האָט אַפילו אין זינען ניט געהאַט צו קויפן. אמת, ער טראַכט וועגן אַ שידוך. דער עיקר, זאָג איך דיר, איז טאַקע, אַז מען האַלט אַן אײדעלן געשפּרעך. אַזאַ אַלמן, פּשוט אַן אַלמן, דאַרף מען זאָגן, אַז צופיל צייט אויף אַרומטראַכטן האָט ער ניט. אַז עס קומט אונטער אַ פּאַסיקע פּערזאָן, ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, אין אַ פּאַסיקער צייט — איז גוט, אַז מען האָט אַ רינגעלע גלייך אויפן אָרט... און ער האָט געקויפט!

— דו פאַרשטייסט? אָט דאָס איז די זאַך!

אסתר זיצט אויפן שטול, וויגט זיך פאַמעלעך, ווי אַ ווינט זאָל זי הוידען. פון צייט צו צייט פירט זי דורך מיט אַ האַנט איבערן האַלדז, בלייבט אַ ווײלע רואיק, דערנאָך שאָקלט זי זיך ווידער אַוועק און גיט אַ פרעג ביים מאַן:

— און ווי לעבן מענטשן, וואָס פאַרקויפן אינגאַנצן ניט קיין צירונג?

הערשל אייזנגאָלד ענטפערט איר שמייכלענדיק:

— אָט דאָס איז דאָך טאַקע די זאַך; מען דאַרף קענען ריידן מיט אַ קונה...

זי גיט אַ ריר דעם האַלדז מיט אַ האַנט און שווייגט.

איינמאָל האָט דער פּרעזידענט פון דער פירמע „עקסעלענט" פאַרביי־גייענדיק אַרויפגעלייגט אַ האַנט ביי הערשל אייזנגאָלד אויפן אַקסל און האָט אים געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט הערשל אייזנגאָלד געשמועסט מיטן פּרעזידענט אין זיין אויפנאַם־צימער אַרום אַ שעה צייט, און פאַרענדיקט דעם שמועס האָט דער פּרעזידענט:

— הייסט עס, דרייסיק פּראָצענט פון דיינע פאַרדינסטן, ווען נאָר דו נוצט די פירמע „עקסעלענט".

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז הערשל אייזענגאָלד געקומען אַהיים מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ געביידע. אינדערהויך אויפן דאַך, איז געווען אַן אויפ־שריפט: „אייזנגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד".

נאָכדעם איז דער פּרנסה־אוניווערזיטעט ביי אייזנגאָלדן אין שטוב געוואָרן אַ גרויסער אינסטיטוט מיט פאַרשיידענע אָפּטיילונגען. אין הויז האָבן אָנ־געהויבן אַריינקומען די אָנגעשטעלטע פון דער פירמע „אייזנגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד". דאָס זיינען אַלץ געווען מענטשן מיט פּינקטלעך געפּרעסטע

הויזן, מיט פּינקטלעך אויסגעבוגדענע שניפּסן, מיט פּינקטלעך אויסגעפּוצטע שיך און מיט פּינקטלעכע שמועסן וועגן פאַרשיידענע סאָרטן צירונג, און דער עיקר, וועגן הערשל אייזנגאָלדן און זיין באַזונדערן מעטאָד פון פּאַרקויפן.

איצט איז געקומען די צייט, ווען הערשל אייזנגאָלד האָט ווייניק גערעדט וועגן זיך. גערעדט האָבן זיינע אָנגעשטעלטע, דערציילט וועגן די באַזונדערע פאַלן, ווי אַזוי אייזנגאָלדס מעטאָד „אַרבעט".

פון צייט צו צייט האָט הערשל אייזנגאָלד אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט דאָרט, וואו דער דערציילער האָט אויסגעמיטן אַ וויכטיקן פונקט. דערלאַנגט כּיבוד פאַר די אָנגעשטעלטע האָט סולאַמיט, אַ יונגע מולאַטקע, וואָס האָט געוואוסט געגנוי פון וועלכער זייט מען טראָגט צו אַ טעלער, וואו מען שטעלט אים אַוועק, וויפיל ווערטער און וועלכע מען דאַרף זאָגן צו די געסט און צום באַלעבאָס, ווען מען דאַרף זאָגן „סער" און ווען „מיסטער" מיט זיין צווייטן נאָמען.

אסתר איז געזעסן שטענדיק אויף דעם זעלבן אָרט ביים טיש, האָט זיך געוויגט אויף איר בענקל, ווי אַ ווינט זאָל זי אָנרירן און האָט געשוויגן. איצט האָבן זיך שוין אַרום איר געהויבן בערג מיט צירונגוואַרג, מיט פאַרשיידענע נעמען. די מעשׂות וועגן איר מאַנס מעטאָדן האָבן זיך געטאָפּלט און געכפּלט דורך פאַרשיידענע מיילער, איבערגעשאָטן מיט דינער חניפה, מיט שיטערן געלעכטער. הקיצור, אַן איידעלער שמועס וועגן העכסט פריילעכע זאַכן, צו וועלכע עס איז צוגעקומען בלויז איין נייער אויסדרוק: „אייזענגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד".

די טעכטער זיינען זיך צעפאָרן אין קאָלעדזשעס אין פרעמדע שטעט און פון דאָרטן געשיקט פּינקטלעך די „מאָטהערס־דעי" און די „פאָטהערס־דעי" מתּנות.

עס פלעגט טרעפן, אַז אין אייזנגאָלדס שטוב האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ שמועס פון אַן אַנדער וועלט. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען עס איז אַריינגעקומען אַ ייד נאָך אַ ביישטייערונג פאַר אַ שפּיטאָל, אַ שול, אַ מושב זקנים, פאַר אַ יתומים־הויז, פאַר די צרות אין איראָפּע, אָדער פאַר דעם אויפבוי אין ארץ־ישׂראל.

אסתר האָט דעמאָלט אַליין דערלאַנגט טיי מיט זיסוואַרג. זיך צוגעהערט און זיך נאָכגעפרעגט. ווי אַ לונגען־קראַנקער, וואָס מען עפנט פאַר אים אַ פענצטער אין אַ גאָרטן אַריין, האָט זי איינגעאָטעמט טיף און קרענקלעך־פאַרגעניגנדיק די בייזע אומגעריכט געבראַכטע רייד.

הערשל אייזנגאָלד האָט געווישט די ווינקלען פון די אויגן. פריער ביידע ווינקלען פון דעם רעכטן אויג, דערנאָך ביידע ווינקלען פון דעם לינקן אויג, דערנאָך זוכט ער גוואַלדיק אַ באַשעפטיקונג און געפינט די אויערן. ער האָרעוועט איבער זיי פלייסיק מיט צוויי פינגער און גיט אַ זאָג צום יידן:

— זיי עסן טאַקע אין מושב זקנים ? האַ ? זיי עסן?

אָדער :

— מען בויט טאַקע ארץ ישׂראל ? האַ ? מען בויט ?

אָדער:

— מען דאַוונט טאַקע אין שול ? האַ ? מען דאַוונט ?

דער ייד איז צופרידן וואָס הערשל אייזנגאָלד, און דאָס הייסט די פירמע „אייזענגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד", האָט צוגעלייגט אַן אויער צו זיין ענין, צוליב דעם וואָס ער איז געקומען.

ביי הערשל אייזנגאָלד גלאַנצן די אויגן. ווי אַ קאַץ, וואָס זוכט אויס דעם מאָמענט, ווען דער פויגל אויפן בוים דרימלט, זוכט ער אַן אויסרייד צוליב פאַרקירעווען דעם שמועס אויף זיינע צירונג־געשעפטן. ער דערציילט מיט אויפגעלויכטענער צופרידנקייט וועגן זיינע קליענטן, און דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון פאַרשיידענע צירונג־קויפער, און דעם אידעלן שמועס, וואָס מען דאַרף פירן מיט יעדן איינציקן פון זיי... ער דערציילט וועגן רייכע און אָרעמע קויפער, גליקלעכע עלטערן, קינדערלאָזע, נישט דאָ געדאַכט, אלמנות, גרושות, אויספּיינבער און סאָלידע קונים.

דער ייד הערט זיך איין און שמייכלט אין פאַרלעגנהייט. אסתר וויגט זיך אויפן שטול... דער ייד ציט פאַרזיכטיק די לייצעס צו זיין ענין, אָבער אומזיסט. הערשל אייזנגאָלד זעט פאַר זיך אַן עקשן, אַ פעסטונג, וואָס מען דאַרף איינגעמען. נאָך אַ פּאָר שעה פון אידעלן שמועס לאָזט הערשל אייזנגאָלד אַרויס דעם מאָגערן יידל מיט אַ מאָגערן טשעקל און מיט אַן עצה:

— דער עיקר איז קענען האַלטן אַ שמועס! אָט דאָס איז די זאַך!

דער ייד כאַפּט זיך אַרויס אויף דער גאַס מיט אַ געפיל פון פאַר־דראָס. ער גיט שפּעטער אָפּ אַ באַריכט אין זיין אָרגאַניזאַציע:

— אַז איר זאָלט מיך אַפילו אויסשליסן פון דער מיטגלידערשאַפט, גיי איך מער ניט צו דעם אייזנגאָלד. אַ האַרץ־פעלער קען מען פון אים קריגן.

הערשל אייזנגאָלד האָט אָנגעהויבן ברענגען אין שטוב ציי‍טונגען מיט גרויסע אַנאָנסן פון דער פירמע „אייזנגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד". אסתר גיט אַ גליטש דורך מיט די אויגן איבער די גרויסע בוכשטאַבן פון דעם אַנאָנס, גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און שווייגט. ביי הערשל אייזנגאָלד שמייכלען די אויגן, צו יעדן אות באַזונדער שמייכלען זיי. ער פאַרגלייכט די אַנאָנסן פון פאַרשיידענע ציי‍טונגען, לייענט זיי אַלע דורך פּאַמעלעך מיט גרויס הנאה און דערנאָך קוקט ער אויף זיי סתם אין דער וועלט אַריין אַ היפּשע ווייל, פאַרמאַכט איין שמייכלענדיק אויג און דאָס צווייטע הייבט אָן נאָך פריי־לעכער צו שמייכלען.

צו איינעם פון די אַנאָנסן האָט ער צוגעשריבן מיט אַ בלייפעדער:

„ניט אַלץ, וואָס עס גלאַנצט איז גאָלד, אייזענגאָלד איז דאָס בעסטע גאָלד!"

— אָט דאָס איז דאָס! דאָס דאַרף זיין דער שלאָג־וואָרט פון „אייזנגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד"! האַ? וואָס זאָגסטו? האַ?

זיין ווייב קוקט אויף אים מיט מידע אויגן און שאָקלט מיטן קאָפּ. ער קוקט ניט אויפן ווייב און רעדט מיט באַגייסטערונג:

— אָט דאָס איז דאָס! האַ? וואָס זאָגסטו? האַ?

צום ערשטן מאָל האָט זיך הערשל אײזנגאָלד צוגעזעצט אויף אַ שטול און געוואָלט הערן, וואָס זײַן ווײַב רעדט. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען סולאַמיט האָט אים געזאָגט, אַז „מיסיס אײזנגאָלד" ליגט אין בעט מיט דער קאַלדרע איבערן קאָפּ און ענטפֿערט איר ניט, צי זי וויל טרינקען קאַווע אין בעט, צי זי וועט קומען אין עס־צימער.

אסתּר איז געלעגן אויפֿגעדרייט, די קאָלדרע ווי אַ זאַק אַרומגעוויקלט אַרום די פֿיס און ביז איבערן קאָפּ. די אײנציקע ווערטער, וואָס ער האָט פֿון איר געהערט נאָך אַ שעה אויספֿרעגן און ריידן צו איר, זײַנען געווען:

— איך וויל ניט אויפֿשטיין.

אסתּר איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, נישט אַ ריר געטאָן זיך ווען מען האָט פֿאַרנאַכט אָנגעצונדן דאָס ליכט, ניט צוגערירט זיך צום עסן, וואָס סולאַמיט האָט צוגעטראָגן — פּינקטלעך געגרייט אויף אַ טאַץ — צו פֿרישטיק, מיטאָג און אָוונט־ברויט. דאָס עסן איז געשטאַנען אויף אַ גלעזערנעם טישעלע לעבן בעט, ביז עס איז קאַלט געוואָרן, און סולאַמיט האָט עס מיט פּינקטלעכקייט געטראָגן צוריק.

דער דאָקטאָר, וואָס האָט צוליב די צו גרויסע ברילן אויסגעזען ווי אַ פֿאַרשטעלטער, האָט געקנײטשט מיט די אַקסלען, ווען הערשל אײזנגאָלד האָט צו אים אין אַ צווייטן צימער גערעדט:

— איך שטוב פֿעלט ניט פֿון קיין פֿויגל־מילך. די קינדער זײַנען געראָטענע. קיין שום סיבה ניטאָ פֿאַר אַזאַ קרענק.

דער דאָקטאָר האָט געגלאָנצט מיט די ברילן און האָט ריין־וויסנשאַפֿטלעך פֿעסטגעשטעלט:

— אַלע סימפּטאָמען פֿון מעלאַנכאָליע.

צום ווײַב אין דער פּריוואַטער קליניק פֿאַר נערוון־קראַנקע איז הערשל אײזנגאָלד געפֿאָרן צוויי מאָל אַ וואָך פּינקטלעך. ער האָט מיט זיך שטענדיק געהאַט אַ גרויסן פּעקל צײַטונגען, מיט די אַנאָנסן פֿון דער פֿירמע „אײזנגאָלד עקסעלענט אַפּיליעיטעד". אויפֿן וועג צום שפּיטאָל, זיצנדיק אין דער מאַשין, האָט ער געקוקט אויף די אַנאָנסן, געשמייכלט צו יעדן אות באַזונדער און געמאַכט אויף זיי באַמערקונגען מיט אַ בלײַפֿעדער.

דער דאָקטאָר מיט די צו־גרויסע ברילן אויפֿן פּנים האָט אים שטענדיק באַגעגנט מיט די זעלבע ווערטער:

— אײַער פֿרוי בעסערט זיך, זי בעסערט זיך באַדײַטנד.

און אויך באַגלייט האָט אים דער דאָקטאָר שטענדיק מיט די זעלבע רייד:

— געדולד, מיסטער אײזנגאָלד. עס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס, מיסטער אײזנגאָלד.

הערשל אײזנגאָלד האָט געקוקט אויפֿן דאָקטאָר, האָט געשמייכלט און מיט הנאה פֿעסטגעשטעלט בײַ זיך:

— ער קען ריידן מיט אַ קונה. ער קען באַשײַנפֿערלעך.

ניו יאָרק, 1947

# דער גט

שוין זיבן יאָר, זוי נחום ראָמניק, אָדער ווי מען רופט אים אין שאָפּ, מיטן פּאַרקירצטן נאָמען ראָמי, קויפט יעדן טאָג אַ יידישע צייטונג און לייענט דאָרט די מעשות וועגן אַנטלאָפענע ווייבער און גטן. דאָס האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן זינט זיין ווייב, פּערל, האָט זיך געגט מיט אים, און ער קען עד היום ניט פאַרשטיין וויאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען. זיין ווייב איז געווען אַ שטילע, ניט צופיל פאַרלאַנגט פון אים, אַ געטרייע, ניט קיין אַרומלויפערקע, ניט קיין אויסברענגערקע, מען קען זאָגן, מען האָט זי אין שטוב כמעט ניט געפילט. נאָך יעדן עסן פלעגט זי פרעגן דעם מאַן:

— נחום, דו ביסט זאַט?

— אַז מען עסט איז מען זאַט.

נאָכן עסן איז נחום געגאַנגען אין גאַס טרינקען אַ גלאָז סעלצער־וואַסער, יעדעס מאָל אַ רוף געטאָן זיין ווייב:

— פּערל, דו גייסט? — און ניט וואַרטנדיק אויף איר ענטפער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— שוין! ער איז שוין נישטאָ — האָט פּערל אים נאָכגעזאָגט און מיט געטרייער שטילקייט געריבן די דעקן פון די טעפּלעך און געוואַשן די ראַנדלעך פון אויוון.

אין שטוב ביי די ראָמניקס איז שטענדיק געווען שטיל, אפשר די שטילסטע שטוב אין שטאָט, און ריין ווי ערב פסח.

בקיצור, זי איז געווען אַ גוט ווייב, דער איינציקער חסרון איר'ער איז געווען, וואָס איינמאָל אַ וואָך איז זי געגאַנגען צו דער שוועסטער, און איז שטענדיק געקומען פון דאָרטן אַן אַנדער מענטש, אַרומגעגאַנגען ברוגז, ווי מען וואָלט איר אַ כישוף אָפּגעטאָן. טאַקע קאָכן, טאַקע אויפראַמען, אָבער אַלץ אָן אַ וואָרט — ברוגז און גאָר.

די שוועסטער אירע, וואָס האָט געהאַט אַ קרעמל אויף באַקן און פאַר־קויפן קנישעס, האָט געהאַט אַ טבע איר זאָגן:

— וואָס וועסטו דאָרט זיצן ביי אים, פּערל? קום צו מיר, וועסט מיר העלפן פאַרקויפן קנישעס, איך וועל דיר געבן צען דאָלער אַ וואָך און דו וועסט זיין אַ „קווין".

די שוועסטער איז געווען אַ פריילעכע און פלעגט דערביי צוזינגען: „זי איז דעם חסידל וואויל געפעלן, ער האָט איר געבראַכט אַ קרענצל קרעלן".

ראָמי איז גאָר קיין ביין ניט אויסן געווען, און איינמאָל, ווען זיין ווייב איז געקומען פון דער שוועסטער אַ ברוגזע האָט ער צו איר געזאָגט:

— אַז דו קומסט פון דער שוועסטער ביסטו ברוגז אויף מיר. ממה־נפשך, איז דיר ליבער ביי דער שוועסטער, טאָ בלייב דאָרטן.

פּערל האָט גאָרניט געענטפערט, פונקט ווי זי זאָל ניט הערן וואָס מען רעדט צו איר. זי האָט זיך צוגעלייגט אויפן בעט, צוגעמאַכט די אויגן, און ראָמי האָט געמיינט: צוגעלייגט זיך שלאָפן — שלאָפט זי. ער האָט געהאַט

פאַרדראָס פאַר די פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט זיך אַרויסגערעדט. אָבער ביי אַ מענטשן מעג זיך דאָך אַמאָל פאַרטשעפּען די צונג. און ווייל אים איז געווען פאַרדראָסיק און ער האָט געוואָלט פאַר עמעצן אָראָפּריידן דעם פאַר־דראָס, האָט ער אַראָפּגעטראָגן אַ בענקל פון זיין ערשטן שטאָק אינדרויסן און האָט זיך אַוועקגעזעצט שמועסן מיטן באַלעבאָס פון הויז, וואָס איז אַליין געווען אויך דער אויפזעער. ער האָט געקענט אַלע שכנים, האָט געוואוסט וואָס יעדערן קומט אָפּ און וואָס זיינע זאָרגן זיינען.

— מיין ווייב, האָט ראָמי אָנגעהויבן, קומט פון איר שוועסטער תמיד אַ ברוגזע.

דער באַלעבאָס, שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ וועסטל אָן אַרבל, ווי דאָס וואָלט געווען זיין אוניפאָרם, האָט געדרייכערט די לולקע און געפרעגט אינגאַנצן אָן בייגעריקייט:

— וואָס־אי־דען ?

ראָמי האָט דערציילט וואָס אויפן האַרצן איז אים געלעגן:

— אָט איז זי היינט געקומען, האָב איך זיך אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער, אפשר ניט באַדאַרפט זיי זאָגן.

דער באַלעבאָס האָט איבערגעלייגט אַ פוס איבער אַ פוס און איבערגע־פּו'עגט סתם, כדי עפּעס צו זאָגן:

— וואָס־אי־דען ?

אויף מאָרגן האָט ראָמיס ווייב איינגעפּאַקט די פּאָר קליידלעך וואָס זי האָט געהאַט, קיין סך האָט זי ניט געהאַט, מיטגענומען אַ ביסל וועש, קיין סך האָט זי ניט געהאַט און איז אַוועק צו דער שוועסטער. אָן אָרנטלעכע איז זי געווען, פאַרן אַוועקגיין האָט זי אַלץ איינגעלייגט אויף אָן אָרט, צוגערוימט, אַפילו פאַרריכט וואָס מען האָט באַדאַרפט, אַוועק און ניט געוואָלט קומען צוריק. ראָמי איז עטלעכע מאָל געגאַנגען זי רופן. זי איז געווען שטיל, קיין טענות ניט געהאַט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געזאָגט:

— אָט, עס איז ניט כדאי.

דערנאָך איז געווען דער גט. ראָמי האָט זיך ניט אַרומגעזען ווי ער איז געבליבן אָן אַ ווייב.

דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו לייענען די מעשות וועגן די גטן, נאָך אַלע זיינען זיי געווען אַנדערע, ווי דאָס וואָס עס איז געשען ביי אים.

— אומעטום, אַז מען גט זיך איז דאָ אַ פאַרוואָס, עס איז דאָ וואָס אָנצונעמען. אָבער דאָ... גלאַט, אַוועק צו דער שוועסטער.

די ציי‌טונגען האָט ראָמי ניט געלייענט אינדערהיים. נאָכדעם ווי זיין ווייב איז אַוועק האָט ער ניט ליב געהאַט צופיל זיין אין שטוב, ער גייט אַריין אין „לאָנטשרום״ — טאָקע אויף דער זעלבער גאַס — דאָרטן עפּעס עסן און לייענען וועגן די גטן. דער לאָנטשרום פאַרמאַכט זיך אַזייגער ניין אין אָוונט. ראָמי גייט אַוועק פון דאָרטן צוזאַמען מיטן באַלעבאָס. וואַרט אַפילו ביז יענער פאַרמאַכט די טיר אויפן שלאָס, און ראָמי גיט אַמאָל אַ פּרוּוו די טיר, זען צי זי איז גוט פאַרמאַכט.

זיבן יאָר ווי ער זיצט יעדן אָונט ביים זעלביקן טישל אין לאַנטשרום. מען האָט זיך צו אים צוגעוואוינט, צו אים, צו זיין צייטונג, און צו די מעשות וועגן די גטן וואָס ער דערציילט איבער, אויב דער באַלעבאָס, אָדער די באַלע־באָסטע, האָבן צייט אים אויסצוהערן.

עס טרעפט אַמאָל אַז ראָמי געפינט אין צייטונג אַ באַזונדערס טשעקאַוון גט. ער דערציילט איבער וועגן דעם מיט אימפּעט און פריילעכקייט, ווי אַ ספּעציאַליסט, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן אין זיין געביט אויף אַן אויסטער־לישן פאַל.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך איז אַ גט! אַ ווייב איז אַוועק מיט אַן אַנדערן און האָט נאָך דעם מאַן אירן פאַרן אַנטלויפן באַגנבעט! אָט דאָס פאַרשטיי איך! עס איז דאָ וואָס אָנצונעמען! אָבער גלאַט אַזוי!...

מער זאָגט שוין ניט ראָמי. דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע פון לאַנטשרום שאָקלען שוין צו מיטן קאָפּ, דאָס הייסט — לכתחילה מסכים. זיי גיבן אַ קוק אויפן זייגער, ווייל ווען ראָמי ענדיקט לייענען זיינע צײ־טונגען איז שוין צייט צו פאַרשליסן.

גייענדיק מיט דער צייטונג אין האַנט צו זיך אין שטוב, שטעלט זיך נאָך ראָמי אָפּ אַ שמועס טאָן מיטן באַלעבאָס. דער באַלעבאָס אין דעם וועסטל אָן אַרבל, ווי דאָס וואָלט געווען זיין אוניפאָרם, רויכערט די ליולקע, לייגט איבער אַ פוס איבער אַ פוס, און פרעגט איבער גלאַט אַזוי, אָן קיין שום נייגעריקייט:

— אַ גט? וואָס־אי־דען?

ראָמי דערציילט אים וועגן דעם גט אין דער צייטונג. וואָרט ביי וואָרט דערציילט ער עס, כמעט אויף אויסווייניק. ער פאַרענדיקט שיר ניט מיט קנאה:

— אָט דאָס פאַרשטיי איך! פאַראַן וואָס אָנצונעמען...

דער באַלעבאָס שאָקלט מיטן קאָפּ.

ראָמי גייט אַריין צו זיך אין שטוב. ער שניידט אויס פון צייטונג די מעשה מיטן גט, לייגט אַריין אין אַ קעסטעלע, וואו ער זאַמלט אַלע אויסשניטן וועגן די גטן און רעדט צו זיך מיט בקיאות פון אַ ספּעציאַליסט, וואָס קען זיין געביט, דאַכט זיך, גרינטלעך, נאָר איין פאַל איז אים אומפאַרשטענדלעך:

— אָבער אַזאַ געשיכטע, ווי ביי מיר, דאָס איז נאָך אַלץ ניטאָ.

# פריינטשאַפט

פון די דריי קינדער, וואָס שלמה יאַלאָוויץ האָט געהאַט, איז אין שטוב קיינער ניט געבליבן. אַלע דריי — שׂרה, בען און בוירנע — זיינען אַוועק פון שטוב מיטן ערשטן אייגן־פאַרדינטן דאָלער, וואָס זיי האָבן דערזען ביי זיך אויף דער האַנט, אַוועק ווי פון אַ קרעטשמע. די בעסערע זאַכן צוגענומען, די ערגערע געלאָזן צעוואַלגערט איבערן דיל, אַפילו ניט צונויפגעשאַרט אין אַ ווינקל. די טאָכטער, שׂרה, האָט זיך געדונגען אַ צימער נאָענט צום אָפּיס, וואו זי האָט געאַרבעט, און שפּעטער האָבן זיך טאַטע־מאַמע דערוואוסט, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן איטאַליענער, דעם בוכהאַלטער פון דעם זעלביקן אָפּיס. דער טאַטע האָט די טאָכטער מער ניט געוואָלט זען. די מאַמע, טריינע יאַלאָוויץ, איז איינמאָל געווען ביי דער טאָכטער צוגאַסט, אויף זומער־וואוינונג, לעבן ים. זי האָט געזען, ווי די טאָכטער גייט אַרום מיט גלאַנציקע קעמעלעך אין די האָר, ווי אַן איטאַליענישע שיקסע און קאָכט גריבסן מיט סמעטענע, און דאָס עסן האָט קיין יידיש טעם ניט געהאַט. דער איידעם האָט געהאַט קורצע געשאָרענע וואָנצעלעך, און זיין שוויגער גערופן „מיסיס יאַלאָוויץ". אַהיים איז די טאָכטער קיינמאָל ניט געקומען, מען האָט זי ניט איבעריק געבעטן אויך, די שכנים זאָלן ניט וויסן וועגן דעם גויאישן שידוך.

די זין, בען און בוירנע, זיינען געווען פאַרנומען יעדערער פאַר זיך — בען אין זיין געשעפט פון אַלטן מעבל, און בוירנע ביי זיין משונהדיקער פּרנסה — ריידן אויף די ראָגן פאַר אַ צוזאַמענגעלאָפענעם עולם פאַר די וואַלן פון קאָנגרעסלייט, אַ פּרעזידענט, אַ מעיאָר, אָדער אַ גאָווערנאָר.

טריינע יאַלאָוויץ האָט די קינדער קוים צוזאַמענגעבראַכט, טאַקע בלויז צו דער לויה. זי איז געשטאָרבן גאָר פון אַ זייטיקער קרענק, וואָס האָט לכתחילה מיט שטאַרבן גאָר קיין שייכות ניט: אַ האַנט האָט ביי איר אָנגעהויבן וויי טאָן, און זי איז געשטאָרבן כמעט ווי צופעליק, ווי אַלץ אין לעבן איז ביי איר געווען צופעליק, אַריינגערעכנט דעם איידעם דעם איטאַליענער און דעם זון, וואָס רעדט אויף די ראָגן ערב וואַלן.

שלמה יאַלאָוויץ איז געבליבן אַליין. נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס די הענט האָבן אים געדינט. ער האָט געקענט שטעפּן די נעט ביי דער מאַשין און ניט באַדאַרפט אָנקומען צו קיינעם. נאָר אַ פאַרדראָס האָט ער געטראָגן אויף אַלע פיר מיטגלידער פון זיין פאַרשוואונדענער משפּחה, נישט פאַר עפּעס אַ באַשטימטער עוולה, וואָס מען זאָל אים האָבן געטאָן, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געבליבן אַליין.

בען, פון דעם מעבל געשעפט, איז דער איינציקער, וואָס כאַפּט זיך נאָך אַמאָל אַריין צום טאַטן. ער קומט גאַנץ פרי, איידער דער טאַטע גייט אַוועק צו דער אַרבעט, שטייט ביי דער טיר עטלעכע מינוט, פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און גענוי ווען דער סיגאַרעט איז אויסגערויכערט, גייט בען אַוועק און וואַרפט שוין אַרויס די קאַרעשקאַ אויף דער גאַס. געוואוינט האָט שלמה יאַלאָוויץ ביי לאַנדסלייט אין אַ צימער, געצאָלט פּינקטלעך, גענוי באַקומען

פון זיי אַלץ וואָס מען האָט אָפּגערעדט, און גאַנץ היימיש איז אים דאָרט געווען, נאָר איין זאַך: די לאַנדסלייט האָבן בשום אופן ניט געוואָלט אויס־הערן זיינע טענות צו די קינדער.

— די קינדער זיינען ווי אַלע קינדער אין אַמעריקע — אַזוי פּטרט אים אָפּ די באַלעבאָסטע, די לאַנדספרוי, און דאָס הייסט, אַז זי וויל בשום אופן ניט אויסהערן וועגן דער טאָכטער און יעדן זון די באַזונדערע פאַרדראָסן, וואָס שלמה יאַלאָוויץ טראָגט אויף זיי אין האַרצן.

אויסהערן שלמה יאַלאָוויצעס פאַרדראָסן אויף די קינדער און אויפן ווייב, וואָס איז געשטאָרבן אומגעריכט, האָט נאָר אויסגעהערט דער אַלטער „גרענד־פּאַ", ווי מען האָט אים גערופן אויפן בלאַק, ווייל ער איז געווען דער עלטסטער איינוואוינער אין געגנט, גערעדט אַ לשון, וואָס מען האָט ניט געוואוסט צי איז עס גריכיש, אַרמעניש אָדער טערקיש. אויב מען זאָל אים גלויבן, האָט ער שוין דאָרט אָפּגעוואוינט פופציק יאָר. די צוויי אַלטע לייט האָבן זיך גוט געקענט צונויפרייזן, כאָטש „גרענדפּאַ" האָט, ניט געקוקט אויף די פופציק יאָר אין אַמעריקע, קוים גערעדט געציילטע ווערטער אויף ענגליש, און שלמה יאַלאָוויץ, וואָס האָט דרייסיק יאָר זיך בלויז צוגעהערט, ווי עס פּיקט זיין מאַשין די בעטלעך פון די ווייבערשע קליידער, האָט אויך געקענט ענגליש נישט מער.

גערעדט האָבן זיי געווייינטלעך וועגן די קינדער. „די יאָנג פּיפּל". שלמה יאַלאָוויץ האָט דערציילט וועגן זיינע פאַרדראָסן, גאַנץ אָפּט אַריינגעוואָרפן אַ יידיש וואָרט, אַפילו אַ צעבראָכענעם פּסוק, און „גרענדפּאַ" — אויב ער האָט ניט גאָר ריכטיק פאַרשטאַנען — האָט ער נאָך שטאַרקער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — דאָס הייסט, אויף דעם איז ער געוויס מסכים. ער האָט געוואוסט די נעמען פון שלמה יאַלאָוויצערס קינדער, שרה, בען און בורינע, פּונקט ווי שלמה יאַלאָוויץ האָט געוואוסט די נעמען פון „גרענדפּאַס" קינדער — דזשאַן, זשאַנעט און דזשאָו.. „גרענדפּאַ" האָט דערציילט וועגן זיי, אַריינגעוואָרפן אַ סך אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און שפּריכווערטער, און שלמה יאַלאָוויץ האָט מיטפילנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

מען קען זאָגן כמעט מיט זיכערקייט, אַז אויסער די נעמען פון זייערע קינדער, האָבן די אַלטע לייט ווייניק וואָס מער געוואוסט איינער וועגן דעם אַנדערן. דאָס האָט אָבער קיין באַדייט ניט געהאַט. דאָס איז געדעקט געווען מיט דער טיפער איבערצייגונג, אַז די יוגנט איז שטענדיק אומגערעכט קעגן דער איינזאַמער עלטער, און מיט שטאַרקער דאַנקבאַרקייט פון איינעם צום אַנדערן פאַרן אויסהערן.

כדי מסיים צו זיין אַ לאַנגן שמועס פון ביידע צדדים, זאָגן זיי זיך פאַרן אַוועקגאַנג מיט געפיל און באַדייט:

— יעס, די יאָנג פּיפּל.

זייער פריינטשאַפט האַלט זיך, קען מען זאָגן, איבערהויפּט אויף די זומערן. דעמאָלט זיצן זיי ביידע אויף דער באַנק, וואָס שטייט לעבן דעם איינציקן בוים אויפן בלאַק, די לבנה העגנט זיי אַקעגן צווישן די לאַמטערנעס

און דערמאָנט יעדערן פון זיי פון אַ ווייטן אַמאָל. איינעם פון זיין שטעטל אין וואָלין, און דעם אַנדערן פון אַ שטילן דאָרף אין זיין הײמלאַנד. עס זעט אויס ווי אַ פאַרגאַנגענער חלום, אָבער די לבנה, די זעלביקע, פון אַמאָל, איז אַן עדות, אַז דער חלום איז טאַקע געווען.

די ווינטערן צעשיידן זיי. ווינטער זאָגט מען זיך בלויז דעם גוטן אָוונט, אָדער דעם גוט מאָרגן. מען דערמאָנט „די יאָנג פּיפּל", פּשוט כּדי דער פאָדעם זאָל זיך ניט איבעררייסן ביז פרילינג, און יעדערער טראָגט אַוועק די אַלטע דערפרוירנקייט צו זיין וואַרעמען צימער און זיין בעט.

דער ערשטער פרילינג־אָוונט ווען די פייגעלעך זינגען זיך פונאַנדער אויפן איינציקן בוים, פונקט ווי אין וואָלין און אין גריכנלאַנד, זיצן שלמה יאַלאָוויץ און „גרענדפּאַ" אויף דער באַנק, און דערוואַכט, ווי די פייגל, שמועסן זיי:

— יעס, די יאָנג פּיפּל.

ניו יאָרק, 1946

# אַ בריוו

מיט אַ דאָקטאָר זיינען מענטשן, געוויינטלעך, זייער אויפריכטיק. נישט נאָר מיטן דאָקטאָר אַליין, נאָר סתם, ווי נאָר זיי טרעטן אַריבער די שוועל פון דאָקטאָרס וואַרט־צימער, ווייסן זיי — דאָ דאַרף מען זאָגן דעם אמת. עס איז נישטאָ וואָס צו באַהאַלטן: מענטשן זיינען קראַנק, זיינען צעבראָכן, אויפגערעגט, באַליידיקט, אַמאָל באַעוולהט, און עס לאָזט זיך אויס מיט פאַר־שיידענע שלאָפקייטן, וואָס מען דאַרף זיי היילן. דאָס ווערט קלאָר, ווען מען קומט צום דאָקטאָר, און מען שעמט זיך ניט דערמיט.

דריי פאַציענטן האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל געטראָפן ביים דאָקטאָר אין וואַרט־צימער. געזעצן איינער דעם אַנדערן איינמאָל, נאָכאַמאָל, האָבן זיי זיך באַקאַנט און געשמועסט צווישן זיך. עס איז נאַטירלעך, אַז קודם כל רעדט אַ מענטש וועגן דעם, וואָס עס ליגט אים אויפן האַרצן, און איינער פון די פאַציענטן האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיין קרענק.

ער האָט אויפגעהערט שלאָפן, נישט צוליב זאָרג, און נישט, חלילה, צוליב ווייטיק, נאָר פשוט אָפּגעוואוינט זיך פון שלאָף. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ „זילבערנער חתונה" און דערצו נאָך איז זיין נאָמען יענקל.

די מיטשמועסער זיינען, די צוויי פאַציענטן, האָבן זיך איבערגעקוקט: זיי האָבן בפירוש געמיינט, אַז ער איז אַביסל צעמישט — ווייל וואָס אַ שטייגער קען אַ מענטשן שאַדן, אַז זיין נאָמען איז יענקל?

דער פאַציענט, דער דערציילער, האָט איבערגעכאַפּט זייערע בליקן און האָט פאָרגעזעצט:

די „זילבערנע חתונה" איז געווען ביי אַן אַלטן חבר זיינעם, אַ בן־עיר, און יענער הייסט אויך יענקל. זיי זיינען ביידע געגאַנגען אין איין חדר, דער־נאָך צוזאַמען געלערנט אין אַ שול, ווי עס טרעפט — איין בן עיר מיטן אַנדערן.

ווען ער מיט זיין חבר יענקל זיינען געווען נאָך קליינע ייִנגלעך, האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ פּסק און אַ פּאַטש פון רבין אומזיסט און אומנישט צוליב זיין חבר, דעם צווייטן יענקל. עמעצער פון די ייִנגלעך האָט אויסגעלאָשן דעם אויוון. פשוט אַריינגעגאָסן אין אויוון אַביסל וואַסער. דאָס האָלץ האָט כיי ווי געזשימזשעט, קוים די נשמה געצויגן. איז דער אויוון אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. געטאָן האָט עס יענער יענקל, נאָר על פּי טעות, אַז דער רבי האָט דערהערט — יענקל — האָט ער אים אָפּגעצאָלט דעם פּאַטש. שפּעטער, אַז עס איז אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער, אַז דאָס האָט געטאָן גאָר יענער יענקל — איז שוין געווען פאַרפאַלן, מחמת אַזאַ זאַך קען מען ניט כאַפּן צוריק. עס קומט שוין אַזוי אויס, אַז איינער טוט די עוולה, און דער אַנדערער כאַפּט דעם פּאַטש. דער רבי האָט אַן איבעריק מאָל אַ שמעק געטאָן טאַבאַק, האָט אַ מורמל געטאָן — „ביידע שקאָצים" — און געענדיקט.

ער און דער חבר זיינער, יענקל, זיינען ביידע טאַקע אין איין צייט געקומען קיין אַמעריקע, ביידע האָבן זיך אויף די זעלבע קורסן אויסגעלערנט

בוכהאַלטעריי — ווידער אויף איין באַנק געזעסן. איז ער טאַקע געוואָרן דער גוטער בוכהאַלטער, מיטן גוטן חשבון, מיט דער שכלדיקער קאָמבינאַציע, הכלל אַ ספּעציאַליסט. און יענער, זיין חבר יענקל, — אַ מישמאַש, אַ ווינט־מיל, די באַלאַנסן גלייכן זיך ניט ביי אים. איז דאָך על פּי שכל האָט ער, דער גוטער בעל חשבון, געדאַרפט ווערן דער האָן, — איז דאָך אָבער ניט שטענדיק גילט דער גלייכער חשבון — איז יענער געוואָרן דער גרויסער אויפטוער, האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ געזעלשאַפט, און אין אַ באַנק, געוואָרן אַ דירעקטאָר, אַ טוער, אַ דרייער, הכלל — דזשייקאָב פּולווער.

איצט אַרבעט ער שוין אַ יאָר פיר אין אַ באַנק, וואו דער דזשייקאָב פּולווער — יענקל — איז דירעקטאָר. מקנא איז ער אים ניט. ער האָט זיך זיין פּרנסה, און יענער איז, וואָס ער איז: דירעקטאָר, זאָל זיין דירעקטאָר. אַן אַנדערש מאָל דערזעט ער אים נישט. גייט פאַרביי, ווי לעבן אַ פרעמדן. אַן אַנדערש מאָל דערקענט ער אים נישט, אָט פּשוט, ווי קיינמאָל ניט געזען. און עס טרעפט, אַז עס פאַלט אויף אים אָן אַ גוט־חברשאַפט, דערמאָנט ער אים אַזש, ווי ער האָט אים אויסגעבאָרגט דעם רבינס פּאַטש. אָבער, אַז ער דאַרף צו אים אַריינקומען אין הויפּט־אָפיס, מוז ער זיך מעלדן. עס טרעפט אַמאָל, אַז דאָס מיידל — די פאָדערשטע סעקרעטאַרקע ביי דער טיר (ער האָט אַ סעקרעטאַרקע אינעווייניק אין אָפיס אויך) הייסט אים קומען שפּעטער, ווייל „מיסטער פּולווער" איז פאַרנומען.

העלפט גאָט, מיסטער פּולווער פּראַוועט זיין זילבערנע חתונה, נישט אַבי וואו, נאָר אין אַ גרויסן האָטעל. גיין אַהין האָט זיך אים ניט געוואָלט. עס וועלן זיין אַלע דירעקטאָרן, אַלע קאַרפּן־קעפּ, און אַ מענטש האָט קיין הנאה ניט פון אַזעלכע באַגעגענישן. האָט ער זיך מיישב געווען — ער וועט שיקן בלומען און וועט אָנשרייבן אַ בריוו. וואָס פאַר אַ גרויסע תורה איז דאָ אָנשרייבן אַ בריוו צו יענקלען? אָבער עס איז אַ שווערע אָנשיקעניש, ווען יענקל איז דיין דירעקטאָר, און גיי טרעף אין וואָס פאַר אַ גוטן געמיט ער וועט דעמאָלט זיין, ווען ער וועט קריגן דעם בריוו.

אָט דער בריוו האָט אים צוגענומען מער געזונט און כח, ווי אַ גאַנץ יאָר אַרבעט אין באַנק. דער עיקר איז שווער אין אַזאַ בריוו דער אָנהויב, דער סאַמע אָנהויב.

האָט ער אָנגעשריבן איין בריוו, און אָנגעהויבן אויף אַ היימישן אופן: „ליבער יענקל", אים געוואונטשן כל טוב — און טאַקע, וואָס האָט ער צו אים? אָבער, אַז ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער דערפילט — עס טויג ניט. עס איז אַ ליגן: ווען ער דאַרף אים זען, מוז ער זיך מעלדן צו דער פאָדערשטער סעקרעטאַרקע, און יענע שיקט אים אָפּ אַמאָל, ער זאָל קומען שפּעטער — טאָ וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס זיך ווענדן צו אים „ליבער יענקל"?

האָט ער שוין דעם בריוו צעריסן און אָנגעשריבן אַ נייעם בריוו: „געערטער מיסטער דזשייקאָב פּולווער", אָבער דער בריוו האָט אויסגעזען ווי אַ חוזק. געגאַנגען צוזאַמען אין חדר, אַ פּאַטש צוליב אים איינגעקאַסירט ביים

רבין, אינאיינעם געקומען קיין אַמעריקע, — מען קען זאָגן — זייט ביי זייט אָפּגעלעבט אַ לעבן, און אין מיטן דעריבער „געערטער מיסטער דזשייקאָב פּולווער" — עס שטימט ניט.

זיבן אָוונטן נאָכאַנאַנד האָט ער געשריבן אַ בריוו, און נאָך יעדן בריוו האָט ער ניט געקאָנט שלאָפן. אויפמאָרגן איז אים דאָס אָנגעשריבענע אויס־געקומען משונה נאַריש, האָט ער עס צעריסן, און אין אָוונט ווידער געשריבן. דער סוף איז געווען, ער האָט זיך אָפּגעוואוינט פון שלאָפן. פון יענער „זיל־בערנער חתונה" אָן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואַכעניש ביינאַכט. עס העלפן ניט די פּילן, און עס העלפן ניט די פלעשלעך מיט די טאָניקס. קיין ווייטיק פילט ער ניט, נאָר דעם שלאָף קען ער ניט צוריקקריגן בשום אופן.

איינער פון די צוויי פּאַציענטן, די צוהערער, האָט ביי אים אַ פרעג געטאָן:

— און ווי האָט איר טאַקע אָנגעשריבן אויפן בריוו: „ליבער יענקל", אָדער „געערטער מיסטער דזשייקאָב פּולווער"?

דער פּאַציענט האָט ניט באַוויזן צו ענטפערן. עס איז געווען זיין ריי, און די וויים־געקליידטע אַסיסטענטקע האָט אים אַריינגערופן:

— דער דאָקטאָר וואַרט אויף אייך.

דעצעמבער 22, 1946

# די אַמסטערדאַמס

די פרוי אַמסטערדאַם פלעגט זיך אַלע פּאָר חדשים אַריינכאַפּן צום דאָקטאָר, שטענדיק זיך באַקלאָגן אויף דער זעלביקער קרענק — עס נאָגט איר אונטערן לעפעלע — שטענדיק נעמען די זעלבע רפואה, און אין עטלעכע חדשים אַרום ווידער דאָס זעלבע.

עס איז איר געווען אַלץ איינס פאַר וועמען זי דערציילט פון וואָס עס איז איר געקומען די קרענק, זי איז זייער שנעל היימיש געוואָרן מיט די פּאַציענטן אין וואַרט־צימער, האָט גערעדט שטיל, מיט אַ האַלבער שטים, און עס האָט זיך איר געדאַכט אַז גראָד דאָס, וואָס זי דערציילט איז זייער וויכטיק אַז מען זאָל וויסן און פאַרשטיין. זי האָט דערביי געהאַט אַ שמייכל, ווי אַ טראָפּן האָניק זאָל איר ליגן אויף די ליפּן, באָר דער האָניק איז ביטער.

— אַז מען ליידט פון שלעכטע קינדער איז מען צוגעוואוינט דערצו. אַזוי איז די וועלט, און עס פאַרדריסט אַ סך ווייניקער, איידער ווען עס קומט אויס האָבן עגמת נפש פון צו גוטע קינדער, צופיל איינגעגעבענע.

אַזוי זאָגט אָפּ די פרוי אַמסטערדאַם און קוקט זיך אַ ווײַלע צו צו איר צופעליקן צוהערער, צי ער פאַרשטייט זי, און דערציילט וועגן איר געראָטענעם זון.

— פון קינדווייז אָן, אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז מיט דער גאַנצער נשמה. געלייענט אַ ביכל מיט אַזאַ איינגעגעסנקייט, אַז יעדע שורהלע ווערט דורכגעפירט מיטן פינגער, געלייענט מיט די אויגן און דורכגעפירט מיטן פינגער. — נו, ווייסט ער טאַקע, ווייס יעדע זאַך צו גוט. די טבע קומט אים פון מיין מאַנס משפחה, פון די אַמסטערדאַמס. זיי זיינען אַלע פאַרטיפטע קעפּ, חקרנים, פעדאַנטן, און מיין זון איז הונדערט פּראָצענט אַן אַמסטערדאַם. דערצו נאָך קען ער ניט ליידן, אַז עמעצער מאַכט אַ טעות.

די פרוי אַמסטערדאַם גיט אַ ריר דאָס דריטע קנעפּל פון איר בלוזקע, דאָס אָרט וואו עס נאָגט איר אונטערן לעפעלע, צוליב די אייגנשאַפטן פון דער משפחה אַמסטערדאַם. זי קוקט זיך אַ ווײַלע צו צו איר צופעליקן צו־הערער, צי ער פאַרשטייט זי און דערציילט ווייטער וועגן איר זון.

— אַז ער האָט געלערנט אין מיטלשול האָבן אַלע געוואוסט, אַז ער וועט קריגן אַ סקאָלערשיפּ. עס קומט אים, אָבער ער האָט ניט געקראָגן, ווײַל ער איז אַן אַמסטערדאַם. מאַכט זיך אַ געשיכטע, אַז דער לערער שמועסט מיט די קינדער וועגן דעם וואָרט „אַפּאַראַטוס". ווי אַ לערער דאַרף טאָן — שרייבט אָן אויפן טאַוול, לייענט איבער, דערציילט פונוואַנען דאָס וואָרט נעמט זיך, הכלל, ער טוט וואָס ער דאַרף. איז מיין זון, דער אַמסטערדאַם, ניט פויל, שרייבט אָן דאָס זעלבע וואָרט אויף אַ פּאַפּירעלע, טראָגט עס צו צום לערער און זאָגט אים, אַז לויט אַלע געזעצן פון דער ענגלישער שפּראַך און לויטן אָפּשטאַם פון דעם וואָרט, דאַרף מען עס אַרויסריידן „אַפּאַרעיטוס", אָדער אפשר פאַרקערט, דער לערער האָט געזאָגט „אַפּאַרעיטוס" און ער האָט

געזאָגט „אַפּאַראַטוס״. ווער געדענקט עס? קורץ, ער האָט אַרויסגעוויזן זיינע אַלע קענטעניש. און אַז מיין זון רעדט, ווייס ער וואָס ער זאָגט.

ווען ער איז געקומען אַהיים און אונדז דערציילט די געשיכטע, האָב איך אים געזאָגט:

— ברוך, ביסט שוין פּאַרטיק מיט דיין סקאַלערשיפּ, דו וועסט אים שוין אָנזען ווי די לבנה סוף חודש. וואָס איז דיר די נפקא מינה, צי „אַפּאַראַטוס״, צי „אַפּאַרעיטוס״, דער עמפּייר סטייט וועט ניט איינפאַלן דערפון. זאָל זיין ווי דער לערער וויל.

האָבן ביידע אַמסטערדאַמס, מיין מאַן און מיין זון, ביידע געפּסקנט:

— ניין, אַ טעות דאַרף מען אויסבעסערן, מעג עס אַפילו זיין ביי דעם לערער.

הכלל, דערנאָך האָט זיך געמאַכט עפּעס נאָך אַזאַ געשיכטע, און עס איז געווען אויס מיטן סקאַלערשיפּ. פאַרברענט געוואָרן, ווי אַ מצה.

— און דער אומגליק איז, וואָס אַלץ ווייס ער. וועלכער קייסער עס איז ווען געווען, און וואָס ער האָט געטאָן — ווייס מיין זון. וועגן אַ פליג, אַז איר זאָלט דערמאָנען, ווייס ער וויפיל פיסלעך זי האָט. און ער מאַכט קיינמאָל ניט קיין טעות. טאָמער שפּאַרט איר זיך מיט אים, וועט ער גיין און ברענגען דעם בוך און אויפמישן וואו מען דאַרף, און באַוויזן, אַז ער איז גערעכט. און ער איז טאַקע גערעכט. און דאָס טויג ניט.

— אַז עס איז געוואָרן אויס מיטן סקאַלערשיפּ, האָט מיין זון אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אַ שותף אין אַן אַנטיק־געשעפט. האָט ער אָנגעהויבן לייענען די ביכער וועגן די אַנטיקלעך, ווידער געפירט מיטן פינגער אונטער יעדער שורה, און אַז ער נעמט זיך צו עפּעס, קען ער דאָס. דער שותף האָט דווקא ניט אַזוי פיל פאַרשטאַנען אין די אַנטיקלעך, אָבער ער האָט גוט געפירט דעם געשעפט, און מיר זיינען געווען צופרידן — זאָל זיין אַנטיקן. האָט זיך אַריינגעמישט די קעניגין עליזאַבעט די ערשטע.

די צוהערער, די פּאַציענטן, האָבן דערהערט „די קעניגין עליזאַבעט די ערשטע״, האָבן זיי אָנגעשטעלט די אויערן:

— וואָס האָט דאָ צו טאָן די קעניגין עליזאַבעט?

די פרוי אַמסטערדאַם האָט אַ ריר געטאָן דאָס דריטע קנעפּל פון איר בלוזקע און האָט געזאָגט:

אין די אַנטיק־געשעפטן איז דאָס וויכטיק. עס איז געקומען אַ קונה אַ ליבהאָבער פון אַלטע זאַכן, אַנטיקן, און האָט געקויפט אין מיין זונס געשעפט אַ וואַזע — אַ שיינע וואַזע, מיט בלומען אויסגעמאָלן, מיט וואַסער־בלעטער, עס איז געווען אויף וואָס אַ קוק צו טאָן. איך האָב די וואַזע געזען. פאַר אַזאַ וואַזע נעמט מען די שיינע מטבע. מען קען אַ יאָר לעבן פאַר דעם געלט. פאַרקויפט די וואַזע האָט דער שותף, ניט מיין זון — און ער האָט געזאָגט דעם קונה, אַז די וואַזע שטאַמט פון די צייטן פון דער קעניגין עלי־זאַבעט. דער קונה איז געווען אַ צוגעקאַכטער צו דער וואַזע, און דער מסחר

איז שוין געווען אַ געמאַכטער. צום שלימזל איז צוגעקומען מיין זון, האָט אַ קוק געטאָן אויף דער וואַזע, האָט אַ פּיר געטאָן מיט די פינגער איבערן דעק און האָט געזאָגט מיט אַקצענט, פאַרבעסערט דעם שותפס טעות:

— פון דער קעניגין וויקטאָריאַס צייטן. די וואַסער־בלעטער געהערן צו דער קעניגין וויקטאָריאַס צייטן.

ער האָט אָפּגעזאָגט און איז אַוועק. דער שותף איז געבליבן צעטומלט. דער קונה האָט זיך אויך אַביסל פאַרשעמט, הייסט עס, ער פאַרשטייט זיך ניט אַזוי גוט אויף אַנטיקלעך, און מען קען אים געבן די קעניגין עליזאַבעטס אַנשטאָט דער קעניגין וויקטאָריאַ. ער האָט שוין אָפּגעלייגט דאָס קויפן און איז דערווייל אַוועק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגערייַ צווישן מיין זון און דעם שותף. יענער טענהט אַז פאַר אים איז אַלץ איינס — די קעניגין עליזאַבעט, אָדער וויקטאָריאַ. ביידע זיינען גוט, אַבי מען קען פון זיי מאַכן אַ פּאָר דאָלער, און מיין זון, דער אַמסטערדאַם, זאָגט — אַז אין זיין אַנטיק־געשעפט דאַרף זיין פינקטלעך, אַזוי ווי אין אַן אוניווערזיטעט. ער וויל, אַז אין אַמסטערדאַמס אַנטיק־געשעפט זאָלן זיך פּראָפעסאָרן קומען לערנען, וואָס עס געהערט צו דער קעניגין עליזאַבעט און וואָס עס איז שייך צו די צייטן פון דער קעניגין וויקטאָריאַ, אַז ביי אים טאָרן קיין טעותים ניט פאָרקומען. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן, אַז דער שותף איז גערעכט, אָבער מיין מאַן און דער זון, די אַמסטערדאַמס, האָבן ביידע געטענהט:

— ניין, אַ טעות דאַרף מען אויסבעסערן, מעג אים אַפילו מאַכן דער איגענער שותף.

הכלל, עס איז געוואָרן אויס שותפות, און אויס אַנטיק־געשעפט אויך.

— איר פאַרשטייט, — האָט זי מיט אַ האַלבן קול גערעדט, — די וועלט גייט מיט אָן אַ שיעור טעותים, אומפּינקטלעכקייטן, אַפילו אַ ביסל פאַלשקייט אויך. עס באַוועגט זיך, עס גלייכט זיך אויס איינס מיטן אַנדערן. מען פירט ניט אונטער יעדער שורה מיטן פינגער. אַ וואָרט איז ניט קיין גאָלד. עס זשאַווערט אַביסל, עס מאַכט ניט אויס — אָבער די אַמסטערדאַמס ווילן עס ניט פאַרשטיין. איצט האָבן מיר עגמת נפש מיט מיין זונס שידוך. אַ טייערער שידוך. די כלה חלשט נאָך אים, האָט זיך מיין זון צעקריגט מיטן מחותן צוליב שלמה המלך.

— וואָס איז געשען מיט שלמה המלך? — האָט געפרעגט איינער פון די פּאַציענטן.

די פרוי אַמסטערדאַם האָט ניט באַוויזן צו ענטפערן. אין וואַרט־צימער איז אַריין די וויים־געקליידעטע אַסיסטענטקע:

— מיסיס אַמסטערדאַם, דער דאָקטאָר וואַרט אויף אייך.

פרוי אַמסטערדאַם האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי עס זאָל איר ליגן אַ טראָפּן האָניק אויף די ליפּן, נאָר דער האָניק איז ביטער, און איז אַריין אין דאָקטאָרס אויפנאַם־צימער.

דעצעמבער, 1946

# אומעטיקע שמחות

— אַז אַ מענטש איז אַביסל וויניקער ווי אַ מענטש — שאַדט עס גאָרניט. ער מישט זיך אויס מיטן עולם. ער לעבט. ערגער איז, ווען אַ מענטש איז אַביסעלע „מער״, און דאָס ביסעלע „מער״ שאַדט שטאַרקער, ווי דאָס ביסעלע וויניקער. ער איז דעמאָלט געגליכן צו אַ פלאָקן אין קרויט, טאַקע העכער, אָבער מען מיידט אים אויס.

אָט די הקדמה האָט געמאַכט איינער פון די פּאַציענטן, ווען ער איז געבליבן פון די לעצטע אין דאָקטאָרס וואַרט־צימער און האָט געשמועסט מיט זיין שכן אויפן צווייטן בענקל.

עס איז אים שווער געווען קלאָר מאַכן דעם געדאַנק. ער האָט די ווערטער איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, האָט אַראָפּגענומען די ברילן, האָט זיי געווישט, און סוף כל סוף איז ער איבערגעגאַנגען צו דער עצם מעשה פון זיין קרענק. עס גליווערן ביי אים אָפּ די פינגער פון אַ פוס. זיי ווערן פשוט ווי הילצערנע, און דאָס געדויערט אַמאָל אַ פּאָר שעה. ער דערשרעקט זיך. וואָס הייסט, אַ לעבעדיקער מענטש ווערט האָלץ? דער דאָקטאָר זאָגט, אַז עס קומט אים פון ערגעריניש, און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס, ווען עס האָט חתונה געהאַט זיין דריטע טאָכטער.

דער צוהערער זיינער האָט אַ פרעג געטאָן:

— נישט געטראָפן מיטן שידוך, הייסט עס?

— ניין, דווקא גוט חתונה געהאַט. אַלע זיינע דריי טעכטער האָבן געטאָן גוטע שידוכים און פונדעסטוועגן האָט ער פון זייערע חתונות די גרעסטע קרענקונג.

ער האָט דערביי אַ שמייכל געטאָן, ווי איינער זאָגט, „יעדע צרה האָט איר קאָליר״, און ער האָט צוגעגעבן אַ צולייג צום שמייכל:

— דער עיקר איז, וואָס דער שדכן טויג ניט.

— וואָס גייט אייך אָן דער שדכן? — האָט דער צווייטער פּאַציענט אַ פרעג געטאָן.

ער האָט ניט געענטפערט אויף דער פראַגע, געשוויגן אַביסל און אָנגעהויבן ריידן פון זיין עלטסטער טאָכטער.

— ווי קומט זי צו די דריי שוועסטער, די פּאַרהייראַטע? ווי טאָג צו נאַכט! עס איז גאָר אַן אַנדער מענטש, אַ בר דעת. ווען זי גיט אַ שמייכל מיט די לאַנגלעכע גרויע אויגן — איז עס מער ווי גערעדט. עס איז שוין אַלץ געזאָגט און מען האָט איר ניט וואָס צו ענטפערן.

בעת זיי זיינען געפאָרן אויף דער שיף מיט די פיר מיידלעך — נאָך קליינע קינדער געווען — זיינען די דריי יינגערע אַרומגעלאָפן, אַרומגעשטיפט, מען האָט זיי נאָר באַדאַרפט היטן, זיי זאָלן זיך, חלילה, אין ים ניט אַריינקאַטשען, און זי, די עלטערע — מרים הייסט זי — זי איז געווען אַ בעלן אויסציילן אויף וויפיל לשונות מען האָט גערעדט אויף דער שיף. זיך צוגעהערט, אויסגעציילט און פאַרשריבן אין אַ ביכעלע.

דאָס איז נאָך ווייניק — זי האָט פּאַשריבן אויף וועלכע לשונות מען רעדט הויך און אויף וועלכע מען רעדט שטיל. און דער צעטל אירער איז געגאַנגען ווי אַ מזמור:

„דער גלח רעדט טשעכיש און רעדט שטיל".

„די פרוי אין דעם בלויען קלייד רעדט פּראַנצויזיש און רעדט הויך".

אַזוי איז געגאַנגען דער גאַנצער צעטל אירער, אויסגערעכנט יעדערן מיט זיין אָנטאָן, מיט זיין לשון און מיט זיין רײדן. מיר האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, ווען מיר האָבן דעם צעטל איבערגעלייענט.

אַז מיר זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע, איז מיט דער עלטערער טאָכ־טער, מיט מרימען, אײנגאַנצן קיין זאָרג ניט געווען. אומעטום גוט געלערנט, מיט סקאָלערשיפּס. אין קאָלעדזש האָט מען נאָך איר צוגעצאָלט. געלערנט האָט זי עפּעס אַזאַ מאָדנע זאַך, וואָס איך האָב וועגן דעם אויף מיין לעבן ניט געהערט: אַרכעאָלאָגיע, ווי די מענטשן האָבן אַמאָל געלעבט און וואָס פאַר אַ בגדים זיי האָבן געטראָגן, און ווי זייערע הייזער האָבן אויסגעזען — אַלץ איז עס איר דאגה. דער צימער אירער זעט אויס ווי אַ מוזעאום. אויף די ווענט — בילדער, פּאַרשידענע געביידעס, געמעלעכצן, מיט לייבן, מיט פייגל, מיט קלויסטערס, און, להבדיל, אַפילו אונדזער בית המקדש איז ביי איר דאָ.

די יינגערע טעכטער זיינען שוין אַנדערש — מיידלעך, ווי אַלע אין אַמעריקע. איינע איז אַ „דעפּאַרטמענט סטאָר". געקויפט און געקויפט — קליידער און שמאַטעס און שפּילקעס — און פאַר אַלץ האָט מען באַדאַרפט צאָלן. די צווייטע — איז אַ „ביוטי פּאַרלאָר" — היינט די האָר אַזוי, מאָרגן די נעגל אַנדערש, די ברעמען — קירצערע, לענגערע — דאָס מאַכט זיך אַזוי איבער דאָס פּנים, אַז אַן אַנדערש מאָל קוים וואָס איך דערקען זי. די דריטע האָט זיך אירע משוגעתן: „האָיקס" — געגאַנגען, געפאָרן, געלאָפן, ספּאָרט.

צו מרימען זיינען אַריינגעקומען מענטשן אַזעלכע ווי זי איז. האָט אָנ־געהויבן אַריינקומען צו איר איינער אַ מיסטער רובין. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דער אַרכעאָלאָגיע. געצייכנט צוזאַמען, געשמועסט, ער האָט אַריינגעבראַכט אין הויז פאַרשיידענע ביכער, אַלץ וועגן זייערע ענינים. און יעדעס בוך איז געווען אַ גאַנצער יום־טוב. מען האָט עס געלייענט. די ביכער זיינען געווען אויף פאַרשיידענע לשונות. אין שטוב ביי אונדז איז דער מיסטער רובין געוואָרן אַן אייגענער מענטש, זייער היימיש מיט אַלעמען. איינמאָל האָבן מיר אים פאַרבעטן עסן מיט אונדז אין אָוונט — האָט ער זיך ביים טיש אַ פרעג געטאָן אויף חנהקען. מיין פרוי האָט עס שפּעטער איבער־גערעדט:

— וואָס האָט ער פאַר אַ שייכות מיט חנהקען, די „ביוטי פּאַרלאָר"?

מרים האָט אַפילו מיט אַן אויג נישט אַ הויב געטאָן, ווי זי זאָל עס ניט הערן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז זי אַרויסגעפאָרן מיט איר פּראָפעסאָר אין אַ מוזעאום אין אָהייאָ. מיר זיינען אַפילו ניט חושד געווען, אַז זי איז אומיסטן אָוועקגעפאָרן. מיסטער רובין האָט ניט אויפגעהערט קומען אין

הויז. אַ פּאָר מאָל מיטגענומען אַלע טעכטער אין טעאַטער, און איין מאָל איז ער געגאַנגען מיט חנהקען. ווען זיי זיינען אַוועק, האָט די יינגסטע טאָכטער, איילין, די „האַיקס", אַ זאָג געטאָן:

— חנהקע וועט חתונה האָבן מיט רובינען.

ווען מרים איז צוריקגעקומען פון אַהייאָ, איז שוין דער שידוך געווען אַן אָפּגעשטעלטער. מרים האָט געקויפט מתנות חנהקען און רובינען. צו דער חתונה האָט זי אויסגעזען, ווי אַ פּרינצעסין. קיין סימן פון פּאַרדראָס איז ניט געווען אויף איר. קיין שאָטן אויפן פּנים. אַפילו ביי אונדז אין הויז האָבן מיר ניט געוואוסט, צי עס פאַרדריסט זי, צי ניין.

אינמיטן פון דער מלחמה איז דאָ געקומען איינער אַן ארץ־ישראלדיקער, עמקוני — פון די מענטשן, אויך פון דער זעלבער אַרכעאָלאָגיע. מרים האָט זיך מיט אים באַקאַנט ביי דער אַרבעט אין איר אינסטיטוט. זיי האָבן צו־זאַמען געדאַרפט צוריקשטעלן דעם אויסזען פון עפּעס אַן אַלטער וואַנט אין עגיפּטן. שפּעטער לאַנג האָבן זיי צוזאַמען געאַרבעט אין אינסטיטוט און ביי אונז אין הויז איז מען נאָך געווען געזעסן איבער פאָטאָגראַפיעס און צייכענונגען. לויט זיי איז אויסגעקומען, אַז די וועלט קען גאָר קיין קיום ניט האָבן, אויב מען וועט ניט וויסן גאַנץ גענוי ווי עס האָט אויסגעזען יענע וואַנט, וואָס איז חרוב געוואָרן אפשר מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

דער עמקוני האָט געהאַט אַ טבע, אינמיטן דער אַרבעט האָט ער זיך געגעבן אַ הויב און אויסגעזונגען אַן ארץ־ישראלדיק ליד. די מיידלעך האָבן זיך אויסגעלערנט פון אים אַלע לידער. מרים האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי זינגט, אָבער איילין און סלאַווע האָבן אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען, אָבער אַבי געזונגען. אין אַ שפּאַס האָט עמקוני איינמאָל אַ זאָג געטאָן, אַז ער וועט זיך מיטנעמען אַ ווייב פון אַמעריקע — וועט ער איינשפּאָרן אַ סערטיפיקאַט. און איילין איז שוין ניט פויל און ענטפערט אים אָפּ: זי פאָרט, זי וויל „האַיקן" אין ארץ־ישראל. און ווען עס שמועסט זיך וועגן „האַיקן" וויס איילין גענוי — אויף וועלכע בערג מען גייט, און אויף וועלכע מען קלעטערט מיט שטריק, אָדער מיט קייטן, און עמקוני האָט געפּסקנט אַז זי וועט זיך אויסטויגן פאַר ארץ־ישראל.

דעמאָלט, דאָס איינציקע מאָל, האָבן מיר באַמערקט, אַז מרים איז צע־רודערט. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, ביי איר האָט אַ ציטער געטאָן דאָס מויל, און זי האָט גאַרניט געזאָגט. זי איז אַריין צו זיך אין צימער און האָט זיך געזעצט אַרבעטן. זעט אויס, אַז עמקוני איז איר געווען געפעלן. איילין איז אַוועק פון שטוב און איז צוריקגעקומען שפּעט און עמקוני האָט געאַרבעט מיט מרימען, נאָר ער האָט קיין איין מאָל ניט אַ זונג געטאָן יענעם אָוונט.

אַ פּאָר חדשים סך הכל האָט ער פאַרבראַכט אין ניו יאָרק. פאַרן אַוועק־פאָרן איז מיט אים איילין געגאַנגען איינקויפן, און זי האָט שוין איינגעקויפט, זעט אויס, וואָס עס איז נויטיק פאַר זיך אויך. איילין איז מיט אים מיטגע־פאָרן.

דער פּראָיעקט פון דער חרובער מצרישער וואַנט איז געווען פאַרטיק. פאָרנדיק צו דער שיף, האָט מרים געשמועסט וועגן דעם מיט עמקוני. איילין

איז געווען אַרומגעהאַנגען מיט פּעקלעך, מיט פּעקלעך־מתּנות און באַ־גאַזשן. זי האָט געענטפערט אויף דעם, וואָס מען האָט זי ניט געפרעגט און זי האָט גערעדט, וואָס מען האָט ניט באַדאַרפט. זי איז געווען אינגאַנצן פרייד, און גליקלעכע ציילן ניט צופיל די ווערטער.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען, האָט מיין פרוי געוויינט.

— ניט קיין פריילעכע חתונות ביי אונדזערע קינדער, — האָט זי גע־זאָגט וויינענדיק.

איך בין אַריין צו מרימען אין צימער, זען, וואָס זי טוט. איך האָב ניט געוואָלט זי זאָל זיין אַליין. זי איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבערן טישל און האָט געצייכנט. זי האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איך בין אַריין, האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און האָט אַ שמייכל געטאָן:

— זאָרג ניט, פּאַ, — האָט זי געזאָגט, און האָט זיך ווייטער גענומען צום צייכענען.

— איך האָב באַמערקט, אַז דאָס מויל האָט ביי איר אַ ציטער געטאָן, און עס האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ מער, ווי ווען איך זאָל זי טרעפן וויינען.

דער דערציילער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, האָט זיי אויסגעווישט און ווידער זיי אָנגעטאָן.

— כדי איר זאָלט פאַרשטיין, וואָס הייסט אומעטיקע שמחות, וועל איך אייך מקצר זיין, אַז מיין דריטע טאָכטער, פראַדל, האָט אויך חתונה געהאַט דורך מרימס שדכנות. פונקט ווי עפּעס, חלילה, אַ קללה האָט זיך אַריינ־געכאַפּט אין אונדזער הויז, אַז מיר זאָלן פון קיין פרייד ניט וויסן, אַפילו ווען עס קומט אַ שמחה. איצט האָב איך דריי איידעמס, געלערנטע, פיינע לייט, מרימס גלייכן — נאָר איך האָב דערפון קיין הנאה ניט. עס גליווערן ביי מיר די פינגער פון פוס, אָט טאַקע דערפון קומט עס, די ערגערניש פון די שידוכים.

— און וואָס איז איצט מיט אייער מרימען? — האָט אַ פרעג געטאָן דער צוהערער, דער לעצט־געבליבענער פּאַציענט.

עס איז אַריין די ווייס־געקליידעטע אַסיסטענטין, און דער דערציילער האָט בלויז באַוויזן אַ זאָג צו טאָן:

—יוסיף דעת יוסיף מכאב, — מער חכמה, מער ווייטיק, דאָס איז זייער אַ שייגער זאָג, ווען מען לייענט עס אין קהלת, אָבער אַז עס קומט צו דער אייגענער טיר — טויג עס ניט.

— דער דאָקטאר וואַרט אויף אייך — האָט געזאָגט די אַסיסטענטין, און דער פּאַציענט מיט די גליווערנדיקע פינגער פון פוס איז אַריין אין אויפנאַם־צימער.

דעצעמבער, 1946

# אין אַ בראָנזווילער קרעטשמע

## „די קרעטשמע"

דער בעל־הבית פון ניו יאָרק איז געוויס דער מעיאָר, נאָר דער בעל־הבית פון בראָנזוויל איז ניאָמע כורגין. אַ היפּשע צאָל פון אַלע אַפּרייטערס אין ניו יאָרק וואוינען אין בראָנזוויל, און ניאָמע כורגין וואוינט שוין דאָרט פערציק יאָר. געקומען פון זאַריטשע, זיך באַזעצט אין בראָנזוויל און פון דאָרט שוין ערגעץ ניט „געמופט".

— איך געדענק נאָך בראָנזוויל, ווען עס איז געווען אַזוי גרויס און אַזוי שיין, ווי זאַריטשע. עטלעכע הילצערנע הייזער און גאַנצע סטאַדעס ציגן. דירות זיינען דאָ געווען בזיל הזול, האָבן זיך די אַפּרייטערס אַריינגעכאַפּט און געמאַכט בראָנזוויל פאַר זייער שטאָט. און איצט, וואו אַ טיר, דאָרט וואוינט אַן אַפּרייטער, — אַזוי דערציילט ניאָמע.

ביי ניאָמע כורגין אין קיך שטייט אַ גרויסער טיש, אַזוי ווי אין אַ שניידערשער שטוב, און דער גרויסער טיש שטייט דאָרט צוליב די פּרייטיק־צו־נאַכטן. פרייטיק־צו־נאַכט שפּילן די אַפּרייטערס ביי ניאָמע כורגין אין קאָרטן, דער עיקר איז, מען רעדט וועגן וועלט־זאַכן.

— דער ימח שמו האָט שוין ווייטער געהאַלטן אַ רעדע, און שוין ווידער געבילט אויף יידן.

דאָס זאָגט הערי, דער „קורצער" אַפּרייטער. דער אמת איז, אַז הערי איז אַזוי לאַנג ווי אַלע. „דער קורצער" רופט מען אים, ווייל ער זאָגט אַלע מאָל, אַז ער איז „שאָרט אין פּאַקעט".

ווען מען זאָל געבן ניאָמע כורגינען אומזיסטע בילעטן אין טעאַטער, וואָלט ער פרייטיק־צו־נאַכט ניט אַוועקגיין פון שטוב. גאָר פּשוט: פרייטיק־צו־נאַכט געהערט ער ניט צו זיך, ער געהערט צו קהל. דער גרויסער טיש ביי אים אין קיך איז אַרומגעזעצט פון אַלע זייטן, און אַז עס ווערט ענגלעך, רוקט מען צו די באַנק און עס ווערט אַ צווייטע ריי.

ניאָמע כורגין געהערט צו זעקס אָרגאַניזאַציעס. ער האָט געהאָלפן אויסבויען די ערשטע פאָלק־שולע אין בראָנזוויל און האָט אויך געהאָלפן בויען דעם בית־מדרש „אַנשי זאַריטשע".

האָבן די פאַרוואַלטערס פון דער פאָלק־שול זיך געבייזערט אויף אים:

— גאָר אַ בית־מדרש בויען? וואָס זיינט איר — אַ רב, צי אַן אַפּרייטער?

— נאָר ניאָמע כורגין פלעגט זיי ענטפערן גאַנץ רואיק:

— איך בוי דען פאַר אייך? איך בוי דאָך פאַר אַנדערע יידן...

האָט מען זיך אַזוי לאַנג געבייזערט אויף ניאָמע כורגין ביז עטלעכע האָבן זיך אַליין פאַרשריבן פאַר מעמבערס אין דער קאָנגרעגעישאָן.

ווידער, די „אַנשי זאַריטשע" האָבן אויך געהאַט צו אים טענות:

— אַ פאָלק־שול גאָר... אַפּיקורסים נאָך דאָ אָנפלאָדיען אין בראָנזוויל...

און ניאָמע כורגין פלעגט זיי געבן פונקט די זעלבע תשובה:

— איך בוי דען פאַר איך? איך בוי דאָך פאַר אַנדערע יידן...

האָט מען זיך מיט אים אַזוי לאַנג געקריגט, ביז עטלעכע מעמבערס פון די „אַנשי זאַריטשע" האָבן אָנגעהויבן העלפן אויסהאַלטן די פּאָלק־שול.

אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָך מיט ארץ־ישראל האָט ניאָמע כורגין זיך צוגעשאַרט העלפן דעם געוועזקשאַפטן־קאַמפּיין.

— איך בעט ביי איך אַ סך? איך בעט ביי איך איין „דאַים"...

און אַזעלכע „דאַימס" פלעגט ניאָמע כורגין אַריינכאַפּן אַ צוויי הונדערט אַזוי גרינג, ווי מען נעמט אַרויס אַ האָר פון דער מילך. עמעצער פון די אַפּרייטערס פלעגט זיך צעבייזערן אויף כורגינען:

— צו וואָס דאַרפט איר ארץ ישראל? איר וועט אַהין פאָרן?

אָבער ניאָמע כורגין האָט אַ נאַטור — איבערוואַרטן. אַז עמיצער בייזערט זיך, מוז ער דאָך אַמאָל אויפהערן, „סטאַפּן". וואַרט מען אַ ווײַלע. אַגב האָט ניאָמע כורגין אַ קעסטעלע טאַבאַק און ער דרייט פּאַפּיראָסן. ביז ער דרייט אויף אַ פּאַפּיראָס פאַר זיך און אַ פּאַפּיראָס פאַרן „כעסן" איז שוין יענער פאַרטיק מיט זיין כעס, און דעמאָלט פאַרקלעפּט ניאָמע כורגין זיין פּאַפּיראָס מיט איין לעק מיט דער צונג און ענטפערט געלאַסן:

— איך שיק איך דען קיין ארץ ישראל? אַז איר האָט אַ דזשאָב אויף דער אַכט־און־דרייסיקטער סטריט, שיק איך איך ניט קיין ארץ ישראל. אָבער ווי איז דער דין אַז אײנער אין זאַריטשע האָט ניט קיין דזשאָב אויף דער אַכט־און־דרייסיקטער סטריט, מעג ער פאָרן קיין ארץ ישראל? אַלץ אַ „דאַים" איז ער דאָך ווערט ביי איך. וואָס?

דעם „וואָס" פרעגט ניאָמע כורגין גלאַט אַזוי. ניט ווייל ער וואַרט אויף אַן ענטפער, נאָר טאַקע ווייל ער ווייס, אַז יענער האָט אים ניט וואָס צו ענטפערן. ניאָמע כורגין ווייס אַקוראַט פון וועלכן שטעטל יעדער אַפּרייטאָר קומט, און דעם משל ברענגט ער אים טאַקע פון זיין שטעטל גופא. הערי דעם קורצן פאַרפאָרט ער מיט סעלץ, ווייל הערי דער קורצער איז אַ סעלצער.

— ווי מיינסטו, ביי דיר אין סעלץ איז שוין דער גן־עדן? ווען מען זאָל זיי געבן וויזעס וואָלטן זיי געקומען קיין אַמעריקע. אָבער אַז קריגן אַ וויזע איז אַזוי שווער, ווי קריגן צוואַנציק טויזנט דאָלער? — ניאָמע כורגין פאַרדרייט אַ סיגאַרעט און דרייט אים אַזוי לאַנג ביז ביי יענעם ווערט ליכטיק אין קאָפּ און דעמאָלט פאַרענדיקט ער מיט איין קלאַפּ:

— נו, טאָ גיב דיין קוואָדער און זאָג גאָרניט! — איך אַזאַ פאַל ווערט ביי אים פון „דאַים" אַ „קוואָדער".

רחל, ניאָמע כורגינס ווייב, רופט איר אייגן הויז: „די קרעטשמע". פרייטיק באַקט זי „קוקיס" פאַר דער „קרעטשמע" און חנוכה מאַכט זי לאַטקעס פאַר דער „קרעטשמע" און דעם ערשטן מאַי מאַכט מען אין דער „קרעטשמע" אַ שנאַפּס.

ניאָמע כורגין האָט ליב צו דערציילן ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט מיט רחלען.

— אַט פונקט ווי יצחק מיט רבקהן, זאָל פעלן אַ האָר, — זאָגט ער.

— אַז איך בין געקומען פון זאַריטשע קיין בראַנזוויל, האָב איך געדונגען אַ „רומקע" אַזוי גרויס ווי אַ געבאַקטע קאַרטאָפל. קיילעכדיקע ווענט און אַ קיילעכדיקע סטעליע, און שוואַרץ, אַט פונקט ווי אַ געבאַקטע קאַרטאָפל, נאָר אַביסל אַ צוגעברענטע. פאַרנאַכט זיץ איך און איך לייען דעם „פייפּער". קלאַפּט מען אין טיר און עס קומט אַריין אַ מויד. שוואַרץ און הויך און דין און זי לאַכט, שטשירעט די ציין און לאַכט.

— אפשר האָט איר עפּעס פאַר מיינע ציגן? — פרעגט זי.

גאָר אַזאַ מעשה, פאַר די ציגן. ווייזט זיך אַרויס, אַז איר מאַמע האָט געהאָדעוועט ציגן.

— וויפיל ציגן האָסטו?

— פּלענטי ציגן...

איך האָב איר אָפּגעגעבן אַלע אַלטע שטיקלעך ברויט וואָס איך האָב געהאַט און די מויד איז אַוועק. אויף צו מאָרגנס איז זי ווידער דאָ. „אפשר האָט איר עפּעס פאַר מיינע ציגן?" — שטייט, שטשירעט די ציין און לאַכט.

— קיין בעקער בין איך ניט, איך בין אַן אַפּרייטער... — אָבער די מויד איז מיר געפעלן געוואָרן. דער עיקר, וואָס זי לאַכט. און ביזן היינטיקן טאָג, קיין סך מעלות האָט זי ניט, מיין רחל, נאָר וואָס דען — זי בלאָזט זיך ניט. זי לאַכט.

און רחל איז דערביי געשטאַנען און טאַקע געלאַכט.

אַז מען רעדט וועגן די ציגן ווערט רחל אויפגעלעבט:

— אַ ציג דאַרף עסן... בין איך געגאַנגען זוכן...

ניאָמע כורגין העלפט איר אַרויס:

— שאול האָט געזוכט די אייזלען און האָט געפונען די מלוכה, און דו האָסט געזוכט עסן פאַר די ציגן און האָסט געפונען אַן אַפּרייטער.

די אַפּרייטערס האָבן ליב די „קרעטשמע" און וואָלטן זי ניט אָפּגעגעבן פאַר קיין סאָסייעטי אין דער וועלט, און די מעשה וועגן די ציגן האָט מען אויך ליב צו הערן, כאָטש מען קען זי שוין אויף אויסנווייניק.

אַזוי איז אין דער „קרעטשמע".

## מ אַ ק ־ ע ן

יקותיאל גאָלדבלאַט וויל בשום אופן ניט אָרפּאָגעמען די וואָנצעס.

— פון גאַנץ יקותיאל גאָלדבלאַט, וואָס האָט געפירט אַ מלוכה אין ביאַ־ ליסטאָק אויף סוראַזשסקע גאַס, זיינען געבליבן בלויז די וואָנצעס. ביי מיר איז דאָס אַ זכר, אַן אָנדענק. — אַזוי זאָגט ער וועגן זיך אַליין און גיט דערביי אַ טאַפּ די וואָנצעס, צי זיי זיינען נאָך דאָ.

הערי דער קורצער האָט ליב זיך אַ וויצל טאָן וועגן אים:

— איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס האָט ער געהאַט אויף סוראַזשסקע גאַס, אין ביאַליסטאָק, אויסער די וואָנצעס?

מער ווי דאָס דאַרף מען ניט. ווי נאָר הערט דער קורצער גיט עס אַ פרעג, ווערט מאַק־ען אויס מענטש. ער הויבט אָן רעדן מיט די הענט און ריידן נאָכאַנאַנד:

— דאָס איז אַ פראַגע!... ווער האָט ניט געקענט יקותיאל גאָלדבלאַטן אין ביאַליסטאָק? סיידן אַ טויטער. אַז עמעצער האָט געוואָלט האָבן אַ פּאָר לייטישע שיך, איז ער געגאַנגען אויף סוראַזשסקע גאַס צו גאָלדבלאַטן. און אַז גאָלדבלאַט פלעגט זאָגן גוט, איז געווען גוט. און אַז גאָלדבלאַט זאָגט ביליק — איז געווען ביליק. און אַז גאָלדבלאַט פלעגט וועלן אַ גביר, אַ חזיר, אָפּנאַרן — פלעגט ער אָפּנאַרן. און אַ טובה אַמאָל אַ ריכטיקן קונה פלעגט מען אויך קענען טאָן. און אַז יקותיאל גאָלדבלאַט פלעגט אַרויסגיין אין גאַס איז געווען אַ „גוט־מאָרגן" נאָך אַ „גוט־מאָרגן" און אַ „גוט־שבת" נאָך אַ „גוט־שבת". און וואָס איז דאָ אויף פּיטקין עוועניו? גאָרניט. יקותיאל גאָלדבלאַט איז אַ שטעקן ביי מאַק־ענען אין טשעין סטאָר. און וואָס איז דאָ אַ קונה? אויך גאָרניט, אַ „קאַסטאָמער" — אַ פּוס מיט אַ נומער. ער צאָלט אָפּ די עטלעכע דאָלער, נעמט צו דעם „טענק יו", פאַרמאַכט די טיר און אויס. ניט דו ווייסט ווער ער איז, און ניט ער ווייס ווער דו ביסט, אַ הפקר. ווען מען זאָל גאָלדבלאַטן ניט אָפּשטעלן אינמיטן, וואָלט ער געקענט דערציילן אַ גאַנצע נאַכט וועגן זיין מלוכה אויף סוראַזשסקע גאַס. נאָר ביאָמע כורגין שטעלט אים געוויינטלעך אָפּ מיט איין פראַגע, און אויף דער פראַגע האָט גאָלדבלאַט קיינמאָל קיין ענטפער ניט, און רייסט איבער דאָס ריידן.

— נו, און נאָכן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם בענקסטו אויך? — דאָס איז די פראַגע.

גאָלדבלאַט קומט געוויינטלעך אין קרעטשמע דינסטיק, ווייל דינסטיק גייט זיין ווייב דאַלמאַציע אויף אַ מיטינג, און ער „כאַפּט זיך אַריין אין קרעטשמע דערהאַלטן די נשמה".

דאַלמאַציע, וואָס האָט זיך אַמאָל גערופן דוואַשקע, האָט זיך צוגעזויגן צו אַמעריקע ווי אַ שוואָם צו אַ פּיעץ, און זויגט, און זויגט און זויגט, אַז עס איז גאָר קיין שיעור ניטאָ.

דאַלמאַציע איז פאַרליבט אין אַמעריקע צוליב צוויי זאַכן. די מואווינג פּיקטשורס און די „סעילס" — אויספאַרקויפן... דריי מאָל אַ וואָך גייט זי זען „סעילס". און נאָכדעם הייבט מען אָן ברענגען אין שטוב אַריין גאַנצע באַגאַזשן. לאָמפּן, טישלעך, סערוועטן, און איבערהויפּט קליידער. אַ גרין קלייד, און אַ רויטס, און אַ שוואַרץ, און אין קעסטעלעך און מיט פּאַסקלעך, און אין קיי־קעלעך, און מיט קנעפּלעך, און מיט זיפּערס...

דאַלמאַציע זאָגט, אַז ווען זי לעבט אָפּ אין ביאַליסטאָק אויף סוראזשסקע גאַס הונדערט יאָר, וואָלט זי אַזעלכע קליידער ניט געקויפט, ווי זי קויפט זיך דאָ אין איין חודש.

— צו מיין דאַלמאַציע אין קליידער־שראַנק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ

ניט־גוטער און רייצט, און רייצט, און רייצט, אַז ס׳איז גאָר קיין געגוג ניטאָ. — אַזוי זאָגט גאָלדבלאַט. און אַז ער רעדט, זעט מען, אַז עס עסט אים אויף. אַז ער דערציילט וועגן דאַלמאַציעס קליידער, דערציילט ער שוין אויך וועגן אירע וויזיט־קאַרטלעך.

— זי האָט זיך אָפּגעדרוקט וויזיט־קאַרטלעך. אויף די וויזיט־קאַרטלעך שטייט „דאַלמאַציע גאָלדבלאַט" מיט קליינע אותיות, און „מאַק־ען סטאַר" מיט גרויסע קידוש־לבנה אותיות, אַזוי אַז דער „גאָלדבלאַט" זעט זיך כמעט ניט אַרויס. „צו וואָס דאַרפסטו אַליין מיט דיינע אייגענע הענט באַגראָבן דיין נאָמען גאָלדבלאַט? ווער איז דיר מאַק־ען? וואָס איז דיר מאַק־ען, וואָס דו האָסט אויף דיין וויזיט־קאַרטע אים אַרויסגעשטעלט פון סאַמע פראָנט?"

אַזוי טענהט צו איר יקותיאל גאָלדבלאַט, אָדער, ווי מען רופט אים אין קרעטשמע, „מאַק־ען".

דאַלמאַציע האָט איין תירוץ: אַז מען דערזעט „מאַק־ען סטאַר" לויפט מען איר אַנטקעגן, ווי צו אַ קייסעריניע. און וואָס איז גאָלדבלאַט? גאָרניט... וואָס איז די נפקא מינה דער נאָמען, אַבי מען לויפט אַנטקעגן... אַזוי זאָגט אים דאַלמאַציע און קייט די טשוואינג גאַם.

אין די טעג, וואָס זי גייט ניט צו קיין „סעיל", זיצט דאַלמאַציע ביים טעלעפאָן און מאַכט „קאָנעקשאָנס".

— אַ דזשאָב דאַרף מען באַקרעפטיקן מיט „קאָנעקשאָנס". — אַזוי זאָגט זי און האַלט אין איין מאַכן וויזיטן צו אַלע „מאַק־ענס" פון ניו־יאָרק, צו זייערע קאַרד־פּאַרטיס, צו זייערע געבורטסטעג, צו אַלע שמחהלעך.

— דו קענסט ניט אַמעריקע, — זאָגט זי. — איין טאָג קענסטו דאָ ניט איבערלעבן אָן „קאָנעקשאָנס".

אַז גאָלדבלאַט האָט זיך היינט אַריינגעכאַפּט אין דער קרעטשמע איז ער געווען בלייך און פאַרזאָרגט. בלויז די וואָנצעס האָבן קוים געהאַט דעם שטאָלצן אויסזען פון יקותיאל גאָלדבלאַט.

— מיין דאַלמאַציע איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָנג איילענד. זי האָט איבער־געלאָזן אַ צעטעלע אַז זי וועט קומען שפּעט. עפּעס אַ פּאַרטי ביי אַ מאַק־ען.

גאָלדבלאַט האָט געשפּילט אין פּינאָקל. עס איז אים גראָד ניט גוט געגאַנגען אין די קאָרטן, נאָר ער פלעגט אַלע ווײַלע אַרויסנעמען דעם זייגער, זען, ווי שפּעט עס איז. פון דער קרעטשמע איז ער אַוועק דער לעצטער. עס איז שוין געווען צוועלף אַזייגער ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן.

— מיין דאַלמאַציע איז נאָך מסתם ניט געקומען פון אירע „קאָנעקשאָנס". איר הערט, אַמעריקע האָט ביי מיר צוגענומען ניט נאָר יקותיאל גאָלדבלאַטן, נאָר דוואָשקען אויך, נאָר זי האָט כאָטש הנאה דערפון.

ער האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און האָט אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף גיין... אין ניין שעה אַרום דאַרף מען שוין עפענען די סטאָר אויף פּיטקין עוועניו.

# שלום משה

שלום משה פאַרמאָגט דריי זאַכן, און אַלע דריי האָט ער שטאַרק ליב. ער האָט אַ דריי־שטאָקיק הויז אויף טאַראַטאָגאַ עוועניו, טאַקע דאָס הויז, וואו עס וווינט ניאָמע כורגין; ער האָט אַ ווייב, גינע, און ער האָט אַ זילבערנעם ציגאַר־שפּיץ, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ קאָפּ פון אַ וואָלף. שוין פינף און צוואַנציק יאָר, ווי ער האָט דעם ציגאַר־שפּיץ, גענוי אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס ברענט ביי אים די שנאה צו סעמעק פּיליצער, אָדער סעמעק פלאַדער, ווי שלום משה רופט אים, זינט דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט אין יידישן טעאַטער אַ שטול לעבן אַ שטול.

כאָטש די מעשה האָט זיך פאַרלאָפן מיט אַ סך יאָרן צוריק, געדענקט שלום משה יעדן ריר, ווי עס זאָל געשען נעכטן. ער געדענקט אַפילו, ווי סעמעק פּיליצער האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין ווייב, ווען ער האָט געטראָפן שלום משהן זיצן אין דער זעלבער ריי און אַ שטול לעבן אַ שטול. דערנאָך האָט סעם פּיליצער אַ רייב געטאָן די הענט און האָט צוגערופן דעם בחור אין די קנעפּ, וואָס שטייט ביי דער טיר, ער זאָל אים בייטן די פלעצער. (שלום משה זאָגט, אַז עס האָט זיך אים אין יענער רגע אָפּגעריסן אין האַרצן). קיין אַנדערע פלעצער אין דער זעלביקער ריי זיינען ניט געווען, פוילט זיך ניט סעמעקל פּיליצער און גייט אַוועק צו דער קאַסע בייטן די בילעטן, און ער האָט אַוועקגעטראָגן זיין פליך און זיין ווייב, מיט צוויי שורות העכער. ער האָט ניט פאַרגונען, אַז שלום משה, אַן אַפּרייטער ביי אים אין שאַפּ, זאָל זיצן מיט אים אַ שטול לעבן אַ שטול אין טעאַטער.

אַז שלום משה דערציילט די מעשה פאַרגעסט ער קיינמאָל ניט צוצוגעבן:

— איין זאַך האָט ער פאַרגעסן, סעמעקל פלאַדער. ער האָט פאַרגעסן, אַז עס איז אַמעריקע... און דעמאָלט האָט שלום משה אָפּגעמאַכט ביי זיך, ער עפנט אַ שאַפּ. און גלייך אויפמאָרגן איז ער אַוועק און האָט געקויפט דעם זילבערנעם ציגאַר־שפּיץ, מיטן וועלפענעם קאָפּ, פונקט אַזאַ, ווי סעם פּיליצער האָט געהאַט, און איז געקומען מיטן ציגאַר־שפּיץ אין מויל אין שאַפּ אַריין... אין צוויי וואָכן אַרום האָט זיך אים אונטערגערוקט אַ שותף מיט געלט און ער האָט אַרויסגעשטעלט סעמעק פּיליצער אַ פייג.

— קיין פייג אויף דער וועלט איז ניט אַזוי זיס, ווי די, וואָס איך האָב דעמאָלט אַרויסגעשטעלט סעמעקל פלאַדער.

שלום משהס ווייב רופט מען אין הויז מיסיס אַקון, נאָר פאַר אים, פאַרן בעל־הבית, איז גענוג שלום משה, אָן אַ מיסטער און אָן אַן אַקון. און כאָטש די מיסיס אַקון רופט איר אייגענעם מאַן פאַר מענטשן — אין די אויגן און אונטער די אויגן — מיסטער אַקון, העלפט עס ניט. די מענטשן בלייבן ביי זייערס און רופן אים שלום משה.

היינט האָט שלום משה אַ גוטן טאָג. נעכטן האָט מען אים „געוואוט" פאַר פּרעזידענט ביי די „אנשי אהבת ישראל". זיצט ער איצט אויף דער גריבער באַנק, וואָס שטייט לעבן זיין הויז, און דערציילט זיינע שכנים, ווי ער איז געוואָרן פּרעזידענט אין דער פערטער סאָסייעטי.

— אַז איך האָב געוואָלט אָט דעם „צילינדער", סעמעק פלאַדער, אַראָפּ־זעצן פון בענקל, האָב איך עס געמאַכט... וואָס איז דאָ לאַנג צו ריידן? איך האָב זיי דערלאַנגט צו דער „אַניווערסאַרי" אַ טשעקל מיט צוויי „זיראָס"... ער, סעמעק פלאַדער, איז אַזש ווייס געוואָרן. ער האָט שוין געוואוסט, אַז זיין טערמין ענדיקט זיך. נעם זשע, סעמעק פלאַדער, און דערלאַנג אויך אַזאַ טשעקעלע? איז ניין, קוועטשט אים די נשמה. קאַרג איז ער ווי אַ הונט, און כבוד וויל ער פרעסן, ווי אַן ענדיק. נו, האָבן זיי מיך אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט, קאָסט עס מיך אַ הונדערטער.

שלום משה קוקט אַריין אין דעם חלל פון דעם וועלפּישן קאָפּ וואָס ביי אים אויפן ציגאַר־שפּיץ, פּונקט ווי פון דאָרטן זאָל ער אַרויסנעמען זיינע מעשׂות, און מעשׂות זיינען דאָרט פאַראַן אַ סך, אָן אַ שיעור.

מיסיס אָקון האָט פיינט, וואָס איר מאַן דערציילט זיינע „מאַנסעס" די שכנים. אַז קיינער איז ניטאָ דערביי מוסרט זי איר מאַן:

— שלום, שוין פופציק יאָר ווי דו ביסט אויס אַפּרייטער, וואָס האָסטו זיי צו דערציילן „מאַנסעס"? דו האָסט אַ זון אַ דאָקטער, סע פּאַסט ניט פאַר אים אויך... שלום משה!...

איצט רופט די מיסיס אָקון שוין דעם צווייטן מאָל דעם מאַן אירן אין שטוב אַריין; זי וויל אים אַוועקנעמען פון דער באַנק.

— מיסטער אָקון, אַן אימפּאָרטענט טעלעפאָן...

— ענטפער אַליין, — רופט זיך אָפּ שלום משה און רירט זיך ניט פון אָרט. ער הייבט גאָר אָן צו דערציילן אַ נייע מעשׂה, ווי דער סעמעק פלאַדער האָט געוואָלט אויסוואַקסן אויף די „רעפּיודזשיס", ווערן אַ טשערמאַן פון פאַנד.

— אַ צונג האָט סעמעק פלאַדער, וואָס זי געהערט דעם רבונו של עולם; אַ קעשענע, וואָס געהערט דעם טייוול, און אַ נשמה וואָס געהערט זיין ווייב ווירדזשיניע. אַז ער וויל ווערן אַ טשערמאַן, שטעלט ער זיך אַוועק האַלטן אַ ספּיטש:

„אונדזערע הערצער מוזן זיך עפענען פאַר אונדזערע אומגליקלעכע ברי־דער, לאָמיר פאַר זיי עפענען אונדזערע קעשענעס..."

— און וויפיל, מיינט איר, האָט ער געגעבן, סעמעקל פלאַדער? אַ פינפערל האָט ער געגעבן... און געוואָלט מען זאָל אים אויסקלייבן פאַר טשערמאַן. נו, האָב איך אָפּגעקויפט די בכורה, און אַז דער עולם האָט אָנ־געהויבן דערלאַנגען די קיילעכדיקע האַלבע דאָלערס, בין איך זיי פאַרפאָרן מיט אַ פינף־און־צוואַנציקער. סעמעקל פלאַדער האָט באַלד אָנגעהויבן שטאַמ־לען און דער עולם האָט „געוואוט" פאַר מיר.

די מיסיס אָקון האָט אים דורכן אָפענעם פענצטער אָנגעזאָגט, אַז עס שטייט שוין פאַר אים די קאַווע אויפן טיש.

— מיסטער אָקון, די קאָפע ווערט קאַלט...

— אָלרייט — האָט שלום משה געענטפערט און איז געבליבן זיצן.

אַז צו דער חברה אויפן באַנק איז צוגעקומען ניאָמע כורגין און רחל, איז שלום משה אַוועק און האָט אַרויפגעטראָגן פון קעלער נאָך אַ באַנק.

געטראָגן די באַנק האָט ער גרינג. אַז שלום משה גיט אַ הויב אַ באַנק, דאַכט זיך, אַז זי איז אַ פּאַפּירענע. ער האָט זי אַ קירעווע געטאָן, אַז זי זאָל שטיין גלייך לעבן דער גרינער באַנק. צוליב די נייע צוהערער, ניאָמע כורגין און רחלען, האָט שלום משה אָנגעהויבן דערציילן אַ נייע מעשה מיט נייעם ברען. שלום משה דערציילט זיינע מעשות אָן גאווה; פאַרקערט, עפּעס ווי מיט אַ ביסל חוזק, און אַ ביסל צו להכעיס.

— אַ קונץ איז ווערן אַ פּרעזידענט? אַ קונץ איז "יענעם" ניט לאָזן יווערן!

און אַז שלום משה זאָגט "יענעם", מיינט ער דאָס סעם פּיליצער.

— סעמעקל פלאַדער איז שיעור ניט אַריינגעפאַלן אין דער ערד, ווען מען האָט צוגעבויט די נייע געביידע צו די "רודפי שלום". נו, געוויינלעך, מאַכט מען דאָך אַ יום טוב. ווער זשע וועט פירן דעם יום טוב? גייט שוין אַרום דער "צילינדער" און בלאָזט זיך, און רופט אויפן טעלעפאָן, סע קאָכט זיך... האָב איך אָנגעשטעלט דעם "בוטשער" אונדזערן, אַנשלען. ער איז דאָך אַ ייד אַ גביר, ער האָט פיר "סטענדס" אין איסט ניו יאָרק און אין בראָנזוויל, זאָג איך אים:

— מיסטער סיגל, שוין צייט איר זאָלט ווערן אַ מענטש...

גיט ער אַ פלאַם אויף, ווי אַ שטרוי:

— וואָס פעלט מיר? וואָס איז? איך בין ערגער ווי אַנדערע?

— אָט וועט מען "באַנעצן" דעם דאָך ביי די "רודפי שלום", פאַר וואָס זאָלט איר ניט זיין טשערמאַן? וויניק האָט איר אַריינגעלייגט אין דעם?

מיסטער סיגל איז אַזש רויט געוואָרן פון פאַרגעניגן.

— טאָקע, פאַרוואָס ניט? אויב מען וועט פאַר מיר "וואוטן"?

— אַז מען שמירט, פאָרט מען.... אויב איר וועט דערלאַנגען אַ פליישיקע סעודה — וועט מען "וואוטן"...

מיסטער סיגל האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און אָנגעהויבן ריידן ענגליש:

— "וואָט אַר יו טאָקינג אַבאַוט?" עס איז דאָך הונדערט דאָלער....

— חצי, חצי, מיסטער סיגל, — האָב איך אים צושטייער געגעבן, — אַלע טאָג גייט מען ניט צו קיין "באַדעקנס" ביי די "רודפי שלום"...

— נו, וועלכער ייד זאָגט זיך דאָס אָפּ צו זיין אַ טשערמאַן? האָט זיך אַנשל אויך ניט אָפּגעזאָגט. סעמעקל פלאַדער האָט נאָך דער געשיכטע פאַרלאָרן אפשר פופצן פונט...

די מיסיס אָקון האָט נאָך אַ מאָל געפּרוּאווט אָװעקרופן דעם מאַן פון דער גרינער באַנק. זי האָט אַריבערגעבויגן דעם קאָפּ דורכן פענצטער און האָט געשטראָפט דעם מאַן אויף ענגליש:

— מיסטער אָקון, "וואָט'ס די מעטער וויט יו". — און אַזויווי דאָס רופן האָט דאָס מאָל אויך ניט געהאָלפן, איז מיסיס אָקון אַליין אַראָפּגעקומען.

די מיסיס אָקון האָט ניט ליב צו זיצן מיט די "טענענטס". זי גיט זיי אָפּ דעם שיינעם "האַלאָו", זי שענקט זיי אַוועק דעם פיינעם שמייכל, זי נעמט ביי זיי צו די "רענט", נאָר מער וויל זי זיי ניט קענען. איצט אַז זי איז אַראָפּ־

געגאַנגען פון די שטיגן און איז צוגעגאַנגען צו די צווי בענק, האָט זי זיך ניט אָוועקגעזעצט. זי איז אַ ווײַלע געשטאַנען, דערנאָך האָט זי אַזוי פאַר־זיכטיק אַ הייב געטאָן דאָס קלייד, ווי זי זאָל טראָגן אַ גלעזערנע אונטער־קליידל, און האָט זיך צוגעזעצט אויפן טרעפּל פון גאַניק, פונדערווייטנס, הייסט עס, און זי האָט אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— מיסטער אָקון, פּליז, אפשר וועט שוין זיין גענוג...

נאָר איר מיסטער אָקון איז איצט געווען זייער ווייט פון פאָלגן זי. ער האָט גאָר אַריינגעקוקט אין חלל פון וועלפישן קאָפּ פון זיין ציגאַר־שפּיץ, זעט אויס שוין געזוכט דאָרט נאָך אַ מעשה, און טאַקע באַלד האָט ער אָנ־געהויבן:

— אַז „זיין" זון און מיינער זינען געגאַנגען אין היי־סקול, האָט מיינער געהאַט אַ בעסערן קאָפּ.

נאָר דאָ האָט שלום משה איבערגעריסן, ווי מען זאָל אים די רייד איבערשניידן מיט אַ מעסער, און די מיסיס אָקון האָט זיך אַ הויב געטאָן, און האָט אויסגערופן:

— „דהי דאָקטער!"...

פון אַ גרויסער מאַשין מיט אַ לאַנגן גלאַנציקן שנאָבל איז אַרויס זייער זון ראָבערט, דער דאָקטער. איצט האָט זיך שלום משה אויפגעהויבן פון דער גרינער באַנק. ער האָט בלויז מיט די אויגן און מיט אַ מאַך פון דער האַנט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיינע צוהערער, ער האָט צוגענומען ביים זון פון האַנט דאָס רענצל און אַלע דריי זיינען אַוועק „אַפּסטערז". נאָר שלום משה האָט מיטן רענצל אין האַנט זיך נאָך אומגעקערט און האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ פינטל פון אויג:

— איך וועל אייך זאָגן בקיצור: כל זמן איך לעב, וועט סעמעקל פלאַדער קיין פּרעזידענט אין בראָנזוויל ניט זיין...

## די אחים

אַז אַ מענטש ווערט פלוצלינג רייך, איז עס אויף קיין זאַך ניט אַזוי קענטיק, ווי אויף די אויגן און אויף די לאַצן. די אויגן ווערן שטייף און די לאַצן ווערן שטייף. אָבער ביי סעמען, דעם עלטסטן פון די „אַחים", איז עס געווען קאָנטיק נאָך אויף איין זאַך: ער האָט געטראָגן אויפן קליינעם פינגער פון דער רעכטער האַנט אַ פינגערל מיט אַ גרויסן גרינעם שטיין, גרויס ווי אַ מצה.

די „אַחים" זיינען רייך געוואָרן פלוצלינג אין איינע דריי־פיר יאָר. און פון וואָס? פון כריין. אין דער „קרעטשמע" האָט מען זיך היינט געריכט אויף זיי צו די חנוכה־לאַטקעס, און רחל האָט געזאָגט, אַז עס וועלן זיין ניט גלאַט לאַטקעס, נאָר לאַטקעס מיט „עפּעס". און טאַקע היינט האָט הערי דער קורצער געבראַכט די לעצטע בייס וועגן די „אַחים" אַז זיי זיינען שוין ניט „אייזנער בראָדערס", נאָר „אייזנער בראָדערס ענד קאָמפּאַני"... זיי זיינען

שוין, זעט אויס, אַוועק העט העט ווייט... און ניאָמע כורגין האָט זיך דערמאָנט ווי זיי האָבן געבאָרגט דעם ערשטן פינף־און־צוואַנציקער אויף דיגגען די כריין־סטאַרקע.

— פינף דאלער האָב איך זיי געגעבן, פינף ער, הערי דער קורצער, פינף דאלער האָט זיי געגעבן שיינפעלד, און נאָך צוויי פינפערלעך, געדענק איך ניט ווער, דאַכט זיך דער בחור, אָדער...

נאָר איידער ניאָמע כורגין האָט זיך דערמאָנט ביי וועמען מען האָט גע־נומען די פינפערלעך, זיינען אָנגעקומען די „אחים" אַליין, סענדער און שאולקע — סעם און סעמעק.

די אַחים, ווען זיי זיינען נאָך געווען אָפּרייטערס, פלעגן אָפּזיצן ביי ניאָמע כורגין אין „קרעטשמע" גאַנצע אָוונטן, איבערהויפּט ווען עס איז קיין אַרבעט ניט געווען, אין „סלעק", און איצט אַריינקומענדיק האָבן זיי זיך באַלד דערפילט היימיש און זיך אַוועקגעזעצט.

סעם האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף רחלען, דערנאָך זיי פאַמעלעך איבערגעפירט אויף ניאָמע כורגין און זיי אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס מאַכט מען?

אָפּגעטאָן די אַרבעט, האָט סעם גענומען רייניקן זיין פּיפּקע און דערנאָך זי אָנפילן מיט טאַבאַק (די טאַבאַק האָט ער געהאַלטן אין אַ זילבערנער פעסעלע מיט צוויי אויערלעך), און דערנאָך האָט ער גענומען אָנצינדן די פּיפּקע, און שוין מיט דער פּיפּקע אין מויל אַ פרעג געטאָן ביים גאַנצן עולם אין אַלגעמיין:

— נו, וואו זיינען די לאַטקעס?

ניאָמע כורגין האָט זיך, זעט אויס, געקליבן אים ענטפערן אויףביידע פראַגעס צוזאַמען, און ווי זיין שטייגער איז, האָט ער דערוויל פאַמעלעך אויפגעדרייט אַ סיגאַרעט, נאָר אין מיטן דערינען האָבן זיך אויפן טיש באַוויזן צוויי פלעשער „לאָרד קאַלווערט" יי״ש. אַוועקגעשטעלט האָט זיי סעמעק, דער יינגערער פון די „אחים", און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ברידער אָפּרייטערס, לאָמיר מאַכן לחיים!

הערי דער קורצער האָט אַ קוק געטאָן אויף די פלעשלעך.

— אַנדערש טרינקסטו שוין ניט ווי נאָר לאָרד קאַלווערט?

— אַז מען טרינקט, טרינקט מען מיט אַ לאָרד, וואָס דען מיט אַן אָפּרייטער וועט מען טרינקען? — האָט סעמעק אָפּגעענטפערט, און דערביי האָט ער אַ הייב געטאָן די ברעמען אַזוי קונציק, אַז זיין קאַפּעלוש האָט אָנגעהויבן טאַנצן איבערן שטערן. סעמעק האָט געפירט מיט די ברעמען פון איין אָפּרייטער צום צווייטן און דער קאַפּעלוש האָט זיך געהויבן ווי אַ לעבעדיקער; דער קאַפּעלוש האָט „געאַרבעט" און סעמעק האָט דערוויל גע־עפנט די פלעשער יי״ש. דער עולם האָט געלאַכט:

— בראַוואָ, שאולקע, בראַוואָ, סעמעק!

זיין עלטערער ברודער, סעם, האָט, זעט אויס, ניט געוואוסט פון די צוויי פלעשער „לאָרד" וואָס זיין ברודער האָט מיטגענומען. ער האָט אויך

ניט דערוואַרט, אַז סעמעק זאָל אָנהויבן היינט אין קרעטשמע ווייזן זיינע אַלטע שטיק מיטן קאַפּעלוש, ווי ער פלעגט עס טאָן אין די אַמאָליקע צייטן. סעם האָט אַרויסגעאָטעמט פון זיין פּיפּקע עטלעכע געדיכטע רויך־זיילן, איינס נאָכן אַנדערן, און זיין פּנים איז געבליבן ווי אונטער אַ פּאַרהאַנג.

נאָכן ערשטן לחיים איז סעם אַוועק, נאָך איידער מען האָט דערלאַנגט די לאַטקעס. ער מוז נאָך איצט פאָרן אין אַסטאָר האָטעל, ער דאַרף זיך דאָרט מיט עמעצן טרעפן, האָט זיך סעם פאַרענטפערט.

ניאָמע כורגין האָט געשאָקלט מיט דער האַנט, און אַזוי ווי אין האַנט האָט ער געהאַלטן זיין רויכערדיקן פּאַפּיראָס, האָט ער געשאָקלט מיטן רויך צו סעמען:

— אַ פּראָסטער מענטש קען דאָך ווערן אַ פּרעזידענט אויך אין די יונייטעד סטייטס, וואָס זשע אַנטלויפסטו פון דער „קרעטשמע", וואָס?

— אַ ליידי וואַרט — האָט זיך סעם דערלויבט אַ וויץ, און איז אַוועק־געגאַנגען.

אַז סעם איז אַוועק, האָט די „קרעטשמע" אָפּגעאָטעמט. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען די באַזונדערע מעשׂות וועגן דעם כריין. הערי דער קורצער האָט דערמאָנט סעמקען, ווי ער איז מיט אים געגאַנגען דינגען די כריין־סטאָרקע:

— דו געדענקסט, סעמעק, די גאַנצע „סטאָרקע" אויף עמבאָי סטריט האָט אויסגעזען, ווי אַ „פּעיפּער באַקסל", שמאָל און קליין...

סעמעק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— צי איך געדענק? איך געדענק נאָך, ווי איך האָב געקויפט פאַרטאָג אויפן מאַרק דעם ערשטן זאַק כריין. אַליין געבראַכט אויפן פּלייצע דעם ערשטן זאַק כריין, זיך געשטעלט רייבן און געוויינט, ווי איך בין אַן אַפּרייטער!

— קיין ריכטיקער אַפּרייטער ביסטו קיינמאָל ניט געווען; אַ נס, דו האָסט זיך גענומען צום כריין, — האָט ניאָמע כורגין געזאָגט.

ערשט איצט איז סעמעק אַריין אין ברען:

— וואָס כריין? מיר וואָלטן געבליבן קבצנים מיטן כריין אויך, מיר וואָלטן נאָך באַדאַרפט גיין זיך בעטן צוריק צו לעווינטשיקן אין שאַפּ אַריין. דער נס איז געווען אַן אַנדערער. אָט וועל איך אייך דערציילן: אַז איך האָב דערזען, אַז מיר רייבן דעם כריין און די „דזשאַרעלעך" אין פענצטער שטייען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז ביטער... בין איך געפאַלן אויף אַ המצאה: איך בין אַוועק צו אַ דרוקער און אים געהייסן אָפּדרוקן אויף בלויע צעטעלעך „אימפּאָרטעד", און די צעטעלעך צוגעקלעפּט צו די סלאָאיקעס. אָט אַזוי ווי אַ כשוף זאָל אַריינקומען אין דער סטאָרקע. די סלאָאיקעס האָבן זיך אַ ריר געטאָן און זיי זיינען אַוועק...

סעמעק האָט דערציילט, ווי זיי האָבן די „אימפּאָרטעד" כריין געפּאַקט אין גרינע פּאַפּירענע זעקעלעך און צוגעשנאַלט מיט אַ גומקע, און די עמבאָי סטריט, און די הערצל סטריט, און די שטרויס, און די האָפּקינס עווענין האָבן אָנגעהויבן עסן „אימפּאָרטעד" כריין, און די „אַחים" האָבן זיך איבערגעצויגן

פון עמבאָי סטריט אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו, ביז מען איז דערגאַנגען צו פּיטקין, מיט אַ גרויסן שוי־פענצטער, מיט בלומען, מיט לייטערלעך פון פאַר־שיידענער גרויס, אַלץ מיט כריין, „דאָמעסטיק" און „אימפּאָרטעד". דעמאָלט טאַקע האָט זיך סעם געקויפט דאָס פינגערל וואָס ער טראָגט, מיט דער גרינער מצה.

דער עולם אין קרעטשמע איז געווען פאַרפּלאָמט און האָט זיך איינגעהערט, ווי די „אַחים" זיינען געוואָרן „אייזנער בראָדערס ענד קאָמפּאַני", און רחל האָט היימיש אַ פרעג געטאָן:

— און ווער פאַרזוכט אייך איצט דעם כריין? געדענקסט, איר פלעגט קומען צו מיר מיט אַ „דזשאַרעלע", איך זאָל פאַרזוכן?

— איצט האָבן מיר אַ „סיסטעם", און מיט אַ „סיסטעם" איז ניט שייך פאַרזוכן.

— עס פאַרזוכט זיך שוין אַליין, — האָט אים הערי דער קורצער אַרויס־געהאָלפן.

סעמעק האָט הנאה געהאַט דערציילן די מעשות פון זיין „פעקטאָרי" פאַר די ברידער אפּרייטאָרס. ער האָט אַ שנאָל געטאָן מיט אַ פינגער, האָט אַ הויב געטאָן דעם קאַפּעלוש אויפן שטערן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר הערט, אָט דאָס איז אַ מעשה... אַז מיר זיינען שוין געווען אויף פּיטקין עוועניו איז מען איינמאָל געקומען צו אונדז מאָנען „טעקסעס" פאַר די „אימפּאָרטעד" כריין. — פונוואַנען אימפּאָרטירט איר? וויפל כריין?

— סענדער האָט גאָרניט געוואוסט, וואָס זאָל ער דאָ מאַכן, און איך ווייס אַ כלל: דער בעסטער מיטל צו געזונט איז פותר חלום זיין. זאָג איך צום באַאמטן: דו ווייסט, סער, וואָס מיר האָבן דאָ אימפּאָרטעד? דער באָבעס ריבאייזן פון דערהיטשן... דער באַאמטער איז גראָד געווען אַ ייִד, און ער האָט זיך אָנגעקוועטשט לאַכן, לאַכט ער נאָך איצט. אַז ער האָט זיך שוין גוט אויסגעלאַכט, זאָגט ער צו אונדז שטרענג:

— נאַרט איר דאָך אָפּ די ערלעכע מענטשן, איר שרייבט דאָך „אימ־פּאָרטעד"?

— סער, זאָג איך אים, עס שטייט דען ביי אונדז אויף די צעטעלעך „אימפּאָרטעד כריין"? ניין, עס שטייט פשוט: „אימפּאָרטעד". ווען די ליידיס זאָלן שכל האָבן פרעגן, וואָס אימפּאָרטעד, — וואָלט איך זיי דען געזאָגט אַ ליגן? איך וואָלט זיי געזשאַלעוועט זאָגן וועגן די ריבאייזנס? נאָר אַז זיי פרעגן ניט, מסתם איז דאָך פאַר זיי גוט אַזוי... ביי אונדז קויפן איצט די וויבער, עקסקיוז מי, די ליידיס, מיט די גרינע פעדערן... איר הערט, ברי־דער, — איז סעמעק אַריין אין ברען, — די ליידיס מיט די גרינע פעדערן זיינען גאָר אַ באַזונדער מין ליידיס... זיי רײדן אי אײדל, אי מיט אַ טענה. „וויל יו פּליז גיוו מי"... הויבן זיי אָן, און מען גיט אַ שטעק אַרויס אַ פינגערל אין אַ הענטשקעלע, און מען גיט אַ וויַז אויף אַ דזשאַרל כריין... וואָס העכער עס איז דער פעדער אין הוט, אַלץ קלענער איז דאָס פינגערל, וואָס זי שטעקט אַרויס. און פון וואַנען האָבן זיך דערנומען אויף פּיטקין עוועניו

אַזויפיל לײדיס. איך זאָג אײך, איך שטײ אַן אַנדערש מאָל און טראַכט: אַ ניכפּע זאָל דאָס נעמען, דער טאַטע שוויצט ערגעץ אין אַ שאַפּ, אָדער בײ אַ „סעיל", און דאָס גײט אַרויס מיטן גרינעם פּעדער און „פּליז"-קעט... — נו, לאָמיר מאַכן נאָך אַ מאָל לחיים...

דערנאָך זײנען געקומען די לאַטקעס מיט „עפּעס". רחל האָט געהײסן צאָלן אַ ניקל אַ לאַטקע.

— וואָס עפּעס? רחל וויל שוין אויך רײך ווערן? — האָט זיך סעמעק געדונגען.

ניאָמע כורגין האָט אים געמוסרט:

— אַז דו ביסט אויף פּיטקין עוועניו, האָסטו שוין גאָר פאַרגעסן, וואו מען איז אין דער וועלט... ניטאָ קײן מלחמה?... ניטאָ קײן פּליכטלינגע?...

סעמעק האָט זיך פּאַסמאַקעוועט: אַ ניקל אַ שטיק! אַ „באַרגן". אַזעלכע לאַטקעס קריגסטו ניט אין „אַסטאָרקע" רעסטאָראַן....

ווען עס איז אָבער געקומען צום צאָלן, האָט רחל געהײסן סעמעקן „אָפּשטעקן" אַ פּאַפּירל אַ לאַטקע. סעמעק האָט זיך געדונגען, ניט מיט ווערטער, נאָר מיטן קאָפּעלוש... דער קאָפּעלוש האָט געטאַנצט און געענטפערט רחלען אויף אירע טענות, אַז פאַר די „אײזנער בראָדערס ענד קאָמפּאַני" קאָסט טײערער.

— נו, אײנער פון די „אַחים" איז נאָך געבליבן אַן אונדזעריקער; דער אַנדערער, סעם דײנער, איז שוין אַוועק צו די גרינע פּעדערן...

אַזוי האָט זיך ניאָמע כורגין געזעגנט מיט סעמקען.

סעמעק איז געווען שטאַרק צופרידן פון קאָמפּלימענט. ער האָט זיך אַזש איבעראַנייס צוגעזעצט, און שפּעטער, שוין שטײענדיק אין טיר, האָט ער געזאָגט:

— „עניטאַים" וועל איך נאָך אָפּגעבן פינף דינערס בײ „אַסטאָרקען" פאַר אײן שנאַפּס אין דער קרעטשמע. איר הערט, „עניטאַים"...

אַז סעמעק איז אַוועק, האָט הערי דער קורצער אַ זאָג געטאָן:

— מיר וועלן זען ווי לאַנג ער וועט האַלטן וואָרט...

ניאָמע כורגין האָט געשוויגן. ער האָט פאַמעלעך, ווי זײן שטײגער איז, אויפגעדרײט אַ סיגאַרעט.

## ד י „ק ר אָ"

הערי דער קורצער האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן טראָגן שײנע קראַוואַטן, דאַלערדיקע, און אין „קרעטשמע" האָט אָנגעהויבן אַרײנקומען בעלאַ מאָנ־טשינקע, דאָס מײדל, וואָס האָט געאַרבעט אין דראָגסטאָר אויפן ראָג גאַס.

בעלאַ האָט אײנמאָל געטראָפן רחלען לעבן הויז און האָט איר געהאָלפן אַרויפטראָגן די פּעקלעך אין שטוב אַרײן.

— לאָזט, וועל איך אײך העלפן, — האָט זיך בעלאַ אַלײן אָנגעבאָטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי געבראַכט רחלען אַ סערוועט, וואָס זי האָט געקויפט אויף אַ סעיל, „אומזיסט".

רחל האָט אַ לייג געטאָן דעם סערוועט אויפן טיש, האָט ער זיך אַזוי ווי צוגעקלעפּט, און די גאַנצע שטוב האָט אויפגעלויכטן. רחל האָט ניט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון סערוועט און האָט אים גענומען.

פון דעמאָלט אָן האָט בעלאַ אָנגעהויבן זיך אַריינכאַפּן אין קרעטשמע. זי פלעגט אַריינקומען מיט די דריי בייטשלעך פּערל אַרום האַלדז און זיך זעצן ביים טיש אַנטקעגן הערי דעם קורצן. קיין שיינע איז בעלאַ ניט געווען, מיט ברייטע שטאַרק צוגעפּאַרבטע ליפּן און די האָר פּאַרקעמט מיט אַזאַ גלייכן שרונט אינמיטן קאָפּ, אַז עס פלעגט זיך דאַכטן, אַז בעלאַ זיצט אַ גאַנצע נאַכט און קעמט דעם שרונט, אַז אינדערפרי זאָל ער אַרויסקומען אַזאַ גליי־כער. און שיך פלעגט זי טראָגן ניט ווייניקער ווי צען־דאָלערדיקע.

בעלאַ האָט געהאַט אַ מאָדנעם שם אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. ערשטנס, האָט מען אויף איר געזאָגט, אַז זי וויל ניט חתונה האָבן. זינט דער ערשטער חתן אירער האָט זי געבראַכט אַ זעכצן־יאָריקע מיידל קיין אַמעריקע און האָט זי אין פיר יאָר אַרום אַוועקגעוואָרפן — האָט זי זיך געגעבן דאָס וואָרט ניט חתונה צו האָבן. און, צווייטנס, האָט מען אויף איר געזאָגט, אַז אין אַלע הייזער וואו זי דינגט זיך אַ „פורנישד רום" (אַ מעבלירטן צימער) פאַרליבט זיך אין איר דער באַלעבאָס. די ווייבער האָבן איר ניט געוואָלט פאַרדינגען קיין צימער צוליב דעם, און זי האָט באַדאַרפט וואוינען ערגעץ העט ווייט, אַזש אויף איסטערן פּאַרקוועי. די „קראָ" — האָבן זיי גערופן בעלאַן. די קראָ איז גלייכער אין שטוב ניט אַריינצולאָזן. בעלאַ האָט אָדער ניט געוואוסט, וואָס מען רעדט וועגן איר אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו, אָדער זי האָט זיך זייער גוט ניט וויסנדיק געמאַכט. די דריי שורות פּערל אויפן האַלדז, דער גלייכער שרונט אין מיטן קאָפּ, די ברייטלעכע שטאַרק־צוגעפּאַרבטע ליפּן זיינען געווען שטענדיק פונקט די זעלביקע, ווי אויסגעמאָלן איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויף אַ בילד.

איינמאָל אויפדערנאַכט, ווען הערי דער קורצער איז געגאַנגען אין „קרעטשמע", האָט ער דערהערט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם רוף:

— יו־ו־ו....

דער קול איז געווען אַ פריילעכער, אַ זומערדיקער, און הערי דער קורצער האָט אין דער זעלבער רגע זיך דערמאָנט, אַז עס איז טאַקע זומער, עס איז פאַרנאַכט, עס איז וואַרעם און דער ווינט הייבט די האָר אַרויף. דאָס אַלץ האָט ער זיך דערמאָנט און דערזען, אַז רופן רופט אים בעלאַ.

— איך גיי אויך אין „קרעטשמע", — האָט זי געזאָגט. — קומט וועלן מיר אַרויפגיין צוזאַמען.

די קרעטשמע איז געווען אויפן ערשטן שטאָק. פונדעסטוועגן האָט זיך הערין געדאַכט, אַז עס איז כדאי זיי זאָלן גיין דעם שטאָק צוזאַמען.

און נאָכדעם, אַז הערי פלעגט גיין אין דער קרעטשמע, פלעגט ער דער־וואַרטן אַז אַ פריילעכער קול זאָל אים אָפּרופן:

— יו־ו־ו...

טאָקע דעמאָלט האָט הערי דער קורצער אָנגעהויבן טראָגן שיינע ראַלערדיקע קראַוואַטן.

טאָקע דעם זעלבן אויפדערנאַכט, ווען בעלאַ האָט אַ רוף געטאָן הערין — יו־ו־ו, — האָט זי אים אויך געזאָגט, אַז ער שיט צופיל צוקער אין די טיי, בלויז איין לעפעלע איז גענוג, האָט זי געזאָגט, צופיל צוקער איז ניט גוט פאַר די נירן... בעלאַ האָט גערעדט שטיל. די שטאַרק רויטע ליפּן האָבן געברענט, נאָר די ווייסע הענט מיט די לאַנגע פינגער פון אַ דראָגסטאָר מיידל האָבן געגאָסן מיט קילקייט, מיט זומערדיקער קילקייט.

— וואָס וויל זי פון מיר? — האָט הערי דער קורצער געטראַכט, גייענדיק אַהיים פון דער „קרעטשמע". ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די פרויען רופן זי „די קראָ", און אים האָט עס פאַרדראָסן, זי האָט אַזאַ פריילעכע שטים און אַזעלכע ווייסע הענט. מערקווירדיק, וואָס מענטשן קענען אַלץ זאָגן.

אַז דער עולם אין „קרעטשמע" פלעגט זיך זעצן שפּילן קאָרטן, פלעגט בעלאַ אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אויף די עלנבויגנס און שווייגן. שווייגן האָט זי געקענט גרינג און שעהנוויז. שווייגן און דערלאַנגען אַ „טשואינגאַם". שווייגן און פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס. שווייגן און באַטראַכטן די צונטער רויטע נעגל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז שטאַרק פאַרנומען מיט איר שווייגן.

ווען מען האָט זיך איינמאָל אַ פרייטיק־צו־נאַכט פאַרשפּילט שפּעט אין קאָרטן, איז הערי אַראָפּ פון די שטיגן צוזאַמען מיט בעלאַן. ער האָט זי צוגעפירט צו איסטערן פּאַרקוועי. געגאַנגען זיינען זיי און געשוויגן, הערין האָט זיך געדאַכט, אַז די ביינאַכטיקע מילדע וואַרעמקייט נעסטיקט זיך אין די ברייטלעכע אַרבל פון בעלאַס ווייסן מאַנטל.

ווען בעלאַ האָט געעפנט די טיר אויף אַרויפגיין צו זיך, האָט זי געזאָגט:

— קומט אַרויף, מיר וועלן טרינקען קאַווע.

הערי איז אַרויפגעגאַנגען.

דאָרט, ביי בעלאַן אין צימער, האָט הערי פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער שרונט איז ביי איר שטענדיק אַזוי גלייך פאַרקעמט. אין צימער איז געווען אַ בלאַנקענדיקע ריינקייט און אָרדענונג. דאָס אַש־בעכערל איז געשטאַנען אויף אַ בלויען טעלער, דער לאָמפּ אויף אַ ווייסער, געפּרעסטער סערוועטקע. די ברייטע סאָפע איז געווען אַרומגעשטעלט מיט קישעלעך: פיר קליינע און איינע אַ קיילעכדיקע, אַ גרעסערע אינמיטן. עטלעכע ביכלעך זיינען גע־שטאַנען אויף אַ פּאָליצקע און לעבן זיי איז געלעגן אַ ביינערנער מעסער אויף פונאַנדערשניידן די בלעטלעך. אויפן פענצטער האָט געבליט מיט רויטע בלומען אַ געראַניום.

הערי האָט זיך דערמאָנט, אַז אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו רופט מען בעלאַן „די קראָ", און ער האָט זיך פאַרוואונדערט: אַזוי זעט ניט אויס אַ קראָען־נעסט.

ווען בעלאַ האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צוויי טעפּעלעך קאַווע, האָט הערי זי געפרעגט:

— זאָגט מיר, בעלאַ, ס'איז אַן אמת, וואָס מען זאָגט אויף אייך...

בעלאַ האָט ניט געוואַרט ביז ער וועט ענדיקן די פראַגע און האָט אים געענטפערט:

— ס'איז אַן אמת, הערי, אַן אמת. וואָס די ווייבערײַ רעדט... און איר וואָלט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן?

הערי האָט דערזען אירע ברייטע שטאַרק צוגעפּאַרבטע ליפּן, דעם רויטן בליענדיקן געראַניום אויפן פענצטער. ער האָט ווידער ווי דעמאָלט אויפֿ־דערנאַכט דערפילט, אַז עס איז זומער, און ניו יאָרק האָט זיך אים אויסגעוויזן אַ בליענדיקע שטאָט.

— איך וואָלט... יאָ... — האָט ער געענטפערט אָן אַ קלער.

צו־מאָרגנס, שבת, האָט הערי דער קורצער געזאָגט אין דער „קרעטשמע", אַז ער האָט חתונה מיט בעלאַן.

אַלע, אַפילו ניאָמע כורגין, וואָס האָט זיין אייגענע פילאָזאָפיע און וואונ־דערט זיך זעלטן אויף זאַכן, האָט זיך דאָס מאָל אַ כאַפּ געטאָן:

— מיט בעלאַן?

— יאָ, דעם קומענדיקן זונטיק.

ווען הערי דער קורצער איז אַוועק, האָט רחל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— זאָלן יידישע שונאים מער ניט געדויערן, ווי לאַנג זי וועט מיט אים וואוינען, די „קראָ".

ניאָמע כורגין האָט לאַנגזאַם געדרייט אַ פּאַפּיראָס און האָט אַרויסגעלייענט פון זיין לעבנס פילאָזאָפיע:

— עס זיינען ניטאָ קיין אוממעגלעכע זאַכן אויף דער וועלט. אַפילו ערד און הימל באַגעגענען זיך...

פון יענעם שבת זיינען שוין אַריבער צוויי יאָר. די „קראָ" קומט אָפט אַריין אין דער „קרעטשמע". און ווען אַלע שפּילן אין קאָרטן, זיצט זי דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס און שוויגט. און הערי דער קורצער טראָגט נאָך אַלץ שיינע, דאָלערדיקע קראַוואַטן, און וואַרט אויפן זונטיק, ווען עס וועט זיין די חתונה.

ניו יאָרק, 1946

# אברהם לייב דער שוסטער

אברהם לייב דער שוסטער האָט זיך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ וואָס ער האָט ערב סוכות געגומען די צוויי רובל ביי ברוך דעם אָגולניק; אַפילו אינמיטן דאַוונען פּלעגט אים אַמאָל אַ שלאָג טאָן דער עגמת נפש צום האַרצן. אָפּגעגעבן אים אַזוי פיל מצוות פאַר צוויי רובל. ער דערמאָנט זיך ווי ברוך דער אָגולניק האָט צו אים געזאָגט, ווי זיין שטייגער איז, אַביסל פאָנפענדיק אונטער דער נאָז:

— ר' אברהם לייב, איר וועט אַריינגיין אין דער תלמוד־תורה און איר וועט בעמען די קינדערשע שיכלעך און איר וועט זיי פאַרריכטן און וויפיל עס וועט אייך אַרויסקומען וועלן מיר זיך אויסרעכענען, כאָן־כאָן־כאָן — אַזוי האָט ער אָפּגעפאָנפעט און האָט געמאַכט גאָרניט קיין שלעכטן געשעפט דערביי.

אברהם לייב דער שוסטער האָט דאָס לעבן געלייגט אַז די שיכלעך פון די תלמוד־תורה קינדער זאָלן זיין פאַרריכט ווי עס דאַרף צו זיין. פאָדעש־ווערלעך געלייגט פון דעם בעסטן לעדער, בעזעלעך אַרויפגעגעבייט, אָפּגעשוואַרצט די אויערלעך, אָפּגעגלאַנצט די פאָרנטלעך. די טילקעס אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטיקל יוכטע. וואָס, ער וועט זיי אָפּנאַרן, די קינדער פון דער תלמוד־תורה? נאָך אַ טשוועקל אַריינגעקלאַפּט און נאָך אַ דראַטווע אַריינגעצויגן, וואָס, ער וועט זיי זשאַלעווען, די קינדער פון דער תלמוד תורה? און אַז עס איז געקומען צום צאָלן האָט אים ברוך דער אָגולניק אַריינגעשטעקט צוויי רובל פאַר דער גאַנצער אַרבעט, און אַלע מצוות אַריינגעפּאַקעוועט צו זיך אין קעשענע! סאַמע ערב ראש השנה, ערב יום כיפור, ערב סוכות, ווען אַ מענטש דאַרף אויסבעטן זיך אַ גוט יאָר, האָט ברוך דער אָגולניק אַריינגעכאַפּט די גאַנצע תלמוד־תורה... אָט דאָס הייסט אַז מען איז אַן אָגולניק!

אַז אברהם לייב דער שוסטער דערמאָנט זיך דאָס, פאַרדריסט עס אים ביז ביין. מילא, מען האָרעוועט פאַר דער חיונה, אָבער האָרעווען פאַר ברוך דעם אָגולניקס מצוות? דאָס איז קיין יושר ניט.

אברהם לייב דער שוסטער האָט זיך ניט אַרומגעזען, ווי דער זומער האָט זיך אַריבערגעקייקלט. דער זומער לויפט שנעל. דער גאָרטן גרינט — אָט האָסטו אַ מערן, אָט גיט אַ שפּרונג אונטער אַ גרינע ציבעלע, אַן אוגער־קע — די שטוב איז פול, קיין עין הרע, און אַז דאָס לעבן ווערט גרינג, גייען די טעג ווי אויף רעדלעך.

אין אַ פאַרנאַכט, נאָך תשעה באָב, איז אברהם לייב דער שוסטער אַרויס אין גאַס אָפּטראָגן שרה דער ביר־הענדלערקע אַ פּאָר קאַמאַשן. געקראָגן זיין געצאָלט, איז ער זיך געגאַנגען טריט ביי טריט אַהיים. עס איז וואַרעם און מילד, ווי אין אַ גן־עדן. אויפן הימל איז קיין סימן פון קיין וואָלקן ניטאָ, ווי אויף דער וועלט וואָלטן גאָר קיין זאָרגן ניט זיין. ערשט אינמיטן דעריבען דערהערט אַברהם לייב, ווי מען זאָגט צו אים „אַ גאָט העלף" און באַלד

דערהערט ער „כאַן־כאַן־כאַן־כאַן". און ער דערקאָנט די שטים פון ברוך דעם אָגולניק.

— רב אברהם לייב, איר האָט עפּעס אַ ביסל צייט? איך וויל מיט אייך עפּעס... יאָ, עפּעס... קומט אַריין..

— יע, מען וועט אַריינקומען — האָט אים אברהם לייב דער שוסטער געענטפערט קורץ און האָט זיך אָפּגעטראָגן.

עס האָט אים באַלד אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַ האַרבסטיק ווינטל, כאָטש עס איז געווען וואַרעם אין דרויסן. און ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

— עס גייט שוין צו ראש השנה און ר' ברוך דער אָגולניק קוואַפּעט זיך שוין, זעט אויס, ווידער אויף אַ הורטאָוונער מצווה! גיין, ער איז צו־קלוג. אַלע יאָר אַריינכאַפּן אַ קאָשיק מצוות?

טראַכטנדיק אָט אַזוי האָט זיך אברהם לייב דערוואָרעמט און האָט אָנגעהויבן שטעלן גיכערע טריט. די פיס האָבן אים געטראָגן גלייך צו דער תלמוד־תורה. דורכגעגאַנגען דאָס שמאָלע געסל, דורכגעשפּרייזט דעם לײדיקן פּלאַץ, און ער האָט דערזען אויפן הויף די קינדער. מיט אַ געניטן אויג האָט אברהם לייב דער שוסטער אָפּגעמאָסטן די פיס פון די קינדער און געזען וויפל שיכלעך עס זיינען שוין גוט צעפּאָרן. דאָ אָפּגעטרעטנט, און דאָ רוקט זיך אַרויס אַ פינגער.

ער האָט גייענדיק אַ טראַכט געטאָן: צוויי רובל! צוויי רובל יז"ז געלט. דעם גאַנצן סוכות קען מען אויסריכטן. — אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און האָט זיך ניט אומגעקערט אַהיים.

ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט זיך אַליין: — נו, און אָן די צוויי רובל וועט מען, חלילה, ניט אויסריכטן דעם סוכות? און ווי איז געווען פאַר צוויי יאָרן, איידער ברוך דער אָגולניק האָט באַשטעלט די פּאָטשינקעס? און ווי איז געווען פאַר דריי יאָרן? און ווי איז געווען אַלע יאָר. און דער גאָרטן איז גאָט צו דאַנקען היינטיקן זומער געווען אַ געראָטענער.

ער איז אַריין צום משגיח.

דער משגיח, ר' מאיר, האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן נאָך וואָס אברהם לייב איז געקומען און האָט אים געבעטן זיצן.

דער משגיח ר' מאיר געהאַט אַ טבע, אַז ער פלעגט דאַרפן ריידן מיט אַ מענטשן, האָט ער שטענדיק פריער געזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין: „נו, לאָמיר וויסן..." ערשט דערנאָך איז ער צוגעקומען צו דער זאַך גופא. אפילו אַז עליע דער וואַסערטרעגער איז געקומען אָפּנעמען זיינע זעקס גראָשן פאַר אַריינגיסן וואַסער אין די האַנט־פעסער, האָט ר' מאיר אים אַ פרעג געטאָן: „ר' עליע, נו, לאָמיר וויסן"... ערשט דערנאָך האָט ער אים געפרעגט וויפיל עמער וואַסער ער האָט געבראַכט, כאָטש דער חשבון איז געווען אַ באַשטימטער פון וואָך צו וואָך.

איצט האָט ר' מאיר געזאָגט צו אברהם לייב דעם שוסטער:

— נו, לאָמיר וויסן... הייסט עס, איר זיינט דאָך געקומען נאָך עפּעס...

איר האָט שוין, הייסט עס, אַ ייד, וועגן די קינדערשע שיכלעך, טאַקע דער זעלבער ר׳ ברוך אַגולניק ?

אברהם לייב האָט ניט געענטפערט, ניט יע און ניט ניין. ער האָט אָנ־געהויבן פון אַ זייט :

— איר פאַרשטייט, ר׳ מאיר, עס איז גלייכער זיך נעמען אַ ביסל פריער צו די פּאָטשינקעס.. סאַמע פאַר יום־טוב ווערט ענגלעך. איצט איז אַביסל שיטערער... אין אַ צוויי טעג אַרום וועל איך אַריין צו אייך, וועל איך נעמען די שיכלעך. אַ זעקל דאַרף מען צוגרייטן.

מיט גרויס חשק און מיט אַ וואַרעם האַרץ האָט אברהם לייב דער שוסטער געקלאַפּט די טשוועקלעך אין די קינדערשע שיכלעך. פון דעם בעסטן לעדער געמאַכט די לאַטקעס, און געלעקט די דראַטווע מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי זי זאָל זיין געמאַכט פון צוקער. ער האָט אַלע מאָל אַ מורמל געטאָן צו זיך : אָט אַזוי, אַרבעט מען כאָטש פאַר זיך, ניט פאַר ברוך דעם אגולניק !

ווען אברהם לייב האָט אָפּגעטראָגן אין דער תלמוד תורה די פאַרריכטע שיך פאַר די יינגלעך, האָט ער זיך געפילט גאָר, גאָר געהויבן ביי זיך : דאַנקען גאָט, אַ באַלעבאָס אין שטאָט, באַזאָרגט די תלמוד־תורה יינגלעך, און דעם יום טוב פאַר זיך אויך אויסגעריכט אָן די צוויי רובל... און ער איז געגאַנגען איבערן לידיקן פלאַץ און איבערן שמאָלן געסל, ווי מען גייט דורך אַ שמעקנדיקן וויינגאָרטן. עס איז ערב יום טוב. עס איז אָפּגעטאָן די אַרבעט פאַר זיך און פאַר דער תלמוד־תורה...

זיין ווייב, מייטע, האָט אים אַפּילו אַ זאָג געטאָן :

— זע, וואָס איז דאָס ? די תלמוד־תורה שיכלעך...

אָבער אברהם לייב האָט איבערגעריסן אירע רייד און האָט איר ניט געלאָזט אַריינגיין אין קיין חשבון.

— די תלמוד־תורה שיכלעך ? שיכלעך, אַבי זיי זיינען פאַרריכט. וואָס אַרן דיך די שיכלעך ? אַן עסק !

מייטע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און האָט אים געלאָזט אַליין פירן זיינע חשבונות.

דער משגיח, ר׳ מאיר, האָט געקוקט אויף די פאַרריכטע שיכלעך וואָס מען האָט ארויסגעשאָטן פון זאַק, געזען די נייע פּאַדעשוועלעך, די אָפּגע־שוואַרצטע נעזלעך, וואָס האָבן געלויכטן און האָט געזאָגט ווי זיין שטייגער איז :

— נו, לאָמיר וויסן... נו, לאָמיר וויסן. — ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס אברהם לייב האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן ר׳ ברוך דעם אַגולניק. געקומען, געבראַכט דעם זאַק און אַוועק.

ר׳ מאיר האָט פונאַנדערגעגעבן די שיך צו די יינגלעך. אַלע מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן : „נו, לאָמיר וויסן !" און געשריען אויף די קינדער : „איר זאָלט ניט אַרומטאַנצן אין די לוזשעס... מען טרינקט זיך, חלילה, ניט, אַז מען גייט אויף אַ טרוקענעם אָרט."

ער האָט גערעדט צו די קינדער און האָט אַלץ געטראַכט וועגן אברהם

לייבן דעם שוסטער, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דעם זאַק, איז אַוועק, און נישט ז'ערמאָנט אַ וואָרט ווער עס האָט די אַרבעט באַשטעלט.

דער משגיח האָט געטראָפן ר' ברוכן דעם אָגולניק, האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן:

— אברהם לייב האָט שוין געבראַכט די שיכלעך, אברהם לייב.

ברוך דער אָגולניק האָט צעגומען די הענט און האָט געזאָגט:

— איך האָב אים ניט געהייסן נעמען די שיכלעך... נאָר אַז עס וועט אויסקומען... איז אַדרבא... — און ער האָט נאָך אַ מאָל צעגומען די הענט, ווי איינער וואָס פאַרשטייט ניט וואָס עס איז פאָרגעקומען.

ר' מאיר האָט, צוליב איידלקייט וועגן, אים געוואונטשן אַ פריילעכן יום טוב און אַ גוט יאָר און איז אַוועק. — „נו, לאָמיר וויסן"... — האָט ער פון געוואוינהייט וועגן אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, און איז פאַרבייגייענדיק אַריין צו אברהם לייב דעם שוסטער אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן — אפשר עפּעס אַ מתן־בסתר...

— איך האָב זיי שוין פונאַנדערגעגעבן די שיך... איר הערט, איז דאָס געווען אַ טאַנצעריי, אויב די פּאָדעשוועס זיינען באַלד ניט אַראָפּגעפאַלן האָט מען זיי געמאַכט פון אייזן...

אברהם לייבס פּנים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ מיט גרויס צופרידנקייט, און די אויגן האָבן ביי אים געשיינט — אָט איז צו אים אַריין דער משגיח, טאַקע דער משגיח אַליין.

דער משגיח האָט זיך ניט געאיילט אַוועקגיין.

— נו, לאָמיר וויסן... ווי שפּעט איז איצט? אַי, האָט איר געמאַכט אַ פיין שטיקל אַרבעט פאַר די „שקצים"... גאָר, גאָר, ווי מען זאָגט... קאַפּריסן!

אברהם לייב האָט דערפילט דעם אמתן פאַרגעניגן פון ערב יום טוב, עפּעס אַזאַ מין פאַרגעניגן, וואָס קיין צימעס אויף דער וועלט קען זיך דערמיט ניט פאַרגלייכן. ער האָט אַ לאַך געטאָן, ווי איינער זאָגט: — האָסט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט, איז פאַרפאַלן. און ער האָט געזאָגט:

— נו, וואָס דען? איך וועל זשאַלעווען פאַר די תלמוד־תורה ייִנגלעך? געמאַכט, זאָל זיין געמאַכט! ווען מאַכט זיך דאָס אונדזער איינעם צו פאַרדינען אַזאַ מצווה?

נישט אַזוי די ווערטער וואָס אברהם לייב דער שוסטער האָט געזאָגט, ווי דער גאַנצער אויסזען זיינער, די פריידיד, די יום־טובדיקע שמחה וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויפן פּנים ביי אברהם לייבן, האָבן דעם אַלטן משגיח אַ ריר געטאָן ביים האַרצן, און מיט אַ באַזונדערן טעם זיינען אים געקומען אויפן זינען די ווערטער: מה טובו אהליך, יעקב, משכנותיך ישראל.

ער האָט געוואונטשן אברהם לייבן דעם שוסטער אַ גוט יאָר און איז אַוועק.

ראש השנה ביים לייענען די תורה האָט ר' מאיר אַריינגעזאָגט דעם בעל קריאה אין אויער:

— גיב אַן עליה אברהם לייבן.

דער בעל קריאה האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויס פאַרוואונדערונג, ווי ער זאָל פאַרהערן דעם נאָמען:

— אברהם לייבן? אברהם לייבן, האָט איר געזאָגט?!

— אברהם לייבן דעם שוסטער, יאָ!

דאָס ווייבער־שטיבל האָט זיך אַ שאָקל געטאָן אויף אַלע בענק, ווען מען האָט אויפגערופן אברהם לייבן צו דער ראש השנהדיקער עליה. ביי מייטען, אברהם לייבס וויב, איז אַ רויטקייט אויפגעקומען אויפן פנים און טרערן אין די אויגן. זי האָט אָנגעהויבן גיך פינטלען מיט די ברעמען, כדי קומען צו זיך און ניט אַרויסווייזן, אַז זי איז צעטומלט.

ביי אברהם לייבן אין שטוב איז געווען דער אמתער יום טוב. דער קידוש און דאָס בענטשן האָבן גאָר געהאַט אַן אַנדער ניגון.

אברהם לייב האָט שוין די תלמוד תורה יינגלעך פון די הענט ניט אַרויסגעלאָזן. יעדן יאָר פאַר סוכות פלעגט ער זיך אויסטענהן: גאָט צו דאַנקען, מען קען קומען צו דער סוכה אָן די צוויי רובל. אַי, האָב איך זיי געמאַכט פאַדעשוועלעך — שפּיגלען! אַי האָב איך זיי געלייגט בעזלעך — צאַצקעס! זיי זאָלן נאָר לערנען די „שקצים”, נאָר לערנען!

און אברהם לייב האָט געפילט, אַז ער איז אַ בעל־הבית אין שטאָט. טראָגנדיק דעם זאַק פאַרריכטע שיך, איז ער געגאַנגען איבערן שמאָלן געסל און דעם לײדיקן פּלאַץ ווי מען גייט אין אַ שמעקנדיקן ווייגאַרטן.

ניו יאָרק, 1955

# אַלטער איטעלעס און זיינע טעכטער

אַט אַזוי האָט מען אים טאַקע אין שטעטל גערופן: אַלטער איטעלעס און זיינע טעכטער. און געהאַט האָט ער זיי גאַנצע פינף: איידל און ברײַנדל — די עלטערע צוויי, שיינדל — די מיטעלע, עטל און הענדל — די ייִנגערע.

קינדוויַיז זיינען זיי געווען ווי אַלע קינדער: זיך געשפּילט, אַרומגע־לאָפן, אַריינגעכאַפּט אַ מאָל אַ קלאַפּ פון דער מאַמען, אַ שאַרפן קוק פון טאַטן, ווען מען האָט זיך אויפגעפירט צופיל קינדעריש. קינדער ווי עס דאַרף צו זיין אין אַ באַלעבאַטיש הויז. אָבער ווי נאָר זיי האָבן זיך אַריבער־געכאַפּט די צען־צוועלף יאָר, האָבן זיי באַקומען דעם טאַטנס אויגן, שטילע, איינגעטראַכטע, אַט פּונקט ווי זיי וואָלטן צוזאַמען מיטן טאַטן געקענט די גמרא אויף אויסווייניק.

אַלטער איטעלעס הויז איז געווען אַ שטוב, ווי אַלע באַלעבאַטישע הייזער, נאָר פונדעסטוועגן איז עס געווען אין שטעטל אַ שטיקל אינסטי־טוציע. מען פלעגט ניט זאָגן — אַריינגיין צו אַלטער איטעלעס, נאָר זיך אַריינכאַפּן, און זיך אַריינכאַפּן צו אַלטער איטעלעס האָט געהייסן: דאָרט וועט מען שוין זען, דאָרט וועט מען זיך אַן עצה געבן.

אַז צוויי שותּפים האָבן זיך ניט געקענט אויסלאַדען און האָבן ניט געוואָלט, אַז אין שטעטל זאָל מען וויסן דערפון, זיך געשעמט אויפהויבן אַ ליאַרעם מיט אַ דין־תּורה, האָבן זיי זיך שטילערהייט אין אַן אָוונט אַריינ־געכאַפּט צו אַלטער איטעלעס אויף אַ שמועס. אַלטער איטעלעס האָט זיי דערציילט אַ פּאָר מוסר־מעשׂות אַזוי פון דער זייט, אַז עס האָט געהייסן, אַז מיט זיי האָט עס גאָר קיין שייכות ניט, נאָר אַזוי גלאַט, אַז מען שמועסט, דערציילט מען אַ מעשׂה. ער האָט ניט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ בורר, נאָר אַז די יידן זיינען אַוועק, איז געווען שלום צווישן זיי. פון איין מעשׂה ביז דער אַנדערער האָבן זיי דערווייל זיך אויסגעלאַדעט.

ווען אַלטער איטעלעס דערציילט אין אַזאַ פאַל זיינע מעשׂות די יידן, דרייען זיך אַריין די טעכטער. ניט קיין אויפגעלאָף, חלילה, נאָר אַזוי איינ־ציקווייז — דרייען זיי זיך דורך מיט די שטילע פאַרטראַכטע גמרא־אויגן, לייגן צו אַן אויער אויף אַ ווײַלע און גייען אַוועק.

זיי האָבן געוואוסט פון קינדוויַיז אָן, אַז פון שטוב טראָגט מען ניט אַרויס קיין מעשׂות: דאָס האָט זיי דער טאַטע אויסגעלערנט פון פּיצל־וויַיז אָן. פון אויער צום מויל איז אַ קורצער וועג ביי אַ נאַר — אַזוי האָט ער זיי געזאָגט — און ביי אַ קלוגן איז עס אַ לאַנגער וועג. ניט אַלץ וואָס מען הערט דאַרף מען איבערריידן.

טאָמער ביי אַ סוחר האָט געהאַלטן שלאַבערדיק מיט אַ חשבון — אַט עס האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אַ הונדערטער אין געשעפט און מען קען אים ניט כאַפּן: דאַכט זיך, דער חשבון שטימט, אַלץ גוט. און אין לעצטן סך־הכל פעלט אַ הונדערטער. אין אַזאַ פאַל האָט אַלטער איטעלעס אַ רוף געטאָן די עלטסטע טאָכטער — איידל. זי איז געווען דער מומחה אויף חשבונות.

אַז איידל האָט גענומען אַ חשבון אין אירע דינע ביינערדיקע פינגער מיטן בלייפעדער — איז אַ ציפער געווען אַ ציפער. אַז זי פלעגט עס אָנשרייבן — איז עס געווען אייזן. עס איז געווען ריכטיק אויסגעחשבונט. אירע פאַר־טראַכטע גמרא־אויגן האָבן דעמאָלט קיין זאַך ניט געזען, אויסער די ציפערן. קיין בעסערן בוכהאַלטער האָט דאָס שטעטל ניט בדאַרפט האָבן, ווי ס׳איז געווען איידל, און דאָס איז געווען געגנוג פאַרן קאָנטראָל פון אַלע שטעטלשע געשעפטן.

ווען עס איז געקומען צו לשונות, — אויף דעם איז געווען אַ גרויסע אויפטוערקע ברײַנדל. האָט מען באַדאַרפט אָנשרייבן אַ ביטע צו מלכות, אָדער איבערלייענען און מסביר זיין אַ פּאַפּירל, איז ברײַנדל געווען אויס־געבונדן אין דעם. ערשטנס, איז איר כתב־יד געווען פּערל. יעדער אות האָט געהאַט אַ באַזונדערן חן. און דער געדאַנק איז ביי איר אויך געווען אַ קלאָרער. חוץ מזה — האָט דער טאַטע, אַלטער איטעלעס, איר געגעבן אַן עצה — וואָס עס איז נויטיק אָנצושרייבן, און וואָס עס איז גלייכער ניט צו דערמאָנען. האָט דאָס געשריפטס געהאַט אַלטער איטעלעס קאָפּ און ברײַנדלס געדאַנק מיט איר כתב, און עס האָט אויסגענומען.

די מיטלסטע טאָכטער, שיינדל, ווי נאָר זי איז אויסגעוואקסן פון די קינדערשע צעפּלעך, איז זי געוואָרן אַ גאַנצע רביצין. זי האָט געקענט די געאָגראַפיעס, מיט די היסטאָריעס, מיט די מאַפּעס, מיט די אַלע זאַכן, וואָס מען לערנט אין די קלאַסן. די גאַנצע שטאָט קינדער זיינען מיט איר געווען אויסגעבונדן. אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק האָט זי זיך געגרייט צו אַן עקזאַמען. זי און גאַנצע מחנות קינדער האָבן שטענדיק פול געמאַכט די שטוב. מען האָט אַזוי פיל אַריינגעלערנט אין די געאָגראַפיעס, אַז די ביכעלעך האָבן זיך צעשאָטן אויף באַזונדערע בלעטלעך, און וואו מען האָט זיך געגעבן אַ קער, איז געלעגן אַ גיבראַלטאַר אויסגעריסן אויף דער פּאָד־לאָגע; דער הויכער באַרג עווערעסט איז געלעגן באַזונדער אונטערן בעט; דער אַמעריקאַנער טייך מיסיסיפּי האָט געפּלייצט אויף דער צוואַנציקסטער בלעטל אונטערן טיש, אין דעם יידישן שטעטל לעבן ביאַליסטאָק.

איר תורה האָט שיינדל ניט ליב געהאַט האַלטן פאַר זיך, זי האָט עס מגלה געווען פאַר דער גאַנצער כאַפּטע חברטעס, און דער טומל אין שטוב איז געווען ביזן באַלקן. דער טאַטע, אַלטער איטעלעס, פלעגט שמייכלען און זאָגן:

— שיינדל, עפן אַ חדר און אַ סוף.

אָט אַזוי האָט קינד און קייט, יעדערער צוליב עפּעס אַנדערש, זיך אַריינגעכאַפּט צו אַלטער איטעלעס אין שטוב. מער פון אַלץ איז עס געווען קאָנטיק אויף דער פּאָדלאָגע. די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעפּאָרן מיט טריט אין אַ רעגנדיקן טאָג, און מיט אויסגעריבענעם גלאַנץ זומער אין די צייטן פון טריקעניש. דאָס דינסטמיידל האָט אַלע פאַר טעג די פּאָד־לאָגעס אויסגעוואַשן, ריין ווי געלעכלעך, נאָר גאַנץ גיך האָבן זיך דאָרט אויפדאָסניי אָנגעצייכנט וועגן און וועגעלעך, וואָס האָבן צוגעגעבן דער שטוב אַ באַזונדערע היימישקייט און באַשיימפּערלעכן סימן, אַז עס איז אַלטער איטעלעס שטוב.

אַט אַזוי האָבן אויסגעוואַקסן אַלטער איטעלעס טעכטער און עס זיינען אויך אויסגעוואַקסן אַלטער איטעלעס לעדער־געשעפטן.

זיין ווייב ליבע צירל האָט אָנגעהויבן אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד ביי יעדן קאָפּוייטיק. עס ברעכן די ביינער — אין אויסלענדישע בעדער, אַבי־סעלע צו דיק געוואָרן — אין אויסלענדישע בעדער, אַ מעלאַנכאָליע — איז אויסלענדישע גוטע לופט; הקיצור — אויסלאַנד איז געוואָרן אַ היימישע זאַך, און פון אויסלאַנד האָט דאָס ווייב אָנגעהויבן אַראָפּברענגען נייעסן.

נאָך דער ערשטער נסיעה האָט צירל איינגעזען, אַז אַ באַלקאָן איז זייער גוט פאַרן געזונט, האָט מען געמאַכט אַן אויבערשטיבל מיט אַ באַלקאָן; נאָך דער צווייטער נסיעה האָט אַלטער איטעלעס ווייב געבראַכט פון אויס־לאַנד דעם הסכם פון אַלע דאָקטוירים, אַז גרויסע צימערן זיינען געזינטער, ווי קליינע, מחמת אין גרויסע צימערן קען מען אָטעמען, און אין קליינע איז אַ מאַטערניש מיטן אָטעם. האָט מען גענומען איבערבויען דאָס הויז. פון די קליינע צימערן געמאַכט גרויסע אָטעם־סאַליעס. אַלטער איטעלעס האָט נאָכגעגעבן אויף די אַלע אויסלענדישע נייעסן, ווי די זאַך זאָל אים ווייניק וואָס אָנגיין. אַ גרעסערער צימער, אַ קלענערער צימער — אַבי דער מענטש איז אַ מענטש.

אַ שטיקל סכסוך איז אָבער פאָרט אַרויסגעקומען צווישן מאַן און ווייב — ווען עס איז געקומען צו לייגן די פּאָדלאָגעס. דאָס ווייב האָט אויסגערעדט דאָס וואָרט „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגעס, דאָס הייסט אויסגעשטעלטע פון פּיצע־מאָנציקע ברעטעלעך, אויסגעלאַקירטע און אויסגעשפּיגלטע.

אין שטעטל האָט מען אָנגעהויבן מורמלען: אַ גביר איז פאָרט אַ גביר. „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגעס! ווער ווערט איצט קענען אַריינכאַפּן זיך צו אַלטער איטעלעס? אַז עס ווערט גאָר זיין אַ מורא זיך צו שטעלן אויף די קליינע שפּיגעלעך פון די פּאָדלאָגעס!

אָבער דערצו איז ניט געקומען. ווען ליבע צירל האָט געוואָלט באַ־שטעלן די „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגעס, האָט זי געגעבן דעם מאַן נימוקים, צוליב וואָס מען דאַרף דאָס. ערשטנס איז אַ „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגע שיין. אַלטער איטעלעס איז געזעסן, זיך איינגעהערט און געשוויגן. צווייטנס, אַ „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגע זעט אויס גביריש. אַלטער איטעלעס האָט אַ קנייטש געטאָן מיט איין אויג, ווי אַ פליג זאָל אים אַ ביס טאָן, האָט זיך ווייטער איינגעהערט און האָט געשוויגן.

דריטנס, מיט אַ „פּאָסאַדסקע" פּאָדלאָגע ווערט דאָס דינסטמיידל ניט האָבן אַזוי פיל וואַשעניש — מען גיט אַ ווישׁ מיט אַ בערשטל און מען איז פאַרטיק. אויף דעם מצווה־מאָטיוו פון זיין ווייב, האָט אַלטער איטע־לעס אַ ציי געטאָן מיט דער נאָז, ווי ער זאָל האָבן אַ קאַטער, און האָט געשוויגן.

ווי געוויינלעך ביי אַ שמועס האָבן זיך שטיל אַריינגעדרייט די טעכטער מיט די גמרא־אויגן. ניט קיין אויפגעלאַף, חלילה, נאָר איינציקווייז, צו־געלייגט אַן אויער, געשטאַנען אַ ווײַלע און זיך אַוועקגעדרייט.

נאָכן היפּשן שמועס פון ליבע־צירלען און דער שוויַגעניש פון אַלטער

איטעלעס האָט דאָס ווייב, שוין אַביסל אַ ברוגזע, וואָס ער האָט ניט קיין יצר־הרע צו אויסלענדישע זאַכן, אַ זאָג געטאָן:

— און אגב, צו אַ פּאָסאַדסקער פּאָדלאָגע האָט מען אַביסל מער דרך ארץ, מען וועט ניט טופּען אַזוי פיל מיט די שטיוול. אַ שטוב איז דאָך ניט קיין וואָקזאַל.

נאָך דעם זאָג איז אין שטוב געוואָרן אַ ווײַלע זייער שטיל. צוליב דער שטילקייט זײַנען אַרײַנגעקומען די טעכטער און זיי האָבן געזען, אַז דער טאַטע שווייגט און די מאַמע שווייגט, האָבן זיי זיך אויך אַוועקגעזעצט בײַם טיש און געשוויגן.

דאַמאָלט האָט אַלטער איטעלעס דערציילט אַ זייטיקע מוסר־מעשה און האָט פאַרענדיקט, אַז אויב די מענטשן וועלן האָבן צופיל דרך ארץ פאַר דער פּאָדלאָגע וועלן זיי האָבן ווייניקער דרך ארץ פאַר אים און פאַר איר, פאַר ליבע־צירלען. און דאָס וויל ער ניט. — אין אַ שטאָט — האָט אַלטער איטעלעס געגעבן צו פאַרשטיין זײַן ווייב — זײַנען דאָ מענטשן מיט קאַ־לאַשן און אָן קאַלאָשן. ווען די פּאָדלאָגע איז פון ברעטער, קען יעדערער אַרײַנקומען, מחמת אַ ברעט וואַשט מען אָפּ. און אַז אַ ייד גייט אין אַ פּאָר פּשוטע שטיוול, דאַרף מען פאַר אים די טיר פאַרמאַכן? — האָט אַלטער איטעלעס געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט: — ניין. — דאָס איז שוין געווען דער ניין, וואָס האָט געענטפערט אויפן גאַנצן ענין.

די טעכטער מיט די גמרא־אויגן, כאָטש זיי האָבן געשוויגן — זיי מישן זיך ניט אין די איבעררײדן פון דעם טאַטן מיט דער מאַמען — האָט מען אָבער געזען, אַז זיי זאָגן אַלע צוזאַמען מיטן טאַטן: „ניין". שיינדל, מיט די געאָגראַפּיעס און מיט די קלאַסן, האָט פּשוט געזאָגט: „מאַמע, אויף אַ פּאָסאַדסקער פּאָדלאָגע איז זיך גרינג אויסצוגליטשן".

די מאַמע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן קרום, נאָר שיינדל, וואָס די מיסיסיפּי שווימט בײַ איר אונטערן טיש, האָט אַ שמייכל געטאָן מיט די גמרא־אויגן און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין שטעטל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז עס איז שוין אויס מיט די פּאָסאַדסקע פּאָדלאָגעס בײַ אַלטער איטעלעס. וואָס דען? — האָט מען גע־שמועסט אין שטעטל — אַלטער איטעלעס איז אַלטער איטעלעס מיט זײַנע טעכטער.

שטעטלשע סטאָליאַרעס האָבן געשלעפּט אין דעם נייעם איבערגע־בויטן הויז ברייטע שווערע ברעטער. ליבע־צירל האָט אויפגעהאַנגען אויף די פענצטער גבירישע פאָרהאַנגען, האָט אַרײַנגעשטעלט נייע טישן, נאָר דער דיל איז געבליבן דער זעלבער ווי געווען. דאָס דינסטמיידל האָט אַלע פאָר טעג די פּאָדלאָגעס אויסגעוואַשן, ריין ווי געלכלעך, נאָר גאַנץ גיך האָבן זיך אויף זיי אויף דאָס ניי געצייכנט וועגן און וועגעלעך, וואָס האָבן צוגעגעבן דער שטוב אַ באַזונדערע היימישקייט און אַ באַשיימפּערלעכן סימן, אַז עס איז אַלטער איטעלעס שטוב, וואו דאָס גאַנצע שטעטל כאַפּט זיך אַרײַן.

1טער דעצעמבער, 1948

# לשון הרע

מוניע דער מעלער איז געוואָרן אַ גביר, ווייל ער איז געווען אַן איינרייסער — וואו אַ שטיקל פּרנסה האָט ער דאָס אָפּגעשאַרט צו זיך. מאַכט זיך אין שטאָט אַ חתונה — שיקט ער אַריין אַ זאַק מעל — און ער קומט גאָר קיין געלט ניט מאָנען: מען וועט אים ניט אָנזעצן.

אַז מען האָט צוגעבויט די באַן־ליניע פון ווילנע ביז קאָוואַלניק, איז מוניע דער מעלער שוין פּאַרטיק. ער האָט שוין אַ קאָנטראַקט אויף צושטעלן מעל פאַר אַלע בעקערייען ביי דער באַן־ליניע. אין קאָוואַלניק איז געוואָרן אַן ערד־ציטערניש: איין ייִד זאָל צונעמען די גאַנצע פּרנסה, וואָס קען סטאַיען פאַר אַ שטאָט־מעלער? אָבער מוניע האָט געהאַט דעם קאָנטראַקט, און אַ קאָנטראַקט איז אייזן.

פון צושטעלן מעל צו דער באַן־ליניע איז טאַקע מוניע דער מעלער רעכט רייך געוואָרן. זיין שטוב איז שוין אַן אַנדער שטוב. מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון בריסק אַ ווייכע קאַנאַפּע אַרומגעקלאַפּט מיט פּליוש און מיט פּרענדזלעך. לעבן טיר, אויפן גאַניק, האָט מען אַוועקגעלייגט אַ ווילטשענעם טרעטערל אויף אָפּווישן די שיך איידער מען קומט אַריין אין שטוב, ווייל די פּאָדלאָגע איז אַ געוועקסטע.

די שטאָט איז מקנא געווען מוניען. די מעלער פון קאָוואַלניק האָבן זיין נאָמען ניט געקענט הערן און אַנדערש ניט גערופן אים, ווי דער „איינרייסער".

מוניעס זון, אברהמל, איז אַרומגעפאָרן אין אַ בריטשקע איבער די בעקערייען און אַכטונג געגעבן אויפן געשעפט. די באַלעגאָלעס פון שטאָט, וואָס ער האָט געדונגען אויף פונאַנדערפירן די מעל, האָבן אים גערופן „פּאַניע אברהמל".

אברהמל איז געוואָרן אַ גאַנצער פּראַנט. זומער פלעגט ער אַרומגיין אין אַ העלן אָנצוג, ווי אַ פּריץ. מוניעס ווייב, פּערל, איז אַרומגעפאָרן איבער די דאַטשעס — אַ האַלבן זומער פאָרט זי אין אַ וואַלד, און אַ האַלבן זומער פאָרט זי „אויף ווייַנטרויבן" אין לעשניצע — העט ווייט, אפשר אין דער פּינפּטער גובערניע.

אין קאָוואַלניק האָט מען זיך פּאַמעלעך צוגעוואוינט, אַז מוניע דער מעלער איז אַ גביר און פּערל איז אַ גבירטע, און אברהמל איז „פּאַניע אברהמל", אַ גאַנצער פּריץ. קיינער האָט שוין אַפילו ניט איבערגערעדט, אַז מען האָט געבראַכט צו מוניען אין שטוב אַ גרויסן וואַנט־שפּיגל, און די טירן פון שטוב האָט מען איבערגעמאַכט — אָנשטאָט אייזערנע קליאַמקעס האָט מען אַריינגעשטעלט מעשענע שלעסער וואָס האָבן געגלאַנצט פאַר אַ מייל.

פּערל פאָרט ניט אַליין אויף די דאַטשעס און „אויף די ווייַנטרויבן", נאָר איר זון, אברהמל, פירט זי אַוועק. דאָס איז געווען די איינציקע זאַך, וואָס אין קאָוואַלניק האָט מען נאָך ניט געקענט אַראָפּשלינגען, און מען האָט איבער־

גערעדט: פערל איז געוואָרן „איידל געפּאַטשקעט", זי קען שוין אַליין ניט פּאָרן, זי דאַרף אַן אונטערפירער...

אין לעשניצע „אויף די ווייַנטרויבן" האָט זיך אברהמל באַקענט מיט אַ מיידל פון ליבאַווע, סטערע; אין קאָוואַלניק האָט מען אַראָפּגעבראַכט די בייעס, אַז די סטערע איז אַ שיינהייט, וואָס אַזוינס זעט מען ניט.

צו אברהמלס חתונה איז מען געפאָרן קיין ליבאַווע. פּערל האָט זיך צום זונס חתונה אויפגענייט אַ קלייד פון שוואַרצן סאַטינדעלאַן און אַ גרינע סאַמעטענע ראַטאַנדע. אין קאָוואַלניק האָט מען גערעדט, אַז דער סאַטינדעלאַן איז אַן אויסלענדישער און די סאַמעטענע ראַטאַנדע קאָסט אַזוי פיל, „אַז מיר מעגן דאָס פאַרדינען אין אַ יאָר".

די חתונה איז געווען באַלד נאָך שבועות. פּערל און די יונגע שנור, סטערע, זיינען ניט געקומען אין קאָוואַלניק, נאָר זיי זיינען ביידע אַוועקגעפאָרן אויף דאַטשע און „אויף ווייַנטרויבן". אין קאָוואַלניק האָט מען געוואַרט, געוואָלט זען, וואָס איז דאָס פאַר אַ סטערע, וואָס מען האָט זי באַדאַרפט אויסזוכן אַזש אין ליבאַווע, פונקט ווי אין קאָוואַלניק, און אַפילו אין בריסק, וואָלטן שוין גאָר קיין מיידלעך פאַר אברהמלען ניט געווען.

אין קאָוואַלניק איז סטערע געקומען סוף זומער. זי איז אַראָפּגעפאָרן מיט אברהמלען אין זיין בריטשקע און האָט געהאַלטן אָפן אַ העלע פאַראַסאָלקע איבערן קאָפּ אויף זיך פאַרשטעלן פון דער זון. די שכנים האָבן געקוקט דורך די פענצטער, זען ווי עס זעט אויס אברהמלס סטערע.

— עס „פּאַליעט" שוין גאָרניט און זי דאַרף אַ העלע פאַראַסאָלקע! — האָבן די שכנים גלייך אָפּגעפייערט די ניי־אָנגעקומענע אין זייער שטאָט.

חיה־גיטל די קרעמערקע איז אַרויס פון איר קראָם אינדרויסן אַ קוק טאָן אויף סטערען. סטערע איז אַראָפּ פון דער בריטשקע אין אַ פּאָר ברוינע לאַטשן מיט גרינע אָפּצאַסעלעך. חיה־גיטל האָט דערזען די לאַטשן מיט די גרינע אָפּצאַסעלעך האָט זי אַ קרים געטאָן מיט די ליפּן און איז אַריין אין קראָם. חיה־גיטל איז ניט געווען קיין באַרעדערקע. איר שטענדיק ווערטל איז געווען: „מיין דאגה! ס'איז ניט אין מיין קראָם". אָבער סטערעס ברוינע לאַטשן מיט די גרינע אָפּצאַסעלעך האָבן איר אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן. עס איז עפּעס ניט קיין „הוילעך" פאַר אַ באַלעבאַטישער שנור. זי האָט איבערגערעדט פאַר די ווייבער וואָס זיינען געקומען צו איר אין קראָם:

— עפּעס אַ פּאָר יצר־הרע שיכעלעך טראָגט זי, אויף מיינע שונאים! אָבער ס'איז ניט מיין דאגה, ס'איז, ווי מען זאָגט, ניט ביי מיר אין קראָם.

די ווייבער האָבן צעטראָגן איבער קאָוואַלניק חיה־גיטלס ווערטער: „עפּעס יצר־הרע שיכעלעך טראָגט זי, אויף מיינע שונאים". און פון זיך אַליין האָבן זיי צוגעגעבן, אַז די זון פּאַליעט ניט און זי האַלט אָפן אַ העלע פאַראַסאָלקע...

מען האָט אַראָפּגעבראַכט אין קאָוואַלניק אַ מעשה, אַז סטערע איז אַ קנאַפּע „מציאה". זי איז שוין אין איר שטאָט, אין ליבאַווע, אַרומגעגאַנגען, מען זאָגט, מיט אַ שגץ. טאַקע צוליב דעם האָבן די עלטערן זי אַוועקגעשיקט

„אויף ווײַנטרויבן" אין לעשניצע, און דאָרט האָט עס אברהמל געפּאַקט די סטערע.

די מעלער פון קאָוואַלניק האָבן זיך געקילט דאָס האַרץ און אונטער־געוואָרעמט די מעשׂות מיט הנאה:

— אָט האָסטו שוין! מיטן גאַנצן רײַכטום אַרײַנגעכאַפּט אַ שנור אויף מײַנע שונאים.

אַז פערל האָט געבראַכט איר שנור, סטערע, צום ערשטן מאָל אין בית־מדרש — איז געווען אַ קאַלטער „גוט שבת". סטערע איז געקומען צוריק פון שול, ווי אַן אָפּגערעגנטע. קיינער האָט זיך ניט אַרומגעקוקט אַפילו אויף איר קלייד, וואָס איז געווען דאָס שענסטע אין בית־מדרש, ווי צווישן איר און אַלע אַנדערע פרויען וואָלט געווען אַ וואַנט, און קיינער קוקט ניט וואָס אויף יענער זײַט וואַנט טוט זיך.

אברהמל האָט צום טאַטנס הויז צוגעבויט צוויי צימערן מיט אַ באַ־זונדערן אַרײַנגאַנג און אַ גאַניק צו דער גאַס. די צוויי גאַניקעס, איינער לעבן דעם אַנדערן, זײַנען געשטאַנען אַרויסרופעריש, כמעט חוצפּהדיק גע־שריען וועגן דעם ניי־אויפגעקומענעם גביר.

סטערע האָט אירע צוויי צימערן אויסגעלייגט מיט טעפּעכער און אויפן טיש אַוועקגעשטעלט אַ לאָמפּ מיט אַ בלויען קליאָש. סטערע האָט אין די צוויי צימערן געוואוינט ווי אין אַ באַזונדער וועלט. די שכנים זײַנען מיט איר געווען שטאַרק פונדערווײַטן — אַ גוט־מאָרגן, אַ גוט־יאָר; איר שטוב האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק ליבאַווע, וואָס מען האָט אַרײַנגעפירט אין קאָוואַלניק און וואָס קען זיך מיט קאָוואַלניק ניט אויסמישן.

חיה־גיטל די קרעמערקע איז יעדן ראש חודש געגאַנגען איבער דער שטאָט זאַמלען געלט אויף הכנסת כלה. דאָס איז געווען איר מצווה. מען האָט געוואוסט — אַז עס קומט חיה־גיטל, איז ראש־חודש. זי האָט אין יעדער שטוב געקראָגן שטענדיק די זעלבע מטבע. דאָס איז געווען אַ שטענ־דיקע זאַך, ווי, אַ שטייגער, די לבנה. אָנהייב חודש קומט אויף די לבנה, און אָנהייב חודש קומט חיה־גיטל. פאַרבײַגייענדיק לעבן מוגיע דעם מעלערס שטוב, האָט חיה־גיטל אַ טראַכט געטאָן: אַן עסק האָב איך דאָ ניט זיין שנור און מיטן ווישן די שיך אויפן גאַניק — גאָט ווייסט העלפן מיט אַן אַנדער זעקסער (דריי קאָפּיקעס).

עטלעכע טעג נאָך ראש־חודש האָט פערל אַ זאָג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן:

— חיה־גיטל איז נישט געקומען נאָכן זעקסער!...

אַן אומרואיקייט איז געווען אין איר זאָג, פּונקט ווי צוליב דעם קען טאַקע אינגאַנצן פאַרשווינדן פון הימל די לבנה.

סטערע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דער שוויגערס אומרואיקייט האָט זיך אָפּגערופן אין איר, און יעדעס מאָל וואָס זי האָט געזען חיה־גיטלען פאַרבײַגיין האָט זי מיט אַ שווערן געפיל זיך דערמאָנט דער שווי־גערס ווערטער: „חיה־גיטל איז ניט געקומען נאָכן זעקסער!" דאָס איז

פּאַר איר געוואָרן דער קאָנטיקער צאַם, וואָס די שטאָט האָט אַוועקגעשטעלט אַרום איר.

מען האָט דערציילט וועגן סטערען, אַז זי עסט ניט קיין טשאָלנט — פּערל וויל ניט מען זאָל קאָכן אום שבת — עסט די שנור טרוקנס. אַ גאַנצן שבת לעבט זי אויף טרוקנס.

דער „גוט־מאָרגן" צו סטערען איז געוואָרן נאָך קעלטער. ער האָט געקלונגען כמעט ווי „דזשען־דאָברי", וואָס מען זאָגט צו אַ גוי. נאַ דיר דיין „דזשען דאָברי" און גיי געזונט. מער האָב איך מיט דיר ניט צו טאָן.

מען האָט דערציילט אויף סטערען, אַז ווען אברהמל פאָרט אַוועק מיט דער בריטשקע איבער די בעקערייען, זיצט זי אַליין און לייגט אויס קאָרטן.

— ניטאָ דאָ קיין שקצים, זיצט זי און לייגט אויס קאָרטן... — האָט מען זי באַרעדט.

איר שוויגער, פּערל, האָט געפילט ווי די שטאָט האָט זיך אויסגעדרייט צו זייער שטוב מיט דער פּלייצע. פון צייט צו צייט פלעגט זי לאָזן פאַלן אַ וואָרט:

— מען פאַרגינט ניט!

סטערע פלעגט מיט אומעטיקע אויגן אָפּמעסטן דער שוויגער און איז אַרומגעגאַנגען ווי אויף אַן אינדזל, וואָס מען האָט צוגענומען פון אים דעם בריק צו דער וועלט.

ר' אהרן דעם דיינס ווייב, מירל, איז געווען ביי חיה־גיטלען אין קראָם, און קומענדיק אַהיים האָט זי זיך אויסגערעדט פאַרן מאַן:

— זי זיצט און לייגט אויס קאָרטן... ניטאָ דאָ מיט וועמען צו פאַר־ברענגען, זיצט זי און לייגט אויס...

ר' אהרן דער דיין איז געווען אַ ייד, וואָס האָט ווייניק גערעדט. ער האָט געלערנט — אין בית־מדרש, אין דער היים. אַז ער פלעגט לערנענדיק קומען צו אַן ענין וואָס האָט זיך ניט געלייגט גראַד אויפן שכל, פלעגט ער לאָזן אָפן דעם ספר, זיך אויפהויבן און שפּאַנען איבער דער שטוב. ער פלעגט דערגיין סאַמע ביז דער וואַנט, ווי די שטוב זאָל זיין ענג פאַר אים. ביי אַ דין־תורה האָט אהרן דער דיין אויך כמעט ניט גערעדט; אַז מען פלעגט אים ברענגען אַ פאַלשע טענה, פלעגט ער אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט ווי ער זאָל זי אָן ווערטער אָפּשטופּן.

ר' אהרן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם ספר, ווי ער זאָל אַראָפּ־קומען פון אַן אַנדער וועלט, און האָט איבערגעפרעגט זיין ווייב:

— ווער זי? וואָס זי?

מירל האָט געענטפערט:

— זי, סטערע, מוניע דעם מעלערס שנור... זי זיצט און לייגט אויס קאָרטן... ניטאָ מיט וועמען צו פאַרברענגען, זיצט זי...

ר' אהרן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל אָפּוואַרפן אַ פאַלשע טענה אין אַ דין־תורה.

זיין ווייב האָט געוואָלט זיך פאַרענטפערן און האָט געזאָגט:

— חיה־גיטל איז ניט אַריין צו איר אַפילו נאָך אַ נדבה.

ר׳ אהרן האָט פאַרמאַכט דעם ספר, וואָס ער האָט געלערנט, ווי ער זאָל ניט ווערן דעם ספר אַריינמישן אין דעם שמועס. ער האָט בייזלעך אַ זאָג געטאָן צום ווייב:

— ס׳איז לשון־הרע... הער אַ מעשה... חיה גיטל איז ניט אַריין נאָך אַ נדבה... פאַרוואָס טאַקע איז זי ניט אַריין נאָך אַ נדבה?

ר׳ אהרן איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער הין און צוריק.

מירל האָט אָפּגעווישט די ליפּן און האָט זיך פאַרענטפערט:

— איך ווייס... זיי ריידן...

ר׳ אהרן האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זיין ווייב האָט זיך אַרויסגערוקט פון צימער.

יענע וואָך איז גראָד געווען די שרפה אין לישקע, און ר׳ אהרן דער דיין איז געגאַנגען קלייבן געלט פאַר די נשרפים.

אַ הויכער, מיט לאַנגע איבערגעוואַקסענע ברעמען, מיט אַ שטעקן אין האַנט איז ר׳ אהרן דער דיין אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט גיין צו מוניע דעם מעלער. ער איז אַריין נישט צו מוניען, נאָר איז אַרויף אויפן גאַניק צו סטערען. סטערע האָט ניט געקענט אַלע מענטשן פון שטאָט, אָבער זי האָט דערקענט ר׳ אהרן דעם דיין. אויף אים האָט מען איר אָנגעוויזן באַלד ווי זי איז געקומען אין קאָוואַלניק: דער ייד איז ר׳ אהרן דער דיין.

ווען ער איז אַריין האָט זיך סטערע אויפגעשטעלט.

— גוט מאָרגן, סטערע, — האָט ער געזאָגט — איך בין געקומען נאָך אַ נדבה פאַר די נשרפים פון לישקע.

ער האָט זי אָנגערופן ביים נאָמען, ווי זי זאָל זיין אַן אַלט־איינגעזעסענע באַלעבאָסטע אין קאָוואַלניק. עס איז געווען באַדייט אין זיין שטים, ווי ער זאָל אַרויסגעבן אַ פסק־דין. איין רגע האָט סטערע אָנגעקוקט ר׳ אהרנען און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן ווי דער גאַנצער פייער פון לישקע זאָל זיך אין זיי אָפּשפּיגלען מיט אַן אַנגסטיקער שיין. אירע ליפּן האָבן זיך אַ ריר געטאָן אַן רייד. זי האָט אים דערלאַנגט אַ שטול. ר׳ אהרן האָט צוגערוקט דעם שטול צום טיש און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט אַן עלנבויגן. סטערע איז אַוועק אין צווייטן צימער אים ברענגען אַ נדבה.

ווען זי איז צוריקגעקומען זיינען אירע אויגן געווען פייכט און מאַט, ווי אַ טרער זאָל אין זיי אויסלעשן די שרפה. איר האַנט איז געווען אַ דינע און אין דער גאַנצער לענג אַן אויסגעשטרעקטע מיט צוויי זילבערנע רובל.

ר׳ אהרן האָט גענומען די נדבה. — איר זאָלט קענען געבן, סטערע, און הלוואי זאָלן יידן ניט דאַרפן, — האָט ער געזאָגט און איז אַוועק.

נאָך איידער ר׳ אהרן האָט אויפגעזאַמלט דאָס געלט פאַר די נשרפים פון לישקע, האָט מען אין גאַנץ קאָוואַלניק געוואוסט, אַז ר׳ אהרן האָט גענומען די ערשטע נדבה ביי סטערען, מוניע דעם מעלערס שנור, און

סטערע האָט געגעבן צוויי זילבערנע רובל. אין קראָם ביי חיה־גיטלען האָט זיך געטומלט ווי אויף אַ וואָקזאַל. חיה־גיטל האָט פאַרקירעוועט דעם דישעל און האָט געזאָגט:

— פאַרוואָס ניט? זי האָט, גיט זי. פאַרוואָס זאָל ער ביי איר ניט נעמען? זי איז ניט קיין ידישע טאָכטער?

ווען פערל מיט דער שנור זיינען געקומען שבת אין בית־מדרש, האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ פרומען יידישן „גוט שבת". סטערע האָט זיי גע־ענטפערט „גוט שבת" און דורך די שייבעלעך פון דער וויבערשער שול געזוכט מיט די אויגן די הויכע געשטאַלט פון ר׳ אהרן דעם דיין, וואָס ער האָט זי געמאַכט פאַר אַ באַלעבאָסטע אין קאָוואַלניק.

און אַז עס איז אָנגעקומען ראש־חודש, האָט חיה־גיטל דעם ערשטן זעקסער גענומען ביי סטערען, מוניע דעם מעלערס שנור.

ניו יאָרק, 1954

# בריינדל

בריינדל אַכסעס האָט זיך גאָרניט איבערגענומען וואָס זי איז ר׳ חיים איטשע דעם שטערנזעערס און אַכסעס טאָכטער. זי איז געווען אויסגעמישט מיט דער גאַנצער שטאָט און אַלע בחורים זיינען איר נאָכגעגאַנגען.

אין אַ ברייטן קליידל מיט אַ סך געקראָכמאַליעטע קרייזעלעך, האָט ברײַדנל אויסגעזען, ווי זי זאָל זיך קלייבן טאַנצן. אַז זי האָט פאַרנאַכט אַרויסגעשוועבט אויף דער גאַס, איז אַרום איר באַלד געווען אַ געזעמל. ביי בריינדלען איז רעכט געווען גיין מיט פיניען, דעם קלעזמערס בחור, כאָטש ער איז געווען אַ „קלעזמערוק״.

פיניע האָט געזונגען ווי אַ פויגל. אַז ער האָט פאַרצויגן אַ ניגון, האָט מען געקענט צעגיין הערנדיק. ביי זיין טאַטן אין דער קאַפעליע איז ער געווען דער בעסטער פידל־שפּילער. איין מאָל אויף אַ חתונה איז פיניען איינגעפאַלן מיטזינגען מיט זיין פידל. די קאַפעליע האָט אויפגעהערט שפּילן. דער עולם האָט זיך צוגעהערט אָן אָטעם. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גאַנצער וואַלד פייגל זיינען געקומען אויפזינגען אויף דער חתונה.

צוליב בריינדלען האָט פיניע אויפגעהערט אַרומגיין מיט רחל דער שניידערקע — אַ שיין מיידל און אַ פאַרדינערקע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דעם שאָסיי און האָט געוואַרט ביז ער וועט באַגעגענען בריינדלען. מיט בריינדלען איז געוויינלעך מיטגעגאַנגען איר חברטע פעסעלע דעם זייגערמאַכערס, אָבער פיניע האָט געזונגען גלייך צו בריינדלען אין אויער, ווי פאַר איר אַליין זאָל זיין דאָס געזאַנג. בריינדל האָט געשמייכלט מיט די ווייסע שיטערע ציינדלעך און אַלע קרייזעלעך פון איר קלייד האָבן מיטגעטאַנצט מיט יעדן דריי פון דעם ניגון.

בריינדלס מאַמע, אַכסע, איז געווען אַ צעקאָכטע וואָס איר טאָכטער גייט אַרום מיט פיניען, און זי האָט איר אויסגערעדט:

— ווי קומסטו אַרומגיין מיט פיניע דעם קלעזמערוק? ער איז דיין גלייכן? ביסט דאָך ניט קיין קינד! ביסט דאָך ביי די אַכצן יאָר! גאָר אַ גאַנג מיט פיניען!

ביי בריינדעלען גיבן זיך אַ פּאָך די קרייזעלעך פון איר קלייד און זי גיט אַ זאָג:

— פאַרוואָס ניט? איך האָב ליב צו הערן ווי ער זינגט.

זי האָט אָפּגעזאָגט אירס און האָט שוין ניט געסטאַיעט. זי האָט אַראָפּגעשוועבט פון גאַניק, ווי דער דרויסן זאָל רופן צו איר: „קום! עס איז זומער, עס איז זון און געזאַנג.״

אַכסע האָט געטראַכט וועגן איר טאָכטער: „אַ ווינט, אַ שפּרינג־פויגל, אַ גרינגער לונג־און־לעבער. ווי קומט צו איר אַזאַ טאָכטער?״

אַכסע האָט געהאַט דעם איינציקן ווייַן־געשעפט אין שטאָט. אמת, מען האָט געקענט קריגן ווייַן אויך ביי בערל דעם וויינער, און ביי שלום משהן אין קעלער־שטוב, אָבער דאָס איז ניט געווען אַכסעס וויין. ביי אַכסען איז

געווען אמתער טאָקאַי, און אמתער קאַווקאַזער, און אַפילו אמתער ארץ־ישראלדיקער ווײַן. אַכסע איז געשטאַנען בײַ זיך אין געשעפט ווי אין אַן אַפּטייק. אַז מען איז צו איר געקומען נאָך אַ פלאַש ווײַן, האָט זי געפרעגט צוליב וואָס פאַר אַ געלעגנהייט מען דאַרף דאָס: אַ חתונה, אַ ברית, אַ תנאים, שיקן אַ מתנה, אויפנעמען אַ גאַסט — ערשט דעמאָלט איז אַכסע אַוועק און געבראַכט אַ פלאַש ווײַן.

— דאָס איז פאַר אײַך, דאָס דאַרפט איר.

און אַז אַכסע האָט געזאָגט איז מען געווען זיכער, אַז דאָס איז דער ריכטיקער ווײַן וואָס מען דאַרף דערלאַנגען.

אַכסעס מאַן, ר׳ חיים איטשע, איז זעלטן געשטאַנען אין געשעפט. ער איז געווען אַ פּאַרטראַגענער ייד און האָט געשריבן אַ ספר. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז ער שרייבט אַ ספר וועגן די שטערן אין הימל. צוליב דעם האָט מען אים גערופן ר׳ חיים איטשע דער שטערנזעער מיט אַ צוגאָב „אַכסעס מאַן" — איז טאַקע זײַן נאָמען געווען אַ גאַנץ לאַנגער: „ר׳ חיים איטשע דער שטערנזעער אַכסעס מאַן". אַז עס האָט זיך געמאַכט און ר׳ חיים איטשע איז געבליבן אַליין אין ווײַן־געשעפט און אַ קונה איז געקומען, האָט ער קיינמאָל ניט געשטעלט אויף זיך וואָס פאַר אַ ווײַן צו געבן. ער האָט געשריען צו אַכסען אין צווייטן אָדער דריטן צימער:

— צו שפּרינצעס טאָכטער אַכט מען אָפּ דעם חתן. וואָס פאַר אַ ווײַן זאָל איך זיי געבן?

און אַכסע האָט אים געענטפערט גאַנץ גענוי:

— גיב זיי טאָקאַי פון דער דריטער פּאָליצע אויף דער לינקער זײַט, מיט אַ גאָלדענעם בלעטל. — און שפּרינצעס טאָכטערס חתן האָט געטרונקען טאָקאַי מיטן גאָלדענעם בלעטל און עס האָט זייער גוט געהאָלפן צום שידוך.

בײַ אַכסען אין שטוב איז געווען נאָך מער אָרדענונג ווי בײַ איר אין ווײַן־געשעפט. עס האָט געפינקלט און עס האָט געבלאַנקט מיט סערוועטן און מיט וואַזאָנעס. אין סאַליע איז אַפילו געשטאַנען אויף אַ טישל אַ סטאַטוע, דער קאָפּ פון דר. הערצל, די איינציקע סטאַטוע אין שטאָט. דאָס האָט צוגעגעבן אַזוי פיל אָנזען איר הויז, אַז עס איז געווען אַ כבוד אַרײַנצוגיין צו איר.

אין אַ הייסן זומער־טאָג האָט ברײַנדל אָפּגעשטעלט זימלען, אַ בחור, וואָס האָט אָנגעפירט זײַן טאַטנס טאַרטאַק מיט פיר שנייד־מאַשינעס און האָט צו אים אַ זאָג געטאָן דורכן פענצטער.

— זימל, שפּאַן איין דײַן וואָגן, לאָמיר פאָרן צום טײַך זיך באָדן. עס איז אַ היץ, מען קען צעגיין!

אַכסע האָט עס געהערט און האָט געזאָגט צו ברײַנדלען:

— אָט באַלד גייט ער דיר שפּאַנען אין מיטן טאָג דעם וואָגן! דער טאַרטאַק וועט וואַרטן אויף דיר. ווי קען מען דאָס האָבן אַזוי פיל „פייגע־לעך אויפן שטערן"?

בריינדל האָט געשמייכלט מיט די ווייסע שיטערע ציינדלעך און האָט געענטפערט דער מאַמען:

— וועט ער ניט שפּאַנען, וועל איך ניט פאָרן, וועלן מיר זען!

אָבער עס איז ניט אַריבער קיין האַלבע שעה, איז זימל געשטאַנען מיטן געשפּאַנטן וואָגן לעבן אַכסעס שטוב. בריינדל האָט אַראָפּגעטאַנצט צו אים פון גאַניק און האָט געשריען:

— זימל! איך וועל זיך באָדן פון איין זייט בריק, און דו פון דער אַנדערער זייט. עס איז אַ היץ, מען קען דאָך צעגייען.

אַכסע האָט נאָכגעקוקט דעם וואָגן, ווי ער האָט לוסטיק אַוועקגע־טראָסקעט צום טייך און האָט געטראַכט וועגן דער טאָכטער: פייגעלעך אויפן שטערן! אַלץ קען זי אויספירן.

צוריקפאָרנדיק פון טייך האָט זימל געזאָגט צו בריינדלען:

— בריינדל, עס איז אמת וואָס מען זאָגט, אַז דו האָסט ליב פיניע דעם קלעזמערס?

בריינדל האָט זיך אַ שאַר געטאָן אויף דער קעלניע נענטער צו זימלען און האָט אַ שמייכל געטאָן מיט די ווייסע, שיטערע ציינדלעך:

— וואָס רעדסטו, זימל? ער זינגט דאָך ווי אַ פויגל, ווי קען מען אים ניט ליב האָבן?

בריינדלס שמייכל איז געווען אַזאַ לויטערער און פריילעכער, ווי אין איר זאָל זיך באַהאַלטן דער גאַנצער זומער מיט אַלע זיינע גרינקייטן און זיסקייטן. זימל האָט איר גאָרניט געענטפערט. ער האָט געטראַכט, אַז האָבן אַזאַ שטים ווי אַ פויגל איז אפשר נאָך בעסער, ווי אַ טאַרטאַק מיט פיר שנייד־מאַשינעס.

צו בריינדלס חברטע פּערעלע איז געקומען איר קוזין שכנא, אַ בחור, וואָס האָט געהאַט לעבן סלאַוואוטע אַן אייגענע וואַסער־מיל. פּערעלע האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ בלוי קלייד מיט אַ ווייסן קראַגן און ווייסע מאַנקע־טעלעך. מיט איר געטאָקטן פּנים און איידעלער הויט האָט זי אויסגעזען, ווי זי זאָל זיך נאָר וואָס אויסבאָדן אין טוי. אירע עלטערן גדליה דער זייגער־מאַכער און זיין ווייב עשקע, האָבן אויסגעקוקט אויפן שידוך. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז שכנא איז געקומען מסתם האָט ער אין זינען פּערעלען. עטלעכע טעג איז דער קוזין געווען ביי זיי צו גאַסט. שבת ביי טאָג האָט עשקע דערלאַנגט צום טיש פון אַלדאָס גוטס — טאָרט און געפּרעגלטע מאַלינעס. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז שכנא זאָל שרייבן תנאים מיט פּערעלען.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען, ווען צו פּערעלען איז אַריינגעקומען בריינדל. די געקראָכמאַליעטע קרייזעלעך פון איר קלייד האָבן אַ פּאָכע געטאָן איבער דער שטוב מיט אימפּעטדיקער פרישקייט. זי האָט אַ פרעג געטאָן ביים גאַסט:

— נו, ווי געפעלט אייך אונדזער שאָסיי?

אירע ווייסע, שיטערע ציינדלעך האָבן געגלאַנצט, ווי זי זאָל נאָר וואָס

איינבייסן אַ פרישן עפּל, און דאָס פּנים האָט געלויכטן מיט לוסטיקייט אין דער האַלב־טונקלקייט פון דער שטוב.

— עס איז כדאי צו גיין שפּאַצירן — האָט ברײנדל געזאָגט — און האָט זיך אַ צי געטאָן צום פענצטער.

שכנא האָט אַ ריר געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל דערהערן מוזיק שפּילן. ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון ברײנדלען, נאָכגעקוקט יעדן באַוועג אירן. ער האָט געשמייכלט, ניט ווייסנדיק פאַרוואָס.

מען איז אַרויס אויף דער גאַס זיך דורכגיין. ברײנדל האָט די ערשטע אַראָפּגעפלאַטערט פון בריקל און האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ פּאַר־ריסענעם קאָפּ.

— זעט אַ הימל! — האָט זי געזאָגט — עס ווילט זיך אַזש אַ פלי טאָן אַהין.

שכנא איז געגאַנגען ניט לעבן פערעלען, נאָר לעבן ברײנדלען. ער האָט זי אַ ריר געטאָן ביים עלנבויגן און אַ ווײלע געהאַלטן אונטער דער האַנט. ביי פערעלען איז אָפּגעפאַלן דאָס האַרץ. אירע ווייסע מאַנקעטעלעך האָבן איר אויסגעזען האַמעטנע און צופיל אויסגעפּוצט. זי האָט זיך דער־פילט פאַרלאָרן. דער שמיכל האָט ניט פאַרדעקט דעם טרויער פון אירע ליפּן.

עטלעכע שבתים נאָכאַנאַנד איז שכנא געקומען צו גאַסט צו זיין פעטער גדליה. וועגן תנאים מיט פערעלען האָט ער ניט דערמאָנט. פע־רעלע האָט צוליב אים מער ניט אָנגעטאָן דאָס בלויע קלייד מיט די ווייסע מאַנקעטעלעך. זי האָט געוואוסט, אַז שכנא קומט צוליב ברײנדלען. אַרום די אויגן ביי איר איז געפאַלן אַ בלויע טונקלקייט, ווי ביי איינעם וואָס שלאָפט ניט די נעכט.

מען איז איינמאָל געגאַנגען שפּאַצירן צום יונגן וועלדל, וואו עס זיינען שוין צייטיק געווען די ווילדע באַרעלעך. צו פערעלען מיט שכנאן מיט ברײנדלען איז צוגעקומען זימל פון טאַרטאַק. ברײנדל האָט פאַרביי־גייענדיק אַ רוף געטאָן פּיניען, וואָס איז זיי אָנגעקומען אַנטקעגן:

— פּיניע, קום, וועסטו עפּעס זינגען.

אין יונגן וועלדל האָט שכנא אָפּגערופן ברײנדלען אָן אַ זייט און האָט צו איר געזאָגט:

— ברײנדל, דו וואָלסט געוואָלט זען מיין וואַסער־מיל?

ביי ברײנדלען האָבן אַ לויכט געטאָן די ווייסע, שיטערע ציינדלעך. מען האָט געקענט מיינען, אַז די וואַסער־מיל איז די איינציקע זאַך אויף דער וועלט וואָס זי וואָלט געוואָלט זען.

— אָ, יע, יע, איך וויל זען די וואַסער־מיל! אַז פערעלע וועט פאָרן, וועל איך מיט איר מיטפאָרן.

שכנא האָט אַ טרייסל געטאָן אַ צווייג מיט ווילדע באַרעלעך און האָט געזאָגט:

— ברײנדל, דו וואָלסט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן?

בײַ ברײַנדלען איז געוואָרן אַ לוסטיק, פאַרוואונדערט פּנים, ווי „חתונה האָבן" וואָלט געווען די ווילדסטע זאַך אויף דער וועלט און שבנא האָט עס נאָר וואָס צוגעטראַכט.

— וואָס עפּעס חתונה האָבן? — האָט זי געזאָגט, און די קרײַזעלעך אויף איר קלייד האָבן אַלע פֿאַר אַ מאָל אַ טאַנץ געטאָן.

שבנא האָט אויפגעהערט קומען צו פּערעלען. אין שטאָט האָט מען געמורמלט, אַז ברײַנדל האָט „קאַליע געמאַכט" פּערעלעס שידוך. פּערעלעס מאַמע האָט כמעט אויפגעהערט ריידן מיט אַכסען, קוים פֿונדערווײַטן געזאָגט אַ „גוט־שבת" מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אַכסען האָט עס געקרענקט: צוליב וואָס דאַרף זי האָבן אומזיסטע שונאים? זי האָט אויסגערעדט ברײַנדלען:

— צו וואָס ביסטו געגאַנגען צו פּערעלען ווען איר קוזין איז דאָ געווען?

— וואָס איז? איך טאָר אויף אַ מענטשן ניט אַ קוק טאָן? — האָט ברײַנדל זיך פֿאַרענטפֿערט.

אַכסע איז אין כּעס געוואָרן?

— דאָס איז ניט קיין „מענטשן", דאָס איז אַ חתן, דו פֿאַרשטייסט?

— נו, דאַרף מען אים באַהאַלטן אונטער אַ גלאָז, — האָט ברײַנדל אָפּגעענטפֿערט און איז אַוועק.

פּערעלע האָט אָנגעהויבן לײַדן פֿון קאָפּ־ווייטיקן. מען האָט זי אַוועקגעשיקט אין וואַלד אין סלאַוואוטע זיך אָפּרוען. עשקע, דעם זייגערמאַכערס ווייב, האָט אויפגעהערט זאָגן אַכסען אַפֿילו דעם קאַלטן „גוט שבת". אַכסע האָט געשמועסט מיט איר מאַן ר' חיים איטשע:

— חיים איטשע, וואָס טוט מען מיט ברײַנדלען.

חיים איטשע איז „אַראָפּ פֿון די שטערן":

— וואָס איז מיט ברײַנדלען? — האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען וואָס זײַן ווייב טומלט אים.

אַכסע איז געוואָרן רעכט אין כּעס:

— דו ווייסט גאָרניט? מען זאָגט דאָך, אַז זי האָט צעשטערט פּערעלעס שידוך. דו ביסט אַ טאַטע, אפשר וואָלסטו זי אויסגעפּאַטשט?

חיים איטשע האָט באַהאַלטן די הענט אין די הויזן־קעשענעס. דאָס איז געווען דער ערשטער באַווייז, אַז ער קלייבט זיך ניט „אויספּאַטשן" ברײַנדלען. ער האָט באַרואיקט זײַן ווייב און ער האָט איר געבראַכט אַ בײַשפּיל פֿון די שטערן — יעדערער האָט זײַן גאַנג, און מען קען דאָס ניט ענדערן.

— וואָס קען מען טאָן? — האָט ער געזאָגט — אונדזער ברײַנדל... זי געפֿעלט.

ר' חיים איטשע האָט זיך געשעמט אַרויסרײדן, „זי געפֿעלט די מאַנסלײַט", ער האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרהאַקט:

— זי געפֿעלט... זי געפֿעלט... — און פֿאַרענדיקט: — זי געפֿעלט לײַטן. וואָס קען מען טאָן?

— נו, דאַרף מען זי חתונה מאַכן! — האָט אַכסע געענטפערט קורץ און שאַרף און איז אַריין אין וויין־געשעפט. אַכסען האָט אָבער פאַרדראָסן איר מאַנס רואיקייט, זיין ביישפּיל „מיט די שטערן". זי האָט זיך אומ־געקערט און אים אַריינגעזאָגט:

— אויב דיין ברײַנדל וועט קאַליע מאַכן שידוכים וועט מען אונדז וואַרפן שטיינער אין די שויבן! דו הערסט?

ר' חיים איטשע האָט צענומען די הענט, ווי איינער וואָס קען גאָרניט העלפן.

און פונקט ווי פון הימל איז דעמאָלט געקומען דער שדכן פון סלאַוואוטע ריידן אַ שידוך ברײַנדלען מיט אָשרל קימעלמאַן.

אָשרל איז געווען דער ייִנגסטער זון פון ר' יוסף קימעלמאַן. זיי האָבן געהאַט אַ שניט־קראָם אין סלאַוואוטע און מיט די רעשטלעך איז מען געפאָרן אויף די יאַרידן אין די אַרומיקע שטעט. די קימעלמאַנס האָט מען געקענט אין דער גובערניע. „זיי פאַרנעמען די וועלט" — האָט מען געזאָגט.

אויפן גרויסן יאַריד אין שליוואווקע, וואו עס האָט געוואוינט ברײַנדל, איז געקומען אָשרל מיט דער מאַמען. אויף אָשרלען איז געלעגן אויס־געגאָסן די גאַנצע רייכקייט און אונטערנעמערישקייט פון די קימעלמאַנס. ער האָט פאַרקויפט דעם גאַנצן „ראָמש" צו אַ מעקלער.

— וועט זיין מיט אַ הונדערטער ווייניקער — האָט ער געזאָגט דער מאַמען — עס איז אַ הייסער טאָג.

די מאַמע האָט זיך פאַרלאָזן אויף אָשרלען.

ווען ער איז געשטאַנען און איבערגעגעבן די סחורה דעם מעקלער, איז פאַרבייגעגאַנגען ברײַנדל. איר איז געפעלן געוואָרן אַ רעשטל און זי האָט אָוועקגעלייגט די האַנט אויף דעם.

— מיר פאַרקויפן ניט קיין איינצל — האָט איר געזאָגט אָשרלס מאַמע.

ברײַנדל האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון דעם רעשטל, אָבער זי איז געבליבן שטיין קוקן אויף דעם. אָשרל איז צוגעגאַנגען צו איר.

— אַ שאָד — האָט אים ברײַנדל געזאָגט — מיר געפעלט דאָס רעשטל — און די ווייסע, שיטערע ציינדלעך האָבן אַ שמייכל געטאָן מיט גלוסטונג.

אָשרל האָט געקוקט אויף ברײַנדלען און האָט געזאָגט:

— נעמט עס. אַ מתנה פון מיר.

ביי ברײַנדעלען האָבן אַ טאַנץ געטאָן די קרייזעלעך פון קלייד און זי האָט זיך צעלאַכט:

— מער פעלט מיך ניט! די מאַמע וועט מיך אַרויסטרייבן פון שטוב.

— מיר וועלן אייך צונעמען קיין סלאַוואוטע — האָט איר אָשרל גע־ענטפערט.

ער האָט געקוקט אויף ברײַנדלען ווי מען באַטראַכט אַן אויסטערליש בילד און האָט איבערגעזאָגט נאָכאַמאָל:

— איך מיין דאָס ערנסט, איך נעם אייך קיין סלאַוואוטע.

ברײַנדל האָט צוויי מאָל אַ וויג געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך ישובן

צי עס לוינט גיין צו אים אין סלאַוואָטע, צי ניט. איין איבעריקע ווײַלע איז זי געבליבן שטיין און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווי ווייט איז סלאַוואָטע?

— זייער נאָענט, — האָט איר אָשרל געענטפערט.

— נו־ו־ו, קענט איר דאָך קומען אַהער אויך...

זי האָט זיך אויסגעדרייט און האָט אַוועקגעשוועבט.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט אָשרל קימעלמאַן געשיקט אַ שדכן צו אַכסען רייקדן אים אַ שידוך מיט בריינדלען.

אַכסע האָט שטרענג אַ פרעג געטאָן בײַ דער טאָכטער:

— בריינדל, דו קענסט עמעצן אין סלאַוואָטע?

— וואָס עפּעס סלאַוואָטע? — האָט בריינדל געענטפערט, איז רויט געוואָרן און איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרוואונדערטע.

— עס איז געקומען אַ שדכן, אָשרל קימעלמאַן האָט אים געשיקט.

— יע... יע... איך האָב בײַ אים געוואָלט קויפן אַ רעשטל.

אָשרל איז געקומען מיט דער מאַמען, זי זאָל אָנקוקן די כלה. די פרוי קימעלמאַן איז אינמיטן מיטוואָך געווען אָנגעטאָן אין אַ שווערער טאַפּע־טענער קלייד, וואָס האָט געשורשעט און אָנגעזאָגט פאַר אַ מייל: „מיר זיינען גבירים". אַכסע האָט אויך אָנגעטאָן אַ שווערע שורשענדיקע קלייד, וואָס האָט געענטפערט: „מיר זיינען אויך ניט קיין אָרעמע לייט". פון ביידנס רוישנדיקע קליידער איז אין שטוב געשטאַנען אַ שורשערײַ, ווי מען זאָל זיך האַלטן אין איין שושקען.

אָשרל איז אַרײַנגעקומען מיטן רעשטל אין האַנט. בריינדל האָט אָנ־געהויבן לאַכן. די ווייסע, שיטערע ציינדלעך האָבן געלויכטן מיט פרייד. זיי האָבן זיך געטראָפן ווי אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן לאַנג געוואָלט זען איינער דעם אַנדערן.

אַכסע האָט דערלאַנגט אמתן טאָקאַיער ווײַן מיטן גאָלדענעם בלעטל. די חתונה האָט מען באַשטימט אין אַכט וואָכן אַרום. אָשרל האָט מיט אַ דינינקן שמייכל זיך געוויצלט:

— מיט אַזאַ כלה דאַרף מען די חתונה ניט אָפּלייגן, זי קען נאָך פאַר־בלאָנדזשען אויף אַן אַנדער יאַריד.

אויף בריינדלס חתונה איז פערעלע ניט געווען. זי איז אַוועקגעפאָרן פון שטאָט. פּיניע איז ניט געקומען שפּילן מיט דער קאַפּעליע, ער האָט געזאָגט, אַז ער ווערט אויס קלעזמער. זימל איז צו דער חתונה ניט געקומען, בײַ אים האָט זיך צעבראָכן דער טאַרטאַק. די חתונה איז געווען אַ פריי־לעכע, מיט אַכסעס ווײַן, ווי עס פּאַסט זיך צו אַ חתונה. נאָר איבער עטלעכע דעכער אין שטאָט איז געהאַנגען אַ טונקעלער וואָלקן פון אומעט, אָבער בריינדל האָט עס ניט געזען. זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס אירע בעסטע פריינט זיינען ניט געקומען צו איר חתונה. זי האָט זיך געוואונדערט און אירע לוסטיקע, שיטערע ציינדלעך האָבן געשמייכלט מיט אויפריכטיקן באַדויער.

נאָוועמבער, 1954

# די ראַפּאַלאָוויטשעס

עס איז געווען איינער פון די גאָט־געבענטשטע נאָכמיטאָגס ביים ים־ברעג אין ברייטאָן, ווען דער הימל איז באַזונדערס לויטער, ווי נאָר וואָס אויסגעוואַשן מיט הימל־בלויקייט, און דער ים, פּונקט ווי דיריגירט פון אַ קאַפּעלמייסטער, גיט אַלע מאָל אַ פּויק־צו מיט אַ כוואַליע, און צעגיסט זיך אין רעגלמעסיקן מורמל. בקיצור, זייער אַ שיינער נאָכמיטאָג.

איך בין געזעסן אויף אַ באַנק מיט אַן אַלטער באַקאַנטער, נאָכגעקוקט די פאַרביי־שווימענדיקע שיפן, וואָס האָבן אויסגעזען יום־טובדיק אין זייער רואיקן שפּאַציר, און געשמועסט האָבן מיר דווקא וועגן ניט קיין יום־טובדיקע ענינים, ווי עס טרעפט אַפילו ביים ים־ברעג.

פאַרביי אונדז איז דורכגעגאַנגען אַ מיטליאָריקע פרוי, וואָס האָט געפירט אַ היטל אויף אַ רימענדל. אויף מיר האָט די פרוי קיין באַזונדערן איינדרוק ניט געמאַכט, נאָר מיין באַקאַנטע האָט זיך האַסטיק אַ צי געטאָן, נאָכגעקוקט די פרוי און האָט אַרויסגערעדט:

— דער דאָקטאָר!

זי איז דערנאָך געבליבן זיצן אַזוי אַריינגעטאָן אין זיך, אַז איך האָב זיך קוים באַשלאָסן זי פרעגן — מיט וואָס די פרוי האָט זי אַזוי איבערראַשט.

נאָך אַ ווײַלע פון צושאָקלען מיטן קאָפּ, מאַכן פאַר מיר אומפאַרשטענדלעכע העוויות, איז מיין באַקאַנטע געקומען צו זיך. זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן פון דער זייט, ווי איך זאָל איר פרעמד ווערן פאַר דער רגע און האָט געזאָגט:

— דאָס לעבן גיט אַמאָל אַ מיש די בלעטלעך אויף צוריק און ברענגט אונטער מאָדנע דערמאָנונגען פון זאַכן, וואָס זיינען שוין אינגאַנצן אַוועק, דאַכט זיך, פון זיכרון. אָט די פרוי שטאַמט פון די ראַפּאַלאָוויטשעס.

אַזוי האָט געזאָגט מיין באַקאַנטע און זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט אַזוי יונג און פריילעך, ווי איר געלעכטער זאָל קומען פון אַמאָל, אַמאָל, פון גאָר פריילעכע צייטן.

— ווער זיינען די ראַפּאַלאָוויטשעס?

— דאָס איז אַ געשיכטע פון אַ סך יאָרן צוריק — האָט זי אָנגעהויבן דערציילן. — איך בין דעמאָלט געווען אַ סטודענטקע, זיך געלערנט אין אָדעס, זיך געמאַטערט אָן געלט, פאַרדינט פון צופעליקער אַרבעט, — אַ מאָל געווען אַ גובערנאַנטקע ביי קינדער, אַ מאָל אַ קראַנקן־שוועסטער ביי אַ חולה — אָבער עס איז געווען גוט און פריילעך, ווייל מען איז געווען יונג, די וועלט איז געווען אַ וועלט פון האָפענונגען, די צוקונפט האָט אויסגעזען ווי אַ גן־עדן. אגב, אָדעס איז געווען אַ שיינע, רוישיקע שטאָט, מיט אַ גרויסער יידישער באַפעלקערונג און האָט אויך אויסגעזען ווי אַ גן עדן.

דינגען אַ צימער פאַר זיך אַליין איז דעמאָלט געווען איבערן פאַרמעגן

פון אַזאַ „פּריילעכן קבצן", ווי איך בין געווען, האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט אַ חברטע, אויך אַ סטודענטקע פון זעלבן קורס, און מיר זיינען ביידע אַוועק איבער דער שטאָט זוכן אַדעס זוכן אַ צימער בשותפות, פאַר אונדז צווייען. „גיין נאָך אַ צימער" איז פאַר אונדזער יונגער חברה געווען אַ באַזונדער פאַרגעניגן. מען פלעגט זיך אָנלויפן, אָנלאַכן, זען פאַרשיידענע מענטשן, און סוף כל סוף ערגעץ אַוועקפּעקלען די עטלעכע ביכער, די אינדערוואָכנ־דיקע און דאָס שבתדיקע קליידל, און מען איז געווען באַזאָרגט אויף דערווייל. מער ווי אויף דערווייל — האָט מען אין יענע גוטע יאָרן ניט געוואָלט באַזאָרגן.

אַרומגייענדיק זוכן אַ צימער, זיינען מיר אָנגעקומען צו די ראַפּאַ־לאָוויטשעס. געעפנט די טיר האָט אונדז אַ פרוי, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ דאַמע, ווען מען האָט געקוקט אויף איר פּנים און אויפמערקזאַם פאַר־קעמטן קאָפּ. נאָר ווען מען האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע שיך, אָדער ריכטיקער געזאָגט, שטעק־שיך, — האָט זי אויסגעזען ווי אַן אַלטע דינסט, און ווען מען האָט געהערט איר שטים, האָט זיך געדאַכט, אַז עס האָט זייער לאַנג גענומען ביז זי האָט זיך אויסגעלערנט רייקדן, און איצט האַלט זי יעדעס וואָרט זייער טייער.

זי האָט אונדז קודם גוט באַטראַכט, אַזוי אַ היפּשע ווײַלע טאַקע, זען צי עס איז גלאַט כדאי מיט אַזעלכע פאַרשוינען אַ וואָרט אויסצורײַדן, און דערנאָך, ווען זי האָט באַשלאָסן, אַז יאָ, — האָט זי געזאָגט:

— איר פאַרשטייט, דאָס איז ניט סתם אַ דירה. איר וועט זיין ביי די ראַפּאַלאָוויטשעס.

דערנאָך האָט זי מיט אונדז אויסגענומען באַזונדערע באַדינגונגען:

— קיין „קאָמפּאַניעס" זאָלן מיר צו זיך ניט פאַררופן, ווייל זי האָט ליב, עס זאָל זיין שטיל און שטוב.

— קיין הערינג זאָלן מיר ניט עסן, אַפילו ניט ביי זיך אין צימער, ווייל זי פאַרטראָגט ניט דעם ריח.

— אויף קיין אינסטרומענט זאָלן מיר ניט שפּילן, צום ביישפּיל אויף אַ מאַנדאָלינע, אָדער אַ באַלאַלאַיקע, ווייל זי האָט ליב בלויז פיינע מוזיק.

— אַז מיר וועלן קומען אַהיים אין אַ רעגן, זאָלן מיר די קאַלאָשן אויסטאָן אויף יענער זייט טיר און זיי אַריינטראָגן אין האַנט, ווייל דאָס טעפּעכל — און זי האָט געוויזן מיט דער האַנט אויפן טעפּעכל ביי דער שוועל — ווערט געוואַשן איין מאָל אַ יאָר און עס איז שטענדיק ריין.

דאָס זיינען געווען די פיר הויפּט־באַדינגונגען, דערנאָך זיינען געווען עטלעכע צווייט־ראַנגיקע.

ווען מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף אַלע זאַכן וואָס מיר טאָרן ניט טאָן, האָט מען ביי אונדז גענומען אַביסל טייערער, דערפאַר וואָס מיר וועלן זיין „ביי די ראַפּאַלאָוויטשעס".

די באַלעבאָסטע, שבע פון די ראַפּאַלאָוויטשעס, איז קיינמאָל ניט אַרויס פון די שטעק־שיך, כדי אין שטוב זאָל זיין שטיל, מען זאָל ניט הערן קיין

טריט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַפּילו די קאַץ, וואָס האָט זיך אַרומ־געדרייט איבערן שטוב, גייט אויך אויף באַזונדערס ווייך־געבעטע לאַפּ־קעלעך, שטילער ווי אַלע קעץ אויף דער וועלט. דאָס מעבל איז געווען ווייך, די זון דורך די גאַרדינען האָט אַריינגעשיינט מאַט, און דער קאָפּ ביי מאַדאַם ראַפּאַלאָוויטש איז געווען אַזוי גלאַט פּאַרקאַמט, אַז ווען אַ האָר כאַפּט זיך אַריבער פון איין זייט שרונט אויפן צווייטן, וואָלט עס געווען כמעט אַן איבערקערעניש. אָבער דאָס האָט ניט געקענט פּאַסירן ביי שבע פון די ראַפּאַלאָוויטשעס.

איר טאָכטער, אַ סטודענטין אויף דעם מעדיציניש פּאַקולטעט, וואָס האָט געהאַט נאָך אַ יאָר ביז ענדיקן, האָט זי גערופן — „דער דאָקטאָר".

„דער דאָקטאָר" האָט געהאַט אַ באַזונדערן צימער מיט ראָזע ווענט, מיט אַ ראָזן טעפּעכל אויפן בעט, ראָזע גאַרדינען אויפן פענצטער, אַ ראָזן טעפּעכל אויפן דיל. אַליין נאָר איז זי געווען זייער בלייך. צו איר פלעגן אויך ניט קומען קיין „קאָמפּאַניעס". ביי די ראַפּאַלאָוויטשעס אין הויז איז עס ניט געווען אָנגענומען.

געקומען פון אוניווערזיטעט, האָבן „דער דאָקטאָר" מיט דער מוטער אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט אַזוי שטיל, אַז אַ גאָפּל האָט ניט קיין קלונג געטאָן. אונטן, מיט דריי שטאָק נידעריקער, האָט זיך באַוועגט אַדעס. אַדעס האָט געלאַכט און געשפּילט אויף מאַנדאָלינעס. „קאָמפּאַניעס" זיינען געגאַנגען מיט דער גאַס אַראָפּ צום ים שפּאַצירן. דאָס אַלץ האָט קיין שייכות ניט געהאַט מיט די ראַפּאַלאָוויטשעס. זיי האָבן דאָס גערופן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „דער פּעבל". דער „פּעבעל" טומלט. דער „פּעבעל" לאָזט ניט שלאָפן די ראַפּאַלאָוויטשעס.

נאָכן שטילן אָוונט־ברויט איז „דער דאָקטאָר" אַוועק אין ראָזען צימער לייענען אַ שווער־וואָגיק בוך וועגן נערוון קראַנקהייטן, און די מוטער אין די שטעק־שיך האָט אַריינגעלייגט דאָס זילבער פון עס־צימער אין אַ שאַפּקעלע, וואו עס איז יעדן טאָג איבעראַנייס איבערגעציילט געוואָרן.

דער טאַטע, מיט דער גרויער געשאָרענער באָרד, איז געווען אין שטוב ווי אַ גאַסט. ער האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל פאַרראַטן די ראַפּאַלאָוויטשעס און איז געוואָרן אַ קליינער בירזשע־מענטש אין אַדעס. אַנטקעגן דעם יחוס פון זיין הויז, איז ער געווען אַ מענטש פון קליינעם פאַרנעם. זיין פרוי האָט זיך דערפון אַ סך געערגערט און, אַרומגייענדיק שטיל אין שטעק־שיך, אַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— נאָר שבע פון די ראַפּאַלאָוויטשעס קען דאָס אַריבערטראָגן.

איינמאָל, אַרום יאַנואַר, זיינען די שטעק־שיך פון מאַדאַם ראַפּאַלאָוויטש אומגעווייניגלעך אַ סך געגאַנגען הין און צוריק, פון ראָזען צימער צום גרויסן עס־צימער און צו דער קיך. צום „דאָקטאָר" האָט געזאָלט קומען אַ גאַסט. אונדז האָט מאַדאַם ראַפּאַלאָוויטש געבעטן מיר זאָלן ניט זינגען, ווען דער גאַסט וועט זיין און מיר זאָלן ניט קלאַפּן מיט דער טיר. (דאָס איז געווען

אַ צוגאָב־באַדינג צו אַלע אַנדערע באַדינגונגען פון אונדזער זיין „ביי די ראַפּאַלאָוויטשעס").

פאַרנאַכט איז געקומען דער גאַסט. אַ הויכער יונגערמאַן אין די דרייסיקער. ער איז אַריין גלייך פון קאָרידאָר אין ראָזען צימער. דער „דאָקטאָר" האָט געטראָגן אַ שוואַרץ קלייד מיט אַ רויטער רויז אויף דער ברוסט. די רויטע רויז האָט געשמעקט מיט פרילינג, און דער „דאָקטאָר" איז אויך געווען ראָז אויפן געזיכט — פאַרלאָרן אינגאַנצן די שטענדיקע בלאַסקייט. מיר — צוויי יונגע ציגן — האָבן יענעם אָוונט ניט אַ זונג געטאָן, אָבער אַ סך געשטיפט און גערעדט האָבן מיר אויף שטום־לשון, מיט האַלבע ווערטער:

— מיר טראָגן היינט אַ רויז?

— אַ רויז.

דער אָוונט־ברויט איז געווען אַ הילכיקער. עס האָבן געקלונגען די גאָפּל און די מעסערס. עס איז געווען „קאָמפּאַניע". דער „דאָקטאָר" האָט געלאַכט, און אַפילו דער טאַטע מיט דער גרויער צוגעשאָרענער באָרד איז געזעסן מיט אַלעמען גלייך ביים טיש, געזעסן און געשמועסט. יענעם אָוונט איז קיינער ניט געגאַנגען אין קיין שטעק־שיך.

„דער דאָקטאָר" מיט דער רויז אויף דער ברוסט איז אַוועק מיט דעם הויכן יונגנמאַן אין טעאַטער. ער האָט זי געפירט מיט די שטיגן אַראָפּ אונטער דער האַנט.

אַזייגער צוועלף איז געקומען פון טעאַטער „דער דאָקטאָר" מיט דער רויטער רויז אויף דער ברוסט. זי איז אַריין אין ראָזען צימער, און מיר האָבן געהערט פון דאָרט אַן איינגעהאַלטענעם געוויין. מיר — צוויי יונגע ציגן — האָבן אָט דעם געוויין ניט געוואָגט נאָכצומאַכן. מיר האָבן צום ערשטן מאָל געהערט וויינען אַ פרוי, וואָס קומט צוריק פון טעאַטער מיט אַ רויטער רויז אויף דער ברוסט.

צומאָרגנס האָבן מיר געמעגט ווידער זינגען. קיין געסט זיינען ניט געקומען. „דער דאָקטאָר" האָט געהאַט די שטענדיקע בלאַסקייט אויפן פּנים. שבע פון די ראַפּאַלאָוויטשעס איז אַרומגעגאַנגען אין שטעק־שיך און נאָכן אָוונט־ברויט איבעראַנייס איבערגעציילט דאָס זילבער פון עס־צימער. זי האָט אונדז דערציילט, אַז דער גאַסט איז דעם „דאָקטאָרס" געגטער מאַן. אַלע יאָר, צו איר געבורטסטאָג, קומט ער זי נעמען אין טעאַטער.

— ער האָט זי נאָך אַלץ ליב — האָט דערציילט מאַדאַם ראַפּאַלאָוויטש. — ער האָט נאָך זי אימער ליב. די צעשיידונג איז געווען צוליב אַן אויסגעשטראָצעלטער מויד, וואָס האָט פאַרקויפט סאָדע־וואַסער ביים ים־ברעג און האָט געטראָגן אַ בלויע זון־היטעלע. פּשוט, איינע פון דעם „פּעבעל".

מיין באַקאַנטע האָט אָפּגעהאַקט אירע רייד. פאַרביי אונדז איז דורכגעגאַנגען די מיטליאָריקע פרוי מיט דעם הינטל, וואָס זי האָט געפירט ביי אַ רימענדל. מיין באַקאַנטע איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט זי געפרעגט,

צי זי איז פון די ראַפּאַלאָוויטשעס. די פרוי האָט אַ קער געטאָן אַ בלייך פּנים און אַ שאָקל געטאָן מיט דעם קאָפּ אויף ניין. זי האָט אַ צי געטאָן דאָס הינטל פאַרן רימענדל און איז אַוועק.

— אַ מערקווירדיקע ענלעכקייט צום „דאקטאר" — האָט מיין באַקאַנטע געשמייכלט. — ווער ווייס? אַנדערע מענטשן ווילן זיך ניט אומקערן צו זייער פאַרגאַנגענהייט. און אפשר... סוף כל סוף — דער ים רוישט דאָ אין ברייטאָן אָט אַזוי ווי עס האָט גערוישט דער ים אין אָדעס, אפשר זיינען דאָ אויך פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען פונקט ענלעך צו די ראַפּאַלאָוויטשעס.

6טער יולי, 1947

# אין פּאַלאַץ

דאָס הויז פון די מאַנדעלשטאַמס האָט מען אין שטאָט גערופן „דער פּאַלאַץ". אברהם מאַנדעלשטאַם האָט געהאַט אַ פאַבריק פון דעקעס אין ביאַליסטאָק, נאָר געוואוינט האָבן זיי אין דעם דערבייאיקן שטעטל, פּאָדוואַלקע. די אַלטע מאַמע זיינע, הינדע, האָט אין ערגעץ ניט געוואָלט זיך אַריבערציען — אָט־דאָ אין פּאָדוואַלקע איז זי געבאָרן געוואָרן און דאָ אין פּאָדוואַלקע וויל זי שטאַרבן — אַזוי האָט זי געזאָגט, און דער זון האָט איר נאָכגעגעבן.

כאָטש דער „פּאַלאַץ" איז געשטאַנען אין מיטן פון דער הויפּט־גאַס, האָט ער מיט דער שטאָט כמעט קיין שייכות ניט געהאַט.

זומער, אַז די קינדער, די צוויי זין און די צוויי טעכטער פון די מאַנדעלשטאַמס, זיינען געקומען אויף וואַקאַציע פון די גימנאַזיעס און די אוניווערזיטעטן וואו זיי האָבן געלערנט, האָט דער „פּאַלאַץ" אויפגעלעבט. מיט די טעכטער איז געקומען זייער גובערנאַנטקע, אַ פאַרפּוצטע דאַמע, וואָס האָט געטראָגן אַ הוט. אין שטעטל האָט מען אויסגערעכנט, אַז די גובערנאַנטקע אַליין האָט געבראַכט זיבן טשעמאָדאַנעס, שאַכטלען פאַר היט, פּודעלעך, קעסטעלעך — אַרום און אַרום דרייצן באַגאַזש־פּעקלעך.

צו די זין און טעכטער זיינען אַ גאַנצן זומער געקומען געסט — זייערע חברים און חברטעס און פריינט. צוויי דינסטן האָבן געקאָכט, געבאַקן, געפּרעגלט, דערלאַנגט און צוגענומען געפעס. עס האָט געקלונגען און געבראַזגעט און געזשומעט מיט גערעדעריי און געלעכטער.

אין די פרימאָרגנס האָט מען אין גרויסן הויף הינטערן הויז געשפּילט אין קראָקעט. פרומקע, די קורעלאַפּניטשקע, וואָס האָט געפּליקט הינער און געענדז אין „פּאַלאַץ", האָט דערציילט, אַז די גובערנאַנטקע, ווען זי שפּילט אין קראָקעט, טראָגט זי הויזן, ווי אַ מאַנסביל.

דאָס שטעטל האָט געזאָגט:

— וואָס דען? געלט מאַכט משוגע!

אין די אָוונטן איז דער „פּאַלאַץ" געווען העל־באַלויכטן און פון די פענצטער האָט זיך געטראָגן דאָס שפּילן פון דער פּיאַנע און לידער פון גראַמאָפאָן.

דער „פּאַלאַץ" איז געווען אַ באַזונדער פּלאַץ פון גליק, וואָס האָט זיך דאָ געפונען אין זכות פון דער אַלטער הינדע.

יעדן פרימאָרגן איז דער עלטערער זון פון די מאַנדעלשטאַמס, עזראַ, געגאַנגען צו דער פּאָטשט עק שטאָט, אָפּנעמען צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער, וואָס זיינען צו אים אָנגעקומען. עס איז געווען כמעט אַ וואונדער צו זען ווי פון דעם רוישיקן הויז גייט אַרויס אַ שטילער מענטש מיט ברוינע פאַרטראַכטע אויגן און מיט אַזאַ געלאַסנקייט ווי ער זאָל גיין פון אַ בית־מדרש. צוריקוועגס פון דער פּאָטשט איז זיין גאַנג געווען נאָך געלאַסענער. ער האָט גייענדיק געלייענט אַ צייטונג. מען האָט אים אָפּגעטראָטן דעם

וועג, ערשטנס, ווייל ער איז אַ מאַנדעלשטאַם, און צווייטנס, ווייל ער איז אַ פאַרטראַכטער.

אין איינעם אַ זומער האָט גאַנץ פּאָדוואַלקע זיך אַ וויג געטאָן פון אַן אומגלויבלעכער נייעס. אין „פּאַלאַץ" האָט מען איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט מיט נייע פלאַסטינקעס פאַרן גראַמאָפאָן און צו דעם קאָנצערט האָט מען פאַרבעטן אַלטער דעם פרומענס טאָכטער, טיליען.

טיליע איז געווען די איין־און־איינציקע טאָכטער ביי ר׳ אַלטער יאָפע. צוליב זיין שטאַרקער פרומקייט האָט מען אים גערופן „אַלטער דער פרומער". אַלטער האָט אַ סך געדאַוונט און זייער ווייניק גערעדט. און זיין ווייב, ציפּע, האָט געפירט די שניט־קראָם שטיל, אָן אָפּנאַרעריי און אָן דיבּ־געניש. די שטוב איז געווען באַלעבאַטיש־נגידיש פאַרפונדעוועט און אָרנטלעך.

זייער איינציקע טאָכטער, טיליע, איז געווען אַ שטוב־זיצערקע. זי האָט געלייענט ביכלעך. אַז זי פלעגט דורכגיין די גאַס מיט די צוויי לאַנגע שאַטינע צעפּ, איז דאָס געווען כמעט אַ טראַף. אַז זי פלעגט זיך באַווייזן, פלעגט מען זאָגן — „טיליע גייט".

איינמאָל, ווען „טיליע איז געגאַנגען", האָט זי אָנגעטראָפן עזראַן, ווען ער האָט געלאַסן געשפּאַנט און געלייענט די צייטונג. זי האָט אים אָפּ־געטראָטן דעם וועג און האָט שטיל אַ לאַך געטאָן. עזראַ האָט זיך אָפּ־געשטעלט און ביידע האָבן געשמייכלט.

— איך בין בייגעריק צו זען די צייטונגען — האָט ער זיך פאַר־ענטפערט. טיליע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זיי זיינען געבליבן שטיין אַ ווײַלע. אַ רואיקייט איז געווען אַרום טיליען. זי, מיט די לאַנגע צעפּ, מיטן שמייכל, וואָס איז ביי איר געבליבן פון דעם פאַרבאָרגענעם געלעכטער איז געווען אַ טייל פון אַלטער דעם פרומענס שטוב — איינגעפונדעוועט און ערלעך. עזראַן איז געווען אנגענעם צו שטיין מיט איר, פּשוט שטיין.

— ווי האָט איר געדולד צו פאַרפלעכטן אייערע לאַנגע צעפּ? — האָט זי עזראַ געפרעגט, און אין זיינע אויגן איז געווען אַן אמתע פאַר־וואונדערונג.

טיליע האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט אים גאָרניט געענטפערט. זי האָט בלויז אַ הויב־געטאָן אירע צעפּ, ווי זי זאָל זיך ווען איבערצייגן, צי זיי זיינען טאַקע אַזעלכע לאַנגע. עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך פאַר עזראַן ער זאָל זיך אומקערן און גיין זי באַגלייטן אַהיים, צום הויז פון אַלטער דעם פרומען, אַז ער האָט ניט געפילט ווי ער איז מיט איר אַוועק.

— קומט צו אונדזער קאָנצערט — האָט ער איר געזאָגט, ווען ער האָט זיך מיט איר געזעגנט. און אין אָוונט פון דעם קאָנצערט איז ער אַליין געגאַנגען זי רופן. ער האָט געטראָגן אויף דער האַנט איר זומערדיקן העלען מאַנטל, און אַזוי האָט ער זי אַריינגעפירט אין „פּאַלאַץ".

ווען דער גראַמאָפאָן האָט געשפּילט די פלאַסטינקעס מיט די נייע לידער, איז עזראַ אַרויס מיט טיליען איר ווייזן די בעז־ביימלעך, וואָס מ׳האָט

איינגעפלאַנצט אַרום און אַרום דעם „פּאַלאַץ". געגאַנגען און געשוויגן. צווישן זיי איז געווען אַ שטילער אָפּמאַך פון ליבע, וואָס האָט איגגאַנצן ניט געדאַרפט קיין דערקלערונגען.

יעדן פרימאָרגן, גייענדיק נאָך די צייטונגען, איז עזראַ אַריין צו טיליען, און ווען ער איז געגאַנגען צוריק, איז טיליע אַרויס צו אים פון הויז און אַוועק מיט אים צוזאַמען.

אין האַרבסט, ווען די יונגוואַרג פון „פּאַלאַץ" האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפאָרן אין די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, האָט עזראַ געזאָגט צו טיליען:

— דו וועסט פאָרן מיט מיר, טיליע.

צומאָרגן אינדערפרי האָט טיליע געבעטן דער מאַמען זי זאָל איר פאַרפלעכטן די צעפּ. ציפּע האָט דערפילט, אַז די טאָכטער האָט איר עפּעס צו זאָגן. די מאַמע האָט איר געקעמט די האָר. טיליע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איר און האָט געזאָגט:

— מאַמע, עזרא וויל איך זאָל מיט אים מיטפאָרן.

ציפּע האָט שווייגנדיק פאַרענדיקט קעמען דער טאָכטערס לאַנגע ווייכע האָר, אירע הענט זיינען געווען אַזוי מילד, ווי זי זאָל טיליעס קאָפּ גלעטן.

— נו, זאָל גאָט העלפן, ער זאָל זיין דיין אמתער באַשערטער! — האָט זי אַרויסגערעדט פרום, ווי זי זאָל זאָגן אַ ברכה.

די חתונה האָט מען געפראַוועט אין ביאַליסטאָק. צו דער חתונה זיינען געפאָרן בלויז די נאָענטסטע — טיליעס טאַטע־מאַמע און די משפחה פון „פּאַלאַץ". מיט זיי איז מיטגעפאָרן די אַלטע הינדע. זי האָט זיך באַשטעלט ביי דער פאַרוקמאַכערקע אַ זיידענעם האַרבאַנד מיט גרינע און ראָזע סטענגעס, ווי עס פּאַסט צו אַן אייניקלס אַ חתונה.

דער גליק וואָס האָט געטראָפן טיליען איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין שטעטל איז צו איר אַפילו קיין קנאה ניט געווען. אַזאַ שידוך טרעפט זיך איין מאָל אַ יובל, איז וואָס איז דאָ צו ריידן?!

אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז טיליע לערנט זיך פאַר אַן אַקו־שערקע, אַז עזראַ לערנט זיך פאַר אַן אינזשעניר, פאַרשטייט מען — ער וועט פירן דעם טאַטנס פאַבריק. אָבער צו וואָס דאַרף טיליע זיך לערנען פאַר אַן אַקושערקע? עס פעלט איר, חלילה, אויף שבת ביי די מאַנדעל־שטאַמס? און מען האָט אָפּגעזאָגט: וואָס דען? געלט מאַכט משוגע.

צו די זומערדיקע איינוואוינער פון „פּאַלאַץ" איז איצט צוגעקומען טיליע. שפּעט, אינמיטן די וואַקאַציעס זיינען זיי געקומען, זי און עזרא. יעדן פרימאָרגן זיינען זיי ביידע געגאַנגען אויף פּאָטשט אָפּנעמען צייטונגען און זשורנאַלן. און דער פּאַק איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווייל עס זיינען אָנגעקומען ביכער פאַר טיליען אויך.

אַז טיליע איז געגאַנגען מיט עזראַן האָט ער געהאַלטן אָנגעבויגן צו איר דעם קאָפּ און גערעדט צו איר שטיל, ווי ער זאָל איר פאַרטרויען אַ סך

סודות. אַזוי פיל פרייד און יוגנט איז געווען אין זייער גיין, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען נאָר וואָס פון אונטער דער חופּה.

זינט טיליע איז אַריין אין דער משפּחה פון די מאַנדעלשטאַמס האָט זיך דער פּאַלאַץ צוגערוקט נעענטער צו פּאַדוואַלקע. צו טיליען זיינען געקומען חברטעס, און אַלטער דער פרומער מיט ציפּען זיינען אַלע שבת־צו־נאַכט געגאַנגען טרינקען טיי צו טיליען אין „פּאַלאַץ".

אויפן צווייטן יאָר נאָך עזראַס חתונה איז דער „פּאַלאַץ" זומער געבליבן שטיל. דער טויט האָט אַ שאַר געטאָן איבער זיינע דעכער און האָט פאַרטריבן די פרייד, דעם טומל פון די מענטשלעכע שטימען: עזראַ איז געפאָרן זיך זען מיטן פאָטער און איז אויפן וועג אומגעקומען אין אַ באַן־קאַטאַסטראָפע. אין קעשענע האָט מען ביי אים געפונען אַ בריוו צו טיליען, וואָס ער האָט אין באַן אָנגעשריבן: „איך האָב זיך נאָר וואָס געזעגנט מיט דיר, טיליע, און איך האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן — זיי געזונט. זיי געזונט, טיליע. עס איז ביי מיר אַ פרייד אָנצושרייבן און איבערזאָגן דיין נאָמען — טיליע, טיליע. — עזראַ".

דאָס צעטעלע האָט מען טיליען אָפּגעגעבן נאָך עזראַס לוויה. זי האָט עס געהאַלטן און געלייענט לאַנג, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרויס בוך — דאָס בוך פון איר ליבע.

אין צוויי חדשים אַרום האָט טיליע געבוירן אַ קינד. און ווען מען האָט איר אָנגעזאָגט, אַז עס איז אַ יינגל, זיינען ביי איר די אויגן פול געוואָרן מיט טרערן און זי האָט געזאָגט: — עזראַ.

טיליע איז געבליבן וואוינען אין דער שטאָט און אין דער דירה, וואו זי האָט געוואוינט מיט עזראן. דאָרט, וואו עס זיינען געווען זיינע ביכער, זיינע בילדער, זיינע אַרבעטן וואָס ער האָט געשריבן און די פּלאַסטינקעס פון די לידער, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו הערן, — דאָרט האָט טיליע געוואָלט אויסהאָדעווען איר זון, דעם קליינעם עזראַ.

זומער אויף די וואַקאַציעס איז זי געקומען מיט דעם קליינעם עזרא און מיט זיין דערציערין אַהיים אין פּאַדוואַלקע. און ווידעראַמאָל האָט מען אין די גרויסע צימערן פון „פּאַלאַץ" געהערט דעם נאָמען עזראַ. עזראַ גייט, עזראַ שפּילט זיך, עזרא רופט טיליען.

אין איינעם פון די זומערן, ווען דאָס קינד איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט ציפּע אָנגעוואונקען דער טאָכטער, אַז זי איז נאָך יונג, און עס איז שווער אָפּצולעבן אַ לעבן אַליין. טיליע האָט דער מאַמען ניט געלאָזט אַריינגיין אין קיין ווייטן שמועס. זי האָט איר געענטפערט קורץ און אָפּגעהאַקט:

— מען קען נישט טרעפן נאָכאַמאָל קיין עזראַ.

מער האָט די מוטער מיט איר וועגן דעם קיין מאָל ניט גערעדט.

ווען עזראַ איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, איז טיליע געקומען מיט אים אין פּאַדוואַלקע. דאָ האָט מען געמאַכט די בר־מצווה. די אַלטע הינדע איז געגאַנגען אָנגעלענט אויף אַ שטעקן. אַ שעה צייט האָט ביי איר געדויערט

דער גאַנג ביז זי איז געקומען צו דער פּאַרוקמאַכערקע. זי האָט באַשטעלט אַ נייעם זיידענעם האָרבאַנד מיט שטילע בלויע סטענגעס, ווי עס פּאַסט צו גיין אין בית־מדרש צום אור־אייניקלס בר־מצווה.

עזראַ איז געווען אַ ייִנגל מיט ברוינע פאַרטראַכטע אויגן. ער איז געווען שוין כמעט אַזוי הויך ווי טיליע, און האָט אויסגעזען פּונקט ווי זיין טאַטע.

ווען טיליע האָט געזען איר זון שטיין מיט אַן ערנסטן, פאַרטראַכטן פּנים און זאָגן די ברכות, האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר מאַן שטייט. עזראַ שטייט. דאָס פּנים איז ביי איר ווייס געוואָרן. זי האָט פאַרדעקט די אויגן מיט די הענט.

ווען מען איז אַרויס פון בית־מדרש, האָט עזראַ געוואַרט אויף דער מאַמען לעבן די טרעפּ פון דער ווייבער־שול. טיליע האָט אים אַ קוש געטאָן. עזראַ האָט צוגענומען ביי דער מאַמען איר העלן זומערדיקן מאַנטל, האָט אים געטראָגן אויף דער האַנט, און אַזוי איז ער מיט איר געקומען אַהיים, אין „פּאַלאַץ".

ניו יאָרק, 1954

# אַ היימישער ערב פּסח

צווי ברוגעמס זיינען געווען, פונוואַנען מיר און אַלע שכנים אַרום אונדז, האָבן גענומען וואַסער. איין ברונעם איז געווען אויפן הויף ביי חיים משהן, וואָס זיין גרעסטע באַשעפטיקונג איז געווען שרייען: שרייען אויף די שכנים; שרייען אויפן פּאַסטעך, וואָס נעמט זיין קו אויף פּאַשע; שרייען אויף די קינדער, וואָס מאַכן אַ טומל ביי אים אונטערן פענצטער. און אפילו אויף זיינע הינער און גענדז איין הויף האָט ער אויך געשריען, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט אויפגעהויבן זיין קול אויף די, וואָס זיינען געקומען בעמען וואַסער ביי אים פון ברונעם. פאַרקערט, ער איז גאָר געווען שטאַרק צופרידן פון זיי, און האָט זיין צופרידנקייט אַרויסגעוויזן אויף ווי ווייט אַ שרייענדיקער ייד קאָן: ער האָט לחלוטין ניט געשריען און אַמאָל האָט ער נאָך אַרויסגעזאָגט אַ שבח אויפן וואַסער פון זיין ברונעם:

— אַ שיין ביסל בעסער ווי דאָס וואַסער ביי פריידע לאהן.

דער צווייטער ברונעם איז טאַקע געווען ביי פריידע לאהן, דער גבירטע. אַזוי ווי אַ גביר האָט מזל, איז ביי איר אין ברונעם דאָס וואַסער געווען זיס און ווייך, און אַלע האָבן געוואוסט, אַז פריידע לאהס וואַסער איז דאָס בעסטע, וואָס עס קען זיין. פון פריידע לאהס ברונעם, — כאָטש עס איז געווען ווייטלעך אַהין צוצוגיין — האָבן מיר און אַלע שכנים גענומען וואַסער אויף שבת. דעריבער איז אינדערוואָכן שטענדיק געווען לעבעדיק אויפן הויף פון דעם שרייענדיקן יידן. דער עמער אויף דער „באַביצע" האָט געסקריפּעט פון גאַנץ פרי אָן. שכנים און שכנות האָבן זיך דאָרט באַגעגנט מיט ליידיקע און מיט פולע עמערס און דער באַלעבאָס פון ברונעם האָט הנאה געהאַט, כאָטש קיין הכנסה האָט ער פון דעם ניט געהאַט, און פון צייט צו צייט אָפּגעזאָגט דעם שבח אויף זיין וואַסער.

— אַ שיין ביסל בעסער, ווי דאָס וואַסער ביי פריידע לאהן.

אַזוי איז עס געווען אַ גאַנצע וואָך, ביז פרייטיק. פרייטיק איז דער שרייענדיקער ייד אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזער און האָט נאָך מער געשריען אויף וועמען עס לאָזט זיך נאָר. אים האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס פרייטיק האָבן זיך אַלע געלאָזן גיין מיט די עמערס ניט צו אים אויפן הויף, נאָר צו פריידע לאהן דער גבירטע נאָכן שבתדיקן וואַסער.

און פונקט ווי ער איז געווען איבערגענומען מיט זיין ברונעם, אַ גאַנצע וואָך געהאַט נחת פון אים און פרייטיק זיך מצער געווען, וואָס דער ברונעם שטייט כמעט אַ פאַרלאָזטער, אַזוי האָט פריידע לאה די גבירטע אינגאַנצן פון איר ברונעם קיין וועזן ניט געמאַכט. מען קומט נאָך וואַסער — קומט מען. מען קומט ניט, — קומט מען ניט. זי איז געווען גענוג זיכער מיט איר זיסן וואַסער און האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ערב שבת וועט מען קומען צו איר, און מען רעדט שוין ניט — ערב אַ יום־טוב, און איבערהויפּט ערב פּסח — דעמאָלט וועט יעדערער וויל האָבן זיסע וואַסער און מען גייט צו פריידע לאהן.

פֿאַר פּסח האָט זיך ביי פריידע לאהן ביים ברונעם דער „סעזאָן" אָנגעהויבן מיט עטלעכע טעג פריער, איידער דער יום טוב איז אָנגעקומען. פֿאַלקע, די גויע וואָס האָט געהאָלפֿן וואַשן די פּאַדלאָגעס, שייערן און רייניקן לכבוד יום טוב אין אַלע שכנישע הייזער — זי איז דאָס געווען די ערשטע צו עפֿענען דעם „סעזאָן" ביי פריידע־לאהן. זי האָט מיט אַ שטיין צוגעשפּאַרט דאָס גבירישע קלאַפּ־טירל פֿון פריידע לאהס הויף, כדי דער עולם זאָל ניט דאַרפֿן אַלע מאָל עפֿענען דאָס טירל, וואָס גיט זיך אַליין אַ פֿאַרמאַך און קען, חלילה, אַ קלאַפּ טאָן אין אַ פּוס. דאָס טירל פֿון הויף אָפֿן — איז שוין דער עולם געגאַנגען הין און צוריק מיט די עמערס און מען האָט געטראָגן דעם פּסח'דיקן זיסן וואַסער און געלויבט פֿאַלקען פֿאַרן איינפֿאַל צו צושפּאַרן דאָס טירל מיט אַ שטיין, כאָטש די דערפֿינדונג האָט פֿאַלקע געמאַכט פֿאַרן רשות הרבים יאָר איין, יאָר אויס.

פֿאַלקע, וואָס האָט גערעדט יידיש כמעט ווי אַ יידיש קינד, נאָר מיט אַ גויאישן אַקצענט, האָט איינגעקאַסירט די קאָמפּלימענטן מיט גרויס צופֿרידנקייט:

— וואָס דען? ערב פּסח וועט מען גיין קוקן אויף אַ טירל?

פריידע לאה די גבירטע, כאָטש זי האָט אַ גאַנץ יאָר געהאַלטן דעם הויף אירן אין גרויס אָרדענונג, מיט וועגעלעך צווישן דעם גראָז, מיט שטיינער אַרום ברונעם אַרומגעברוקירט, דאָס קלאַפּ־טירל פֿון הויף שטענדיק צוגעמאַכט — האָט זי ערב פּסח געלאָזן דעם הויף אָפֿן פֿאַר רשות הרבים. אַפֿילו אויב עמעצער האָט געוואָלט ביי איר אויפֿן הויף אָפּכשרן כלים, האָט פריידע לאה געלאָזן ביי זיך אין אויוון אָנברענען די אייזנס מיט די שטיינער און איבערן אויסגעפּוצטן הויף פֿון דער גבירטע האָט זיך געטראָגן אַ פּאַרע ביזן הימל, ווען מען האָט די זודיקע שטיינער געוואָרפֿן אין די כלים מיט פריידע לאהס וואַסער. הקיצור עס איז געווען דער „סעזאָן" פֿון איר ברונעם, און זי איז אַנטקעגנגעקומען מיט וואָס נאָר מען האָט פֿאַרלאַנגט פֿון איר.

ווען די שטוב איז שוין געווען פּסחדיק, דער קאַסטן מצות איז געשטאַנען צוגעדעקט מיט אַ ווייסער סערוועט, דער עמער מיט די געזייערטע בוראַקעס — אויף אַ בכבודיקן אָרט אין קיך אַרומגעצויגן מיט אַ קלאָרער רעדנע, און אָט־אָט איז שוין אַלץ פֿאַרטיק געוואָרן צו בדיקת חמץ — דעמאָלט האָט זיך באַוויזן כוועדער מיט צוויי שפּאָגל נייע עמערס אויף דער קאַראָמיסלע.

כדי אַלץ זאָל זיין צום רומל מיט די נייע עמערס, האָט שוין כוועדער אָנגעטאָן אַ נייע סוויטקע אויך, און ער איז קודם אַריינגעקומען אַ קוק טאָן ווי גרויס איז דאָס פּאַס, וואָס ער דאַרף אָנפֿילן. אַז כוועדער האָט זיך באַוויזן, איז דאָס שוין געווען דאָס לעצטע וואָס מען דאַרף באַזאָרגן אויף פּסח: צוגרייטן וואַסער, נאַטירלעך פֿון פריידע לאהס ברונעם, כדי מען זאָל יום טוב ניט דאַרפֿן גיין מיטן עמער איבער דער גאַס, ווי אין אַ וואָכעדיקן טאָג.

כוועדער, דער וואַסער־טרעגער, איז ביי דער ערב־פּסחדיקער געלעגנ־

הייט געווען באַזונדערס אויפגעלייגט, ווייל פאַרן פּסחדיקן וואַסער האָט ער געקראָגן מער באַצאָלט, צוליב זיין ספּעציעלער אויסגאַבע אויף נייע עמערס. מען האָט אַפילו אויף אים געמורמלט, אַז ער נעמט זיי אויף אַ פּאָר טעג ביים באַנדער וואָס האָט פאַרקויפט עמערס און פעסלעך, און ער באַצאָלט אים סך הכל דערפאַר מיט אַ טרונק בראַנפן, — אָבער פונדעסטוועגן האָט מען אים פאַרן וואַסער געצאָלט טייערער. דאָס איז געווען זיין צייט. די צייט פון גרויסע וואַסער־טרעגערישע געשעפטן.

דאָס נייע פעסל, אַ פּולס, איז אויך צוגעדעקט מיט אַ ווייסן לייוונט, און די קינדער זיינען געהיט און געוואָרנט געוואָרן, זיי זאָלן ניט פאַרשלעפּן קיין חמץ, וואו מען טאָר ניט; זיי זאָלן זיך ניט צופיל אַרומדרייען, וואו מען דאַרף זיי ניט האָבן, און זיי זאָלן איין רגע ניט פאַרגעסן, אַז חמץ איז חמצדיק.

איינמאָל, ערב בדיקת חמץ, ווען דאָס פּסחדיקע פאַס איז שוין געווען פול און צוגעדעקט מיטן ווייסן לייוונט, איז געקומען אַנדרעיקע אָנהאָקן האָלץ אויף פּסח, מען זאָל פאַרשפּאָרן יום־טוב זיך פאַרנעמען מיט האָלצהאַקעניש.

אַנדרעיקע איז נישט געווען קיין פּשוטער האָלצהעקער. ער איז געווען אַ גוי אַ בעל־גוף, נאָר ערב פּסח איז ער געקומען אָנהאַקן האָלץ מעשה גוטער פריינט און טאַקע אויך פאַרדינען עטלעכע קאָפּיקעס און קריגן במתנה עטלעכע מצות. פאַר איין גאַנג איז שוין אַנדרעיקע אַוועק עפּעס איינקויפן אין אַ קראָם און דאָס פערדל געלאָזן זיך פּאַשען ביי אונדז אויפן הויף.

דאָס פערדל איז געווען אַ קליין פערדל, אַ מאַגערס און אַ נידעריקס, און עס האָט אַרומגעצופּט דאָס מאָגערע גראָז אויפן הויף. גראָד דעמאָלט איז אַרויף אויפן הויף דעם שכנס יינגל, נאָטע, אַ חדר־יינגל, וואָס איז ערב פּסח פּטור פון חדר און פון שטוב איז ער פאַרטריבן, כדי ער זאָל ניט פאַרשלעפּן קיין חמץ און ניט אויסטאַפּטשען די געוואַשענע פּאָד־לאָגע מיט די שיך.

נאָטע האָט געהאַט אַ באַזונדערן חשק צו „רייטן". מען האָט אים איינמאָל געכאַפּט רייטנדיק אויף אַ ציג, און ער האָט דעמאָלט געכאַפּט דאָס, וואָס עס האָט אים געקומט, אי פון רבין, אי פון זיין טאַטן, אי פון זיין מאַמען, און דערצו נאָך האָט אויף אים אָנגעשריען דער שרייענדיקער ייד, וואָס האָט געהאַט דעם „וואָכעדיקן ברונעם". חוץ מזה האָט מען אים נאָכדעם צוגעגעבן אַ צונאָמען „נאָטע דער רייטער".

פאַר אַן אַנדערן וואָלט שוין אַזוי פיל אָפּקומעניש געווען גענוג, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון „רייטן". אָבער נאָטע האָט זיך, זעט אויס, ווייניק גענומען צום האַרצן דעם מוסר, וואָס מען האָט אים אויסגעמוסערט; די קלעפּ, וואָס מען האָט אים איינגעצאָלט און דעם צונאָמען, וואָס מען האָט צוגעלייגט.

ווי נאָר ער האָט דערזען אַנדרעיקעס פערדל זיך פּאַשען ביי אונדז

אויפֿן הויף לעבן פּלויט, האָט זיך אין נאָטען דערוועקט זיין „רייט־תאווה״, ער איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן פּלויט, און פֿון פּלויט אויף אַנדרעיקעס פֿערד אויפֿן רוקן און איז, מסתּם, געווען גענוג גליקלעך, ווייל ער האָט אַפֿילו ניט באַמערקט, ווי דאָס פֿערד איז מיט אים אַרייַנגעפֿאָרן אין פֿירהויז און זיך גלייך געלאָזט צום פּסחדיקן פּעסל מיטן וואַסער.

ערשט אַז „נאָטע דער רייטער" האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס פֿערד האָט השק צום פּסחדיקן וואַסער אין אַ יידישן פֿירהויז סאַמע ערב בדיקת חמץ, האָט ער פֿאַרשטאַנען דעם גרויסן „בראָך" וואָס האָט אים געטראָפֿן. ער האָט מיט מסירת נפש פֿון אַ יידישן חדר־ייִנגל, כאָטש ער האָט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ פּסק עס דערוואַרט אים, אָנגעהויבן שרייַען:

— דאָס פּסחדיקע וואַסער! דאָס פּסחדיקע וואַסער!

מיר זייַנען אַלע אַרויסגעלאָפֿן אין פֿירהויז, דערזען „נאָטע דעם ריי־טער" אויף אַנדרעיקעס פֿערד אָט סאַמע לעבן דעם וואַסער־פֿאַס. דעמאָלט האָבן מיר, קינדער, פֿאַרשטאַנען, אַז פּסחדיק וואַסער דאַרף זייַן צוגעדעקט, כּדי עס זאָל ניט גרינג זייַן דערצו צוצוקומען.

אויף „נאָטע דעם רייטער" האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געשריִען אַלע — קליין און גרויס. אָבער פֿון אַ שטאַרקער שטראָף איז ער ניצול געוואָרן, ווייל צוליב זייַנע געשרייען — „דאָס פּסחדיקע וואַסער!" — איז טאַקע צו קיין היזק ניט געקומען, און לכּבֿוד יום טובֿ האָט מען אים מוחל געווען די שטיפֿערייַ און ניט דערציילט זייַן טאַטן.

און ווען וואָלט גאָר געקענט אייַנפֿאַלן פֿאַר בדיקת חמץ, אין אַזאַ גוטן ערבֿ־יום־טובֿדיקן געמיט, צו ווילן, חלילה, פֿאַרשטערן דעם ערבֿ יום־טובֿ ביי „נאָטע דעם רייטער"?

אַפּריל 10, 1947

# גאָדל דער שוסטער פון רחובות

אויף דער שילד, וואָס לאָזט וויסן, אַז דאָ וואוינט אַ שוסטער, איז אָנגעשריבן: „סנדלר, שומייקער לגברים, לגברות ולילדים".

די שילד איז די איינציקע נייס, וואָס גאָדל דער שוסטער האָט אַריינ־געבראַכט אין זיין שוסטעריי, זינט ער איז געקומען קיין ארץ ישראל. דאָס איבעריקע — דער וואַרשטאַט, אַ נידעריק טישל מיט אַ לייסטל אַרום, די טשוועקעלעך זאָלן ניט אַראָפּפאַלן, דערביי אַ קיילעכדיק בענקל אויף דריי פיסלעך, אַ קלעצל וואַקס אויפן טיש אויף אויסגלעטן די דראַטווע, און דאָס ברעטל אויף די קני, מען זאָל קענען אָפּשניידן אַ שטיקל פּאָדעשווע, און דער פאַרטעך, וואָס עס איז אוממעגלעך צו דערקענען זיין קאָליר, און די הורבע אַלטע שיך אין ווינקל צום פאַרריכטן, און די שוסטערקע, זיין ווייב חנה־גאָלדע, אַ שטילע יידענע, וואָס שעמט זיך ריידן פאַר פרעמדע מענטשן — דאָס אַלץ איז פּונקט ווי עס איז געוועזן אין פּשיטיק.

אין רחובות האָט גאָדל דער שוסטער זיך דערוואָרבן אַ ציג, פון וועלכער ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט, ווייל זי האָט אים געגעבן מילך, און איצט איז ער פון איר געוועזן גאָר צופרידן, ווייל אַ ציג דאַרף ניט קיין רשיון, אַ פרייע ציג, אַ בת־חורין. ער רופט זי „מרים הנביאה", און די שוסטערקע זעט אין דעם נאָמען אַ פּחיתת כבוד פאַר מרים הנביאה און פאַר זיך — און בייזערט זיך דערפאַר.

אין פּשיטיק האָט גאָדל געוואוסט — ער געהערט צום שוסטערשן שטאַנד. דאָ האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט: זיין זון, נחומקע, איז געוואָרן אין צבא אַ קצין, אַ גאַנצער גענעראַל, און פאַרפאָרט אַלע מאָל אַהיים אין אַן אויטאָ־מאָביל, גייט אַריין אין שטוב, און דער אויטאָמאָביל וואַרט אויף אים ווי אויף אַ קייסער.

איצט וויים ניט גאָדל צו וועלכן שטאַנד ער געהערט: ער איז אַ שוסטער, און דער זון — אַ קצין. און גאָדל איז שטאַרק שטאָלץ אויף מדינת ישראל, און שטאָלץ אויף רחובות, וואָס דאָרט וואוינט דער נשיא, און שטאָלץ אויף זיין זון, נחומקע.

— גד גדוד יגודנו, משיחס צייטן, — זאָגט ער, — אַלץ איז אייגנס, דער פּרעזידענט אַן אייגענער, דער קצין אַן אייגענער, און דאָס לאַנד אייגנס.

די טאָכטער, בתיה, איז אַ לערערקע אין אַ קיבוץ. זי האָט אים אויך אַביסל צעטומלט זיין שטאַנד. דער זון איז אַ קצין, די טאָכטער אַ לערער־קע — טאָ וואָס פאַר אַ שוסטער איז ער? צו וואָס פאַר אַ שטאַנד געהערט ער?

מיטן קיבוץ איז גאָדל צופרידן: די טאָכטער קומט אַן אָפּגעברענטע, שיין אָנגעטאָן, אין גוטע שיך, און שטענדיק דערציילט זי וועגן אַ „מסיבה". דער שוסטער זעט אין איר משיחס צייטן: זי זאָרגט ניט וועגן פּרנסה, קלייבט ניט קיין נדן, און שטענדיק פאָרט זי צוריק אין קיבוץ אין געאייל, ווייל עס דאַרף זיין אַ „מסיבה", און אים דאַכט זיך, אַז טאַקע דאָרט אויף

דער „מסיבה" וועט ווען עס איז אָנקומען משיח, און בתיה וויל אים ניט פאַרזאַמען, ווייל ווען ניט — וואָס יאָגט זי זיך אַזוי? עס איז דאָך ניט קיין שמונה עשרה, וואָס מען קען עס פאַרשפּעטיקן.

בתיה איז פאַר אים און פאַר זיין ווייב אַ רעטעניש. בתיה איז אַזוי פאַרטאָן אין דעם קיבוץ, פּונקט ווי ער זאָל זיין איר אייגענער פאַרמעגן.

איינמאָל האָט זי געבראַכט פון דאָרט אַ קיכל און האָט געזאָגט, אַז מען האָט עס אויסגעבאַקן אין אַן עלעקטרישן אויוון, וואָס מען האָט ניט לאַנג צוריק אַראָפּגעבראַכט אין קיבוץ. זי האָט געגעסן דאָס קיכל מיט אַזאַ טעם, ווי מען וואָלט איר געגעבן צו פאַרזוכן דעם שור הבר פון גן עדן.

חנה־גאָלדע, די מאַמע, האַלט ניט פון קיבוץ. מען קען דאָרט אָפּלעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר מיטן עלעקטרישן אויוון און ניט אָנקלייבן אויף קיין נדן, פאַרזעסן ווערן — און דעם קיבוץ וועט ניט אַרן.

איר קומט אויס, אַז דער קיבוץ האָט ביי איר צוגענומען אַ טאָכטער אָבער אַזוי צוגענומען, אַז מען קען אַפילו פאַר איר ניט זאָרגן, אַפילו ניט צוגרייטן אַ ליילעך — גאָרניט, אַ טאָכטער ביי משיחן.

איבערהויפּט פילט זי דאָס ווען די טאָכטער פאָרט אַריין קיין רחובות שטייענדיק אויף אַ „טענדער", אַ לאַסט־וואָגן, מיט אַ גאַנצער חברה בחורים און מיידלעך, און מען זינגט פּונקט ווי מען זאָל פאָרן אויף אַ חתונה.

זי זאָגט צום מאַן: — אָט האָסטו דעם קיבוץ.

ער ענטפערט איר: — גד גדוד יגודנו, משיחס צייטן — און ער פילט אַ גוואַלדיקן שאָקל אין זיין שוסטערשן שטאַנד.

אויף דער וואַנט האָט גאָדל אויפגעהאַנגען צוויי בילדער: ווייצמאַן און דר. הערצל. ווייצמאַן — ווייל ער איז דער נשיא און וואוינט אין רחובות, און דר. הערצל, ווייל ער האָט אַ שייכות מיט משיחן.

דר. הערצלס בילד הענגט סאַמע איבערן טישל, דעם וואַרשטאַט, און באַשטעטיקט מיט גרויסע פייערדיקע אויגן: — וועסט דאָ גאָרניט פאַרשטיין, עס איז משיחס צייטן.

דער שווערער טאָג איז געווען ביי גאָדל דעם שוסטער, ווען איינמאָל איז געקומען נחומקע, זיין זון דער קציך, געקומען צופוס און האָט דער־ציילט, אַז ער איז באַפרייט פון צבא, און ער איז אַוועק אין בתיהס קיבוץ.

נחומקע איז געזעסן אין די קורצע כאַקענע הייזלעך, האָט געראויכערט אַ סיגאַרעט געלאַסן און נחתדיק, ווי ביי אים וואָלט גאָר קיין זאַך ניט פּאַסירט.

די ערשטע זאַך פון וואָס גאָדל דער שוסטער האָט אַ טראַכט געטאָן, איז געווען — דער אויטאָמאָביל. וואו איז ער אַהינגעקומען? און נחומקע איז געקומען אַהיים, ווי קיינמאָל גאָרניט.

דער טאַטע האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און האָט אַ פרעג געטאָן:

— און דער אויטאָמאָביל?

נחומקע האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, דערנאָך זיך געכאַפּט ווען

וואָס דער טאַטע רעדט. האָט אַ ציי געטאָן מיטן נאַקעטן, אָפּגעברענטן פוס, און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווער ווייס...

ערשט איצט האָט גאָדל דער שוסטער צום ערשטן מאָל באַמערקט, אַז זיין זון האָט גרויסע ברענענדיקע אויגן, ענלעך ווי אויפן בילד איבערן וואַרשטאַט. ער איז צוגעגאַנגען צו נחומקען און האָט אים געגעבן די האַנט:

— זאָל דיר זיין מיט גליק, נחומקע. גד גדוד יגודנו, משיחס צייטן.

שבת איז דער וואַרשטאַט געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייס טישטעכל, אין שטוב איז געווען שבתדיק, שטיל.

גאָדל איז געזעסן ביים טיש און אַריינגעקוקט אין אַ ספר, וואו עס זיינען געווען בילדער פון די מענטשן וואָס האָבן געבויט רחובות.

— קוק זיי אָן, קוק זיי אָן — האָט ער געזאָגט צום וויב — וואַזשנע פּאַרשוינען! טאַקע גאָר וואָס מען זאָגט, אָהאָ! וואַזשנע פּאַרשוינען!

דאָס ווייב איז צוגעקומען צו אים, איז געשטאַנען אַ ווילע און אָן אַ וואָרט אַוועק צוריק.

פון דער וואַנט האָט אַראָפּגעקוקט דר. הערצל מיט גרויסע פייערדיקע אויגן און האָט דערמאָנט, אַז עס איז משיח־צייטן. און דער נשיא ווייצמאַן האָט געשמייכלט היימיש און גוטמוטיק, ווי ער זאָל דאָ זיין אין שכנהשאַפט צו גאַסט.

אין רחובות איז געווען שבתדיק און שטיל.

תל־אביב, אויגוסט, 1950

# זרח דער קהלשער

זרח דער קהלשער — אַזוי האָט מען זרחן גערופן — האָט געהערט צו גאָט און צום גאַנצן שטעטל גרודי.

אין איינעם אַ ווינטער, חנוכה־צייט, איז ער אָנגעקומען אין גר.די מיט אַ וואָגן וואָס האָט געפירט קאַסטנס סחורה. ער האָט געהאָלפן דעם באַלעגאָלע אַראָפּוואַרפן די קאַסטנס אין אַ שפּייכלער, און ווען דער ייד האָט אים דער־לאַנגט צוויי זעקסערס פאַר דער אַרבעט, האָט זרח ניט גענומען דעם געצאָלט און האָט געזאָגט.

— גיט עס אָפּ אויף הכנסת־אורחים.

דער באַלעגאָלע איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער מיט די צוויי מטבעות אויף דער האַנט און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיי.

אַזוי דערציילט מען וועגן זרחס אָנקומען אין גרודי.

ער איז אַוועק אין שטאָט אַריין און האָט זיך געלאָזט צום בית מדרש. דאָרט האָט ער אויסגעשייערט דעם חנוכה־לאָמפּ, האָט פאַרקיטעוועט אַ שויב וואָס איז געווען צעשפּאָלטן און האָט אַרומגעהאַקט דעם אייז לעבן די טרעפּ־לעך פון ווייבער־שטיבל. ער האָט גענומען פון פירהויז אַ בעזים און האָט אַרומגעקערט דעם שניי אויף דער גאַס לעבן בית־מדרש און דערנאָך לעבן עטלעכע באַלעבאַטישע הייזער, וואָס זיינען געווען דערנעבן. ער האָט ביי קיינעם ניט געפרעגט צי ער זאָל טאָן זיין אַרבעט און האָט ביי קיינעם ניט געמאָנט קיין באַלוינונג. אין קורצע עטלעכע וואָכן האָט מען זיך אין שטעטל צוגעוואוינט, אַז זרח טוט „וואָס ער וויל" און מען האָט אים אַ נאָמען גע־געבן — זרח דער קהלשער.

זרח דער קהלשער איז קיינמאָל ניט אַרומגעגאַנגען ליידיק. ערב פּסח האָט ער אויסגעקאָלכט די תלמוד תורה, פאַרריכט די טיר פון באָד וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף אַ האָר און געטריבן צוק־ווינטן. ער האָט אַרומ־געקלאַפּט מיט ברעטלעך דעם ברונעם ביי יצחק־אהרונען אויפן הויף, וואו יידן זיינען געגאַנגען נאָך מצה־וואַסער — כאָטש יצחק־אהרון האָט ביי אים די אַרבעט גאָרניט באַשטעלט. יצחק־אהרונס ווייב האָט זיך אַפילו צע־פּלאַשעט — וואָס הייסט אַ מענטש קומט און פאַרריכט אַ ברונעם ניט פרעגנדיק ביים באַלעבאָס? אָבער יצחק אהרון האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— זרח דער קהלשער טוט, זאָל ער טאָן.

געצאָלט זרחן האָט די גאַנצע שטאָט אָגולניע. פרייטיק איז זרח דער קהלשער געגאַנגען מיט אַ פּושקע איבער דער גאַס, און ווער עס האָט געוואָלט האָט אַריינגעוואָרפן אין דער פּושקע אַ מטבע. ער האָט ניט גע־קלאַפּט אין קיין טיר, און איז ניט אַריין אין קיין שטוב. אָבער די באַלע־באָסטעס האָבן שוין אַליין אַרויסגעשיקט די קינדער: לויף, וואַרף אַריין אַ גראָשן זרחן אין פּושקע אַריין. דאָס איז געוואָרן כמעט אַ מנהג אין גרודי.

און דורכלאָזן אַ וואָך און ניט אַריינוואַרפן דעם גראָשן צו זרחן אין פושקע אַריין איז געווען כמעט ווי נישט באַצאָלן אַ חוב איינעם וואָס עס קומט אים.

שבתים האָט זרח דער קהלשער געגעסן ביי רחמיאל דעם פאַרבער. אַט פונקט ווי ער פלעגט אָוועקשאַרן דעם שניי ניט פרעגנדיק ביים באַלעבאָס און ניט בעטנדיק קיין געצאָלט, אַזוי איז ער איינמאָל פרייטיק צו נאַכט נאָכן דאַווענען אַריינגעקומען צו רחמיאל דעם פאַרבער אין שטוב, געזאָגט גוט־שבת, און די ווערטער אַרויסגערעדט צום באַלעבאָס:

— ר׳ רחמיאל, נעמט מיך אויף שבת.

רחמיאל דער פאַרבער האָט זיך דערפילט שטאָלץ ביי זיך: עס זיינען דאָ אין שטאָט רייכערע באַלעבאַטים פון אים, וואָס מען קען ביי זיי האָבן אַ בעסערע סעודה, איז זרח דער קהלשער געקומען גראָד צו אים אין אַן ענגער שטוב מיט אַ מאָגערן קוגל — האַלטן שבת.

— אדרבא, ר׳ זרח, איר זיינט ביי מיר אַן אָנגעלעגטער אורח — האָט אים רחמיאל געזאָגט.

פעשע, רחמיאלס ווייב, האָט געבראַכט צום טיש נאָך אַ טעלער און נאָך אַ צינענעם לעפל — און זרח דער קהלשער איז געבליבן ביי זיי אויף שבת. אויף מאָרגן, נאָך שלש־סעודות, האָט פעשע געזאָגט, אַפילו ניט פרעגנדיק ביי איר מאַן:

— ר׳ זרח, אם ירצה השם איבעראַכטאָג אַז מען וועט לעבן, וועל איך מאַכן אַ בעסערע שלש־סעודות.

און אַזוי וואָך איין וואָך אויס האָט זרח דער קהלשער געהאַלטן שבת ביי רחמיאל דעם פאַרבער. דאָס שטעטל גרודי האָט געפירט חשבון, אַז רחמיאל דער פאַרבער איז אַ ייד אַן אָרעמאַן, דערצו האַלט ער אויס דער שוועסטערס יתומהלע, וואָס גייט אַ גאַנצן זומער אָרום באָרוועס, און איצט איז אים צוגעקומען אַ שטענדיקער אורח אויף שבת. דער מעלער האָט דאַנערשטיק צוגעשאָטן פעשען אין זעקל אַ קווערטל מעל — פאַר אייער אורח אויף שבת. דער קצב האָט צוגעוואָרפן אין קאָשיק אַ ריפּל — פאַרן אורח אויף שבת. און די מאַרק־יידענע, וואָס פאַרקויפט פיש, האָט צוגעלייגט צו דער וואָג אַ הכרעה — צוויי פלאָטקעס — זאָל זיין פאַרן אורח. רחמיאל דער פאַרבער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז אַ באַלעבאָס אין שטאָט מיט אַ שטענדיקן אורח אויף שבת.

די פרנסה ביי רחמיאל דעם פאַרבער איז אויך פעטער געוואָרן. יעדער באַלעבאָס, אַז ער האָט געדאַרפט פאַרבן אַ בגד, פלעגט ער דערמאָנען זיין ווייב: — טראָג אַריין די אַרבעט צו רחמיאלן, ער האָט אַ שטענדיקן אורח.

די אַנדערע פאַרבער זיינען רחמיאלן מקנא געווען, אָבער קיינמאָל האָרב ניט באַרעדט: — גאָט האָט אים צוגעשיקט, האָט ער.

זרח דעם קהלשן האָט מען פון זיך אַליין אָנגעהויבן רופן „ר׳ זרח", און קיינער וואָלט ניט געקענט זאָגן, צי איז ער אַ באַלעבאָס וואָס גיט אַכטונג

אויף דער שטאָט, אָדער אַן אָרעמאַן וואָס גייט אַרום מיט דער פּושקע. אַלע מאָל האָט מען אים געזען קלעטערן אויפן דאַך פון בית־מדרש, אָדער פון דער תלמוד־תורה־שטוב און פאַרריכטן וואו עס האָט אויסגעפּעלט אַ שינדל, אָדער עס איז געוואָרן אַ שפּאַלט. פונעם שטעטל זיינען אַראָפּגעפאַלן אַ סך קהלשע זאָרגן. ר׳ זרח האָט זיך אַרומגעקוקט אומעטום וואו עפּעס איז געווען ניט ווי עס דאַרף צו זיין און אַלץ איז געווען צוגעריכט צו דער געהעריקער צייט. די שויבן אין בית־מדרש זיינען שטענדיק געווען גאַנצע און אויף יום־טוב אויסגעוואַשענע. די ווענט פון הקדש, וואָס האָבן זיך אַלע יאָרן געבויגן, זיינען געווען אונטערגעשפּאַרט מיט קלעצער און די פענצטער אַרומגעשמירט מיט ליים און באַוואָרנט פון ווינט. די אָרעמע־לייט זיינען אויפגעריכט געוואָרן, ווען ר׳ זרח דער קהלשער האָט זיי געבראַכט אַ בלעכענעם טאָפּ מיט אַ דרייפוס אויף קאָכן טיי. „אָט דאָס הייסט אַ באַלע־באָס״, האָבן זיי גזעאָגט, „אַ באַלעבאָס וואָס פילט די נויט פון אַן אָרעמען אורח״.

פאַר גאַנץ גרודי איז קלאָר געווען אַז וואָס קהל קען ניט הייבן — וועט מען זיך פאַרלאָזן אויף ר׳ זרחן. ווען עס איז געווען אַ חולה אין שטאָט און עס האָט געפעלט אַ לינה (איינער וואָס גייט פרייוויליק זיצן אַ נאַכט ביי אַ קראַנקן), האָט מען געוואוסט, אַז ר׳ זרח וועט קומען. מען דאַרף אים ניט אָנזאָגן. ער וועט אַליין קומען. די אָרעמע מענטשן, וואָס עס איז זיי שווער געווען צו צאָלן שכר־לימוד אין חדר, פלעגן אָוועקשטופּן דעם ייִנגל: „לויף צו ר׳ זרחן!״ און ר׳ זרח איז געזעסן ביי אַ טיש אין בית־מדרש יעדן טאָג פאַר מנחה־צייט און האָט געלערנט די דרדקי ייִנגלעך ווי מען דאַרף זאָגן עברי. ער האָט זיך ניט אויפגעפירט ווי אַ מלמד. ער האָט די קינדער ניט געבויט צו לערנען און האָט זיי ניט געשטראָפט; נאָר אַז אַ ייִנגל איז געקומען און האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין טיש, האָט ער געעפנט אַ סידור און געהייסן „זאָגן״.

אַ סך יאָרן זיינען אַריבער. די קינדער זיינען אויסגעוואַקסן, און די עלטערע זיינען עלטער געוואָרן. ווען רחמיאל דער פאַרבער האָט אויסגעגעבן די יתומה, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט ביי אים אין שטוב, האָט ר׳ זרח דער קהלשער אויסגעריכט פאַר איר די וועטשערע. ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צוויי טעפּלעך מיט מטבעות, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון זיינע פּושקעס און האָט געזאָגט צו רחמיאל דעם פאַרבער די ווערטער:

— אַלע שבתים האָב איך זיך אָנגעלענט אויף אייער טיש. אַ סך שבתים. איר האָט זיך צוליב מיר פיל מטריח געווען. איצט וויל איך אויסריכטן די חתונה־וועטשערע פאַר שפּרהן, וואָס איר האָט זי אויסגעהאָדעוועט ווי אַן אייגן קינד. זייט מיך ניט מצער און זאָגט מיר ניט אָפּ.

אין גרודי איז מען באַלד געוואויר געוואָרן, אַז ר׳ זרח דער קהלשער שטעלט די וועטשערע צו שפּרהס חתונה, און ווען עס איז געקומען דערצו איז אַ האַלבע שטאָט מענטשן געקומען מאַכן „המוציא״ און אָפּגעבן מזל טוב.

עס איז געווען אַ קהלשע וועטשערע. אין דרשה־געשאַנק האָט מען אָנגע־בראַכט — אַ שטוב מיט גוטס.

די כלה־מיידלעך פון גרודי זיינען אַביסל מקנא געווען שפּרהן אַזאַ דרשה־געשאַנק, אָבער מען האָט זיך מיט קיין האַרב וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

— אַ יתומה איז זי, און אַז עס איז איר אַזוי באַשערט, מסתם קומט איר.

ר׳ זרח דער קהלשער איז געשטאָרבן פּלוצלינג. מען האָט אים געפונען ליגנדיק מיטן בעזים אין האַנט אויפן הויף פון הקדש־שטוב. ער איז אָוועקגעפאַלן ווען ער האָט פאַרקערט דעם שניי, אַז די אָרעמע אורחים זאָלן קענען צוקומען צו דער טיר.

אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז ר׳ זרח דער קהלשער איז געשטאָרבן אַ מיתה בנשיקה, און מען האָט עס באַלד אָנגערופן — נפטר געוואָרן, אַזויווי מען זאָגט וועגן די אויסדערוויילטע.

ווען מען האָט דעם מת אָפּגעהויבן, האָט רחמיאל דער פאַרבער זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, האָט פאַרשטעקט די פּאָלעס פון זיין מאַנטל און האָט פאַרענדיקט אָפּראַמען דעם שניי אויפן הויף פון הקדש, וואָס ר׳ זרח דער קהלשער האָט ניט באַוויזן צו פאַרקערן ביזן סוף.

צו דער לוויה איז געקומען די גאַנצע שטאָט. דער עולם האָט אויפ־געציטערט, ווען רחמיאל דער פאַרבער איז אָנגעקומען מיט ר׳ זרח דעם קהלשנס בעזים אין איין האַנט, און מיטן עמער וואָס ער האָט מיט אים געשווענקט די שויבן פון בית־מדרש אין דער אַנדערער האַנט. מען האָט געמאַכט פאַר אים אַ וועג, ווי ער זאָל טראָגן אַ ריינקייט. רחמיאל דער פאַרבער, וואָס האָט קיינמאָל קיין הספד ניט געמאַכט, האָט זיך געשטעלט ביים צוקאָפּנס פון פאַרשטאָרבענעם און האָט גערעדט צו אים פּשוט ווי מען רעדט צו אַ לעבעדיקן:

— ר׳ זרח, איר האָט אונז באַשיינט און געאַכפּערט די געמיטלען פון פּראָסטער האָרעוואַניע. די ריטלעך פון אייער בעזים זיינען געגליכן צו די צווייגלעך פון אַ לולב וואָס מען מאַכט איבער זיי אַ ברכה פאַרן רבונו של עולם. און דער בלעכענער עמער, וואָס איר האָט מיט אים געשווענקט די שויבן פון בית־מדרש, איז געגליכן צו די גאָלדענע כלים פון שלמה המלך, וואָס האָבן דערפרייט און געלוסטיקט דאָס פאָלק ישראל. אייער זכות זאָל ביישטיין גאַנץ גרודי.

די יידן פון גרודי האָבן ניט פאַרגעסן ר׳ זרח דעם קהלשנס יאָרצייט. יעדן יאָר, אין דעם יאָרצייט־טאָג, האָט מען אויפגערופן אַ יידן, וואָס זאָל זיין דער „קהלשער״, און אַ גאַנצן טאָג האָט ער געטאָן די אַרבעט, וואָס עס פלעגט טאָן ר׳ זרח דער קהלשער פאַרן שטעטל גרודי. יעדער באַלעבאָס האָט אויסגעקוקט מען זאָל אים אויפרופן פאַרן „קהלשן״. פאַר דעם כבוד האָט ער געצאָלט צו דער קהילה איין זעקסער, ניט מער ווי איין זעקסער, כדי עס זאָל קענען צוקומען צו דעם גרעסטער גביר און דער ביטערסטער אָרעמאַן, ווי עס איז געווען ר׳ זרח דער קהלשער אַליין.